# דיא פאמיליע

## אַמאל און היינט

(„אורשפרונג דער פאַמיליע, פּריוואַט־אייגענטהום און שטאַאַט")

פון

**פריעדריך ענגעלס**



פריי איבערזעצט, מיט אַנמערקונגען און א צוגאבע,

פון

ב. פייגענבוים.



אַרויסגעגעבען פון „פאָרווערטס"
175 איסט בראָדוויי
1918

# אינהאַלטס-פערצייכניס:



# וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך.

(פאָרוואָרט פון דעם איבערזעצער.)

פ ר י ע ד ר י ך ע נ ג ע ל ס, דער פּערפאַסער פון דיעזען בוך, איז געוועזן דער גייסטיגער שותּף פון קאַרל מאַרקס, דעם פאָטער פון דעם היינטיגען וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזמוס. צוזאַמען האָבען די ביידע גרויסע מענער געמאַכט זייערע פאָרשונגען אין סאָציאַלע פראַגען. צוזאַמען מיט ענגעלס'ן האָט מאַרקס געמאַכט זיינע גרויסע ענטדעקונגען. מאַרקס איז געוועזן דער גרעסערער קאָפּ. אָבער ער האָט אימער ערקלערט, אז ענגעלס האָט אַ גרויסען חלק אין אַלצדינג וואָס ער, מאַרקס האָט אויפגעטהאָן.

דיעזער בוך איז איינער פון די הויפט־ווערק זייערע. דאָס איז ווי איינער פון די „חומשים“ פון קאַרל מאַרקס'עס תורה. קיינער קען זיך ניט רעכענען פאַר א שטיקעל „למדן“ אין וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזמוס, ווען ער איז ניט בעקאַנט מיט דעם אינהאַלט פון דיעזען בוך. עס מאַכט ניט אויס, וואָס שפּעטערע פאָרשונגען האָבען בעוויעזען, אַז אַ טייל מיינונגען פון דיעזען ווערק זיינען ניט גאַנץ ריכטיג. סיי ווי סיי בלייבט דאָס אַ פונדאַמענטאַלע ווערק פון וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזמוס. קיינער קען ניט מיטרעדען אינטעליגענט אין סאָציאַליסטישע זאַכען, ווען ער איז ניט בעקאַנט מיט דיעזען ווערק.

אין דיעזען בוך ערקלערט ענגעלס ווי אַזוי עס האָט זיך ענטוויקעלט אין דער מענשהייט דאָס פאַמיליען־לעבען, דאָס פּריוואַט־אייגענטהום און דער שטאַאַט (די מלוכה־אָרדנונג).

און נעהמען נעהמט ער דאָס דער עיקר פון די אויספאָרשונגען פון דעם אַמעריקאַנער געלעהרטען ל ו א י ס ה. מ אָ ר ג אַ ן.

כדי אַז דער לעזער זאָל פערשטעהן וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך דאָ, וועלען מיר פריהער ערקלערען ווער מאָרגאַן איז געוועזן און וואס ער האָט אויפגעטהאָן פאַר דער וויסענשאַפט:

* * *

אין די קליינע שטעדטעלע אָראָראַ, אין שטאַאַט ניו יארק, איז דעם 21סטען נאָוועמבער פון יאָהר 1818 געבוירען געוואָרען דער מאַן, וועלכער האָט רייכער געמאַכט דעם אוצר פון די וועלטס־וויסענשאַפט מיט זעהר וויכטיגע געדאַנקען און קענטשאַפטען. דאָס איז געוועזן לואיס ה. מאָרגאַן.

זיינע עלטערן פון פאָטער'ס צד קומען אַרויס אין גלייכער ליניע, דורך אַכט דורות, פון דזשיימס מאָרגאַן, וועלכער האָט זיך אין יאָהר 1646 בעזעצט אין נאָקסבורי, מאַסאַטשוזעטס; אויך פון זיין מוטער'ס צד קומט

ער אַרוים פון די ערשטע ענגלישע אײנוואַנדערער אין אמעריקא. אַלזאָ, אן אמת'ער יענקי.

אין יאָהר 1848, ווען מאָרגאן איז אַלט געווען 21 יאָהר, האָט ער געענדיגט דעם אוניווערזיטעט „יוניאָן קאלעדזש" און דערנאָך האָט ער פיער יאָהר שטודירט יוריספרודענץ (וואָס אן אדוואָקאַט לערנט). ווען ער איז צוריקגעקומען אין זיין שטעדטעל אריין, איז ער אריינגעטרעטען אין א געהיימען פעראיין פון יונגע לייט. דער צוועק פון דעם פעראיין איז געווען גאָר ניט מעהר ווי שפּיעלעריי און אונטערהאַלטונג. אָבער דורך דיעזען שפּיעל־פעראיין איז ער געקומען צו די אויפטהואונגען אין דער וויסענשאַפט, וועלכע האָבען איהם געמאכט אונשטערבליך.

מאָרגאַן האָט דעם פעראיין אײנגעריכטעט אויף א נייעם אופן און האָט איהם אַ נאָמען געגעבען „דער גרויסער אָרדען פון די איראָקעזען", .The Grand Order of Iroquoise

די אײנריכטונג פון דעם פעראיין איז געווען נאָכגעמאַכט פּונקט אויף די אַרט פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען פון דעם אינדיאַנער שבט א י ר אָ ק ע ז ע ן. דער פעראיין איז נעמליך געווען פערשפּרייט איבער אַ גרויסער שטרעקע, אזוי ווייט, ווי דיעזע איראָקעזען האָבען זיך געפונען; דער גאַנצער פעראיין איז געווען אײנגעטיילט אין „נאַציאָנען", די נאַציאָנען וויעדער אין „גענס".*)

---

*) דאָס וואָרט ג ע נ ס וועט אין דיעזען בוך פאָרקומען זעהר אָפט. דאָס שטאַמט פון פאַרצייטיגען רוים (מלכות רומא). דאָרטען האָט יעדער מענש צוגעהערט צו אַ גענס, איז געווען אין איהר בעשיצט און פערזאָרגט און האָט געטראָגען איהר נאָמען, אַזוי ווי יעדער האָט היינט ביי אונז אַ פאַמיליען־נאָמען. געשטאַמט האָט די ג ע נ ס פון דער משפּחה: די קרובים פון איין משפּחה, ביז צו א געוויסען גראַד, זיינען דאָס געווען אין אָנהייב איין גענס. שפּעטער אָבער איז פערגעסען געוואָרען די אַמאָליגע קרובים'־שאַפט פון די גענס־ברידער און די גענס איז געבליבען עפּעס אַ שטייגער ווי היינט אַן „אָרדען"; נאָר יעדעס קינד פון אַזאַ אָרדענס־מיטגליעד איז מיט זיין געבוירען ווערען גלייך געוואָרען אַ געבוירענער מיטגליעד פון דיעזען „אָרדען", פון די גענס. וואָס פאַר אַ רעכטע דער מענש האָט געהאַט אין זיין גענס, וועט דער לעזער אין דיעזען בוך זעהען. (לויט ווי דער מלמד טייטשט חומש־ווערטער מיט אײנגלעך אין חדר, וואָלט מען דאָס וואָרט ג ע נ ס געדאַרפט פערטייטשען „געשלעכט".) עס איז מערקווירדיג, אַז אַזאַ סאָרט גענס איז געווען ביי אַלע פעלקער אַמאָל און איז דאָ ביי אַלע ווילדע מענשען היינט. ביי די סקאָטען הייסט עטוואס עהנליכעס ק ל אַ ן. ביי אַנדערע הייסט דאָס אַנדערש. נאָר אין דער וועלט־ליטעראַטור געברויכט מען היינט אין אַלע שפּראַכען, אויף דיעזען סאָרט פעראייניגונג ביי אַלע פעלקער דאָס אַלט־לאַטייניש וואָרט ג ע נ ס. (אַמאָל אויך דאָס סקאָטישע וואָרט ק ל אַ ן.)

**ג ע נ ס איז א י י נ ע. מעהרצאָהל איז ג ע נ ט ס, אָדער ג ע נ־**

דעם יונגען מאָרגאַן האָט זיך זעהר פערגלוסט, גלאַט אַלס אַ שטיפעריי, אַז זיין פעראיין זאָל זיך פיהרען אַקוראַט ווי די אינדיאַנער פיהרען זיך, און דעריבער האָט ער זיך בעזעצט צווישען די אינדיאַנער אין שטאַאַט ניו יארק, כדי זיך גוט און גענוי אויסצולערנען זייערע געזעלשאַפטליכע פיהרונגען.

לעבענדיג אָבער צווישען די ווילדע מענשען און בעטראַכטענדיג זייערע משיכאָווע פיהרונגען איז דער יונגער מאָרגאַן געווארען אזוי פעראינטערעסירט אין דעם, אז ער האָט שוין כמעט פערגעסען די גאַנצע שטיפעריי מיט זיין פעראיין און האָט זיך אָנגעהויבען צו פערטיעפען אין אן ערנסטע אויספאָרשונג פון די ווילדע מענשענ׳ס לעבען.

פון פיעלע מיטגליעדער פון דיעזען פעראיין פון קינדערשע שטיפעריי זיינען דערנאָך געוואָרען וויכטיגע מענשען, וואָס האָבען געשפיעלט אַ ראָלע אין אמעריקא. מאָרגאַן אליין איז אויך אין יאָהר 1861 געווארען אויסגעקליבען אלס מיטגליעד פון די אסעמבלי פון שטאַאַט ניו יארק און זיעבען יאָהר שפּעטער איז ער געווארען סענאַטאָר.

דער אָרדען, וואס מאָרגאַן האָט געגרינדעט, איז, ווי עס שיינט, דערנאָך נאָך בעשטאַנען אַ לאַנגע צייט און איז געוועזען גוט בעקאַנט. די פערזאַמלונגען פון דיעזען אָרדען האָבען זיך גערופען „קאַונסילס“ און זיי פלעגען זיין אין די וועלדער. דער הויפּט „קאַונסיל“ פלעגט זיין ביי נאַכט אין א וואלד, ביי די ליכטיגקייט פון אַ גרויסען האָלץ־פייער. די עלטסטע האָבען זיך גערופען „סיטשעמס“, אַזוי ווי ביי די אינדיאַנער, און זיי האָבען געטראָגען אינדיאַנישע קליידער און אָדלער־פעדערען אויף די קעפּ.

ווען מאָרגאַן און זיינע קאַמעראַדען זיינען עלטער געוואָרען, האָבען זיי איינגעזעהען, אַז זייער פעראיין איז נאָר א קינדערשע שפּיעלעריי און זיי האָבען איהם אויפגעלעזט. אָבער וואָס מאָרגאַן איז ביי דיעזע שפּיעלעריי דערגאַנגען, וועגען דעם אָרט לעבען און פיהרונגען פון די ווילדע מענשען, איז געוועזען אַזוי וויכטיג און האָט איהם אַזוי שטאַרק אינטערעסירט, אַז ער האָט ווייטער ניט אויפגעהערט צו זיין צווישען די אינדיאַנער און אויסצופאָרשען זייער לעבען, זייערע מנהגים, זייערע געדאַנקען, זייער אָרט פאַמיליען־לעבען און זייערע געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען. לאַנגע יאָהרען האָט מאָרגאַן געלעבט צווישען די ווילדע מענשען און איז מיט זיי געוואָרען אַזוי היימיש, אז איין „דזשענס“ פון די סענעקא אינדיאַנער האָט איהם אויפגענומען אלס איינעם פון זיי.

אין יאָהר 1842 האָט ער געדרוקט אַ רייהע אַרטיקלען אין דעם זשורנאַל „נאָרטה אַמעריקאַן רעוויו“ וועגען די איראָקעזען־אינדיאַנער. אונטער־

---

טעס. זאָל דער לעזער דאָס אַלעס גוט געדענקען, דען דאָס איז דער עיקר וואָס ווערט אין דיעזען בוך בעהאַנדעלט. דאָס וואָרט גענס ווערט אויף ענגליש אויסגעשפּראָכען דזשענס, אויף פראַנצויזיש זשאַן. „גענטיל“ הייסט — וואָס עס קומט פון אָדער געהערט צו די גענס: „גענטיל־איינריכטונגען“ הייסט איינריכטונגען פון די מענשען פון דער צייט בשעת די גענס איז געוועזען זייער הויפּט פעראייניגונג.

שריעבען האָט ער זיך אונטער דיעזע ארטיקלען מיט זיין אינדיאַנישען נאָמען „סצענאַדאָאַה.“

ער איז אין זיינע פאָרשונגען געוואָרען אזוי ארויינגעטהאָן, אַז ער האָט פערנאַכלעסיגט זיין אדוואָקאַט־געשעפט. ענדליך האָט ער זיך בעשלאָסען צו בעשרייבען אַלץ וואָס ער איז דערגאַנגען וועגען דעם לעבען פון די אינדיאַנער אין א גרויסען בוך און דערנאָך צוריק זיך צו נעהמען צו זיין אַדוואָקאַטור. אין יאָהר 1851 האָט ער אַרויסגעגעבען זיין בוך מיט'ן נאָמען „די ליעג פון די איראָקעזען“. אין דיעזען בוך בעשרייבט ער גענוי און אויספיהרליך ווי דיעזער וואונדערבאַרער בונד פון אינדיאַנער שבטים איז איינגעריכטעט. דיעזעס בוך איז געווען די ערשטע עכטע וויסענשאַפטליכע בעשרייבונג פון אַן אינדיאנער פאָלק, וועגען זייערע געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען אַזוי גוט ווי וועגען זייער טעגליכען לעבען, זייערע מנהגים און זייער גלויבען. אלע פריהעריגע בעשרייבונגען וועגען די אינדיאַנער זיינען געווען פוסטע פאַנטאַזיעס, פערמישט מיט אַ ביסעל אמת'ע פאקטען, וואס זיינען געווען בעשריעבען אָהן א שום אָרדנונג, אָהן א שום סיסטעם, אָהן א שום ערקלערונג, אויף וואָס די בעשריעבענע פאקטען ווייזען און וואָס פאר אַ צוזאמענהאַנג זיי האָבען.

אין דיעזען בוך איז צום ערשטען מאָל ערקלערט געווארען דער פאקט, אז ביי אינדיאנער לעבען אין געזעלשאַפט צוזאַמען נית גלאַט מענשען, וואס האָבען זיך צוזאמענגעטראפען, נור די וואָס לעבען ביי זיי צוזאמען אין איין פאָלק, אין איין דאָרף, אין איין געגענד, זיינען קרובים, פון איין משפחה. די איינוואָהנער פון אַ דאָרף זיינען די נאָהענטסטע קרובים; איין דאָרף מיט'ן אַנדערן אין איין געגענד זיינען שוין אביסעל וויטערע קרובים, און איין געגענד מיט די אַנדערע אין איין פאָלק, אָדער שבט, זיינען נאָך ווייטערע קרובים; אָבער קרובים זיינע אלע. די פערוואנדשאפט (קרובים'שאַפט) איז אלזאָ ביי זיי דער איינציגער פונדאַמענט פון יעדען אַרט געזעלשאַפטליכען צוזאַמענ־לעבען. אין דיעזען בוך מיינט אָבער מאָרגאַן נאָך, אַז נור ביי די איראָקעזען־אינדיאַנער איז דאָס אַזוי, אַלס אַ זעלטענע אויסנאַהמע.

דורך דיעזען בוך און דורך זיינע נייע ענדעקונגען האָט מאָרגאַן געקראָגען אַ גרויסען נאָמען צווישען די גרעסטע וויסענשאַפטס־לייט. נאָך מעהר נאָמען האָט ער געקראָגען אין יאָהר 1856, דורך אַ רעדע וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר אַ וויסענשאַפטליכע געזעלשאַפט אין אָלבאַני. אין דיעזער רעדע האָט מאָרגאַן ערקלערט אַ נייעם געדאַנק וועגען דעם, ווי ביי די איראָקעזען איז די קרובים'שאַפט אויף אַ משונה'דיגען אַרט און נאָך אַ משונה'דיגען סדר. אַ שוועסטער־קינד, למשל, הייסט ביי זיי א ברודער, און אַ פעטער רופען זיי פאָטער, און נאָך אַזעלכע זאַכען, און לויט נאָך דעם נאָך געהט דער גאַנצער סדר פון קרובים'שאַפט, ווער עס הייסט א „לייבליכער קרוב“, ווער א שוועסטער־קינד, ווער גליד־שוועסטער־קינד, ווער „שלישי בשלישי“ און אַזוי ווייטער. און לויט נאָך דיעזע אַרט קרובים'שאַפט איז אויך איינגעריכטעט זייער גאַנצע געזעלשאַפט: די מענשען אין איין דאָרף

זיינען אַלע „לייבליכע קרובים“, די פון איין דאַרף מיט׳ן אַנדערן אין איין „געגענד“, זיינען „שני בשני“ און די פון איין געגענד מיט׳ן אַנדערן אין איין שטאַם זיינען ווייטערע קרובים.

דיעזע נייעס האָט אויפגעוועקט דעם לעבהאַפטעסטען אינטערעס פון די גאַנצע וויסענשאַפטליכע וועלט און גרויסע פאָרשער האָבען צוגערעדט מאָרגאַנען, ער זאָל ווייטער נאַכפאָרשען אין דער זאַך און זעהען צו דערגעהן נאָך מעהר גענויאיגקייטען.

מאָרגאַן האָט ווייטער נאָכגעפאָרשט ביי אַנדערע אינדיאַנער שבטים און איז געווען איבערראַשט, ווען ער איז דערגאַנגען, אז ביי זיי איז אויך אַזוי מיט די פאַמיליע און די געזעלשאַפט, ווי ביי די איראָקעזען.

אום די זאַך נאָך גענויער אויסצופאָרשען, האָט מאָרגאַן אָבגעדרוקט צירקולאַרען מיט פראַגעס וועגען די איינריכטונגען אין די קרובים׳שאַפט פון פערשיעדענע שטאַמען און האָט דיזע צירקולאַרען פאַנאַנדערגעשיקט אויף דער גאַנצער וועלט צו פערשיעדענע מענשען, וואָס זיינען בעקאַנט מיט דעם לעבען און פיהרונגען פון פערשיעדענע שבטים ווילדע, — מיט א ביטע, צו צושרייבען אויף דיעזע צירקולאַרען אַנטוואָרטען און ערקלערונגען אויף די פראגען און זיי איהם צוריקצושיקען. דאָס סמיטהסאָניען אינסטיטוט פון וואַשינגטאָן האָט איהם אין דער אונטערנעהמונג אונטערשטיצט מיט געלד און דער מיניסטער פון די פעראייניגטע שטאַאַטען האָט אַליין אַ טייל צירקולאַרען פאַנאַנדערגעשיקט.

אין אָנהייב האָט מאָרגאַן געקראָגען זעהר ווייניג צירקולאַרען צוריקגעשיקט. ער האָט זיך דעריבער אַליין גענומען צו ווייטערע אויספאָרשונג און איז אַרומגעפאָהרען אין פערשיעדענע געגענדען פון אַמעריקא, צו פערשיעדענע אינדיאַנער שבטים און האָט ווידער צונויפגעקליבען א סך זעהר וויכטיגע פאַקטען און ערקונדיגונגען וועגען דער זאַך. דערנאָך אָבער האָבען אויך אָנגעהויבען אָנצוקומען פון אַלע עקען פון דער וועלט מאַסען אַנטוואָרטען אויף זיינע פראַגען וועגען דעם אַרט לעבען פון זעהר פיעל פערשיעדענע שבטים פון ווילדע מענשען. מאָרגאַן האָט אונגעהייער שווער געאַרבייט, אום פון דיעזע אלע ערקונדיגונגען צוזאַמענצושטעלען אַ גאַנצע סיסטעם און האָט דאָס אויסגעאַרבייט אין א גרויסען בוך מיט׳ן נאָמען „סיסטעם פון נאָהענטע קרובים׳שאַפט און ווייטע קרובים׳שאַפט פון די מענשליכע פאַמיליע“. אין דיעזען בוך בעשרייבט ער דעם סדר פון קרובים׳שאַפט פון 80 פערשיעדענע שטאַמען פון ווילדע מענשען און פערגלייכט זיי מיט די קרובים׳שאַפט ביי די פערצייטיגע דורות פון די היינטיגע ציוויליזירטע פעלקער, לויט ווי דאָס איז בעשריעבען אין אַלטע ביכער.

מיט דיעזען בוך האָט מאָרגאַן בעשאַפען אַ נייע קענטשאַפט אין די פאָרשונג וועגען דעם אָנהייב פון מענשליכען צוזאַמען־לעבען און געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען. ביז דעמאָלט האָט מען ניט אָנגעהויבען צו וויסען ריכטיג, ווי אַזוי די מענשליכע ציוויליזאַציאָן האָט זיך אָנגעהויבען. מאָרגאַן האָט ערשט מיט דיעזען בוך געעפענט א וועג, דאָס ריכטיג צו דערגעהן.

ווען ער האָט ביי דיעזען בוך געאַרבייט, איז ער געווען אַן אַדוואָקאַט און

האַט אויך געגרינדעט אַ געזעלשאַפט צו בויען אַן אייזענבאַהן אין מישיגאַן. ער איז אויך געווען דער דירעקטאָר פון דיעזער געזעלשאַפט, און אַלס אזעלכער איז איהם אויסגעקומען צו פערברענגען לאַנגע צייטען אין די געדיכטע אַלטע וועלדער. ער האָט דאָרט בעטראַכט און אויסגעפאָרשט דאָס לעבען פון די מערקווירדיגע חיה ב י ע ב ע ר (באָבער) און האָט זיינע אויספאָרשונגען בעשריעבען אין א בוך מיט'ן נאָמען „דער אַמעריקאַנישער ביעבער און די אַרבייט וואָס ער טהוט אויף.“

מאָרגאַן האָט פערפאסט נאָך א סך אנדערע שריפטען וועגען דעם לעבען פון פערשיעדענע אַמעריקאַנער אינדיאַנער שבטים און וועגען זייער געשיכטע. אָבער דער עיקר אויפטהואונג פון דיעזען גרויסען פאָרשער בעשטעהט אין זיין הויפט־בוך „די אַלטע מענשליכע געזעלשאפט“ Ancient Society, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען אין דעם יאָהר 1877.

איידער מיר געהען ערקלערען די וויכטיגסטע זאַך וואָס מאָרגאַן האָט דורך דיעזען בוך אויפגעטהאָן, וועלען מיר פאַר די לעזער, וואָס זיינען מיט אַזעלכע געדאַנקען נאָך גאַנץ אונבעקאַנט, געבען אַ שטיקעל הקדמה, כדי זיי זאָלען די וויכטיגע זאַך לייכט פערשטעהן.

* * *

זינט עס זיינען דאָ מענשען אויף דער וועלט, האָט זיך זייער אַרט לעבען שוין אַ סך מאָל און אויף פערשיעדענע אַרטען פערענדערט. זעהר אַ סך פערשיעדענע פאַסירונגען זיינען פאָרגעקומען אין דעם לעבען פון יעדען פאָלק בעזונדער און פון אַלע פעלקער צוזאַמען — מען מיינט נאַטירליך ניט די פאַסירונגען וואָס געשעהען מיט יעדען מענש בעזונדער, נאָר די וואָס געשעהען מיט'ן גאַנצען פאָלק אָדער מיט אַ סך פעלקער אויף א מאָל. די פערענדערונגען און פאַסירונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען מיט די פערשיעדענע פעלקער און מיט דעם גאַנצען כלל מענשהייט זינט זי עקזיסטירט, איז די אמת'ע וויכטיגע „וועלט־געשיכטע“, אָדער סתם „די געשיכטע“.

ווען מיט די מענשהייט וואָלט קיין מאָל גאָר קיין נייעס פאַסירט; ווען עס וואָלט ביי איהר טאַקי געווען, ווי דער פסוק זאָגט, („אין כל חדש תחת השמש“) עס איז גאָר קיין שום נייעס ניטאָ אונטער דער זון — אַזוי ווי עס איז, איז אַלע מאָל געווען; ווען די פיהרונגען, איינריכטונגען און פאַסירונגען פון די פעלקער וואָלטען געווען היינט פונקט אַזוי ווי פאַר־אַ־יאָהרען, און פאַר־אַ־יאָהרען פונקט ווי פאַר צעהן יאָהרען, און פאַר צעהן יאהרען פונקט ווי פאַר הונדערט און פאַר טויזענד יאָהרען, דאַן וואָלט ניט געווען קיין וועלטגעשיכטע, פונקט אַזוי ווי עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו דערצעהלען וועגען דעם וואָס עס האָט פאַסירט מיט דעם גאַנג פון דער זון, די לבנה, די שטערען, אָדער וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט דעם זומער און ווינטער שוין פון טויזענדער יאָהרען, אזוי ווייט ווי געוועהנליכע מענשען זעהען. וואָס איז דאָ צו דערצעהלען? אז דער היינט ביי דעם גאַנג פון דער זון איז גלייך צום פאַר אַ יאָהרען אין דער צייט, און זומער און ווינטער קומען צוריק יאָהר ביי יאָהר שוין פון טויזענדער יאָהרען!

# VI.

**אַז מען דערצעהלט איין מאָל ווי עס געהט געוועהנליך צו מיט די אַלע זאַכען, ווייסט מען שוין, אַז אַלע מאָל געהט עס אַזוי.**

די מענשהייט האָט דאָך אָבער יאָ אַ געשיכטע; דאָס הייסט־זשע דאָך, אַז דאָס לעבען פון דער מענשהייט איז ניט אַלע מאָל גלייך. פרעגט זיך די קשיא: **פון וואַנען קומען די פערענדערונגען?** מיט אַנדערע ווערטער: וועלכער כוח פיהרט די געשיכטע?

קיין שום זאַך קען דאָך ניט זיין אָהן אַ „פארוואָס“, דאָס הייסט אָהן אַן אורזאַך. ווען היינט איז אַנדערש ווי נעכטען, מוז דאָס דאָך קומען פון עפּעס; וואָרים ווען ניט, פאר וואָס איז ניט היינט געבליבען אַזוי ווי נעכטען? דער גאַנג פון דער זון, פון דער לבנה, פון דער ערד און די אַנדערע פּלאַנעטען האָט איין אורזאַכע, און כל זמן די אורזאַכע פערענדערט זיך ניט, פערענדערט זיך טאַקי (אין כלל) דער גאַנג פון די פּלאַנעטען אויך ניט. היינט ווען אין דעם לעבען, אין די איינריכטונגען און אין די פיהרונגען פון די מענשהייט קומען יאָ פאָר פערשיעדענע פּאַסירונגען, דאָס הייסט, פערענדערט זיך אַלץ יאָ אויף פערשיעדענע אַרטען, מוז דאָך עפּעס זיין אַן אורזאַכע וואס פערענדערט זיך, היינט וואָס־זשע איז דיעזע אורזאַכע? און פאר וואָס פערענדערט זיך דיעזע אורזאַכע אליין?

פאַרצייטענס האָט מען אויף דעם נאַטירליך געענטפערט, אַז גאָט וויל אַזוי, מאַכט ער אַזוי. אָבער אויף אַזאַ שטויגער בענוצט קיין פערשטענדיגער מענש ניט זיין שכל צום דענקען; אדרבה, אזא ענטפער האַקט אָב דאָס דענקען גאָר אין גאַנצען. וואס איז שוין דאָ צו טראַכטען? אויף אלע קשיות, וואס עס וועט אייך אַרען, האָט איהר איין תירוץ: „אַזוי וויל גאָט און אַזוי מאַכט ער“. אויף אַזאַ אופן מעגט איהר שוין איינמאַרינירען אייער מוח (געהירן) אין זויערען; דאָס איז שוין אַן איבריגע צוטשעפּעניש אין אייער קאָפּ.

אָבער ווער עס זעהט ניט איין קיין נויטוועגדיגקייט צו לאָזען זיין מוח פערפרוירען ווערען פון גלויבענס־פראָסט, פרעגט זיך ווייטער די קשיא: פאר וואס וויל גאָט היינט אזוי און מאָרגען אַנדערש? ווי קען א זאך, וואס פערענדערט זיך קיין מאָל גאָר נישט, זיין אן אורזאכע פון פערענדערונגען? עס שטעהט דאָך („נצח ישראל לא ישנה“) גאָט פערענדערט זיך קיין מאָל גאָר ניט, טאָ אַז ער פערענדערט זיך ניט, ווי קען זיך פערענדערען זיין ווילען צו מאכען אמאָל אַזוי און אַמאָל אַזוי?

פילאָזאָפען וויעדער האָבען ביז אַהער אויך געהאַט אַ טעות אין זייער אנטוואָרט אויף דיעזער פראגע: זיי פלעגען זאָגען, אַז דאָס לעבען פון דער מענשהייט פערענדערט זיך, ווייל די געדאַנקען (אידעען) פון די מענשען און זייערע געפיהלען פערענדערען זיך. בלייבט דאָך אָבער וויעדער די קשיא, פאר וואס און פון וואַנען פערענדערען זיך די אידעען און די געפיהלען?

ניט דאָ איז דער אָרט צו בעווייזען נאָך מעהר די פאַלשקייט פון פערשיעדענע מיינונגען וועגען דעם.

# VII.

דעם ריכטיגען ענטפער אויף דעם האָט געגעבען קאַרל מאַרקס. מיר וועלען זיין געדאַנק קלאָר מאַכען מיט איניגע פאַקטען:

ווען אברהם אָבינו'ס קנעכט האָבען זיך צוקריגט מיט לוט'ס קנעכט, האָב אברהם געזאָגט צו לוט'ן: „וואָס דאַרפען מיר זיך קריעגען? די גאַנצע וועלט איז דאָך פריי פאַר דיר, שייד דיך אָב פון מיר און געה דיר ערגעץ אַנדערש." (בראשית י"ג).

פון דעם זעהט מען, אַז אַמאָל איז די גאַנצע וועלט געווען פריי פאַר יעדען. עס איז ניט געווען קיין פּריוואַט־אייגענטהום אין פעלדער און לענדער.

דאָס איז שפּעטער אַנדערש געוואָרען: עס איז אויפגעקומען פּריוואַט־אייגענטהום.

פון וואַנען איז אַרויסגעקומען דיעזע גרויסע געשיכטליכע ענדערונג? ניט פון גאָט, ניט פון נייע געדאַנקען, נאָר פון דעם, וואָס *עס איז אויפגעקומען ערד־אַרבייט*.

אברהם אבינו מיט לוט'ן זיינען נאָך געווען פּאַסטוכער. זיי האָבען נאָך געלעבט פון די מילך און פלייש פון בהמות. צו דעם דאַרף מען ניט קיין שטענדיגע לאַנד און פעלד. פון קיין פעלד־אַרבייט האָבען זיי ניט געוואוסט. דעריבער איז ביי זיי ניט געווען קיין פעלד־אייגענטהום.

אָבער וואו מענשען האָבען שוין אויסגעפונען אַרויסצוקריעגען זייער לעבענסמיטעל פון פעלד־אַרבייט, איז א שטיק ערד געוואָרען פאַר זיי א שטיק לעבען. דערפון איז אַרויסגעקומען ערד־אייגענטהום. (אין אָנהייב שותפות־אייגענטהום פון גאַנצען שבט.)

אלזאָ, פון וואַנען איז דאָ אַרויסגעקומען די גרויסע געשיכטליכע ענ־דערונג? *פון אן ענדערונג אין דעם אופן ווי דער מענש בעשאַפט זיין לעבענסמיטעל.*

אַן אַנדערער ביישפּיעל:

ווען יעקב אבינו האָט געוואָלט די שעהנע רחל פאַר אַ ווייב, האָט ער געמוזט צוצאָהלען. ער האָט ניט געהאַט וואָס צו בעצאָהלען, האָט ער גע־מוזט אָבאַרבייטען פאַר איהר ביי איהר פאָטער זיעבען יאָהר. אזוי איז עס אמאָל געווען ביי אלע מענשען: ווען איינער האָט געוואָלט אַ ווייב, האָט ער געמוזט בעצאָהלען פאַר איהר. ביי אונז אידען אָבער איז געוואָ־רען פונקט פערקעהרט: מען מוז נאָך „איהם" צוצאָהלען, ער זאָל „זי" נעה־מען. דאָס איז א גרויסע געשיכטליכע ענדערונג. פון וואַנען איז די ענ־דערונג געקומען? ניט פון גאָט, ניט פון אַן ענדערונג אין די געדאַנקען, נאָר ווידער *פון ענדערונגען אין דעם אופן ווי מענשען קריעגען זייערע לעבענסמיטלען.*

דען אַמאָל, ווען אלע מענשען האָבען געלעבט פון פּאַשען בהמות און פעלד־אַרבייט, איז א ווייב געווען אן איינבערענגעוּרקע, ניט קיין אויסבערענ־גערקע. זי האָט געהאָלפען אַרבייטען. אַלס מיידעל האָט איהר פאָטער גע־האַט דעם נוצען פון איהר; דעריבער האָט זיך איהם ניט געלוינט איהר אוועקצוגעבען קיינעם פאַר א ווייב, סיידען ווען דער חתן האָט גוט בע־צאָהלט פאַר איהר. און דעם חתן האָט זיך געלוינט צו בעצאָהלען.

VIII.

שפעטער אָבער, ווען ס'רוב אידען האָבען געלעבט פון מסחר, — פון
אַזאַ סאָרט מסחר, ביי וועלכען א מיידעל און אַ פרוי האָט גאָר ניט גע־
חנט צו טהאָן, — איז זי פאַר'ן פאָטער ווי פאר איהר מאַן געווען אַן אויס־
ברענגערקע. און דאַרום האָט דער פאָטער נאָר געהאָפט איהר „אַרויסצו־
פטר'ן". און דארום האָט ער געמוזט צוצאָהלען דעם חתן, ער זאָל די
„לאַסט" אויף זיך נעהמען. (ביי מאַנכע איז עס אפילו ניט געווען אַזוי;
אָבער דער מנהג איז ארויסגעקומען פון די, ביי וועלכע עס איז יאָ געווען
אַזוי.).

היינט, אין אַמעריקא, וואו פרויען קענען ווידער זיין פערדיענער־
קעס, ווערט דאָס ווידער ביסלעכווייז אנדערש. יעדענפאלס קען שוין דאָ
א מיידעל גיכער קריעגען א חתן אָהן א נדן אויך.

דאָ זעהען מיר אלזאָ ווידער דאָס אייגענע: גרויסע ענדערונגען אין
די מענשליכע פיהרונגען קומען ארויס *פון דעם*, *וואָס עס*
*ענדערט זיך דער אופן ווי אַזוי די מענשען*
*קריעגען זייערע לעבענסמיטלען*.

און נאָך איין ביישפיעל:

ביי אונז אידען איז א בעל בלאכה אין דער משפחה געווען א פלעק
אין דער משפחה. אָבער ניט אַלע מאָל איז דאָך אזוי געווען. יעקב אבינו
איז געווען א „פּאַראָבאָק", משה רבנו איז געווען א פאַסטוך. די גמרא
זאָגט: „דער וואס עסט פון די פראַצע פון זיינע הענד איז גרעסער פון
משה רבנו." נאָר שפעטער איז „דער וואס עסט פון די פראַצע פון זיינע
הענד" געוואָרען דוקא „א פסול אין דער משפחה." היינט אין אמעריקא
ענדערט זיך דאָס ביי אונז ווידער.

פון וואנען קומען די אַלע גרויסע ענדערונגען? דעם „גאָט" האָבען
מיר דאָך דעם אייגענעם, די גמרא די אייגענע, די „אידישע האַרץ" די
אייגענע. אָבער *ניט דעם אייגענעם אופן פון*
*קריעגען לעבענסמיטלען*:

ווען מיר האָבען זיך געפונען אין אזעלכע אומשטענדען, אז ס'רוב
פון אונז זיינען געווען סוחרים, מעקלערס, שדכנים, בטלנים און כלי
קודש, ווער איז געווען אַ בעל מלאכה? אַן עם־הארץ, אַ לא־יוצלח, אַ
שלימ'מזל'ניק. איז ער געווען א פסול אין דער משפחה. אָבער וואו ס'רוב
פון אונז מוזען לעבען פון אַרבייט, קען דער ארבייטער ניט זיין מעהר קיין
פלעק אין דער משפחה.

פון דעם אַלעם זעהט מען, אז דער עיקר גרונד פון גרויסע ענדערונ־
גען אין דעם לעבען פון די מענשען איז — *די ענדערונג אין*
*דעם אופן ווי אַזוי די מענשען אַרבייטען*
*אויס און פערדיענען זיך וואָס זיי דאַרפען*
*צום לעבען*.

דאָס הייסט די *מאַטעריע* (די „חומריות"), דער שטאָף פון לע־
בען. פונקט ווי דער מוח איז דער שטאָף, די מאַטעריע פון דענקען, אַזוי
איז דאָס ברויט־פערדיענען דער שטאָף, די מאַטעריע פון גאַנצען מענש־
ליכען און געזעלשאַפטליכען לעבען. אזוי ווי א זעץ אין מוח, וואס פער־

ענדערט די מאַטעריע פון מוח, צודרעהט די געדאַנקען, אזוי ברייגגען ענדערונגען אין ברויט־פערדיענען אַרויס אַלע ענדערונגען אין מענשליכען און געזעלשאַפטליכען לעבען.

דאָס איז דער געדאַנק פון קאַרל מאַרקס. און דיעזען געדאַנק רופט מען דעריבער:

די מאַטעריאַליסטישע וועלט־אנשויאונג — דאָס הייסט די חומר'דיגע, שטאָף'דיגע וועלט־בעגרייפונג.

זאָל זשע דער לעזער גוט געדענקען וואס דאָס בעדייט, דאָס ווארט „מאַטעריאַליסטישע וועלט־בעגרייפונג“. דען דיעזער אויסדרוק, דיעזער געדאנק, איז דער גאַנצער פונדאמענט פון דיעזען בוך.

דאָס, אַלזאָ, איז דער אויפטהו פון קאַרל מאַרקס:

ער האָט בעוויעזען, אַז אַלע גרויסע פערענדערונגען און נייעסען אין דער וועלט־געשיכטע קומען אַרויס, אין גרונד, פון איין זאַך: פון דעם אופן, ווי אַזוי מענשען קריעגען זייער ברויט און זייערע אנדערע לעבענסמיטלען.

אַזוי ווי דאָס פערענדערט זיך, דורך ערפינדונגען און פאָרטשריטע, פערענדערט זיך דורך דעם אַלצדינג, אי די איינריכטונגען פון דעם מענשליכען צוזאמען־לעבען, אי די געדאנקען, אי די געפיהלע פון מענשען. אויך די מלחמות און די רעוואָלוציאָנען קומען אַרויס פון דעם.

געדענקט־זשע גוט: דאָס הייסט „די מאַטעריאַליסטישע וועלט־בעגרייפונג“, — דער בעגריף, אַז דער עיקר זאַך, וואס ברייגגט אַרויס אלע הויפּט־ענדערונגען און וויכטיגסטע פּאַסירונגען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט איז די אַרט ווי אַזוי דער מענש קריגט זיין לעבענסמיטעל (דאָס רופט מען אויך „די עקאָנאָמישע אומשטענדען“).

דאָס ענטוויקעלט זיך און פערענדערט זיך כסדר, רעגעלמעסיג, דורך דעם וואָס דער מענש מאַכט אַלץ מעהר און מעהר ערפינדונגען און פערבעסערונגען אין דער אַרבייט, אין דעם האַנדעל, אין פערקעהר, א. ז. וו. און פון די פערענדערונגען אין די דאָזיגע זאַכען קומען אַרויס אלע וויכטיגע פערענדערונגען אין די איינריכטונגען פון דעם צוזאַמען־לעבען, אין די געדאנקען, אין די בעגריפען וועגען רעכט, אין די געפיהלען, אין די פאָרשטעלונגען מכוח די נאַטור און אין אלע אַנדערע וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען פון דער מענשהייט.

איינצעלהייטען וועגען דיעזען געדאנק ערקלעהרט ענגעלס אין דיעזען בוך.

אין איוראפּא איז קאַרל מאַרקס געוועזן דער ערשטער, וואס איז געקומען צום שכל, אז די וועלט־געשיכטע ווערט געפיהרט און געטריבען, דער עיקר, פון דער מאכט פון די מאַטעריעלע (חומר'דיגע) עקאָנאָמישע אומשטענדען פון די מענשען, און אז פון די פערענדערונגען אין דיעזע אומשטענדען קומען אַלע פערענדערונגען אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען און אין אלע אַנדערע אַנגעלעגענהייטען פון די מענשען. און מיט 40 יאָהר

שפּעטער האָט דיעזער אַמעריקאַנער לואיס מאָרגאַן, וועלכער האָט מאַרקס'עס שריפטען קיין מאָל פאר די אויגען ניט אָנגעזעהן און אפילו ניט געהערט פון זיי — האָט ער דעמזעלבען געדאנק בעשטעטיגט דורך זיינע פאָרשונגען, מיט מערקווירדיגע פאקטען.

מאַרקס איז געפאַלען אויף דיעזען געדאַנק, פון זיין בעטראַכטען דעם צושטאַנד פון די ציוויליזירטע מענשען אין זייער געשריבענע געשיכטע. די געשריעבענע וועלט־געשיכטע אָבער הייבט זיך דאָך ערשט אָן פון דער צייט, ווען מענשען האָבען שוין געקענט שרייבען. וואס עס איז געווען מיט די מענשען אין די הונדערט־טויזענדער יאָהרען איידער מענשען האָבען נאָך ענטוויקעלט די שרייב־קונסט, האָט מען פריהער ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו דערגעהן. אָבער מאַרקס האָט זיך משער געווען, אַז זיין „מאַטעריאליסטישע וועלט־בעגריפונג“ וואלט זיך אויך בעוויעזען פאר ריכטיג, ווען מען וואָלט דערגאנגען וואס עס האָט פּאַסירט מיט די מענשליכע געזעלשאפט אין איהר גאָר־ערשטען אָנפאַנג, נאָך פאר דער צייט פון די געשריעבענע געשיכטע. דאָס האָט אָבער מאַרקס נאָר גערעכענט אַזוי. וואָרום מען האָט דאָך נאָך ניט געוואוסט געגויעס פון דיעזע אלטע געשיכטע. פון וואנען זאָל מען וויסען? — עס איז דאָך ניט געווען פון איהר קיין בעשרייבונגען, ווייל מענשען האָבען דעמאָלט נאָך ניט געוואוסט פון שרייבען. דאָס ביסעלע פאָרשונגען, וואס זיינען שוין געווען געמאכט פאַר מאָרגאַנ'ען וועגען דעם, האָבען נאָך קיין שום ווערדע און קיין שום סיסטעם ניט געהאַט.

און דאָ קומט מאָרגאַן, און געפינט אויס ווי אזוי דער אָנפאַנג פון דער מענשליכער געזעלשאפט האָט אויסגעזעהען, פון דעם, וואס מען זעהען נאָך היינט אויס די געזעלשאַפטען פון די ווילדע, וועלכע שטעהען נאָך היינט אויף אַזאַ מדרגה, ווי אונזערע „אבות אבותינו“ זיינען געשטאַנען איידער עס איז געווען אַ שרייב־קונסט. און בעטראַכטענדיג דיעזען צושטאַנד, געפינט ער טאַקע אויס דאָס וואָס מאַרקס האָט גערעכענט אַז מען וואָלט אויסגעפונען, ווען מען וואָלט געקענט וויסען ווי יענער צושטאַנד האָט אויסגעזעהן!

דער עיקר זין פון דעם בוך איז דאָס: די פערשיעדענע מינים ווילדע מענשען, וואס לעבען נאָך היינט אין די פערשיעדענע עקען פון די נוי־ענטדעקטע וועלט־טהיילען און אויף די אינזלען, זיינען אַ לעבעדיגער ביישפּיעל פון דעם צושטאַנד, אין וועלכען אלע מענשען האָבען זיך אַמאָל געפונען, אין אָנהויב פון זייער ענטוויקלונג. די פערשיעדענע מדרגות פון ווילדקייט און באַרבאַריי, אויף וועלכע די פערשיעדענע שבטים ווילדע מענשען געפינען זיך היינט, זיינען די פערשיעדענע מדרגות, די פערשיעדענע שטופען אין דער ענטוויקלונג, דורך וועלכע אַלע מענשען זיינען אַמאָל דורכגעגאנגען. מיט דער ענטוויקלונג פון די ווערקצייגען און פון דער ארבייט, געהט־מיט אַ רעגעלמעסיגע ענטוויקלונג אין דער ארט, ווי דאָס פאַמיליען־לעבען, די געזעלשאַפט און די פערטהיילונג פון אייגענטהום איז איינגעריכטעט.

דיעזע גאַנצע ענטוויקלונג אין די אַלע זאַכען, — פון דעם צושטאַנד פון די ניעדעריגסטע ווילדקייט ביז די הויכע מדרגה פון דער היינטיגער ציוויליזאַציאָן, צוטהיילט מאָרגאַן אין בעשטימטע מדרגות און בעשרייבט גענוי ווי יעדע פון דיעזע מדרגות האָט אויסגעזעהן, לויט נאָך זיינע אויספאָרשונגען וואס ער האָט געמאכט אין דעם לעבען פון די ווילדע מענשען, וואָס געפינען זיך נאָך היינט אויף דיעזע מדרגות. ער בעשרייבט און ווייזט דערביי גענוי, ווי אזוי און פאר וואס יעדע מדרגה אין דער ענטוויקלונג פון דער ארבייט און אין דער בעשאַפונג פון לעבענסמיטלען איז צוזאמענגעבונדען מיט אַ בעזונדערע שטופע אין פאמיליען־לעבען, אין דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג און אין דעם אייגענטהום, — אַ שטופע, וואָס איז צוגעפאסט צו דעם צושטאַנד פון דער ארבייט אין דיעזער צייט. און ער ווייזט דאַן מיט אַ שכל, ווי אזוי עס געהט אין דעם אַלעם איבער פון איין מדרגה צו דער אַנדערער, צו די העכערע, און אַלץ דורך ווייטערע פערבעסערונגען און ערלייכטערונגען אין דער אויסארבייטונג פון לעבענסמיטלען.

אז די וועלט־געשיכטע, וואס מען האָט היינט אַן אויפגעשריבענע, איז ניט די גאַנצע געשיכטע פון דער מענשהייט, זינט עס זיינען דאָ מענשען אויף דער וועלט, — ווי מען האָט אַמאָל געמיינט — האָבען בייערע פאָרשערם שוין פריהער בעוויעזען. זיי האָבען געצייגט. אַז די געשריעבענע געשיכטע איז בלויז דער טייל פון דער געשיכטע פון דער מענשהייט, וואס הייבט זיך אָן פון דער צייט, ווען די מענשען האָבען שוין געוואוסט פון שרייבען, און אז פאר דעם, ביז די מענשהייט איז געקומען צו אזא צושטאַנד, איז אוועקגעגאנגען א סך, א סך לענגערע צייט, ווי די צייט, וואס וועגען איהר דערצעהלט אונז די געשריעבענע וועלט־געשיכטע. וואָס אָבער אין דיעזער פ אַ ר־געשריעבענער געשיכטע האָט פּאַסירט, ווי אזוי די ענטוויקלונג פון דער מענשהייט איז דערגאנגען ביז צו דעם שטאַנד, מיט וועלכען די געשריעבענע געשיכטע הייבט זיך אָן, — אין דעם האָט מען קיין טאָלק ניט געוואוסט, ביז לואיס מאָרגאַן האָט אויפגעשריבען דיעזעם בוך.

אין דיעזען בוך ערקלערט מאָרגאַן, אז די צייט פון די געשריעבענע געשיכטע איז בלויז דער דריטער טייל, די דריטע מדרגה אין דער געשיכטע פון דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט. דיעזע מדרגה רופט ער „די ציוויליזאַציאָן“. ווען דיעזע געשיכטע בעווייזט, אַז אַ סך היינטיגע מענשליכע פיהרונגען זיינען „אַלע מאָל“ געוועזן אזוי ווי היינט, בעווייזט דאָס נאָר, אַז זיי זיינען אַזוי געווען „אַלע מאָל“ אויף דיעזע ד ר י ט ע מ ד ר ג ה פון דער מענשהייט׳ס געשיכטע; אָבער אין דער דונקעלער לאַנגער צייט פון פאַר דער ציוויליזאַציאָן איז אַלץ געווען גאָר אַנדערש. יענע צייט אַליין צוטהיילט מאָרגאַן אין צוויי הויפּט־טיילען: די ו ו י ל ד ה י י ט און די ב אַ ר ב אַ ר י י. יעדע פון די דריי הויפּט אָבטהיילונגען צוטהיילט ער נאָך אין אונטער־אבטהיילונגען און ווייזט גענוי, ווי געזאָגט, אויף ביישפּיעלע פון דעם לעבען פון פערשיעדענע מינים ווילדע מענשען, ווי אזוי דאָס לעבען פון דעם מענש אויף יעדער פון דיעזע מדרגות האָט אַויסגעזעהן און דורך וואס די ענטוויקלונג איז ווייטער גע־

גאַנגען, און דער פונדאַמענט פון דער גאַנצער ענטוויקלונג אין אַלצדינג, קומט אויס נאָך זיין ערקלערונג נאָך, איז נאָר געווען די ענטוויקלונג אין די ווערקצייגען און אין דעם בעשאפען פון לעבענסמיטלען.

וויכטיגער פון אַלץ איז אָבער דער פאַקט, דאָס אַזוי אויספאָרשענדיג די ענטוויקלונג פון די מענשליכע צושטענדע, קומט מאָרגאַן, אויף דיעזען וועג, צו דער איבערצייגונג, אַז דער היינטיגער צושטאַנד פון קאַפּיטאליזמוס איז אויך נאָך ניט די לעצטע מדרגה פון דער ענטוויקלונג. דורך די היינטיגע זעהר גיכע ענטוויקלונג אין דער ארביים און אין אַרויסברענגען לעבענסמיטלען, דורך די נייע מאַשינען און ארביימס־פערטיילונגען, וועט די היינטיגע געזעלשאפט אויך באַלד מוזען צוקומען צו אַזאַ צושטאַנד, ווען די נייע עקאָנאָמישע אומשטענדען וועלען מוזען אַרויסברענגען נייע אָרדנונגען אין דער געזעלשאפט, אין דער רעגיערונג, אין דער פאמיליע און אין אלע מענשליכע אנגעלעגענהייטען.

דיעזער פאקט איז אונגעהייער וויכטיג דעריבער, ווייל מאָרגאַן איז ניט געקומען צו דעם געדאַנק ווייל פריהער האָט זיך איהם פערגלוסט זיך פאָרצושטעלען אַ זיסען חלום פון אַ בעסערע אָרדנונג אין דער וועלט און ער האָט זיך דערנאָך צוגעפאסט א וויסענשאַפטליכע לעהרע, ווי אזוי עס וועט קומען דערצו; ניין, מאָרגאַנ׳ען איז פריהער קיין סאָציאליסטישע „חלומות“ קיין מאָל ניט איינגעפאלען. נאָר פאָרשענדיג און געפינענדיג ווי די מענשהייט און איהרע איינריכטונגען האָבען זיך ווירקליך ענטוויקעלט, איז ער פון דעם אַליין געקומען צו דער איבערצייגונג, אז דיעזע נאַטירליכע ענטוויקלונג מוז פיהרען צו א נייע געזעלשאַפטס אָרדנונג.

מאָרגאַן איז געשטאָרבען דעם 17טען דעצעמבער, 1881.

* * *

אין דיעזען בוך ערקלערט אַלזאָ דער פּראָפעסער ווי אַזוי עס האָט זיך ענטוויקעלט אַ צוזאַמען־לעבען ביי מענשען, מיט אַלע איינריכטונגען דערפון. די ערשטע פעראייניגונג פון מענשען איז געווען די פערבינדונג פון מענער און פרויען און זייערע קינדער, — דאָס „הויזגעזינט“. דאָס רופט מען אין ציוויליזירטען לשון „די פאַמיליע“. (אויף פּראָסט אידיש הייסט פאַמיליע די גאַנצע גרויסע משפחה, מיט פעטערס, מומעס, געשוועסטערקינדער א. ז. וו. אין ציוויליזירטען לשון אָבער הייסט „די פאַמיליע“ נאָר דאָס הויזגעזינט, די געזינט, — טאַטע־מאַמע מיט זייערע קינדער און די וואָס זיינען מיט זיי צוזאַמען אין איין הויז.) שפּעטער פעראייניגען זיך מעהרערע פאַמיליען אין איין פערבאַנד פון פאַמיליען. דערנאָך פעראייניגען זיך מעהרערע אַזעלכע פערבאַנדען אין איין שבט. און צולעצט קומט פון דעם אַרויס די מלוכה, דער שטאַאַט. דיעזע גאַנצע ענטוויקלונג קומט אַרויס פון די ענטוויקלונג פון פּריוואַט־אייגענטהום. ווי אַזוי האָט זיך דאָס אַלץ ענטוויקעלט, ערקלערט ענגעלס דאָ, לויט נאָך די אויספאָרשונגען פון לואיס ה. מאָרגאַן, צוגעבענדיג דערצו זיינע אייגענע פאָרשונגען אין היסטאָריע, און אויך אייגענע געדאַנקען. און ער ברענגט דאָס אַלץ אין פערבינדונג

מיט די מאַטעריאַליסטישע בעגריפפונגס־לעהרע פון קאַרל מאַרקס און מיט זיינע און ענגעלס'עס אייגענע געשיכטליכע פאָרשונגען.
יעצט וועט דער לעזער האָפענטליך פערשטעהן וואָס דער פּערפאָסער רעדט.

* * *

שפּעטערע פאָרשונגען, נאָך ענגעלס'עס טויט, האָבען בעוויעזען, אַז מאָרגאַן'ס געדאַנקען זיינען ניט אין גאַנצען ריכטיג. אַ גרויסער פאָרשער אין דיעזע זאַכען איז היינריך קונאָוו, געוועזענער רעדאַקטאָר פון דעם בערלינער סאָציאַליסטישען אָרגאַן „פאָרווערטס". קונאָוו איז ביי אַלע עטהנאָלאָגען פון דער וועלט אַנערקענט אַלס אַ גרויסער אויטאָריטעט אין דיעזער וויסענשאַפט. דערצו איז ער איינער פון די שטאַרקסטע מאַרקסיסטען. אין אַ ווערק, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען אין נאָוועמבער, 1912, איז געזאָגט דאָס לעצטע און דאָס נייעסטע וואָרט אין דיעזע פאָרשונגען.

מיר גיבען דאָרום צו, נאָך ענגעלס'עס בוך, דעם אינהאַלט פון קונאָוו'ס ווערק. לויט קונאָוו'ס נייערע פאָרשונגען, אַלזאָ, ווערט בטל אַ גרויסער טייל פון ענגעלס'עס געדאַנקען אין דיעזען בוך. דאָך וועט ענגעלס'עס בוך האָבען אַן איביגען גרויסען ווערטה.

דען, ערשטענס, איז דאָס, ווי אויבען געזאָגט, איינע פון די בעוואוסטע הויפּט־ווערק פון די צוויי גרויסע לעהרער פון דעם היינטיגען וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזמוס. אויף דעם אינהאַלט פון דיזען ווערק בערופט מען זיך אין דיסקוסיאָנען איבער סאָציאַליזמוס; פון זיי בריינגט מען ראיות. קיינער קען ניט זיין אַ שטיקעל „וויסער", אַ „יודע ספר" אין דעם היינטיגען סאָציאַליזמוס, ווען ער ווייסט ניט וואָס עס שטעהט אין די דאָזיגע ביכער, פון וועלכער דיעזער איז איינער.

צווייטענס, בלייבען מאָרגאַן'ס און ענגעלס'עס פאָרשונגען אויף אייביג וויכטיג אַלס גרויסע אויפטהואונגען, וועלכען האָבען ערשט מעגליך געמאַכט צו געהן אין דיעזע פאָרשונגען ווייטער. דריטענס, בלייבט דער עיקר פון זייערע פאָרשונגען ריכטיג. עס בלייבט ריכטיג זייער הויפּט־ענטדעקונג, אַז די פערשיעדענע איינריכטונגען אין פאַמיליען־לעבען ביי די פערשיעדענע ווילדע מענשען זיינען ניט קיין צופעליגע ווילדקייטען, נאָר מדרגות, שטופען, פון אַ סיסטעמאַטישער ענטוויקלונג (בסך הכל גענומען), און אַז דאָס צייגט, אַז אַזאַ מין ענטוויקלונג האָט די גאַנצע מענשהייט דורכגעמאַכט. און עס בלייבט אויך ריכטיג, אַז דיעזע ענטוויקלונג איז פאָרגעקומען דורך די מאַטעריעלע אומשטענדען. און עס בלייבען ריכטיג נאָך פיעלע אַנדערע הויפּט־פונקטען פון ענגעלס'עס פאָרשונגען, ווי דער אויפמערקזאַמער לעזער וועט אליין אַרויסזעהן נאָך קונאָוו'ס איינוועגדונגען.

אַלזאָ, אום צו וויסען וועלכע פון ענגעלס'ס געדאַנקען דאַרפען בלייבען בעטראַכט פאַר ריכטיג, לויט נאָך די נייסטע וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען, וועט דער לעזער מוזען זעהר אויפמערקזאַם לערנען וואָס מיר גיבען איבער פון קונאָוו'ס לעצטע שריפט, צום סוף פון דיעזען בוך.

**דער איבערזעצער.**

# פּאָררעדע

## (פון פערפאסער.)

### 1. — צו די ערשטע ארויסגאַבע 1884.

מיט דיעזען ווערק ווערט אויסגעפיהרט א צואה, ביז צו א געוויסען גראד. ניט קיין קלענערער ווי קארל מאַרקס איז דאָס געוועזען, וועלכער האָט בדעה געהאַט צו ערקלערען, אין א בוך, די פאָרשונגען פון לואיס מאָרגאַן. ער האָט געוואָלט ווייזען זייער שייכות צו דעם וואָס עס קומט ארויס פון זיינע (מאַרקס'עס) — איך מעג ביז א געוויסען גראד זאָגען אונזערע*) — מאַטעריאַליסטישע אונטערזוכונגען פון די וועלט־געשיכטע. ער האָט געוואָלט ציינען, ווי ערשט דורך דיעזען צוזאַמענהאַנג קומט ארויס קלאָר די גאַנצע וויכטיגקייט פון מאָרגאַן'ס פאָרשונגען. וואָרים מאָרגאַן האָט דאָך אויף זיין אייגענעם אופן אויפ'ס נייע ענטדעקט, אין אמעריקאַ, די מאַטעריאַליסטישע בעגרייפונג פון דער וועלט געשיכטע, וואָס מאַרקס האָט ענטדעקט מיט 40 יאָהר צוריק, און ער, מאָרגאַן, פערגלייכענדיג די באַרבאַריי און די ציוויליזאַציאָן, איז דערפון געקומען צו די זעלבינע געדאַנקען, אין די הויפּט־פונקטען, ווי מאַרקס.

מאַרקס'עס בוך „דאָס קאַפּיטאַל" האָבען די עקאָנאָמישע געלעהרטע אין דייטשלאַנד אפילו שטאַרק געקויפט, אָבער פונקט אזוי שטאַרק האָבען זיי וועגען דעם בוך זיך ניט־וויסענדיג געמאַכט. זיי זיינען דאָך אין זייער וויסענשאַפט ווי א צ ע ך פון בעל מלאכות: זיי לאָזען קיינעם ניט צו, ווען ער איז ניט איינער פון זייערע. און פונקט אזוי האָבען וויעדער די געלעהרטע פון די „פאָר־היסטאָרישע"

---

*) ענגעלס מיינט דערמיט צו זאגען, אז ער האָט אויך א חלק, צוזאמען מיט מאַרקס'ען, אין דיעזע אונטערזוכונגען. מיט ענִיוּת זאָגט ער, אז ער האָט מאַרקס'ען נאָר געהאָלפען אין דעם „ביז א געוויסען גראד."—איבערזעצער.

וויסענשאַפט*) אין ענגלאַנד בעהאַנדעלט מאָרגאַן'ס בוך „די פאַר־ציימיגע געזעלשאַפט". (דאָס בוך איז אין אמעריקא געדרוקט און אין ענגלאַנד איז עס מערקווירדיג שווער צו קריעגען.)

מיין אַרבייט (אין דיעזען בוך) קען נאָר אויסצאָהלען אַ קליינעם טהייל פון דעם, וואס די וועלט האָט פערלוירען, דאדורך וואס מיין פערשטאָרבענער פריינד (מאַרקס) האָט ניט דערלעבט אַליין צו שרייבען אַזאַ בוך. דאָך האָב איך פאַר מיר זיינע קריטישע בעמערקונגען וואָס ער האָט געמאַכט ווען ער האָט איבערזעצט אויספיהרליך די וויכטיגסטע טיילען פון מאָרגאַן'ס בוך. דיעזע בעמערקונגען פון מאַרקס'ן וועל איך דאָ איבערגעבען אַזוי ווייט ווי עס וועט זיך לאָזען.

* * *

לויט די מאַטעריאַליסטישע וועלט־בעגרייפונג איז די גרונד־אורזאַכע, דער לעצטער יסוד פון אַלע ענדערונגען אין דער וועלט־געשיכטע איין זאַך, וואָס טיילט זיך אין צוויי טיילען: ערשטענס, די בעשאַפונג פון לעבענס־מיטלען, פון עסענוואַרג, קליידונג, וואוינונג און די ווערקצייגען וואָס מען דאַרף דערצו — דאָס רופט מען פ ר אָ ־ ד ו ק צ י אָ ן; און צווייטענס, די בעשאַפונג פון מענשען אַליין, דאָס קינדער־האָבען, דאָס רופט מען „ר ע פ ר אָ ד ו ק צ י אָ ן".

די געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען, אונטער וועלכע עס לעבען די מענשען פון אַ געוויסע צייט אין דער וועלט געשיכטע און אין אַ געוויסען לאַנד, קומען אַרויס פון דעם אופן ווי די ביידע אַרטען פראָ־דוקציאָן געהן צו: לויט נאָך דעם, אויף וועלכע שטופע (מדרגה) פון ענטוויקלונג עס געפינט זיך, פון איין זייט, די אַרבייט, און פון דער אַנדערער זייט דאָס פאַמיליען־לעבען**).

---

*) „פאָר־היסטאָרישע וויסענשאַפט" הייסט די פאָרשונג, ווי די מענשען האָבען געלעבט אין גאָר די ערשטע צייטען, פון וועלכע עס איז ניטאָ קיין געשריעבענע היסטאָריע. „היסטאָרישע צייט" רופט מען די צייט, פון וועלכע עס איז שוין דאָ געשריעבענע דאָקומענטען. פאַר דער צייט הייסט די „פאָר־היסטאָרישע צייט". — איבערזעצער.

**) מאַרקס אַליין האָט ניט געזאָגט, אַז דאָס פאַמיליען־לעבען און דער אופן פון קינדער־האָבען איז אויך אַ טהייל פון די מאַטעריאַליסטישע הויפּט־אורזאַכען פון די געשיכטליכע פאַסירונגען. דאָס האָט ענגעלס צוגעגעבען. די יעצטיגע גרעסטע מאַרקסיסטען — צום ביישפּיעל היינריך קונאָוו — זאָגען אויך, אַז דאָס איז ניט נויטיג צוצוגעבען. זיי בעווייזען, אַז די פאָרמע פון פאַמיליען־לעבען קומט אַליין אויך אַרויס פון די איינע אַרט פראָדוקציאָן — די לעבענסמיטלען. — איבערזעצער.

וואָס ווייניגער ענטוויקעלט די אַרבייט איז, וואָס ווייניגער פּראָדוקטען זי קען בעשאַפען, וואָס קלענער עס איז, אַלזאָ, די עשירות פון דער געזעלשאַפט, אַלץ מעהר איז דאָס לעבען פון מענער מיט פרויען דער פונדאַמענט פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. דעריבער איז די מענשליכע געזעלשאַפט גאָר די ערשטע צייטען אַ משפחה־געזעלשאַפט. די מענשען לעבען הייסט עס צוזאַמען „למשפחותם", נאָך משפחות נאָך. אין דיעזען צושטאַנד אָבער ענטוויקעלט זיך די אַרבייט און זי בעשאַפט אַלץ מעהר און מעהר רייכקייט. דערפון קומט שפּעטער אַרויס פּריוואַט־אייגענטהום און אויסטויש (בייטען זיך, חלופין) פון פּראָדוקטען. און עס קומען אַרויס רייכע און אָרימע. און עס קומט אַ צייט, ווען אַ מענש קען אויסנוצען די אַרבייט פון אַנדערע מענשען. דאָס ווערט דער פונדאַמענט פון אַן אונטערשיעד צווישען פערשיעדענע קלאַסען מענשען (האַרען און קנעכט, הערשער און בעהערשטע). דאָס זיינען שוין נייע עלעמענטען. זיי קענען זיך שוין ניט גוט אַריינפּאַסען אין די אַלטע פאָרמען פון דער געזעלשאַפט. דורות און דורות בעמיהט מען זיך דאָך, ווי עס איז, אַריינצופּאַסען די נייע עלעמענטען אין די אַלטע געזעלשאַפטס־פאָרמען. דערווייל אָבער ענטוויקלען זיך די נייע עלעמענטען אַלץ מעהר, ביז ענדליך קומט אַ צייט, ווען דיעזע נייע עלעמענטען קענען שוין בשום אופן זיך ניט אַריינפּאַסען אין די אַלטע פאָרמען פון געזעלשאַפט און דאָס ברייננגט אַ פאָלשטענדיגע איבערקעהרעניש. די אַלטע געזעלשאַפט, וואָס איז איינגעפיהרט נאָך משפחות, ווערט צוריסען דורך איהר צוזאַמענשטויס מיט די נייע־ענטוויקעלטע געזעלשאַפטליכע קלאַסען. אויף דעם אָרט פון די אַלטע צוריסענע משפחות־געזעלשאַפט קומט־אויף אַ נייע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג, דער שטאַאַט. די טהיילען פון דיעזען נייעם פערבאַנד פון מענשען — פון שטאַאַט — זיינען שוין ניט מעהר קיין משפחות און שבטים פון קרובים, נאָר פעראייניגונגען פון מענשען וואָס וואוינען צוזאַמען אויף איין אָרט, אַלץ איינס צו זיי זיינען קרובים צווישען זיך, צי ווילד־פרעמדע. אין דיעזער נייער געזעלשאַפט ענדערט זיך שוין אויך אין גאַנצען די אָרדנונג פון פאַמיליען־לעבען, לויט נאָך די אָרדנונג פון אייגענטהום (ווי מיר וועלען דאָס אַלץ ווייטער זעהן). אין דיעזער נייער געזעלשאַפט צושפּרייטען זיך דאַן די קלאַסען־קעמפּפע (די מחלוקות צווישען די פערשיעדענע קלאַסען מענשען, הערשער און בעהערשטע), וועלכע מאַכען אויס דעם אינהאַלט פון די גאַנצע ביז־אַהעריגע געשריבענע וועלט־געשיכטע.

מאָרגאַן איז דאָס געווען, וועלכער האָט אויפגעטהאָן די גרויסע זאַך: ער האָט דאָס ענטדעקט און צוריק צוזאַמענגעשטעלט די הויפּט־שטריכען פון דיעזען פאָר־היסטאָרישען פונדאַמענט פון אונזער געשריבענע געשיכטע. ביי די אינדיאַנער פון נאָרד־אַמעריקא, אין די פאָרמע, ווי זייערע פערבאַנדען זיינען איינגעפיהרט, נאָך משפּחות נאָך, — אָט אין דעם האָט מאָרגאַן געפונען דעם שליסעל, וועלכער שליסט אויף פאַר אונז די רעטהענישען פון די עלטסטע גריכישע, רוימישע און דייטשע געשיכטע — די רעטהענישען, וואָס קיינער האָט זיי ביז אהער ניט געקענט טרעפען אויפצולעזען.

זיין בוך איז אָבער ניט די אַרבייט פון איין טאָג. אַרום 40 יאָהר האָט ער זיך מיט זיין מאַטעריאַל געמאַטערט, ביז עס איז איהם פאָל־שטענדיג קלאָהר געוואָרען וואָס דאָ איז. דאַרום אָבער איז טאַקע זיין בוך איינס פון די ווייניגע ווערק פון אונזער צייט, וועלכע האָבען בעשאַפען נייע עפּאָכען (צייטען) אין דער וויסענשאַפט.

דער לעזער וועט אין דיעזען בוך לייכט קענען דערקענען וואָס עס קומט פון מאָרגאַנ'ען און וואָס איך האָב צוגעגעבען. אין די קאַפּיטלען וועגען די געשיכטע פון גריכעלאַנד און רוים האָב איך מיך ניט בע־גנוגענט מיט דעם וואָס מאָרגאַן האָט בעוויעזען, נאָר האָב צוגעלייגט וואָס איך האָב געוואוסט. די קאַפּיטלען איבער די קעלטען און דייטשען זיינען אין רעכטען עיקר מיינע אייגענע. מאָרגאַן האָט וועגען זיי נאָר געהאַט כמעט בלויז קוועלען פון צווייטער האַנד. וועגען די צושטענ־דע ביי די דייטשען האָט מאָרגאַן נאָר געהאַט — חוץ טאַציטוס — די שלעכטע ליבעראַלע פערפעלשונגען פון די שריפטען פון הערר פריעמאַן. די עקאָנאָמישע בעטראַכטונגען זיינען אַלע פון מיר ניי בעארבייט. ווי מאָרגאַן בעהאַנדעלט דיעזען פונקט, איז עס גוט גענוג פאַר זיין צוועק; פאַר דעם אָבער, וואָס איך וויל דאָ אַרויס־ברייגנען, איז דאָס געווען דורכאויס אונגעניגענד. און אומעדום וואו עס איז אין דעם בוך געוויעזען וואָס מען דאַרף זיך פון די פאַק־טען דרינגען, איז דאָס זעלבסטפערשטענדליך מיינע אייגענע געדאַנ־קען, חוץ וואו איך ברייגנ מאָרגאַנ'ס ווערטער.

## 2. — צו דער פיערטער אויסגאַבע 1891.

די פריהעריגע אויסגאַבע פון דיעזען בוך, וועלכע איז געווען א גאַנץ גרויסע, איז זייט כמעט א האַלב יאָהר אויספערקויפט. דער

ארויסגעבער האָט שוין א לענגערע צייט פערלאַנגט פון מיר, איך זאָל בעזאָרגען א נייע אויסגאַבע. נויטיגע ארבייטען האָבען מיך ביז אהער אָבגעהאַלטען דערפון. זינט די ערשטע אויסגאַבע איז ארויס, זיינען אוועק זיעבען יאָהר. דערווייל האָט די קענטניס וועגען גאָר די ערשטע פאָרמען פון פאַמיליען־לעבען געמאַכט וויכטיגע פאָרטשריטע. איך האָב אַלזאָ געמוזט פלייסיג צו ארבייטען צו פערבעסערען דעם אינ־האַלט און צוצולייגען נייעס לויט די נייעסטע פאָרטשריטע פון דער וויסענשאַפט. בעזאָנדערס דארום, ווייל מען האָט בדעה צו מאַכען סטערעאָטיפּען פון דעם ווערק, ווי עס איז יעצט, און איך וועל שוין א צייט ניט מעהר קענען מאַכען קיין ענדערונגען.

איך האָב אַלזאָ דעם גאַנצען אינהאַלט פּאַרזיכטיג דורכגעקוקט און א סך צוגעשריעבען. איך האָף, אז דערמיט האָב איך גענוג אין בעטראַכט גענומען דעם היינטיגען שטאַנד פון דער וויסענשאַפט.

ווייטער האָב איך צוגעשטעלט אין דיעזען פאָרוואָרט א קורצען איבערבליק איבער די ענטוויקלונג פון דער געשיכטע פון דער פאַמיליע פון באַכאָפען ביז מאָרגאַן (אין דיעזער איבערזעצונג איז דערפון גע־מאַכט א בעזונדערע „איינלייטונג"). דיעזען איבערבליק האָב איך געגעבען הויפּטזעכליך דארום, ווייל די געלעהרטע אין ענגלאַנד, וואָס גיבען זיך אָב מיט די פאָר־היסטאָרישע וויסענשאַפט און האָבען א היבשע ביסעל שאָוויניזמוס (פאַטריאָטישע פּאַרטייליכקייט) אין זיך, טהוען נאָך אַלץ ווייטער וואָס עס איז זיי נאָר מעגליך, זיך צו מאַכען ניט־וויסענדיג פון די איבערקעהרענישען וואָס מאָרגאַנ'ס ענטדעקונגען האָבען אויפגעטהאָן אין די בעגרייפונג פון די אור־געשיכטע, כאָטש דאָס האַלט זיי פון דעסטוועגען ניט אָב זיך צו בענוצען מיט די רע־זולטאַטען פון מאָרגאַנ'ס פאָרשונגען. אויך אין אַנדערע לענדער טהוט מען שטאַרק נאָך, טהיילוויז, דעםביישפּיעל פון ענגלאַנד.

דיעזעס ווערק איז איבערזעצט געוואָרען אין פערשיעדענע אַנ־דערע שפּראַכען. צום ערשטען אין איטאַליעניש, דאַן אין רומעניש און דערנאָך אין דעניש. א פראַנצויזישע איבערזעצונג פון אנרי ראַווע, וועלכע איז איבערזעצט פון דיעזע יעצטיגע אויסגאַבע, ווערט איצט געדרוקט.

לאָנדאָן, 16 יוני, 1891. פריעדריך ענגעלס.

# איינלייטונג

(די איינלייטונג איז אַן איבערבליק איבער די ענטוויקלונג פון די פאָרשונגען אין דיעזע אַנגעלעגענהייטען. דער לעזער, וואס ווען דאָס גע־פינען שווער צו פערשטעהן, קען איבערהיפּען די איינלייטונג. — איבער־זעצער.)

ביז צום אָנפאַנג פון די 60גער יאָהרען פון 19טען יאָהרהונדערט איז ניט געווען קיין שום וויסענשאַפט וועגען די געשיכטע און ענט־וויקלונג פון פאַמיליען־לעבען. דאָס ביסעלע פאָרשונג, וואָס עס איז געווען וועגען דעם, קען ניט אַנגערופען ווערען קיין געשיכטע פון דער פאַמיליע. די היסטאָרישע וויסענשאַפט איז ביז דעמאָלט נאָך גע־שטאַנען אין דיעזען ענין אויף דעם באָדען פון תורת משה. אין דיעזע תורה ווערט געשילדערט מעהר אויספיהרליך ווי אין אַלע־איינס וועל־כע אנדערע שריפטען, ווי די מענשען האָבען געלעבט א פאַמיליען־לעבען, אין וועלכען דער פאָטער איז געווען דער הערשער פון דער פאַמיליע. אַזאַ פאָרמע פון פאַמיליען־לעבען רופט מען פ א ט ר י א ר־כ א ל י ש ע פאַמיליע (פאַטר הייסט דער פאָטער). דיעזע פאָרמע פון פאַמיליען־לעבען האָט מען אָנגענומען פאַר די עלטסטע און מען האָט שוין ווייטער וועגען דעם גאָר ניט געקלעהרט. און ניט נאָר דאָס, — מען האָט אויך אָנגענומען פאַר זיכער, אַז דאָס איז געווען די־זעלבע פאָרמע פון פאַמיליען־לעבען וואָס די היינטיגע בירגערליכע פאַמיליע. מען האָט בלויז דערפון אראָבגענומען די פיעלע ווייבער, וואָס די פאַרצייטיגע פאַטריארכען האָבען געמעגט האָבען.

נאָך דיעזער מיינונג האָט מען אָנגענומען, אַז דאָס פאַמיליען־לעבען האָט איבערהויפּט גאָר קיין געשיכטע און קיין ענטוויקלונג ניט געהאַט. אַזוי ווי די מענשען לעבען היינט אין זייערע פאַמיליעס, אַזוי, האָט מען געמיינט, האָבען זיי געלעבט פון אייביג אָן. העכס־טענס האָט מען צוגעגעבען, אַז אַמאָל איז געווען אַ צייט, ווען עס איז איבערהויפּט ניט געווען קיין שום רעגעל און סיסטעם אין דעם לעבען צווישען מענער און פרויען.

עס איז אַפילו אמת, אַז מען האָט געוואוסט, אַז חוץ די איינ־

צעלעהע (וואו איין מאן לעבט מיט איין ווייב) איז אויך געווען אין אָריענט (די מזרח־לענדער) פיעל־ווייבעריי און אין אינדיען און טיבעט פיעל־מענעריי. אלזאָ, האָט מען שוין געוואוסט פון דריי פערשיעדענע פאָרמען פאמיליען־לעבען: איין־עהע, פיעל־ווייבעריי און פיעל־מע־נעריי. אָבער דיעזע דריי פאָרמען האָט מען ניט געקענט צוזאמענ־שטעלען אין קיין אָרדנונג אלס א היסטאָרישע ענטוויקלונג, וואו איין פאָרמע פון די דריי זאָל זיין ארויסגעקומען פון די אַנדערע. מען האָט זיך דארום פאָרגעשטעלט, אז אין דערזעלבער צייט זיינען בע־שטאַנען די אַלע דריי פאָרמען, אָהן שום צוזאמענהאַנג.

עס איז אפילו אמת, אז מען האָט געוואוסט פון די פאַקטען, דאָס ביי איינצעלנע פעלקער פון די פארצייטיגע וועלט־געשיכטע (פון רוים און גריכענלאַנד, מצרים, אשור, בבל א. ז. וו.) האָט זיך די אָבשטאמונג פון מענשען ניט גערעכענט נאָכ'ן פאָטער, נאָר נאָך די מוטער. אויך האָט מען געוואוסט, אז אזוי איז עס נאָך היינט ביי אייניגע ווילדע פעלקער. אויך האָט מען געוואוסט, אז ביי א סך היינטיגע פעלקער פיהרט זיך, דאָס א מאן טאָר ניט חתונה האָבען מיט א ווייב פון זיין אייגענער גרופּע מענשען; די גרופּע איז פון א געוויסע גרוים; וואָס פאַר א סאָרט גרופּע דאָס איז, האָט מען דע־מאָלט ניט אויסגעפאָרשט. אלזאָ, געוואוסט האָט מען פון די אלע פאַקטען און מען האָט כסדר געזאמעלט אַלץ מעהר און מעהר ביי־שפּיעלע דערפון. אָבער מען האָט ניט אָנגעהויבען צו וויסען וואָס צו מאַכען פון דיעזע פאַקטען; צו האָבען זיי עפּעס א צוזאמענהאַנג; צי בעדייטען זיי א געוויסע ענטוויקלונג פון פאמיליען־לעבען.

אין דעם בוך „אונטערזוכונגען וועגען די גאָר ערשטע געשיכטע פון דער מענשהייט“, פון ע. ב. טיילאָר, ארויסגעגעבען אין יאָהר 1865, ווערען דיעזע אלע פאַקטען פאָרגעשטעלט ווי עפּעס „משונה'דיגע מנהגים“. דאָס האָט דאָרטען א פּנים, ווי אַנדערע משונה'דיגע מנהגים פון ווילדע מענשען, ווי א שטייגער, דאָס וואָס ביי אייניגע סאָרטען ווילדע מענשען איז בעטראַכט פאַר אן עברה אָנצוריהרען ברענענדעס האָלץ מיט א ווערקצייג פון אייזען, און נאָך אזעלכע רעליגיעזע משונה'־דיגע צערעמאָניעס.

א רעגעלמעסיגע געשיכטע פון די ענטוויקלונג פון פאמיליען־לעבען האָט זיך ערשט אָנגעהויבען אין יאָהר 1861, ווען באַכאָפען

האט ארויסגעגעבען זיין בוך „דאס מוטער רעכט". אין דיעזען בוך האט דער פערפאסער געשטעלט פאלגענדע בעהויפטונגען:

1. אז גאר אין אנפאנג האבען די מענשען געלעבט אין גאנצען הפקר אין זייער פערקעהר פון מענער און פרויען, ווער מיט וועמען עס האט נאר חשק געהאט. ער רופט דאס אן „העטעריזמוס" (הורעריי). דאס איז אבער ניט קיין גלייכער נאמען פאר דעם.

2. ביי אזא סארט פערקעהר איז אונמעגליך געווען צו וויסען פון א פאטער. מענשען האבען נאר געוואוסט פון מוטערס. און קרובים זיינען נאר געווען פון מוטער'ס צד, נאך מוטער־רעכט. דאס איז, די ערשטע צייטען, געווען אזוי ביי אלע פעלקער פון אלטערטהום.

3. אזוי ווי די יונגע מענשען האבען ביי אזא צושטאנד נאר געקענט א מוטער, זיינען די פרויען געווען ביי די מענשען זעהר הויך געאכטעט. דאס איז געגאנגען אזוי ווייט, נאך באכאפען'ס מיינונג, אז די פרויען זיינען געווען די הערשערינס. ער רופט דיעזען צושטאנד „גינעיקא־קראטיע", — ווייבער־הערשאפט.

4. דער איבערגאנג צו דער איינצעל־עהע, — וואו די פרוי איז געווארען נאר דאס אייגענטהום פון איין מאן און קיינער האט זיך ניט מעהר געטארט צוריהרען צו איהר, — איז געווען אן איבערטרע־טונג פון אוראלטע רעליגיאנס־געבאטען. (דאס הייסט אייגענטליך, אז דערמיט האט דער איינער מאן אוועקגערויבט פון אנדערע מענער זייער רעכט, לויט דעם אלטען מנהג, אויך צו מעגען האבען דיעזע פרוי). כדי אויסצוקויפען ביי די אנדערע מענער דיעזעס רעכט, האט דער מאן געמוזט דאפיר בעצאהלען מיט א שטראף, אדער לאזען די פרוי א געוויסע צייט פריי פאר אנדערע מענער.

בעווייזע דאפיר ברייננגט באכאפען זעהר א סך. זעהר פלייסיג האט ער אויפגעזוכט און צוזאמענגעקליעבען אהן א שיעור שטיקלעך פון די שריפטען פון די פארצייטיגע רוים און גריכענלאנד, וואס בעווייזען דאס.

דורך וואס האט זיך דער „העטעריזמוס" ענטוויקעלט צו מאָ־נאגאמיע (איין־עהע, די איינפיהרונג אז איין מאן זאל האבען איין פרוי), וואס האט געפיהרט דערצו, אז פון מוטער־רעכט איז געווארען פאטער־רעכט? באכאפען'ס מיינונג איז געווען, אז דאס איז געקומען פון דעם, וואס די רעליגיעזע געדאנקען האבען זיך ווייטער ענטוויקעלט,

בעזאָנדערס ביי די גריכען. עס זיינען צוגעקומען, אין זייערע געטער־געשיכטען, נייע געטער, וואָס האָבען פאָרגעשטעלט נייע געדאַנקען און בעגריפען — דיעזע זיינען צוגעקומען צו די אַלטע גרופּע פון געטער, וואָס האָבען פאָרגעשטעלט די אַלטע בעגריפען. ביסלעכווייז האָבען די נייע געטער אָוועקגעשטופּט די אַלטע אַהינטער, און דערמיט האָבען נייע בעגריפען און זיטען פערנומען דעם פּלאַץ פון די אַלטע.

קומט אַלזאָ אויס, נאָך באַכאָפען'ס געדאַנק, אַז די געשיכטליכע פערענדערונג אין דעם פערהעלטניס צווישען מאַן און ווייב איז ניט געקומען פון דער ענטוויקלונג פון די ווירקליכע פערהעלטניסע פון די מענשען, נאָר פון פערענדערונגען אין זייערע רעליגיעזע געדאַנקען איז דאָס געקומען. אין אמת'ען אָבער זיינען רעליגיעזע געדאַנקען נאָר אַן אָבשפּיגלונג אין די קעפּ פון די ווירקליכע אומשטענדען פון לעבען. באַכאָפען אָבער האָט דאָס נאָך ניט פערשטאַנען.

אין די פאַרצייטיגע גריכישע ליטעראַטור איז דאָ אַ דראַמאַ וואָס ווערט אָנגערופען „ארעסטעיאַ", פערפאַסט פון דעם שרייבער עסקילאָס. זאָגט באַכאָפען, אַז דיעזע דראַמאַ שטעלט פאָר דעם קאַמפּף צווישען דעם מוטער־רעכט, וואָס האָט שוין געהאַלטען דער־מאָלט אין אונטערגעהן, און פאָטער־רעכט, וואָס איז אויפגעקומען און האָט געזיעגט אין די צייט פון די הערואָען. (די אַלטע גריכישע לע־גענדען דערצעהלען פון אַ צייט, ווען זייער לאַנד איז געוועזען בעזעצט פון „הערואָען", גרויסע, מעכטיגע, העלדישע מענשען, האַלב גאָט, האַלב מענש, די פאָרעלטערען פון די גריכען). דיעזע דראַמאַ דער־צעהלט פון אַ פרוי מיט'ן נאָמען קליטעמנעסטראַ, וועלכע האָט ער־מאָרדעט איהר מאַן אַגאַמעמנאָן, ווען ער איז צוריקגעקומען פון די מלחמה מיט די טראָיאַנער. זי האָט איהם ערמאָרדעט כדי צו קענען זיך איבערגעבען צו איהר געליעבטען עגיסטאָס. איהר זוהן, אָרעס־טעס, וואָס זי האָט איהם געהאַט פון איהר ערמאָרדעטען מאַן, האָט גענומען ראַכע פאַר דעם טויט פון זיין פאָטער און האָט ערמאָרדעט זיין מוטער. דערפאַר פערפאָלגען איהם די גריניעען, דאָס זיינען אַ סאָרט טייוועליכעס. זיי זיינען די בעשיצערינס פון דעם מוטער־רעכט. נאָך דיעזען רעכט איז אַ מוטער־מאָרד דאָס שווערסטע פער־ברעכען; פאַר דעם איז קיין שטראָף ניט גענוג. אָרעסטעס רופט דאָן אויף דעם גאָט אַפּאָלאָ און די געטין אַטהענע זיי זאָלען איהם

בעשיצען. דיעזע צוויי געטער האַלטען שוין פון דעם נייעם פאַטער־רעכט. זיי בעשיצען איהם. אטהענע איז די ריכטערין. זי הערט אויםביידע צדדים. א ויכוח קומט פאָר פאר איהר צווישען אָרעס־טעס און די גריניעען. אין דיעזען ויכוח איז קורץ אויסגעדריקט די גאַנצע שטרייט־פראַגע. אָרעסטעס טענה'ט, אַז זיין מוטער קלי־טעמנעסטרא האט געטהאַן א דאָפּעלטען פערברעכען: זי האט גע־טויטעט איהר מאַן און זיין פאַטער. פארוואָס אלזאָ הא־בען די גרינעען ניט פערפאַלגט זי, וואָס איהר פערברעכען איז געווען פיעל גרעסער, און איהם פערפאָלגען זיי יאָ? — טענה'עט ער. און זיי ענטפערען שלאַגענד:

„זי איז צו דעם מאַן, וועמען זי האט ערמאָרדעט, ניט געוועזן קיין בלוט־פערוואנדטע“.

דער מאָרד פון א ניט־פערוואַנדטען אין בלוט, מעג עס זיין אפילו דער אייגענער מאַן, איז אַ זינד אויף וועלכע עס קען זיין אַן אָבקומעניש און דאָס געהט די גרינעען ניט אָן. זייער אויפגאַבע איז נאָר, צו פערפאָלגען דעם, וואָס טויטעט א בלוט־פערוואַנדטען, און נאָך דעם מוטער־רעכט, איז דער שווערסטער מאָרד, וואָס האט קיין שום פערגעבונג ניט, א מוטער־מאָרד.

, יעצט טרעט אויף אפּאָלאָ אַלס פערטהיידיגער פון אָרעסטעס. אטהענע הייסט די אַרעאָפּאַגיטען (ריכטער) אָבשטימען. די שטימען זיינען גלייך, פונקט א גלייכע צאָהל שטימען פאר פערורטהיילען און א גלייכע צאָהל פאר בעפרייען. אטהענע אָבער, אַלס פּרעזידענ־טין, וואַרפט אריין איהר שטימע פאר אָרעסטעס און מאַכט איהם פריי. דאָס פאַטער־רעכט האט געזיעגט איבער דעם מוטער־רעכט. „די געטער פון דעם יונגען דור“ — אזוי ווערט אין די דראַמא פאָר־געשטעלט, אַז די גריניעען רופען דיעזע געטער — געווינען איבער די גריניעען. און דיעזע לאָזען זיך צום סוף אויך איבעררעדען אָנ־צונעהמען א נייעם אַמט אין דיענסט פון די נייע אָרדנונג.

דאָס, ערקלערט באַכאָפען, איז די בעדייטונג פון דיעזע גאַנץ־פארצייטיגע דראַמא. זי שטעלט פאָר דעם איבערגאַנג פון מוטער־רעכט צום פאַטער־רעכט. דאָס איז א גאַנץ נייע אויסלייגונג פון די „אָרעסטעיאַ“, עס איז אָבער ענטשיעדען א ריכטיגע אויסלייגונג. און זי איז איינע פון די שענסטע און בעסטע שטעלען אין דעם גאַנ־

צען בוך פון באכאפען. אבער פאר איין גאנג בעווייזט דאס, אז באכאפען גלויבט אליין, אויף א געוויסען אופן, אין די גריכישע גע־טער און טייפעליכעס: ער גלויבט נעמליך, אז דיעזע געטער (דאס הייסט דער גלויבען אין זיי) האבען אין דער גריכישער הערא‎ען־צייט בעוויעזען א נס, אז זיי האבען געהאלפען דאס פאטער־רעכט אומ־װארפען דאס מוטער־רעכט. עס איז קלאר, אז אזא בעגריף, דאס די רעליגיאן איז געוועז די הויפט קראפט וואס האט געבראכט די ענדערונגען אין דער וועלט־געשיכטע, פיהרט צו א מיסטיציזמוס (גע־היימנים, א בעגריף, אז אין דער וועלט ארבייטען פערבארגענע אי־בערנאטירליכע כוחות).

עס איז א שווערע שטיקעל ארבייט דורכצולעזען באכאפענ׳ס דיקע ביכער און די ארבייט לוינט זיך ניט אימער. דאך, דאס אלעס נעהמט ניט אוועק באכאפענ׳ס פערדיענסט, וואס ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט אויסגעטרעטען א נייעם וועג. ער איז געווען דער ערשטער, וואס האט בעוויעזען, אז עס איז פאלש וואס מען האט פריהער געמיינט, אז גאר אין די ערשטע צייטען פון די מענשליכע ענטוויקלונג האט מען זיך געפיהרט אין דעם לעבען פון מענער מיט פרויען אהן שום טאלק, אויף אן אונבעקאנטען אופן. ער האט בע־וויעזען, אז אין די אלט־קלאסישע ליטעראטור (דאס הייסט די וויכ־טיגע שריפטען פון גאנץ פארצייטיגע רוים און גריכענלאנד) געפינט מען זעהר א סך שפורען, וואס צייגען, אז איידער עס איז אויפגע־קומען די איינצעל־עהע, איז געווען איינגעפיהרט ביי די גריכען און אזיאטען אן אנדערער סארט ר ע ג ע ל מ ע ס י ג ע ר לעבען פון מענער מיט פרויען: איין מאן האט געלעבט מיט מעהרערע פרויען און איין פרוי מיט מעהרערע מענער און עס איז ניט געווען אונזיטליך; דיעזער מנהג איז שפעטער פערשוואונ־דען געווארען, אבער ער האט נאך איבערגעלאזט שפורען פון זיך; די פרויען, הייסט עס, האבען געקראגען דאס רעכט אויף איינצעל־עהע, אבער זיי האבען געמוזט דאפיר בעצאהלען דערמיט, וואס זיי האבען זיך איבערגעבען צו א געוויסע בעשרענקטע צאהל מענער; אז דעריבער האבען איז אנהויב מענשען זיך נאר גערעכענט פאר קינדער פון זייערע מוטערס, די אבשטאמונג איז געגאנגען נאר פון מוטער צו מוטער; אז דיעזע פיהרונגען, וואס נאר נאך די מור־

מער׳ס צד האט זיך גערעכענט מענשענס אבשטאמונג, איז נאך גע־בליבען בעשטיין א לאנגע צייט נאכדעם, ווי עס איז שוין געווען איינ־געפיהרט איינצעל־עהע, כאטש דערביי האט מען דאך שוין געוואוסט זיכער ווער דער פאטער איז, אדער וועניגסטענס האט מען איין מאן אנערקענט אלס דעם פאטער; און אז אין יענע צייטען, וואו די מוטערס זיינען נאך געווען די איינציגע עלטערן, האבען זיי דורך דעם געשפיעלט א העכערע ראלע אין דער געזעלשאפט, אזא הויכע ראלע האבען זיי פון דעמאלט אן שוין קיין מאל ניט מעהר געשפיעלט. דאס אלץ האט באכאפען אפילו ניט ארויסגעבראכט אזוי קלאר, ווי עס איז דא איבערגעגעבען. זיין מיסטיציזמוס האט איהם צוטומעלט. אבער ער האט דאך דאס אלעס בעוויעזען. און דאס האט בעדייטעט אין יענער צייט (1861) א פאלשטענדיגע רעוואלוציאן אין דער וויסענ־שאפט וועגען די ענטוויקלונג פון פאמיליען־לעבען.

באכאפען׳ס דיקער בוך איז געווען דייטש געשריעבען. און די דייטשע געלעהרטע האבען זיך דעמאלט דוקא וויינינגער ווי אלע אינ־טערעסירט מיט די פארגעשיכטע פון די היינטיגע פארמע פון פאמי־ליען־לעבען. זיין בוך איז דעריבער געבליבען אונבעקאנט.

דער ערשטער פארשער נאך איהם, אין דיעזען ענין, האט זיך בעוויעזען אין יאהר 1865; ער האט דעמאלט נאך ניט געהאט גע־הערט פון באכאפען׳ען.

דאס איז געווען איינער דזש. פ. מעקלעננאן. זיין ארט פארשען איז געווען פונקט דער היפך (געגענטהייל) פון באכאפענס. באכא־פען איז געווען א גאון א מיסטיקער. מעקלעננאן, פערקעהרט, האט געפארשט אין דער זאך ווי אן אויסגעטריקענטער יוריסט (געזעץ־קענער). ביי יענעם האט געשפיעלט די הויפט ראלע א שטארקע דיכ־טערישע פאנטאזיע; דער, דאגעגען, האט בעטראכט די זאך מיט די חקירות פון אן אדוואקאט, וואס האלט זיין רעדע פאר געריכט, — חקירות וואס מאכען אן איינדרוק ווי זיי וואלטען זיך שטארק געלייגט אויפ׳ן שכל.

ביי א סך ווילדע און בארבארישע פעלקער, און אויך ביי ציר־וויליזירטע אין היינטיגע צייטען, אזוי גוט ווי גאנץ פארצייטענס, האט מעקלעננאן אויסגעפונען א זאנדערבארען מין מנהג פון חתונה האבען: דער חתן, נעמליך, מאכט אן אנשטעל ווי ער וואלט כלומר׳שט

אוועקגערויבט די כלה פון איהרע עלטערן; ביי א טייל טהוט ער דאס אליין, ביי אנדערע העלפען איהם דערין זיינע פריינד. דיעזער מנהג מוז זיין אן איבערבלייבונג פון א פריהערדיגע איינפיהרונג, וואו די מענער פון איין שבט פלעגען זיך ווירקליך רויבען, כאפען זייערע פרויען מיט געוואלט, פון אנדערע שבטים.

ווי אזוי איז ענטשטאנען די דאזיגע „רויב־עהע"? אזוי לאנג ווי די מענער האבען געקענט געפינען גענוג פרויען אין דעם אייגענעם שטאם איז דורכאויס ניט געווען קיין אורזאכע דערצו. אבער פונקט אזוי אפט ווי מען געפינט דיעזען מנהג, פון כאפען א ווייב ביי א פרעמדען שטאם, אזוי אפט געפינט מען ווידער אויך ביי אונענטוויקעלטע פעלקער, אז עס איז איינגעפיהרט דאס מענער און פרויען פון איין גרופע (דעמאלט, ארום 1865, האט מען נאך געמיינט, אז אזא גרופע איז דאסזעלבע וואס דער שטאם, דער שבט) טארען ניט הייראטהען מיט אנאנדער, נאר די מענער מוזען נעהמען פרויען און פרויען מוזען נעהמען מענער נאר דוקא פון א פרעמדער גרופע. ביי אנדערע ווילדע פעלקער איז א פונקט פערקעהרטער מנהג, די מענער פון א גרופע מוזען נעהמען פרויען דוקא נאר פון דיזעלבע גרופע.

מעקלעננאן רופט אן די ערשטע סארט הייראטה „עקסאגאמע" (אויסער שטאם'דיגע) און די צווייטע — „ענדאגאמע" (אין שטאם'דיגע). און ער פרעגט גאר ניט און מאכט א כלל, אז עס זיינען פאראנען עקסאגאמע און ענדאגאמע שבטים, וועלכע זיינען און בלייבען אימער אזוי פערשיעדען.

דער אמת איז, אז ווען ער האט אויסגעפארשט די עקסאגאמע הייראטהען, האט ער זיך, זא צו זאגען, מיט זיין נאז אנגעשטויסען אויף דעם פאקט, אז דיעזער אונטערשיעד בעשטעהט נאר אין זיין איינבילדונג; אז אין דער ווירקליכקייט איז אין א סך פאלען, אויב ניט אין די מעהרסטע, און אפשר גאר אין אלע, ניטא אזא אונטערשיעד. דאך מאכט ער דיעזען אונטערשיעד פאר דעם פונדאמענט פון זיין גאנצע טהעאריע. עקסאגאמע שבטים קענען זייערע פרויען נאר בעציהען פון אנדערע שבטים. און אזוי ווי אין דער ווילדהייט זיינען די פערשיעדענע שבטים כסדר געווען אין קריעגס־צושטאנד,

האָבען אזעלכע שבטים נאָר געקענט קריעגען ווייבער, ווען זיי האָ־בען זיי גערויבט.

מעקלעננאַן פרעגט דאַן ווייטער: פון וואַנען האָט זיך גענומען דיזע זיטע פון עקסאָגאַמיע — דאָס הייסט מען זאָל ניט טאָרען חתונה האָבען אין דעם אייגענעם שבט? זאָל דאָס קומען פון דער וואָס מען האָט דאָס געהאַלטען פאַר אַ בלוט־שאַנדע חתונה צו האָבען מיט אייגענע בלוט־פערוואַנדטע? דאָס קען ניט זיין ביי מענשען פון אַזאַ מדרגה. דאָס ענטוויקעלט זיך ערשט אַ סך שפּעטער.

ערקלערט מעקלעננאַן אַזוי: ביי אַ סך ווילדע איז שטאַרק פער־שפּרייט די זיטע, אַז ווען עס ווערען געבוירען מיידלעך, דערשטיקט מען זיי באַלד. דורך דעם פעהלען אויס מיידלעך אין יעדען איינ־ציגען שטאַם. עס זיינען דאָ מעהר מענער ווי פרויען. דערפון קומט ארויס קודם, אַז אַ סך מענער האָבען איין פרוי בשותפות, דאָס הייסט פּיעל־מענעריי. פון דעם ווייטער איז ארויסגעקומען, אַז מען האָט נאָר געוואוסט ווער די מוטער פון אַ קינד איז, אָבער ניט ווער דער פאָטער איז. דעריבער איז קרובים׳שאַפט נאָר גערעכענט געוואָרען פון דער מוטער׳ס צד און ניט פון פאָטער׳ס צד. עס איז אַלזאָ געווען מוטעררעכט. דאָס אָבער וואָס מעהרערע מענער האָבען געהאַט בשותפות איין ווייב, האָט נאָר עטוואָס מילדער געמאַכט די צרה, וואָס אין דעם שבט גופא האָט אויסגעפעהלט ווייבער, אָבער אין גאַנצען געהאָלפען האָט דאָך דאָס ניט. דעריבער איז ארויסגעקומען, אַז מען האָט סיסטעמאַטיש געכאַפּט און גערויבט פרויען פון פרעמדע שבטים.

מעקלעננאַן זאָגט דעריבער: אַזוי ווי עקסאָגאַמיע און פּיעל־מענעריי קומען ארויס פון איינע און דיזעלבע אורזאַכע, — פון דעם וואָס עס איז ניט געווען קיין פרוי פאַר יעדען מאַן, — מוז מען אָנ־נעהמען, אַז ביי אַלע עקסאָגאַמע ראַסען איז פריהער געווען פּיעל־מענעריי... און דעריבער מוזען מיר עס אָננעהמען פאַר זיכער, אַז ביי די עקסאָגאַמע ראַסען האָט מען אין אָנהויב נאָר געוואוסט פון קרובים פון דער מוטער׳ס צד. (מעקלאַננאַן׳ס בוך הייסט „שטודיען אין דער פאַרצייטיגער געשיכטע“.)

עס איז דאָס פערדיענסט פון מעקלעננאַן, וואָס ער האָט אויפ־געוויזען, אַז דאָס וואָס ער רופט עקסאָגאַמיע, איז אומעדום פער־ברייטעט ביי ווילדע פעלקער, און אַז דאָס האָט אַ גרויסע בעדייטונג.

ענטדעקט האָט ער דעם פאַקט פון עקסאָגאַמע גרופּען אויף קיין פאַל ניט. און פערשטאַנען האָט ער דאָס ערשט רעכט ניט. מעקלעננאַן אַליין נעהמט דיעזען פאַקט אַרויס פון מעלדונגען, וואָס געפינען זיך צואוואָרפען אין ביכער פון אַ סך בעאָבאַכטער. אָבער חוץ דעם האָט שוין דער פאָרשער לעטהעם, אין זיין בוך „בעשרייבענדע עטהנאָלאָגיע" (1859), בעשריבען גענוי און ריכטיג אַזאַ איינפיהרונג ביי די מאַגאַרען אין אינדיען און ער זאָגט, אַז דיעזער מנהג געפינט זיך אין אַלע טיילען פון דער וועלט. מעקלעננאַן אַליין ברייננט דאָס פון איהם. און אונזער מאָרגאַן האָט אויך ריכטיג בעשריעבען אַזאַ מנהג ביי די איראָקעזען־אינדיאַנער אין אַמעריקאַ. ער האָט דאָס בעשריעבען נאָך אין יאָהר 1847, אין זיינע בריעף איבער די איראָקעזען אין דעם זשורנאַל „נאָרטה אַמעריקאַן ריוויו" און אין יאָהר 1851 אין זיין שריפט „דהי ליעג אָוו דהי איראָקאָיז". דאָך האָט מעקלעננאַן דעם פּערדיענסט, וואָס ער האָט דאָס צוזאַמענגעשטעלט און פעסט בעגרינדעט. אָבער דער אַדוואָקאַטען־פערשטאַנד פון מעקלעננאַן האָט אין דעם ענין פון מוטעררעכט, ווי מיר וועלען באַלד זעהען, אָנגעמאַכט אַ פּלאָנטער אַ גרעסערען ווי באַכאָפען'ס מיסטישע פאַנטאַזיע.

ווייטער איז עס מעקלעננאַן'ס פּערדיענסט, וואָס אויך ער איז דערגאַנגען, אַז אין אָנהויב האָבען זיך גערעכענט קרובים נאָר פון דער מוטער'ס צד. ער האָט אָבער שפּעטער אַליין מודה געווען אַז באַכאָפען האָט דאָס שוין אויסגעפונען פריהער פון איהם. אָבער אויך אין דעם פּונקט איז ער צופּלאָנטערט. ער רעדט כסדר פון קרובים'שאַפט נאָר פון דער מוטער'ס צד אויך ווענען אַ שפּעטערע ענטוויקלונגס־שטופע; אין אמת'ן האָבען אויף דיעזער שטופע קרובים פון פאָטער'ס צד זיך שוין אויך געהאַלטען פאַר קרובים. די ווערטער פון דער שפּראַך האָבען שוין אויסגעדריקט אַזאַ סאָרט קרובים'שאַפט אויך; מעהר ניט, נאָך דער מוטער'ס צד האָט זיך נאָך אַלץ גערעכענט די אָבשטאַמונג. און די ירושה איז נאָך איבערגעגאַנגען נאָר נאָך דער מוטער'ס צד. (מיר וועלען ווייטער זעהען דייטליך ערקלערט וואָס דאָס מיינט. — אַ י־ב ע ר ז.) מעקלעננאַן פערשטעהט דאָס ניט. דאָס איז די בעשרענקטע נאַטור פון דעם יוריסט, ער בעשאַפט זיך אַ פעסטען רעכטס־אויסדרוק און דיעזען אויסדרוק בענוצט ער כסדר אויף צושטענדע וואָס ענטוויקלען זיך און ער קוקט ניט, וואָס די ענטוויקלונג האָט דערווייל

געבראַכט אַ נייעם צושטאַנד, אויף וועלכען דיעזער אויסדרוק פּאַסט זיך ניט מעהר.

מעקלעננאַן׳ס געדאַנק, אַז ביי די מענשען, ביי וועלכע עס פיהרט זיך אַזוי ווי ער בעשרייבט, פּעהלט אוים פּרויען, און אַז דאָס איז די אורזאַכע, פאַר וואָס זיי רויבען ווייבער — דיעזער געדאַנק לייגט זיך אַפילו שטאַרק אויפ׳ן שכל; אָבער, ווי עס זעהט אוים, איז ער אַליין ניט געווען זיכער אַז עס איז טאַקי אַזוי. ווי מיר האָבען געזעהען, קומט אוים, נאָך זיין סברא, אַז ביי דיזעלבע מענשען, ביי וועלכע מען רויבט ווייבער פון אַנדערע שטאַמען, האָבען אויך אַ סך מענער איין ווייב. ווארים אויב דאָס איז דערפאַר, וואָס ביי זיי פּעהלט אוים פּרויען, איז דאָך נאַטירליך, אַז אַ סך מענער זאָלען אויסקומען מיט איין פרוי. און אויב אַזוי, ווייסט מען דאָך ביי אַזעלכע מענשען ניט ווער דער פאָטער איז און קרובים דאַרף מען ביי זיי רעכענען נאָר פון דער מוטער׳ס צד. אַזוי זאָגט מעקלעננאַן, אַז עס דאַרף זיין. אָבער ער מוז אַליין צוגעבען, אַז „עס איז אָבער מערקווירדיג, דאָס מען געפינט, אַז עס איז ניט אַזוי: דער מנהג, אַז דער חתן כאַפּט די כלה מיט געוואַלד ביי איהרע עלטערען איז נאָר דוקא אם שטאַרקסטען פערשפּרייט ביי אַזעלכע פעלקער, ביי וועלכע קרובים רעכענען זיך שוין נאָכ׳ן פאָטער׳ס צד.“

דאָס זעלבע איז אויך מיט זיין סברה, אַז דיעזער מנהג קומט פון דעם, וואָס ביי דיעזע מענשען טויטעט מען אַ סך מיידלעך, ווען זיי ווערען געבוירען, און אַז אַט דעריבער פּעהלט ביי זיי אוים פּרויען און זיי מוזען זיי רויבען פון אַנדערע שטאַמען. מעקלעננאַן זאָגט אַליין: „עס איז אַ זאָנדערבאַרער פאַקט, אַז, אַזוי ווייט ווי מיר ווייסען, ווערט דוקא קיין קינדערמאָרד ניט בעגאַנגען סיסטעמאַטיש ביי די פעלקער, ביי וועלכע עס בעשטעהט עקסאָגאַמיע און ביי וועלכע קרובים רעכענען זיך נאָר נאָך דער מוטער׳ס צד“. דיעזעביידע פאַקטען צושלאָגען דאָך זיין גאַנצע טהעאָריע. ער זוכט זיך דאָ אַרויסצודרעהען מיט נייע סברות, אָבער מיט זיי פערפּלאָנטערט ער זיך נאָר נאָך מעהר.

און דאָך האָט זיין טהעאָריע אין ענגלאַנד געפונען גרויסען בייפאַל און צושטימונג. אין ענגלאַנד איז מעקלעננאַן געווען בעטראַכט פאַר דעם גרינדער פון די געשיכטע פון דער פאַמיליע, און אַלס דער

ערשטער אויטאָריטעט אויף דיעזען געביעט. זיין געדאנק, אז עס זיינען דאָ בעזונדערע עקסאָגאַמע „שטאַמען“ און בעזונדערע ענדאָ־גאַמע, איז געבליבען דער פעסטער פונדאַמענט פון די אָנגענומענע מיינונגען וועגען די ענטוויקלונג פון דער פאַמיליע; כאָטש מען האָט אנערקענט איינצעלנע פאַקטען, וואס האָבען געצייגט אן אויסנאַהמע פון דעם כלל און האָבען בעוויזען אז עס איז ניט אין גאַנצען אַזוי.

דיעזער אַלגעמיין־אָנגענומענער געדאנק האָט פערשטעלט די אויגען און מען האָט שוין ניט מעהר געקענט האָבען קיין פרייען איבערבליק איבער דעם געביעט פון דיעזער פאָרשונג און דערמיט איז יעדער ענטשיעדענער פאָרטשריט געווען געמאַכט אונמעגליך.

אַזוי ווי עס איז געוואָרען אַ מאָדע אז מען שאַצט מעקלעננאַן׳ס אויפטהואונגען צו הויך, — אין ענגלאַנד בעזאָנדערס, און נאָך דעם ביישפיעל פון ענגלאַנד אויך אין אַנדערע לענדער, — איז עס אַ פליכט צו ווייזען, ווי אין אמת׳ן האָט ער אין דער פאָרשונג פון דיעזען געגענשטאַנד געבראַכט מעהר שאָדען ווי נוצען, דען זיין געגענזאַץ צווישען עקסאָגאַמע און ענדאָגאַמע „שטאַמען“ איז פשוט מיס־פערשטענדליך און דאָס האָט בלויז אָנגעמאַכט אַ פּלאָנטער, — ווי מיר וועלען ווייטער זעהען.

מען האָט באַלד גענומען דערגעהן אַלץ מעהר און מעהר פאַקטען, וואָס האָבען ניט אַריינגעפּאַסט אין זיין שעהן־אויסגעשניצטע ראַמקע, אין זיין סברא. לויט מעקלעננאַן׳ס סברא, זיינען נאָר געווען דריי פאָרמען פון עהע: פיעל ווייבעריי (איין מאַן מיט מעהרערע ווייבער), פיעל מענעריי (איין ווייב מיט מעהרערע מענער), און איינצעל־עהע (איין מאַן מיט איין ווייב). ווי מען איז אָבער נאָר געוואָרען אויפמערקזאַם אויף דיעזען פונקט, האָט מען געפונען אַלץ מעהר און מעהר בעווייזע, אַז ביי אונענטוויקעלטע פעלקער איז בעשטאַנען אַזאַ פאָרמע פון עהע, אין וועלכער מעהרערע מענער צוזאַמען זיינען געווען די שותפות׳ע מאַנען פון מעהרערע פרויען צוזאַמען. דער פאָרשער לובבאָק האָט דיעזע פאָרמע פון פאַמיליען־לעבען אַ נאָמען געגעבען „גרופּען־עהע“ און האָט אנערקענט, אז דאָס איז אַ געשיכטליכער פאַקט.

באַלד נאָכדעם, אין יאָהר 1871, האָט מאָרגאַן אַרויסגעבראַכט נייעם מאַטעריאַל וואָס האָט אין פיעלע בעציהונגען קלאָר בעוויי־

זען נייע פאַקטען וועגען די ענטוויקלונג פון דער פאַמיליע. ער האָט געפונען ביי די איראָקעזען־אינדיאַנער אַ משונה'דיגע סיסטעם פון קרובים'שאַפט. דאָס הייסט, אַז געשוועסטער־קינדער רופען זיך עפּעס ביי זיי שוועסטער און ברידער און נאָך אַזעלכע זאַכען. (דאָס וועט ווייטער גרינדליך ערקלערט ווערען.) און ער האָט זיך איבערצייגט, אַז אָט דאָס זאָנדערבאַרע סיסטעם פון קרובים'שאַפט, וואָס איז בעשטאַנען ביי די איראָקעזען־אינדיאַנער, איז אויך בעשטאַנען ביי אַלע אינדיאַנער פעלקער פון די פעראייניגטע שטאַאַטען. דאָס איז אַלזאָ געווען פערברייטעט איבער אַ גאַנצען קאָנטינענט (וועלט־טייל). אָבער לויט דעם עהע־סיסטעם, וואָס בעשטעהט דאָרטען אין דער ווירקליכקייט היינט, געהערען זיך מענשען אָן גאַנץ אַנדערש ווי זיי רופען זיך. זיי רופען זיך ברידער און שוועסטער, וואו זיי זיינען דאָס אין אמת'ן ניט. (דאָס וועט אַלץ ווייטער דייטליכער ערקלערט ווערען.) ער האָט דאַן גע'פועל'ט ביי דער רעגיערונג פון די פעראייניגטע שטאַאַטען, זי זאָל אויסשיקען צו איהרע פערטרעטער אין אַלע לענדער געווויסע ליסטען מיט פראַגען, וואָס ער האָט פערפאַסט, — פראַגען וועגען דעם, ווי עס פיהרט זיך ביי אַלע ווילדע מענשען אין אַלע עקען פון דער וועלט אין זייער פאַמיליען־לעבען און וואָס פאַר אַ סאָרט סיסטעם אין קרובים'שאַפט עס איז ביי זיי. לויט זייערע ענטפערס האָט ער געפונען אַזוי:

1) אַז דאָס סיסטעם פון קרובים'שאַפט פון די אַמעריקאַנער אינדיאַנער בעשטעהט אויך אין אַזיען, און אַביסעלע פערענדערט אויך אין אַפריקא און אויסטראַליען ביי פיעלע פאָלקס־שטאַמען.

2) אַז אַזאַ סיסטעם פון קרובים'שאַפט פאַסט זיך פאָלשטענדיג צו אַ געוויסע סיסטעם פון גרופּען־עהע, וועלכע איז ווירקליך בעשטאַנען אין האוואַאי און אין אַנדערע אויסטראַלישע אינזלען און וואו דאָס האַלט איצט אין אונטערגעהן. און

3) אַז אויף דיעזע אינזלען איז ווידער דאָ אַן אַנדערע סיסטעם פון קרובים'שאַפט, מענשען האַלטען זיך פאַר אַן אַנדער סאָרט פערוואַנדטע, ווידער ניט לויט ווי עס איז אין אמת'ן נאָך זייערע פיהרונגען היינט. אָבער זייער סיסטעם פון קרובים'שאַפט פאַסט זיך ווידער צו צו אַן אַנדער גרופּען־עהע, נאָך אַן עלטערע פאָרמע, וואָס איז שוין דאָרטען אויך לאַנג אונטערגעגאַנגען.

די אַלע געזאַמעלטע נאָכריכטען מיט זיינע סברות, וואָס ער האָט זיך דערפון געדרונגען, האָט ער אָבגעדרוקט אין אַ בוך אונטער דעם נאָמען „סיסטעמס אָוו קאָנסאַנגווינעטי ענד אַפיניטי" 1871. דערמיט האָט ער ארויסגעפיהרט די ויכוחים וועגען דעם ענין אויף אַ סך אַ ברייטערען געביעט ווי פריהער. לויט די קרובים'שאַפט, דאָס הייסט לויט נאָכדעם, פאַר וואָס פאַר אַ סאָרט קרובים מענשען האַלטען זיך ביי פערשיעדענע שבטים, האָט ער זיך ארויסגענומען, וואָס פאַר אַ סאָרט פאַמיליען־לעבען עס איז ביי זיי אַמאָל געוועזען און ער האָט דאָס געגוי אויסגעמאָלען. דערמיט האָט ער געעפענט אַ נייעם פאָרשונגס־וועג און אַ ווייטערען בליק צוריק אין די פאָרגעשיכטע פון דער מענשהייט. און וויבאַלד זיין סברה זאָל אָנגענומען ווערען פאַר ריכטיג, האָט געמוזט די גאַנצע שעהנע געביידע פון מעקלענאַן'ס סברות צוגעהן ווי רויך.

אין יאָהר 1875 האָט מעקלעננאַן ארויסגעגעבען אַ נייע אויפ־לאַגע פון זיין בוך „פרימיטיוו מערריעדזש". דאָרטען פערטהיידיגט ער זיין טהעאָריע געגען די בעווייזע פון לובבאָק און מאָרגאַן. ער בעדלאַנגט פון זיי בעווייזע אויף יעדע פון זייערע בעהויפּטונגען. אַליין שטעלט ער צוזאַמען זעהר קינסטליך אַ געשיכטע פון דער פאַמיליע פון סאַמע היפּאָטעזען (השערות, בויך־סברות), און פון זיי פערלאַנגט ער פאַר יעדע פון זייערע בעהויפּטונגען ניט נאָר סתם בעווייזע, נאָר אַזעלכע בעווייזע, וואָס עס זאָל ניט מעגליך זיין זיי צו בעשטרייטען, — פּונקט ווי אין די געריכטס־הייזער אין סקאָטלאַנד לאָזט מען קיין אַנדערע בעווייזע ניט צו. און דאָס טהוט דערזעלבער מאַן, וועלכער בריינגט פאַר זיינע סברות די שוואַכסטע בעווייזע פון דער וועלט. צום ביישפּיעל, דער פאַרצייטיגער רוימישער געשיכטע־שרייבער טאַציטוס מעלדעט, אַז ביי די גערמאַנען (די דעמאָלטיגע איינוואוינער פון דייטשלאַנד) איז דאָ אַ שטאַרקע פערהעלטניס צווישען אַ מוטער'ס ברודער און אַ שוועסטער'ס זוהן; און צעזאַר מעלדעט, אַז ביי די בריטען האָבען יעדע 10 אָדער 12 מענער זייערע ווייבער בשותפות; און מעהרערע אַלטע שריפטשטעלער מעלדען פון ווייבער־געמיינשאַפט ביי באַרבאַרען — איז פון דיזע אַלע זאַכען קלערט גאָר ניט מעקלעננאַן און נעהמט זיך ארויס דעם שלום, אַז ביי דיזע אַלע פעלקער האָט עקזיסטירט פיעל־מענעריי! עס איז פּונקט

ווי א פראקוראר, וואס ווען ער ארבייט זיך אויס זיינע טענות, קוקט ער ניט צו האבען זיי א ווירקליכען גרונד צו ניט, אבער פון דעם פערטהיידיגער פערלאנגט ער פאר יעדעןווארט דעם שטארקסטען פאר־מאלנעם יוריסטישען בעווייז.

מעקלעננאן טענה׳ט, אז די גרופען־עהע איז אין ערגעץ ניט בע־שטאנען. זי איז ניט מעהר ווי איינבילדונג. דערמיט פאלט ער שוין צוריק הינטער באכאפען. און וועגען די סיסטעמען פון קרובים־שאפט, וואס מארגאן האט אויסגעפונען ביי אזוי פיעל פעלקער — דאס וואס געשוועסטער־קינדער רופען זיך שוועסטער און ברידער א. ז. וו. — זאגט מעקלעננאן, אז דאס צייגט ניט, אז אמאל האט זיך ביי זיי געפיהרט אזא פאמיליען־לעבען, אז געשוועסטערקינדער זיי־נען ווירקליך געווען שוועסטער און ברידער א. ז. וו. נאר, זאגט ער, דאס איז גלאט אזא געזעלשאפטליכע העפליכקייט, וואס מען רופט זיך ברודער א. ז. וו. א ראיה האט ער, אז די אינדיאנער זאגען צו א פרעמדען, א ווייסען, אויך „ברודער" אדער „פאטער". דאס האט אזא זין, ווי צו זאגען, אז די ווערטער פאטער, מוטער, ברודער, שוועס־טער בעדייטען ביי אונז גאר ניט און זיינען בלויז א פארמע פון רע־דען צו מענשען, אהן שום זין, ווייל מען זעהט דאך, אז צו קאטוי־לישע גלחים זאגט מען אויך פאטער און די קאטוילישע „אבטיסטי־נען" רופט מען „מוטער" און די מאנאכען און מאנאשקעס רופען זיך ברידער און שוועסטער, און אפילו פריימויערער און מיטגליעדער פון איין פעראיין, רופען זיך אויך ברידער און שוועסטער. קורץ, מעק־לעננאן׳ס פערטהיידיגונג איז געווען טרויעריג שוואך.

אבער נאך איין פונקט איז געבליעבען אין זיין טהעאריע, וואס איז ניט בעריהרט געווארען. דער היפך (געגענזאץ) פון עקסאגא־מע און ענדאגאמע „שטאמען", אויף וואס זיין גאנצע סיסטעם איז אויפגעבויט, איז געבליעבען ניט געריהרט; דאס איז זאגאר נאך פון אלעמען געווען אנגענומען פאר דעם רעכטען עיקר פונקט, ארום וועלכען עס דרעהט זיך די גאנצע געשיכטע פון דער פאמיליע. מען האט שוין צוגעגעבען, אז מעקלעננאן׳ס פראבע צו ערקלערען דיזען געגענזאץ איז אונגעניגענד און איז געגען די פאקטען, וועלכע ער אליין ברייננט. אבער דער פאקט גופא איז געווען אנגענומען פאר א זאך אין וועלכער עס איז קיין שום ספק ניט — אז עס זיינען גע־

ווען און עס זיינען נאָך דאָ צוויי גאַנץ פערשיעדענע סאָרטען שטאַמען פון מענשען, יעדער סאָרט אַ בעזונדערער און אונאבהייגיגער; איין סאָרט אזעלכער, ביי וועלכען די מענער נעהמען ווייבער דוקא נאָר פון אייגענעם שטאַם, אן אנדער סאָרט אָבער, וואו עס איז אבסאָלוט פערבאָטען צו נעהמען אַ ווייב פון אייגענעם שטאַם. (זעה, צום ביישפיעל, דאָס פראַנצויזישע בוך „אורשפּרונג פון דער פאַמיליע“ פון זשיראָ־טיילאָן, 1874, און אפילו נאָך לובבאק אין זיין „אורשפּרונג פון ציוויליזאציאָן“, 4טע אויפלאַגע, 1882.)

אויף דיעזען פונקט האָט זיך אוועקגעשטעלט מאָרגאַן'ס הויפּט־ווערק, „ענשיענט סאָסייעטי“ (די פאָרצייטיגע געזעלשאַפט, 1877), דאָס ווערק, אויף וועלכען דיעזעס בוך איז געבויט. דאָס וואָס אין 1871 איז ביי מאָרגאַן'ען נאָר געווען אַ ניט־קלאָרע אהנונג, דאָס האָט ער אין דיעזען ווערק זיינעם שוין מיט פולען בעוואוסטזיין אויסגע־ארבייט. ער האָט זיך איבערצייגט, אז עס איז ניטאָ קיין געגענזאַץ פון ענדאָגאַמיע און עקסאָגאַמיע. עקסאָגאַמע שטאַמען זיינען גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. דאָס הייסט, עס זיינען ניטאָ קיין גאַנצע פאָלקס־שטאַמען, קיין גאַנצע שבטים, ביי וועלכע מען טאָר ניט נעה־מען קיין ווייב פון דעם אייגענעם שטאַם, נאָר דוקא פון אַ פרעמדען. אזוינס איז גאָר ניט דאָ. נאָר וואָס עס איז יאָ געווען איז אָט וואָס: עס זיינען אמאָל בעשטאַנען גרופּען־עהען, מעהרערע מענער האָבען, הייסט עס, געהאט בשותפות מעהרערע ווייבער; עס איז זעהר וואהר־שיינליך, אז דאָס איז אמאָל געווען ביי אלע פעלקער; ווען דאָס איז געווען, איז יעדער שטאַם געווען אייגגעטיילט אין משפחות; די מענשען אין יעדער משפחה זיינען געווען בלוט־פערוואנדעטע פון דער מוטער'ס צד; און אָט אין אזא משפחה, אָדער גרופּע, אָדער „גענס“, ווי מען רופט דאָס, איז דאָס געווען שטרענג פערבאָטען אז די מע־נער און פרויען, פון דיזעלבע גענס, זאָלען הייראַטהען צוזאַמען! פון דעמזעלבען שטאַם האָבען די מענער יאָ געקענט נעהמען ווייבער, און האָבען עס אין רעגעל געטהאָן, אָבער זיי האָבען געמוזט זיין פון אן אנדער גענס. אלזאָ, ווען די גענס איז געווען שטרענג „עקסאָגאַם“, איז אָבער דער גאַנצער שטאַם, וועלכער האָט ארומגענומען אלע גענס, געווען פונקט אזוי שטרענג „ענדאָגאַם“. דערמיט איז ענדליך געווען צוקלאַפּט דער לעצטער רעשט פון מעקלעננאַן'ס אויסגעקינסטעלטע

סברה. ער האט פשוט ניט בעמערקט דעם אונטערשיעד צווישען א גענס און א גאנצען שטאם פון פיעלע גענס!

מארגאן אבער האט זיך מיט דעם ניט בענוגענט. ער האט אין דיעזער פארשונג געמאכט נאך א צווייטען פארטשריט, וועלכער האט אויך ענטשיידעט וויכטיגע פראגען. אויך דערביי האט איהם געדיענט דאס וואס ער האט אויסגעפונען אין די גענס פון די אמעריקאנער אינדיאנער. מארגאן האט נעמליך ענטדעקט, אז דיעזע גענס, וועלכע איז ארגאניזירט נאך מוטעררעכט, איז אייגענטליך די ערשטע פארמע פון די משפחה־געזעלשאפט, פון וועלכע עס האט זיך ערשט שפעטער ארויס ענטוויקעלט יענע פאטעררעכטליכע גענס, וואס מיר געפינען ביי די פארצייטיגע קולטור־פעלקער — די רוימער און די גריכען. ביז אהער זיינען די גריכישע און רוימישע גענטעס געוועזען א רעטעניש פאר אלע געשיכטע־שרייבער. דיעזע רעטעניש האט מארגאן אויפגעקלערט, לויט נאך דעם וואס ער האט געפונען ביי די אינדיאנישע משפחה־געזעלשאפטען. מיט דעם האט ער געפונען א נייעם פונדאמענט (יסוד) פאר די גאנצע אור־געשיכטע. (דער לעזער דארף דא אליין געדענקען, אז שפעטער וועט דאס אלעס דייטליך און פערשטענדליך ערקלערט ווערען. דא האלטען מיר ערשט אין די איינלייטונג, וואס גיט אן איבערבליק איבער די ענטוויקלונג פון די פארשונגען אין דיעזער וויסענשאפט. — א י ב ע ר ז.)

מארגאן האט דא אלזא ענטדעקט די ערשטע מוטער־רעכטליכע גענס, — ווי זי האט אויסגעזעהען איידער זי איז פערענדערט געווארען, — אלס די פארשטופע פון די שפעטערע פאטער־רעכטליכע גענס פון די פארצייטיגע קולטור־פעלקער. דיעזע ענטדעקונג מארגאן׳ס האט פאר די אור־געשיכטע דיזעלבע בעדייטונג ווי דארווין׳ס ענטוויקלונגס־טהעאריע פאר די ביאלאגישע וויסענשאפט און ווי מארקס׳עס מעהר־ווערטה־טהעאריע פאר די פאליטישע עקאנאמיע. דיעזע ענטדעקונג האט צום ערשטען מאל מעגליך געמאכט זיך פארצושטעלען א געשיכטע פון דער ענטוויקלונג פון דער פאמיליע. מארגאן האט אזא געשיכטע פון דער פאמיליע צוזאמענגעשטעלט. ווענינגסטענס האט ער אין איהר פארלויפיג פעסטגעשטעלט בסך הכל די ענטוויקלונגס־שטופען פון די פאמיליע פון די קלאסישע צייטען (דאס מיינט מען די צייטען פון רוים און גריכענלאנד, פון וועלכע

זייערע פּאַרציימיגע בעריהמטע שריפטען שטאַמען), אַזוי ווייט ווי דאָס איז מעגליך לויט דעם היינט־בעקאַנטען מאַטעריאַל. עס איז פאַר יעדען קלאָר, אַז מיט דעם פאַנגט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע פאַר אויספאָרשונג פון די אורגעשיכטע. די מוטטעררעכטליכע גענס איז געוואָרען דער פּונקט, אַרום וועלכען דיעזע גאַנצע וויסענשאַפט דרעהט זיך. זינט דיעזע גענס איז ענטדעקט געוואָרען, ווייסט מען, אין וועלכער ריכטונג מען האָט צו פאָרשען און וואָס מען האָט צו זוכען און ווי מען דאַרף דאָס אויסגעפונענע גרופּירען. און געהענדיג אויף דעם וועג, מאַכט מען היינט אין דיעזען געגענשטאַנד (ענין) געשווינ־דע פאָרטשריטע, גאַנץ אַנדערש ווי איידער מאָרגאַן'ס בוך איז אַרויס.

היינט זיינען מאָרגאַן'ס ענטדעקונגען שוין אַנערקענט פון אַלע פּרעהיסטאָריקער (פאָרשער אין דער פאָרגעשיכטע) אויך אין ענגלאַנד. ריכטיגער געזאָגט, די ענגלישע פאָרשער בענוצען זיך דערמיט. אָבער קיין איינער פון זיי איז זיך ניט אָפען מודה, אַז מאָרגאַן איז דאָס געוועזען, וועמען מיר האָבען צו פערדאַנקען די איבערקעהרעניש אין דער בעגרייפונג פון דער זאַך. אין ענגלאַנד איז זיין בוך אַזוי ווייט ווי מעגליך טויט־געשוויגען געוואָרען. מאָרגאַן'ען אַליין פּערטיגט מען אָב מיט אַביסעל גענעדיגע לויב, פאַר דעם וואָס ער האָט פריהער אויסגעטהאָן; איינצעלהייטען פון זיינע ענטדעקונגען קלייבט מען אויס פלייסיג און מען בענוצט זיך דערמיט; פון זיינע ווירקליכע גרויסע ענטדעקונגען אָבער שווייגט מען פער'עקשנ'ט. זיין בוך „ענשיענט סאָסייעטי" איז אין די אָריגינאַל־אויסגאַבע ניט מעהר דאָ. אין אַמעריקאַ איז פאַר אַזעלכע זאַכען ניטאָ קיין לוינענדער פער־קויף. אין ענגלאַנד, שיינט עס, איז דאָס בוך סיסטעמאַטיש אונ־טערדריקט געוואָרען. די איינציגע אויסגאַבע פון דיעזען עפּאָכע־מאַכענדען בוך, וואָס מען קען נאָך קריעגען צו קויפען אין בוך־האַנ־דעל איז — די דייטשע איבערזעצונג. (היינט איז דאָס בוך אַרויס־געגעבען געוואָרען אין אייניגע אויסגאַבען, דורך אַרויסגעבער פון סאָציאַליסטישע ביכער. דורך דיעזען ווערק פון ענגעלס איז דאָס בוך זעהר שטאַרק בעקאַנט געמאַכט געוואָרען צווישען סאָציאַליסטען. און מיט דעם גרויסען וואוקס פון די סאָציאַליסטישע בעוועגונג און ביי די שטאַרקע פערשפּרייטונג פון סאָציאַליסטישע שריפטען קריעגט

ערשט היינט מאָרגאַן׳ם בוך א גרויסע צירקולאַציאָן. — א י ב ע ר-
ז ע צ ע ר.)

ווען מען זעהט, ווי די גרעסטע אנערקענטע פּרעהיסטאָריקער פון ענגלאַנד ברייננען אין זייערע שריפטען זעהר א סך שטיקער פון מאָרגאַן׳ם בוך, בלויז אויס העפליכקייט, און ווי זיי גיעבען אנדערע בעווייזע פון קאַמעראַדשאַפטליכקייט צו מאָרגאַן׳ען, איז שווער צו דענקען אנדערש, ווי אז עס איז צווישען זיי אַן אָבגעמאַכטע זאַך, זיי זאָלען זיין בוך טויט-שווייגען. פאַר וואָס איז דאָס? איז עס דערפאַר, וואָס מאָרגאַן איז אַן אמעריקאַנער? איז עס פאַר די ענג-לישע פּרעהיסטאָריקער א ביטערע זאַך אריבערצוטראָגען, אז זיי זאָ-לען מוזען זיין אָנגעוויעזען אויף צוויי גאָונ׳ישע אויסלענדער, באַכ-אָפען און מאָרגאַן, פון זיי צו מוזען נעהמען די אַלגעמיינע געדאַנקען וועגען די זאַכען? מאַטעריאַלען וועגען דיעזע זאַכען האָבען זיי אליין, די ענגלישע פאָרשער, ווירקליך צוזאַמענגענומען מאַסענווייז, מיט העכסטע אנערקענטער פלייסיגקייט; אָבער ווי צו אָרדנען און צו גרופּירען דיעזע מאַסען מאַטעריאַלען האָבען באַכאָפען און מאָר-גאַן געצייגט. פערדריסט דאָס די ענגלענדער הפנים. דעם דייטש האָבען זיי נאָך נעקענט ווי עס איז אריבערטראָגען, אָבער דעם אמע-ריקאַנער? געגען אַן אמעריקאנער ווערט יעדער ענגלענדער פּאַטריאָ-טיש. איך האָב געזעהען אין אמעריקא קאָמישע ביישפּיעלע דער-פון.

צו דעם קומט אָבער נאָך צו דאָס, וואָס מעקלעננאַן איז געווען, אזוי צו זאָגען, דער אָפיציעל אָנגעשטעלטער גרינדער און פיהרער פון דער פּרעהיסטאָרישער שולע (געדאַנקען סיסטעם) פון ענגלאַנד; עס איז געווען צווישען די פּרעהיסטאָריקער א פאָדערונג פון אָרענט-ליכקייט, ביז א געוויסען גראַד, צו רעדען נאָר מיט די העכסטע עהרען-פורכט פון מעקלעננאַן׳ס אויסגעקינסטעלטע פּרעהיסטאָרישע סברה, — אז די ענטוויקלונג פון דער פאַמיליע איז געגאַנגען דורך קינדער-מאָרד איבער פיעל-מענעריי און רויב-עהע צו דער מוטער-רעכטליכער פאַמיליע. דעם מינדעסטען ספק אין די עקזיסטענץ פון עקסאָגאַמע און ענדאָגאַמע „שטאַמען“, וואָס האָבען איינע מיט די אַנדערע קיין שום שייכות ניט, — דעם מינדעסטען ספק אין דעם האָט מען גע-האַלטען פאַר א זינדיגע אפּיקורסת. אלזאָ, איז מאָרגאַן בעגאַנגען אַן

ארט הייליגקייטס־שענדונג, ער האָט מחלל קודש געווען, מיט דעם וואס ער האָט אַלע דיעזע געהייליגטע דאָגמען (גלויבענס־כּללים) גע־מאַכט פערגעהן ווי רויך. און דערצו האָט ער געמאַכט פון זיי א בארג־אַש אויף אזא איבערצייגענדען אופן, אז מען דארף עס נאָר ערקלערען, מוז שוין יעדער איינזעהען אז עס איז ריכטיג. און מעק־לעננאן׳ס גלויביגע, וואס האָבען זיך ביז אהער ארומגעוואָרפען צווי־שען עקסאָגאַמיע און ענדאָגאַמיע און ניט געוואוסט זיך קיין עצה צו געבען דערמיט, האָבען אַלזאָ געמוזט כמעט זיך שלאָגען מיט׳ן פויסט אין קאָפּ און אויסשרייען: ווי האָבען מיר געקענט זיין אזוי דום און דאָס ניט אַליין שוין לאַנג אויסגעפינען!

און אויב דאָס איז נאָך ניט געווען גענוג פערברעכען פון מאָר־גאַן׳ען, אויב דאָס איז נאָך ניט געווען גענוג, אז די אָפיציעלע חקרונים זאָלען ניט טאָרען מאָרגאַן׳ס לעהרע בעהאַנדלען אנדערש, ווי זי קאַלט אוועקצומאַכען מיט׳ן האנד, — האָט מאָרגאַן נאָך געמאַכט די מאָס פון זיינע פערברעכען איבער פול מיט ערגערע זאַכען: ער האָט עס געוואַגט צו קריטיקירען זעהר שארף די גאַנצע היינטיגע ציוויליזאַציאָן, די היינטיגע געזעלשאַפט פון וואארען־פּראָדוקציאָן, די גרונד־פאָרם פון היינטיגער געזעלשאַפט — צו קריטיקירען דאָס אזוי שארף כמעט ווי פוריע (דער גרויסער פראנצויזישער סאָציאַליסט); און דאָס נאָך ווייניג, רעדט ער גאָר וועגען א צוקינפטיגע איבערקעהרונג פון דער געזעלשאַפט, מיט אזעלכע ווערטער, וועלכע קאַרל מארקס האָט געקענט האָבען געזאָגט. אַלזאָ, האָט ער זיך כשר פערדיענט, וואָס מעקלעננאן האָט איהם מיט כעס אויפגעוואָרפען, אז „ער האָט דורכ־אויס א האס צו די היסטאָרישע מעטהאָדע פון פאָרשונג", און הערר פּראָפעסאָר זשירא־טעולאן אין גענף האָט איהם נאָך דאָס בעשטע־טיגט אין 1884. וואס איז פאר א וואונדער? דער דאָזיגער פּראָ־פעסאָר האָט דאָך נאָך אין 1874 (אין זיין ווערק „אָנפאנג פון דער פאַמיליע") ארומגעבלאָנדזשעט אין דעם געדאנק פון מעקלעננאן׳ס עק־סאָגאַמיע, פון וועלכען מאָרגאַן האָט איהם ערשט געמוזט בעפרייען.

די ווייטערע פאָרטשריטע אין די אורגעשיכטע, וואס מען האָט מאָרגאַן׳ען פאר זיי צו דאנקען, דארף איך דאָ ניט ערקלערען; דאָס נייטיגע וועגען דעם וועט זיך געפינען אין די ווייטערדיגע קאפּיטלען. אין די פיערצעהן יאָהר, וואס זיינען פערגאנגען, זינט זיין הויפּט־

ווערק איז אַרויסגעקומען, איז אונזער מאַטעריאַל פיר די געשיכטע פון די מענשליכע אורגעזעלשאַפט זעהר בערייכערט געוואָרען. חוץ די פּראָפעסיאָנעלע אַנטראָפּאָלאָגען (פאָרשער אין דער וויסענשאַפט פון מענשען־סאָרטען), רייזענדער און פּרעהיסטאָריקער, האָבען זיך אויך גענומען צו דער פראַגע די פערגלייכענדע יוריסטען (פאָרשער אין די געזעצע פון פערשיעדענע פעלקער, וועלכע פערגלייכען זיי און צייגען וואו זיי זיינען גלייך און וואו פערשיעדען) און זיי האָבען געבראַכט אַ טייל נייעם שטאָף, אַ טייל נייע געדאַנקען. איינינגע איינצעלנע סברות פון מאָרגאַן'ען זיינען דורך דיעזע נייע בעווייזע און געדאַנקען אָבגעשוואַכט געוואָרען אדער זאָגאַר בעוויעזען געוואָרען אלס פאַלש. אָבער אין ערגעץ האָט דאָס ניי־געזאַמעלטע מאַטעריאַל ניט דערצו געפיהרט, אומצוּוואַרפען זיינע גרויסע הויפּט־געדאַנקען און אויפצושטעלען אַנדערע אויף זייער פּלאַץ. די אָרדנונג וואָס מאָרגאַן האָט געבראַכט אין די אורגעשיכטע גילט אין איהרע הויפּטשטריכען נאָך היינט. מען קען אפילו גאָר זאָגען, אַז זי געפינט מעהר און מעהר אַלגעמיינע אַנערקענונג; נאָר פּונקט אַזוי שטאַרק האַלט מען עס פאַר אַ סוד, אַז מאָרגאַן איז דאָס געוועזען, וואָס האָט ענטדעקט דיעזען גרויסען פאָרטשריט.*)

(זינט ענגעלס האָט דאָס געשריעבען — יוני, 1891 — זיינען שוין אַוועק נאָך 26 יאָהר. און נאָך פיעל מעהר איז אין דעם געגענשטאַנד געפאָרשט געוואָרען און זעהר אַ גרויסע מאַסע נייער מאַ־

*) אויף מיין רייזע צוריק פון ני יאָרק, אין סעפּטעמבער, 1888, האָב איך בעגעגענט אַ געוועזענעם קאָנגרעסמאַן (דעפּוטאַט פון אַמעריקאַנער פּאַרלאַמענט) פיר דעם וואַהל־דיסטריקט פון ראָטשעסטער, וועלכער האָט געקענט לואיס ה. מאָרגאַן. ער האָט לײדער ניט געוואוסט קיין סך מיר צו דערצעהלען וועגען איהם. ער האָט געזאָגט, אַז מאָרגאַן האָט געלעבט אין ראָטשעסטער אַלס פּריוואַט־מאַן, בעשעפטיגט נאָר מיט זיינע שטודיען. זיין ברודער איז געוועזען אַ פּאָלקאָווניק און אַנגעשטעלט אין וואַשינגטאָן אין קריעגס־מיניסטעריום. דיעזער ברודער האָט איהם דאָס גע'פּועל'ט ביי דער רעגיערונג, — האָט דער מאַן געזאָגט, — אַז זי זאָל זיך אינטערעסירען מיט זיינע פאָרשונגען און זי זאָל אַרויסגעבען מעהרערע פון זיינע ווערק אויף די קאָסטען פון דער רעגיערונג. ער, דער ערצעהלער, האָט זיך אויך, זאָגט ער, אַ סך פערווענדעט וועגען דעם אין דער צייט ווען ער איז געוועזען קאָנגרעס־מאַן.

טעריאל איז ווייטער צוגעקומען. אייניגע פארשער, בעזאנדערס די דייטשען וועסטערמארק און שטארקע, בעהויפטען, אז די נייע פאקטען בעווייזען, אז מארגאן'ס הויפט־סברות זיינען גאנץ פאלש. אבער איינער פון די וויכטיגסטע און אנערקענטסטע פארשער אין דיעזער נייער וויסענשאפט איז — ווי שוין געזאגט — היינריך קונאוו, דער רעדאקטאר פון דעם בערלינער „פארווערטס", און ער האט צוגע־בראכט פאקטען פון דעם לעבען פון די ווילדע אין אויסטראליען, וועל־כע בעשטעטיגען א טייל פון מארגאן'ס געדאנקען אין זייערע וויכטיג־סטע הויפט־פונקטען, כאטש אין איינצעלנע פונקטען בעשטרייטעט ער איהם אליין. ער האט דאס ערקלערט אין זיין בוך „פערוואנד־שאפטס־סיסטעמע דער אויסטראל־נעגער". קונאוו איז איינער פון די נייעסטע און גרינדליכסטע פארשער אין דיעזער וויסענשאפט, און ער בעווייזט, אז די איינווענדונגען פון וועסטערמארק און שטארקע געגען מארגאן'ס סברות צושטערען זיי ניט און מארגאן בלייבט אין זיינע הויפט־געדאנקען גערעכט.

זעה בעבעל'ס „די פרוי און דער סאציאליזמוס", אידישע אי־בערזעצונג, זייטע 28־30, אנמערקונג.

שפעטער האט קונאוו ארויסגעגעבען זיין שריפט, פון וועלכער מיר גיבען איבער די הויפט־פונקטען צו ענדע פון דיעזען בוך. — א י־ב ע ר ז ע צ ע ר.)

## 1. — פאָרגעשיכטליכע קולטור־שטופען.

מאָרגאַן איז דער ערשטער, וואס האָט פּרובירט צו ברייגגען אַ בעשטימטע אָרדנונג אין דער מענשליכער פאָרגעשיכטע, אויף דעם גרונד פון פיעל קענטנים אין דער זאַך. אזוי לאַנג עס וועט ניט ענטדעקט ווערען קיין סך נייער מאַטעריאַל, וואס זאָל בעווייזען, אַז מען מוז זיין געדאַנק ענדערן וועט מסתמא זיין איינטהיילונג פון די מדרגות פון דער ערשטער ענטוויקלונג בלייבען גילטען.

אין דריי הויפּט־מדרגות טהיילט ער איין די מענשליכע ענט־וויקלונג: ווילדהייט, באַרבאַריי, ציוויליזאַציאָן.*)

מאָרגאַן בעשעפטיגט זיך זעלבסטפערשטענדליך מיט די ערשטע צוויי מדרגות און מיט דעם איבערגאַנג פון זיי צו דער דריטער. יע־דע פון די ערשטע צוויי טיילט ער איין אין אַן אונטערשטער שטופע, אַ מיטעלסטע און אויבערשטע, לויט נאָך די פאָרטשריטע אין אויס־אַרבייטען לעבענסמיטלען. דען, זאָגט ער: „וואָס מעהר דער מענש ווערט פעהיג און געשיקט אין דער אַרבייט צו בעשאַפען לעבענס־מיטלען, אַלץ אין אַ העכערען גראַד בעהערשט ער די נאַטור און שטעהט העכער איבער די צופעליגקייטען פון דער נאַטור. פון אַלע לעבע־דיגע בעשעפענישען איז דער מענש דער איינציגער, וואָס האָט זיך אַרויפגעאַרבייט צו קענען אין גאַנצען בעהערשען די בעשאַפונג פון

*) אין געוועהנליכע רייד האָבען דיעזע ווערטער אַ גאַנץ אַנדערן טייטש ווי אין דער וויסענשאַפט. אין געוועהנליכע רייד הייסט „ווילד־הייט" משוגעת, צולאָזענהייט; „באַרבאַריי" הייסט מערדערליכקייט, אכזריות; און „ציוויליזאַציאָן" הייסט בילדונג און היינטוועלטיגע מאַניערען, קליי־דונג א. ז. וו. דאָ אָבער איז ניט דאָס געמיינט. ציוויליזאַציאָן מיינט דאָ אַ צושטאַנד וואו עס זיינען שוין דאָ אַ סך ערפינדונגען און אויפטהואונ־גען פון אַרבייט, קונסט, אויסטראַכטונגען און וויסענשאַפט. באַרבאַריי הייסט אַ צושטאַנד וואו עס איז נאָך דאָ ווייניג פון די אַלע זאַכען און אין ווילדהייט איז נאָך דערפון כמעט גאָר ניט דאָ. די מענשען אַליין קע־נען אין דער באַרבאַריי און ווילדהייט זיין, אין מאַנכע בעציהונגען, רוהי־גער, ליעבליכער, פריינדליכער, עהרליכער, מעהר אונשולדיג, ווי אין דער ציוויליזאַציאָן.—דער איבערזעצער.

זיינע לעבענסמיטלען, דאָס הייסט צו קענען בעשאַפען דערפון אַזוי פיעל ווי ער וויל. מיר טיילען איין, געוועהנליך, די געשיכטע פון די מענשליכע ענטוויקלונג אין גרויסע עפּאָכען (צייט־אַבטהיילונגען לויט וויכטיגע פאַסירונגען און טיעפע ענדערונגען אין דעם לעבען פון דער מענשהייט). אָבער יעדע גרויסע עפּאָכע הייבט זיך אָן און ענדיגט זיך, מעהר אָדער וועניגער דירעקט, צוזאַמען מיט די צייטען, ווען דער מענש קומט צו צו דער מדרגה, וואו ער קען שטאַרק פערמעהרען די זאַכען וועלכע ער בעדאַרף צום לעבען." — צוזאַמען מיט דיזער ענטוויקלונג געהט־מיט די ענטוויקלונג פון דער פאַמיליע. אָבער די ענטוויקלונג פון די פאַמיליע אַליין ברייננגט ניט אַרויס אַזעלכע שטאַרקע צייכענס פון צווישען־שייד, אַז מען זאָל לויט זיי קענען פונאַנדערשיידען די פעריאָדען. (אַ פעריאָדע איז דאָסזעלבע, אונגעפעהר, וואָס אַן עפּאָכע.)

## 1. — ווילדהייט.

**א. אונטערשטופע:** — קינדהייט פון דער מענשהייט. די מענשען לעבען נאָך אויף בוימער, וויינינגסטענס טיילווייז. ווען מען זאָל ניט אָננעהמען, אַז די מענשען האָבען דעמאָלט געקלעטערט אויף בוימער, וואָלט ניט געווען צו ערקלערען, ווי אַזוי זיי האָבען אין אַזאַ צושטאַנד זיך געקענט בעשיצען געגען די רויב־חיות. די מענשען לעבען דעמאָלט נאָך אין די געגענדען פון דער וועלט, וואו זיי האָבען זיך צום ערשטען בעוויעזען, דאָס איז אין די וועלדער פון די טראָפּישע און סוב־טראָפּישע געגענדען (פוןביידע זייטען פון די מיטעל־ליניע פון דעם ערד־קוגעל, וואו עס איז וואַרעם. ביי די מיטעל־ליניע זיינען טאָג און נאַכט גאַנץ גלייך. ניט ווייט אַוועק זיינען זיי ניט שטאַרק פערשיעדען. אין דיעזע געגענדען וואַקסען זעהר אַ סך פלאַנצען פון זיך.) געגעסען האָבען די מענשען דעמאָלט נאָר פרוכטען, ניס, קרייטיכער. אין דיעזער צייט האָט זיך ביי דעם מענשען ענטוויקעלט די שפּראַך מיט קלאָרע און דייטליכע ווערטער. דאָס איז די הויפּטזאַך, וואָס די ענטוויקלונג האָט אַרויסגעבראַכט אין דיעזער צייט.

פון אַלע פעלקער, וואָס זיינען בעקאַנט געוואָרען אין דער היס־

טארישער צייט, איז ניט געווען מעהר קיין איין פאלק, וואס האט נאך געלעבט אין דיעזען אור־צושטאנד. דיעזער צושטאנד האט גע־מעגט דויערן א סך, א סך טויזענדער יאהרען. דאך, קיין דירעקטע בעווייזע, אז אזוי האבען מענשען אמאל געלעבט, קענען ניט זיין. אבער קוים גיט מען צו, אז די מענשען האבען זיך ענטוויקעלט ארויס פון מענשען־עהנליכע חיות, מוז מען אנגעהמען, אז זיי האבען זיך נאך אין אנפאנג געפונען אין אזא איבערגאנגס־צושטאנד.

ב. מיטעל־שטופע: פאנגט זיך אן מיט דעם, וואס די מענשען הייבען שוין אן צו עסען פיש, קרעבסען, מושעלן און אנדערע וואסער־חיות און זיי דערגעהען ווי צו מאכען פייער. ביידע זאכען געהערען צוזאמען, ווייל פיש־שפייז ווערט ערשט פאלשטענדיג נוצבאר ווען מען קען דערצו געברויכען פייער. ווען די מענשען האבען זיך אויסגעלערנט צו לעבען פון דיעזע נייע שפייז, האבען זיי ניט מעהר געמוזט בלייבען דארטען וואו דאס קלימאט איז ווארעם און וואו פרוכטען און קרייטיכער וואקסען א סך פון זיך. וואנדערנדיג מיט די ברעגעס פון טייכען, האבען זיי זיך געקענט פערשפרייטען איבער דעם גרעסטען טייל פון די וועלט, אפילו אין דעם ווילדען צו־שטאנד.

אויף אלע קאנטינענטען (יבשות) פון דער וועלט געפינט מען אפט, אין דער ערד אדער אין הייהלען, ווערקצייגען פון שטיין, רויה בעארבייט, אונגעשליפען. דאס ווייזט, אז עס זיינען אמאל געווען מענשען, וואס האבען נאך קיין אנדערע ווערקצייג ניט געוואוסט צו מאכען. די צייט, ווען מענשען האבען נאך בענוצט בלויז אזעלכע רויהע ווערקצייגען פון שטיין, רופט מען „דאס פריהע שטיין־אלטער“, אדער „די פאלעאליטישע צייט“. דיעזע צייט געפאלט אין גאנצען אדער טיילווייז אין דיעזער פעריאדע, פון וועלכער מיר רעדען דא. דאס וואס מען געפינט אזעלכע שטיינער אין אלע געגענדען פון דער וועלט, דאס איז אן עדות, אז אין דיעזער פעריאדע האבען די מענשען שוין געוואנדערט אומעדום.

די מענשען האבען זיך דעמאלט אלזא בעזעצט אין נייע געגענ־דען. אין זייער נאטור איז, ווי אימער, געלעגען דער טריעב (חשק, נייגונג) כסדר צו זוכען און צו געפינען נייע שפייז. ווי צו מאכען פייער דורך רייבונג האבען זיי שוין געוואוסט. דאס אלעס צוזאמען

האָט זיי געהאָלפען אויסגעפינען אַלץ נייע לעבענס־מיטלען. זיי האָ־בען צום ביישפּיעל אויסגעפונען, אַז געוויסע וואָרצלען און קרייטי־כער, — די וואָס האָבען אין זיך קראָכמאַל, — זיינען גוט צו עסען, ווען מען בראָט זיי אין הייסע אַש, אָדער אין באַק־גרובען, אין אויס־ווענס אין דער ערד. זיי האָבען אויך אויסגעפונען, אַז מען קען עסען דאָס פלייש פון חיות, ווען מען בראָט עס. ווען זיי האָבען נאָר ער־פונדען די ערשטע געוועהר, ווי אַ דובינע און אַ הילצערנעם שפּיז, האָבען זיי שוין געקענט דערשלאָגען קליינע חיה'לעך און האָבען אַמאָל געגעסען געבראָטענע פלייש פאַר אַ צושפּייז. אָבער נאָר פאַר אַ צו־שפּייז אַמאָל. אין ביכער ווערט אפילו פאַרגעשטעלט, אַז עס זיינען געווען אַמאָל פעלקער, וואָס האָבען געלעבט נאָר פון יאַגד און ווייטער פון קיין אַנדערע זאַך ניט. דאָס איז אָבער פאַלש. אַזעלכע פעלקער זיינען קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען. עס איז ניט מעגליך, אַז מענשען זאָלען אין אַזאַ צושטאַנד לעבען בלויז פון חיות, וואָס זיי פאַנגען, ווייל מען קען ניט זיכער זיין אימער צו קענען פאַנגען גענוג חיות אַז עס זאָל זיין גענוג צום לעבען.

אַזוי ווי אין דיעזען צושטאַנד זיינען די מענשען בסדר געווען אונזיכער מיט זייער לעבענסמיטעל, זעהט אויס, אַז אויף דיעזער שטופע איז אויפגעקומען מענשען־פרעסעריי, וואָס עס איז פון דאַן אָן געבליבען אַ לאַנגע צייט.

מענשען וואָס לעבען אויף די דאָזיגע מיטעל־שטופע פון ווילד־הייט, זיינען נאָך דאָ היינט אויך. דאָס זיינען די אור־איינוואוינער פון אויסטראַליען און אַ סך פון פאָלינעזיען.

ג. אויבער־שטופע: — פאַנגט זיך אָן מיט דער ער־פינדונג פון פייל־און־בויגען. דורך דעם קענען שוין פאַנג־חיות ווע־רען אַ רעגעלמעסיגע שפּייז. יאַגד ווערט דאַן איינע פון די געוועהנ־ליכע סאָרטען ארבייט. דער בויגען מיט די סטרונע פון בויגען און די פייל זיינען שוין אַ זעהר צוזאַמענגעזעצטער אינסטרומענט. איי־דער מען האָט געקענט דאָס אויסטראַכטען, האָט מען געמוזט אָנקליי־בען לאַנגע ערפאַהרונגען און ענטוויקלען שאַרפע גייסטיגע קרעפטען; האָט מען אַלזאָ צו דערזעלבער צייט שוין געמוזט זיין בעקאַנט מיט אַ מאַסע אַנדערע ערפינדונגען.

אַלס דעם איבערגאַנג פון דער ווילדהייט צו דער באַרבאַריי בע־

טראכט מארגאן די קונסט צו מאכען ליימענע טעפּ. וואו מענשען קענען שוין דיעזע קונסט, זיינען זיי שוין ארויס פון דער ווילדהייט. אבער דער פאקט איז, אז נאך אויף די אויבערשטופע פון ווילדהייט, דאס הייסט וואו קיין טעפּעריי איז נאך ניט דא, אבער עס איז שוין דא פייל און בויגען, זיינען שוין אויך דא מאנכע אנדערע ערפינדונ־גען. מען זעהט דאס דייטליך ביי אזעלכע פעלקער אין אמעריקא: די פון זיי, וואס האבען שוין פייל־און־בויגענס, אפילו ווען טעפּ צו מאכען ווייסען זיי נאך ניט, האבען שוין אייניגע אנפאנגען פון בע־זעצען זיך אין דערפער; זיי קענען שוין עטוואס טהאן צוצוגרייטען זייערע לעבענסמיטלען; זיי האבען שוין הילצערנע געפעס און גע־רעטה; זיי קענען וועבען מיט די פינגער (אהן וועב־שטוהלען), געוועבען פון פלאנצען־פעדים און האלץ־שאלעכטס אדער וויטשקעס, און זיי האבען שוין געשליפענע (נעאליטישע) שטיין־ווערקצייגען. מיים־טענס קענען זיי שוין אויך, בענוצענדיג פייער און שטיין־האק, מאכען שיפלעך פון איין בוים און טיילוויז אויך באלקענס און ברעטער צו בויען הייזער. אלע דיעזע פארטשריטע געפינען מיר, צום ביישפּיעל, ביי די נארד־וועסטליכע אינדיאנער פון אמעריקא, וועלכע האבען שוין געהאט פייל און בויגען, אבער ניט קיין טעפּעריי.

אין דער ווילדהייט איז פייל און בויגען די שטארקסטע געוועהר, דאס זעלבע וואס דאס אייזערנע שווערד אין דער בארבאריי און וואס דאס פולווער־געוועהר אין דער ציוויליזאציאן.

## 2. — בארבאריי.

**א.** א ו נ ט ע ר ־ ש ט ו פ ע: הייבט זיך אן מיט דער איינ־פיהרונג פון טעפּעריי. די קונסט צו מאכען טעפּ איז ארויסגעקומען פון דעם, וואס מען האט אנגעהויבען איבערצודעקען הילצערנע און געפלאכטענע געפעס מיט ליים, כדי זיי זאלען ניט ברענען אויפ'ן פייער. דערביי האט מען דאס אויסגעפונען, אז פון ליים אליין קען מען אויך מאכען א כלי, אהן די הילצערנע אדער געפלאכטענע כלי אינעווייניג. אז דערפון איז מען דערגאנגען צו מאכען ליימענע טעפּ, קען מען אין פיעלע פאלען בעווייזען, און וואהרשיינליך איז עס אזוי געווען אומעדום.

די ענטוויקלונג ביז אהער האבען מיר געקענט בעטראכטען גאנץ אלגעמיין איבער דער וועלט, אלס גילטיג פאר א געוויסע פעריאדע פון אלע פעלקער, אהן אונטערשיעד אין וואס פאר א סארט געגענדען זיי האבען זיך געפונען. ווען עס קומט שוין אבער די בארבאריי, ווענדט זיך שוין די ווייטערע ענטוויקלונג אן די נאטור פון דעם לאנד. און אין דעם איז עס שוין אנדערש אין די אלטע וועלט (אייראפא, אזיען און אפריקא) און אנדערש אין אמעריקא. דאס, מיט וואס די בארבאריי צייכענט זיך בעזאנדערס אויס, איז האדעווען בהמות און פערזייען פלאנצונגען. אין דעם פונקט איז עס געווען אנדערש אין דער אלטער וועלט און אנדערש אין אמעריקא. אין דער אלטער וועלט זיינען געווען אלע בהמות וואס מען האט זיי געקענט האדעווען און צאהמען (אבגעוועהנען פון ווילדהייט, צוגעוועהנען זיי זאלען לעבען אונטער דעם מענשען'ס האדעוואניע). אויך זיינען דארטען געווען אלע סארטען תבואות, וועלכע מען קען פערזייען, חוץ נאר איין מין. אין אמעריקא אבער איז נאר געווען איין סארט בהמה וואס לאזט זיך צאהמען, דאס איז דאס „ללאמא“ (אזא מין שעפס) און אויך דאס נאר אין איין טייל פון זידען; און פון אלע תבואות, וואס מען קען פערזייען, איז אין אמעריקא געווען נאר איין מין, דאס בעסטע, — מאיז (קוקורוץ, „טירקישער ווייץ“, „קארן“ אויף ענגליש). דיעזע פערשיעדענהייט אין די נאטור־אומשטענדען פון די צוויי וועלטען האט געפיהרט דערצו, אז פון דיעזען פונקט פון דער ענטוויקלונג אן האט זיך די ווייטערע ענטוויקלונג פונאנדערגעצווייגט, אין דער אלטער וועלט אנדערש און אין אמעריקא אנדערש. און אויך זיינען איןביידע פערשיעדען די פונקטען, וואו די פערשיעדענע ווייטערע שטופען פון דער ענטוויקלונג טהיילען זיך פונאנדער.

ב. מיטעל־שטופע: פאנגט זיך אן אין דער אלטער וועלט מיט די צאהמונג פון הויז־טהירע (בהמות), אין אמעריקא מיט בעארבייטען די ערד צו פערזייען שפייז־פלאנצען דורך בעשפריצען די ערד און מיט דעם געברויך פון געטריקענטע ציגעל און שטיינער צו געביידעס.

מיט דער ווייטערער ענטוויקלונג פאנגען מיר דא אן אין אמעריקא (ביי די אינדיאנער), ווייל דא זיינען די מענשען (די אינדיאנער)

אין ערגעץ נים אריבער איבער דיעזער שטופע, ביז די ווייסע מענשען זיינען געקומען און איינגענומען דאָס לאַנד.

ביי די אינדיאַנער וואָס האָבען נאָך געלעבט אויף די אונטער־שטופע פון באַרבאַריי (צו זיי האָבען געהערט אַלע אינדיאַנער וואָס מען האָט געפונען אויף מזרח זייט פון דעם טייך מיסיסיפּי ביז צום אַטלאַנטישען ים), האָט מען שוין געפונען, ווען מען האָט זיי ענט־דעקט, אַ געוויסען גראַד פון ערד־אַרבייט. זיי האָבען פערזייעט מאַיז און אפשר אויך קירביסען, מעלאָנען און אַנדערע געוויקסען. זיי האָ־בען דערפון געהאַט זעהר אַ גרויסען טייל פון זייערע לעבענס־מיטלען. זיי האָבען געוואוינט אין הילצערנע הייזער, אין ארומגעצאַמטע דער־פער. די שבטים פון נאָרד־וועסט, בעזאָנדערס אין די געגענדען פון דעם קאָלאָמביאַ טייך, זיינען נאָך געווען אין די אויבער־שטופע פון ווילדהייט און ניט געהאַט ניט קיין טעפּעריי און ניט קיין שום אַרט פון ערד־אַרבייט. דאַגעגען די אינדיאַנער פון די זאָגענאַנטע פּועב־לאָס אין ניי־מעקסיקאָ, די מעקסיקאַנער, צענטראַל־אַמעריקאַנער און פּערואַנער, אין דער צייט ווען די ווייסע האָבען זיי איינגענומען, זיי־נען געשטאַנען אויף די מיטעל־שטופע פון דער באַרבאַריי; זיי האָ־בען געוואוינט אין פעסטונגס־אַרטיגע הייזער פון געטריקענטע ציגעל און שטיין, האָבען געפלאַנצט מאַיס און אַנדערע שפּייז־פלאַנצען, לויט נאָך די לאַגע פון לאַנד און דעם קלימאַט, — דאָס האָבען זיי גע־פלאַנצט אין קינסטליך־בעשפּריצטע גערטנער און דאָס האָט זיי געגע־בען דעם הויפּט־טייל פון זייער נאַהרונג. זיי האָבען אויך געהאַט עטליכע מינים חיות געצאַהמט — די מעקסיקאַנער דעם טרוט־האָהן און אַנדערע עופות, די פּערואַנער דאָס ללאַמאַ. דערצו האָבען זיי שוין אויך געוואוסט פון בעאַרבייטען מעטאַל, אָבער ניט קיין אייזען, דאַרום האָבען זיי נאָך אַלץ ניט געקענט אויסקומען אָהן שטיינערנע געוועהר און שטיינערנע ווערקצייגען. די שפּאַניער האָבען דיעזע מענשען איינגענומען און דאָס האָט ביי זיי אָבגעשניטען יעדע וויי־טערע זעלבסטשטענדיגע ענטוויקלונג.

אין דער אַלטער וועלט האָט זיך אָנגעהויבען די מיטעל־שטופע פון באַרבאַריי מיט דער צאַהמונג פון בהמות, וואָס גיבען מילך און פלייש. ערד־אַרבייט אָבער איז, זעהט אויס, געבליעבען אין דער אַל־טער וועלט אונבעקאַנט, ביז טיעף אַריין אין דיעזער פּעריאָדע.

די פעלקער פון אייראָפּא און אזיען, די ווייסע מענשען, וואס מען רופט זיי „קאווקאזער ראסע“, טיילט מען איין, לויט די עהנליכקייט פון זייערע אלטע שפּראכען, אין פערשיעדענע טיילען. איין טייל פון דיעזע פעלקער רופט מען די א ר י ע ר, די ארישע פעלקער. דאָס זיינען אלע פעלקער פון אייראָפּא, חוץ די אונגארן, פינען, עסטען און באסקען. און אריער זיינען אויך די אינדיער און פערסען פון אזיען. אין די אלטע שפּראכען פון אלע דיעזע פעלקער געפינט מען אן עהנליכקייט צו די גאנץ אלטע א ר י ש ע שפּראך פון די אינדיער, פון די הינדוסען. אן אנדערער טייל פון די ווייסע מענשען זיינען די ס ע מ י ט י ש ע פעלקער. דאָס זיינען אלע פעלקער, וואָס זייער שפּראך איז עהנליך צו העברעאיש: די אראבער, אידען (אזוי ווייט ווי זיי זיינען ניט געמישט) א. ז. וו. א דריטער טייל ווייסע מענשען זיינען די טיראנישע פעלקער. צו זיי געהערען די אונגארן, פיננען, ליפלענדער, עסטהען, באסקען, טאטארען, און אויך א טייל פון די מאָנגאָלישע פעלקער.

עס זעהט אויס, אז דאָס וואס די ארישע און סעמיטישע פעלקער האָבען זיך אָבגעשיידט, אין די בארבארישע צייטען, פון די איבריגע מאסע פון די בארבארען, איז געקומען פון דעם, וואָס די אריער און סעמיטען האָבען זיך נאָר אָבגעגעבען מיט צאהמען און האָדעווען בהמות און האָבען אָנגעקליעבען גרויסע סטאדעס. דעריבער האָבען זיי געמוזט זיך פאנאנדערוואנדערן.

אין די שפּראכען פון די ארישע פעלקער פון אייראָפּא און פון די ארישע פעלקער פון אזיען זיינען די נעמען פון בהמות דיעזעלבע. אָבער אין די נעמען פון פלאנצונגען, וואָס מענשען פערזייען און בעארבייטען, איז כמעט קיין שום עהנליכקייטען אין די צוויי סאָרטען שפּראכען ניט דאָ. דאָס צייגט, אז די ערשטע אריער, פון וועלכע די אלע פעלקער זיינען ארויסגעקומען, זיינען נאָר געווען פאסטוכער, אָבער ניט קיין ערד־ארבייטער.

אז מען האָט געצומען צאהמען בהמות, האָבען זיך אָנגעקליעבען גאנצע סטאדעס. דערפון איז ארויסגעקומען דער גאנצער ארט לעבען פון די פאסטוכער־פעלקער, — אין די געגענדען, נעמליך, וואו די נאטור פון לאנד איז געווען גוט דערצו. ביי די סעמיטען איז דאָס געווען אין די מיט־גראז־בעוואקסענע פלאכע (גלייכע) לאנד ביי

די טייכען עפראט (פרת) און טיגרים (חדקל). ביי די אריער איז דאס געווען אין די פלאכע לענדער ביי די טייכען אקסוס און יאקסארטעס, דאן און דניעפער. ארום די גרענעצען פון אזא פאשע־לאנד איז דאס מסתמא געווען, וואו מען האט צום ערשטען געצאהמט בהמות. די שפעטערע דורות האבען אויף אזא אופן געמיינט, אז די פאסטוכער־פעלקער שטאמען פון אייביג אן פון דיעזע לענדער. דאס איז אבער א טעות. ניין, אין אזעלכע לענדער פון לאנקעס, אהן וועלדער, איז ניט געווען די וויגעלע פון דעם מענשליכען מין. דאס אודאי ניט. גאר די ערשטע מענשען האבען נאר געקענט לעבען אין די וועלדער. נאך אפילו שפעטערע מענשען, די ווילדע פארעלטערן פון די פאסטוכער־פעלקער, האבען אויך ניט געקענט וואוינען אין דיעזע לענדער; און אפילו פאר שוין עטוואס נאך מעהר ענטוויקעלטע מענשען, פון די אונטער־שטופע פון בארבאריי, איז עס אויך כמעט אונמעגליך געווען צו וואוינען אין אזעלכע פלאכע, גלייכע לענדער, מיט ווייניג וואלד און פרוכט. נאר ווען מענשען זיינען דערגאנגען אין דער ענטוויקלונג צו די מיטעל־שטופע פון בארבאריי און האבען זיך שוין צוגעוואוינט צום פאסטוכער־לעבען, זיינען זיי ערשט צו־געוואנדערט און האבען זיך בעזעצט אין דיעזע געגענדען, וואו עס איז געווען די בעסטע פאשע פאר זייערע בהמות. דאן זיינען זיי שוין דארטען געבליעבען. עס וואלט זיי דאן שוין קיינמאל ניט געקענט איינפאלען, פרייוויליג צו פערלאזען די גלייכע פעלדער לעבען די טייכען, וואו עס איז געוואקסען גענוג גראז, און צוריקצוגעהן אין די וואלד־געגענדען, וואו זייערע פארעלטערן האבען זיך אויפגעהאלטען. נאך מעהר, אפילו ווען די סעמיטען און די אריער זיינען געטריעבען געווארען ווייטער צו צפון און צו מעריב, איז זיי אויך אונמעגליך געווען צו וואנדערן אין די וואלד־געגענדען אריין אין וועסט־אזיען און אין איירא פא, ביז זיי זיינען פריהער דערגאנגען ווי צו בעאר־ביימען די ערד. ערשט דורך דעם, האבען זיי געקענט בעשאפען פא־שע צו ערנעהרען זייערע בהמות אין אזעלכע געגענדען, וואו גראז וואקסט ווייניג. בעזאנדערס איז זיי ערשט דאן מעגליך געווארען צו בלייבען אין אזעלכע געגענדען איבערווינטערן. אהן פעלד־אר־ביים וואלטען זיי ווינטער, אין אזעלכע וואלד־געגענדען, גאר ניט געהאט מיט וואס צו פאשען זייערע בהמות.

עס איז מעהר ווי וואהרשיינליך, אז דערגאַנגנגען ווי צו בעאַרביי־טען די ערד איז מען ביי דיעזע מענשען פריהער דורך דעם, וואָס מען האָט געזוכט פּאַשע פאַר די בהמות, און ערשט שפּעטער איז די ערד־אַרבייט געוואָרען וויכטיג פאַר די ערנעהרונג פון מענשען.

די אַריער און די סעמיטען האָבען זיך בעסער ענטוויקעלט און זיינען געוואָרען שטאַרקער, ווי די אַנדערע מענשען. עס קען זיין, אַז דאָס איז געקומען פון דעם, וואָס זיי האָבען געלעבט פון בהמות־האָדעוועט און האָבען זיך אַלזאָ געשפּייזט מיט פלייש און מילך. בע־זאָנדערס האָט דאָס גוט געווירקט אויף די ענטוויקלונג פון די קינ־דער. עס איז אַ פאַקט, אַז די פּועבלאָ־אינדיאַנער פון ניי־מעקסיקאָ, וועלכע לעבען כמעט פון בלויז פלאַנצען־שפּייז, האָבען אַ קלענערען מוח (מאַרך אין קאָפּ) ווי די אינדיאַנער פון די אונטערשטע שטופע פון באַרבאַריי, וועלכע עסען פלייש און פיש.

אויף דיעזער שטופע ווערט יעדענפאַלס ביסלעכווייז פערשוואונ־דען די מענשען־פרעסעריי פאַר שפּייז. עס האָט נאָך געטראָפען ביי מענשען פון דיעזער שטופע אויך, אַז מען האָט געפרעסען מענשען־פלייש, אָבער דאָס איז שוין געווען אין רעליגיעזע צערעמאָניעס, אָדער פאַר אַ כשוף־מיטעל, וואָס עס איז דאָ כמעט דאָס אייגענע.

ג. א ו י ב ע ר ־ ש ט ו פ ע : פאַנגט אָן מיט דעם שמעל־צען פון אייזען־ערד. פון דיעזער שטופע געהען די מענשען שוין איבער אין דער ציוויליזאַציאָן, דורך דעם וואָס זיי ערפינדען די קונסט צו שרייבען מיט בוכשטאַבען און זיי בענוצען דאָס צו שריי־בען ביכער. דיעזע שטופע האָבען נאָר זעלבסטשטענדיג דערגרייכט די מענשען פון די אַלטע וועלט. אין אַמעריקאַ האָבען די אוראיינ־וואוינער דאָס ניט דערגרייכט, ווייל, ווי געזאָגט, די ווייסע מענשען זיינען געקומען און האָבען זייער ווייטערע ענטוויקלונג אָבגעהאַקט.

אויף דיעזער אויבער־שטופע פון באַרבאַריי מאַכען די מענשען מעהר פאָרטשריט אין דער פּראָדוקציאָן (בעשאַפונג פון לעבענס מיט־לען), ווי אין אַלע פריהעריגע שטופען צוזאַמען. אויף אַזאַ שטופע האָבען זיך געפונען די גריכען פון די העראָען־צייט, די איטאַליענישע שבטים איידער רוים איז געגרינדעט געוואָרען, די דייטשען וואָס דער פּאַרצייטיגער רוימישער שרייבער טאַציטוס בעשרייבט זיי און די נאָרמאַנען (די עלטערן פון די שוועדען און נאָרוועגיער) פון די ווי־

קינגער צייט. (וויקינגער — אויף ענגליש „וויקינגס" — זיינען לע־גענדארע העלדען פון די סקאנדינאווישע לענדער, פון וועלכע אלטע לעגענדען פון דיזע לענדער דערצעהלען.)

די ערשטע נייע זאך, וואס מיר בעגעגענען אויף דיזער שטופע און וואס אויף פריהעריגע שטופען איז ניט געווען, איז דאס אקער־אייזען, געשלעפט פון בהמות. דאס מאכט ערשט מעגליך ערד־אר־בייט אויף א גרויסען אופן. מיט דעם קומט מען שוין דערצו, אז מען קען האבען אזוי פיעל לעבענסמיטלען וויפיעל מען וויל נאר במעט, לויט נאך אלעזכע פערהעלטניסע. אויך קען מען שוין אויס־האקען וועלדער און מאכען פון די ערד פעלדער צום זייען תבואה און לאנקעס צו פאשען בהמות. אהן די אייזערנע האק און לא־פעטע איז דאס אלץ אויף גרויסען פוס ניט מעגליך געווען. אויף דיזער שטופע האבען זיך אבער אויך די מענשען גענומען געשווינד פערמעהרען און קליינע שטרעקען לאנד זיינען געווארען גדיכט בע־זעצט. איידער עס איז געווען פעלד־ארבייט, איז עס מסתמא קיינ־מאל ניט פארגעקומען, אז א האלבען מיליאן מענשען זאל מען קע־נען פעראייניגען אונטער איין איינציגע צענטראל־פיהרונג. עס וואל־טען סיידען געמוזט זיין דערצו גאנץ אויסגענומענע פערהעלטניסע.

דעם העכסטען גראד פון די אויבער־שטופע פון בארבאריי גע־פינען מיר אין די גאנץ־פערצייטיגע גריכישע גדיכטע פון האמער, בעזאנדערס אין זיין גדיכט וואס רופט זיך איליאדע. דארטען זיינען שוין דערמאנט ענטוויקעלטע אייזען־ווערקצייגען; דער בלאז־זאק (פון דעם שמיעד); די האנד־מיהל; דאס רעדעל פון דעם טעפער; די וויין־קעלטערס און אייל־קוועטשערס; מעטאל־בעארבייטונג, ענטוויי־קעלט שוין נאהענט צו קונסט־ארבייט; דער וואגען און שטרייט־וואגען; שיף־בויען מיט באלקענס און ברעטער; די אנפאנגען פון ארכיטעקטור אלס קונסט; ארומגעמויערטע שטעדט מיט טהורמען און דעכער; היינט האמער׳ס גדיכטע אליין און די גאנצע מיטהאָ־לאָגיע — דאס זיינען די הויפט־ירושות, וואס די גריכען האבען ארי־בערגענומען פון דער בארבאריי אין דער ציוויליזאציאן אריין.

די גאנץ־פערצייטיגע איינוואוינער פון דייטשלאנד, די גער־מאנען, זיינען געשטאנען אויף דעם אנפאנג פון דיזער קולטור־שטי־פע; די גריכען פון האמער׳ס צייטען זיינען שוין געשטאנען אויף

איהר ענדע. זיי האבען זיך שוין געקליעבען אריבערצוגעהן אין דער ציוויליזאציאן אריין. יוליוס צעזאר בעשרייבט דאס לעבען פון יענע גערמאנען, און אויך טאציטוס בעשרייבט דאס. צעזאר מאהלט זייער לעבען נאך גאר ווילד, טאציטוס — שוין עטוואס מעהר ענטוויקעלט. אבער אפילו לויט ווי טאציטוס מאהלט דאס לעבען פון די פערצייטיגע גערמאנען, איז עס אויך נאך געווען גאר רויה, אין פערגלייך מיט דעם לעבען פון די גריכען אין האמער'ס צייט, כאטשביידע זיינען געשטאנען, ווי געזאגט, אויף דיזעלבע קולטור־שטופע, נאר די גערמאנען אין איהר אנפאנג און די גריכען אין איהר ענדע. ווען מען פערגלייכט די ביידע — לויט ווי אפילו טאציטוס בעשרייבט די גערמאנען און לויט ווי די גריכען מאהלען זיך אין האמער'ס געדיכטע, — דאן זעהען מיר, וואס פאר א רייכקייט און פראדוקציאן די אויבער־שטופע פון דער בארבאריי האט שוין אין זיך, אין פערגלייך מיט איהר אונטער־שטופע.

דאס בילד, וואס איך האב דא געגעבען פון דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט דורך ווילדהייט און בארבאריי צו די אנפאנגען פון ציוויליזאציאן, לויט ווי מארגאן האט דאס צוזאמענגעשטעלט, איז שוין רייך גענוג אין נייע שטריכען, און, וואס עס איז נאך וויכטיגער — וואהרהייטס־געטרייע שטריכען, וואס מען קען זיי ניט בעשטרייטען, ווייל זיי זיינען ארויסגענומען דירעקט פון דער פראדוקציאן. דאך, דיזעס בילד וועט אויסקוקען מאט און ארים, ווען מען וועט עס פערגלייכען מיט דעם בילד, וועלכעס וועט זיך אויפוויקלען פאר אונז אם ענדע פון אונזער וואנדערשאפט. ערשט דאן וועט עס מעגליך זיין צו שטעלען אין פולען ליכט דעם איבערגאנג פון דער בארבאריי אין דער ציוויליזאציאן און דעם שארפען געגענזאץ (היפוך) פון ביידע. פארלויפיג קענען מיר פון מארגאן'ס איינטהיילונג מאכען פאלגענדען קורצען כלל:

ווילדהייט איז די צייט ווען דער מענש נעהמט דער עיקר נאר פון גרייטען וואס ער געפינט אין דער נאטור. דאס וואס דער מענש מאכט זיך דאן אליין, דיענט איהם דער עיקר אלס הילפס־ווערקצייג צום נעהמען זיך פון גרייטען. (למשל א שטעקען ארויבצורייסען מיט איהם ניס פון א בוים.)

בארבאריי איז די צייט, ווען דער מענש נעהמט איבער

פעלד־ארבייט און צאהמען און האָדעווען בהמות, ער לערנט זיך אויס צו בעשאפען מ ע ה ר נאטור־פּראָדוקטען, דורך צוטהאָן מענשליכע ארבייט. בלויז פ ע ר מ ע ה ר ע ן קען ער דאן די נאטור־פּראָדוקטען, אָבער נאָך ניט בעשאפען קיין א נ ד ע ר ע פּראָדוקטען.

צ י ו ו י ל י ז א צ י אָ ן איז די צייט, ווען דער מענש לערנט זיך שוין אויס מאכען פון נאטור־פּראָדוקטען, דורך בעארבייטונג, גאָר א נ ד ע ר ע זאכען; דאָס איז די צייט פון די אייגענטליכע אינדוסטריע און קונסט.

---

## 2. — די פאַמיליע.*)

מאָרגאַן האָט פערבראַכט אַ גרויסען טייל פון זיין לעבען צווישען די איראָקעזען־אינדיאַנער, וועלכע זיצען נאָך היינט אין שטאַאַט ניו יאָרק. איינער פון זייערע שבטים, דער סענעקא שטאַם, האָט איהם זאָגאַר אדאָפּטירט (אָנגענומען פאַר אַן אייגענעם). האָט ער ביי זיי געפונען אַ סיסטעם פון קרובים'שאַפט, וואָס האָט זיך גאָר ניט געפּאַסט צו דעם ווירקליכען צושטאַנד פון זייערע פאַמיליען־בעציהונגען. זייערע ווירקליכע פאַמיליען־בעציהונגען זיינען געווען די: איין מאַן האָט געוואוינט מיט איין ווייב, נאָר זיי האָבען זיך געקענט לייכט שיידען. מאָרגאַן רופט דיעזען סאָרט פאַמיליען־לעבען „פּאַאַרונג־פאַמיליע". אלזאָ, די קינדער פון אַזאַ פּאָר פּאָלק האָט יעדער אַנערקענט אַלס די קינדער פון דיעזע טאַטע מאַמע. עס האָט ניט געקענט זיין קיין צווייפעל אויף וועמען עס געהט די בעצייכנונג פאָטער, מוטער, זוהן, טאָכטער, ברודער, שוועסטער. אָבער דאָך ווערען דיעזע ווערטער ביי דיעזע מענשען געברויכט אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן. דער איראָקעזער רופט נעמליך „זוהן" און „טאָכטער" ניט בלויז זיינע אייגענע קינדער, נאָר אויך די קינדער פון זיינע

---

*) אין פּראָסטע אידישע רייד הייסט אַ פאַמיליע, א משפחה: אַלע קרובים, אפליו די ווייטסטע. אין ציוויליזירטע שפראַכען ווערט אָבער אָנגערופען אַ פאַמיליע נאָר דאָס הויז־געזינט, דער „עהע־באַנד"; דאָס הייסט נאָר די ביסעלע מענשען, וואָס וואוינען צוזאַמען אין איין הויז אַלס איין פאַמיליע, אלס צוזאַמען חתונה־געהאַטע, און זייערע קינדער. אַלע קרובים צוזאַמען הייסט ניט אַ פאַמיליע, נאָר אַ פערוואַנדטשאַפט. אין דיעזען זין ווערען די ווערטער דאָ געברויכט. אַ „פאַמיליען־פאָרמע" הייסט די אַרט ווי אַזוי און וויפיעל מענער און פרויען און וועלכע פערוואַנדטע עס לעבען צוזאַמען אַלס איין פאַמיליע. אַ „פערוואַנדשאַפטס־סיסטעם" הייסט די סיסטעם, פאַר וואָס'ער סאָרט פערוואַנדטע מענשען האַלטען זיך, ווער עס הייסט וועמעס פאָטער, ברודער, פעטער, מומע, געשוועסטער־קינד, פלימעניק, פלימעניצע א. ז. וו. דאָס אַלעס איז ניט אַלע מאָל און ניט אומעטום געוועזן גלייך. — איבערז.

ברידער רופט ער אַזוי. אַ פלימעניק, אַ ברודער׳ס זוהן, רופט ער זיין זוהן; אַ פּלימעניצע, אַ ברודער׳ס טאָכטער, רופט ער זיין טאָכ־טער. און זיי רופען איהם, דעם אָנקעל, „טאַטע“. אָבער די קינ־דער פון זיינע שוועסטערן רופט ער שוין ניט זיינע זיהן און טעכטער, נאָר זיינע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס, און זיי רופען איהם שוין ניט „טאַטע“, נאָר אָנקעל. מיט דער פרוי ביי זיי איז ווידער פערקעהרט: זי רופט די קינדער פון איהרע שוועסטערן „זיהן“ און „טעכטער“, אַזוי גוט ווי איהרע אייגענע קינדער, און זיי רופען זי „מאַמע“. די קינדער אָבער פון איהרע ברידער רופט זי שוין ניט איהרע זיהן און טעכטער, נאָר איהרע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס, און זיי רופען זי שוין ניט מאַמע, נאָר מוהמע. אַזוי רופען זיך אויך די קינדער צווישען זיך נאָך דעמזעלבען סיסטעם פון קרובים׳שאַפט: די געשוועסטערקינדער וואָס געהערען זיך דאָס אָן ווייל פון איין צד די מוטער און פון אַנדערען צד דער פאָטער זיינען זיך שוועסטער און ברודער, רופען זיך אליין געשוועסטער־קינדער און ניט שוועסטער און ברידער; אָבער געשוועסטערקינדער וואָס זייערע פאָטערס זיינען זיך ברידער, אָדער וואָס זייערע מוטערס זיינען זיך שוועסטער, רופען זיך אליין אויך שוועסטער און ברידער.

און דאָס זיינען ביי זיי ניט בלויז פוסטע נעמען, נאָר די מענשען בעטראַכטען זיך ווירקליך פאַר אַזעלכע פערוואַנדטע, ווי די ווער־טער דריקען אויס. דאָס זיינען אויסדריקע פון ווירקליכע בעגריפען וועגען נאָהענטקייט און ווייטקייט פון קרובים, וועגען גלייכהייט און אונגלייכהייט פון בלוט־פערוואַנדשאַפט. אַ געשוועסטערקינד, וואָס איז אַ זוהן פון טאַטען׳ס ברודער, ווערט בעטראַכט פאַר אַ גלייכען קרוב ווי אַן אייגענער ברודער. דאָס זעלבע אַ געשוועסטערקינד וואָס איז אַ זוהן פון דער מאַמע׳ס שוועסטער. און אַזוי ווייטער און ווייטער. און אָט דיעזע בעגריפען זיינען דער פונדאַמענט פון אַ פאָלשטענדיג־אויסגעאַרבייטען סיסטעם פון קרובים׳שאַפט, וואָס דריקט אויס עטליכע הונדערט פערשיעדענע סאָרטען קרובים׳שאַפט פון אַן איינצעלנעם מענשען.

און נאָך וואונדערבאַרער איז, וואָס פונקט אַזאַ סיסטעם פון קרובים׳שאַפט געפינט מען ניט בלויז ביי אַלע אינדיאַנער פעלקער פון גאַנץ אַמעריקאַ (ביז יעצט האָט מען קיין אויסנאַהמע כמעט ניט גע־

פונען), נאָר דאָס גילט אויך כמעט אונפערענדערט ביי די ערשטע איינוואָינער פון אינדיען, ביי די דראַווידען שבטים אין דעקאַן (אָסט אינדיען) און ביי די גוירא־שבטים אין הינדוסטאַן. ביי די טאַמילער אין זיד־אינדיען זיינען נאָך היינט דאָ מעהר ווי צוויי הונדערט פער־שיעדענע פערוואַנדשאַפטס־אויסדריקע, וואָס זיינען נאָך דעמזעלבען סיסטעם ווי ביי די סענעקאַ־איראָקעזען אין שטאַאַט ניו יארק. און אויך ביי דיעזע אינדישע שבטים פון אַן אַנדערען עק וועלט איז עס פונקט ווי ביי די אינדיאַנער פון אַמעריקאַ, מיט דעם, וואָס די קרובים׳־שאַפט לויט דיעזען פערוואַנדשאַפטס־סיסטעם שטימט זעהר ניט מיט די פערוואַנדשאַפט וואָס קומט ארויס לויט די בעשטעהענדע פאָרמע פון פאַמיליען־לעבען. דאָס הייסט, לויט ווי זיי לעבען היינט צוזאַ־מען אין אַ פאַמיליע, איין מאַן מיט איין ווייב און זייערע אייגענע קינדער, זיינען דאָך די געשוועסטערקינדער ניט קיין ברידער און שוועסטער, און פעטערס און מוהמעס ניט קיין טאַטעס און מאַמעס, און ברידער׳ס קינדער און שוועסטער׳ס קינדער ניט קיין אייגענע קינדער. און דאָך רופען זיי זיך אַזוי און פערהאַלטען זיך אַזוי.

ווי ערקלערט מען דאָס?

מען קען דאָס ניט אָב׳פטר׳ן מיט פוסטע רייד, אַז דאָס זיינען גלאַט ווערטער, וואָס בעדייטען גאָר ניט, א. ז. וו. ביי אַלע ווילדע און באַרבאַרישע פעלקער שפּיעלט די קרובים׳שאַפט אַן ענטשיידענדע ראָלע אין דער געזעלשאַפטס־אָרדנונג. צו אייגענע קינדער, ברידער, שוועסטער פערהאַלט מען זיך אַנדערש ווי צו פּלימעניקעס, פּלימעני־צעס און געשוועסטערקינדער. דאָס זיינען אַלזאָ ניט גלאַט ווערטער. און עס איז ניט קיין קלייניגקייט, ווען מען געפינט דאָס זעלבע סיס־טעם פון קרובים׳שאַפט ביי אַלע אינדיאַנער פעלקער אין אַמעריקאַ און דאָס זעלבע אין אַזיען ביי פעלקער פון גאַנץ אַנדערע ראַסען, און אויך איבעראַל אין אַפריקאַ און אויסטראַליען געפינען זיך עהנליכע פאָרמען, מעהר אָדער ווייניגער פערענדערט — אַזאַ סיסטעם מוז מען געשיכטליך ערקלערען. דאָס קען מען ניט אוועק׳פטר׳ן מיט רייד ווי מעקלענאַן וויל דאָס צום ביישפּיעל טהאָן. ער זאָגט, אַז די אויסדריקע: פאָטער, קינד, ברודער, שוועסטער זיינען ביי דיעזע מענ־שען ניט מעהר ווי עהרען־טיטלען. דער פאַקט איז אָבער ניט אַזוי. דער פאַקט איז, אַז צו דעם, וועמען זיי רופען פאָטער, קינד, שוועס־

טער, ברודער א. ז. וו., האָט מען ביי זיי גאַנץ בעשטימטע בעזונדע־רע פערפליכטונגען, זעהר ערנסטליכע. דער סך הכל פון אַלע אַזעלכע פערפליכטונגען מאכט אויס א וויכטיגען טייל פון די געזעלשאפטליכע אָרדנונג פון דיעזע פעלקער.

מאָרגאַן אָבער האָט געפונען די ערקלערונג דערפון.

אויף די סענדוויטש אינזלען, אין האוואַי, איז נאָך, ביי די דאָר־טיגע איינגעבוירענע, בעשטאַנען, אין די ערשטע העלפט פון 19טען יאהרהונדערט, א פאָרם פון פאמיליען־לעבען, וועלכע האָט ארויס־געגעבען טאקי פונקט אזעלכע פאָטערס און מוטערס, ברידער און שוועסטער, זיהן און טעכטער, פעטערס און מוהמעס, פלימעניקעס און פלימעניצעס, ווי זיי זיינען אויסגעדריקט אין די פערוואנדשאפטס־סיסטעמען פון די אמעריקאנער אינדיאנער און פון די פעלקער אין אלט־אינדיען. דאָרט, נעמליך, אין האוואַי, וואוינען ווירקליך א סך ברידער צוזאמען אין איין פאמיליען־לעבען מיט א סך ווייבער. די ווייבער וויעדער זיינען שוועסטערן צווישען זיך. אלע ברידער (צווישען זיך) זיינען די שותפות'ע מענער פון די אלע ווייבער. אלע שוועסטערן (צווישען זיך) זיינען די שותפות'ע ווייבער פון די אלע מענער. די מענער מיט די ווייבער מוזען אָבער זיין פרעמדע, ניט קיין שוועסטער און ברידער. אלזאָ, זיינען ווירקליך אלע פעטערס פון טאטען'ס צד די שותפות'ע טאטעס פון אלע זייערע קינדער און אלע מוהמעס פון דער מאמע'ס צד זייערע שותפות'ע מאמעס. און אלע געשוועסטערקינדער וואס זייערע פאָטערס זיינען ברידער צווי־שען זיך אָדער וואס זייערע מוטערס זיינען שוועסטער צווישען זיך, זיינען אין דער ווירקליכקייט, לויט נאָך די פאָרמע פון זייער פאַ־מיליען־לעבען, טאקי שוועסטער און ברידער מיט אנאנדער, פונקט ווי עס איז אויסגעדריקט אין יענע פערוואנדשאפטס־סיסטעמען. אָבער די שותפות'ע טאטעס, ווי געזאָגט, טאָרען ניט זיין קיין ברידער צו די שותפות'ע מאמעס; דאָס הייסט ברידער און שוועסטער זיינען ניט קיין מאן און ווייב. אלזאָ, שטימט דאָס וויעדער מיט דעם סיס־טעם פון קרובים'שאפט ביי די אינדיאנער און אינדיער, וואו נאָר דער מאמע'ס שוועסטער איז א מאמע אָבער ניט דעם טאטען'ס שוועסטער, און נאָר דעם טאטען'ס ברודער איז א טאטע און ניט דער מאמע'ס ברודער.

פון דעם איז צו זעהען, אז דאָס וואָס ביי די אינדיאַנער פון אַמעריקא און ביי פיעלע אַנדערע פעלקער פון אַלע עקען וועלט האַלטען זיך מענשען פאַר אַזעלכע סאָרט קרובים, כאָטש לויט זייער היינטיגע פאָרמע פון פאַמיליען־לעבען זיינען זיי דאָס ניט — דאָס ציינט, אז אַמאָל האָבען זיי טאַקי געלעבט אין אַזאַ פאָרמע פון פאַמיליען־לעבען. פונקט ווי די איינגעבוירענע פון האוואַאי האָבען טאַקי געלעבט נאָך מיט אַ קורצע צייט צוריק. ביי די אינדיאַנער און די אַנדערע איז דיזע פאָרמע פון פאַמיליען־לעבען שוין אונטערגעגאַנגען, אָבער געבליעבען איז נאָך דיזעלבע סיסטעם פון קרובים'שאַפט. מען איז שוין ניט מעהר אַזעלכע סאָרט קרובים, אָבער מען האַלט זיך נאָך פאַר אַזעלכע קרובים.

אָבער, מערקווירדיג! אין האוואַי גילט ווידער אַן אַנדער פערוואַנדשאַפטס־סיסטעם, וואָס שטימט ווידער ניט מיט די פאָרמע פון דעם ווירקליכען פאַמיליען־לעבען, וואָס בעשטעהט דאָרט!

דאָרטען, נעמליך, רעכענען זיך שוין אַלע געשוועסטערקינדער, אָהן אויסנאַהמע, פאַר שוועסטער און ברידער צווישען זיך, — אויך די וואָס איינעמס פאָטער מיט דעם אַנדערנס מוטער זיינען שוועסטער און ברידער. זיי גילטען אַלס שותפות'ע אייגענע קינדער ניט בלויז פון זייערע מוטערס און פון די שוועסטערן פון זייערע מוטערס, און ניט בלויז אַלס די קינדער פון זייערע פאָטערס און פון די ברידער פון זייערע פאָטערס, נאָר זיי גילטען אַלס די אייגענע קינדער אי פון אַלע ברידער אי פון אַלע שוועסטערן פון זייערע פאָטערס אַזוי גוט ווי פון זייערע מוטערס. דאָס איז דאָך ווידער ניט לויט ווי דאָס פאַמיליען־לעבען איז דאָרטען אין דער ווירקליכקייט, וואָרים, ווי געזאָגט, אייגענע שוועסטער און ברידער זיינען דאָרט אויך ניט צוזאַמען קיין מענער און ווייבער.

וואָס ציינט דאָס? דאָס ציינט, אז דאָרטען, אין האוואַאי, איז ווידער אַמאָל בעשטאַנען נאָך אַן אַנדערע, אַ נאָך־ניעדעריגערע פאָרמע פון פאַמיליען־לעבען. דאָס סיסטעם פון קרובים'שאַפט ביי די אינדיאַנער פון אַמעריקא ציינט, האָבען מיר געזעהען, אז אַמאָל איז ביי זיי ווירקליך בעשטאַנען אַזאַ פאָרמע פון פאַמיליען־לעבען, אַזוי ווי מיר געפינען זי נאָך טאַקי אין האוואַאי. אַלזאָ, ציינט ווידער

דאָס סיסטעם פון קרובים׳שאַפט, וואָס גילט היינט (דאָס הייסט מיט א קורצע צייט צוריק) אין האוואאי, — צייגט ווידער דאָס, אַז אַמאָל איז בעשטאַנען נאָך אַ פריהערדיגע פאָרמע פון פאַמיליען־לעבען: אַזאַ פאָרמע האָט מען אפילו נאָך ניט געפונען אין ערגעץ היינט, אָבער אמאָל האָט זי געמוזט בעשטעהן, ווייל ווען ניט, וואָלט ניט געקענט ארויסקומען אַזאַ פערוואַנדשאַפטס־סיסטעם.

„די פאַמיליע", זאָגט מאָרגאַן, „איז דאָס אקטיווע עלעמענט (אַ זאַך וואָס ריהרט זיך, ענטוויקעלט זיך); זי שטעהט קיינמאָל ניט שטיל, נאָר ענטוויקעלט זיך פון אַ ניעדעריגערע פאָרמע צו אַ העכערע, אין דערזעלבער מאָס ווי די געזעלשאַפט ענטוויקעלט זיך פון ניעדעריגערע שטופען צו העכערע. דאַגעגען די פערוואַנדשאַפטס־סיסטעמען זיינען פּאַסיוו (ווערען בעווירקט, אָבער ווירקען אליין ניט); נאָר נאָך לאַנגע צייטען ענדערען זיי זיך און אין זייערע ענדערונגען דריקט זיך אויס די פאָרטשריטע, וואָס די פאַמיליע האָט אין פערלויף פון דער צייט געמאַכט. די פערוואַנדשאַפטס־סיסטעמען ווערען נאָר דאַן גרינדליך געענדערט, ווען די פאַמיליע האָט זיך שוין לאַנג גרינדליך געענדערט".

צו דעם לייגט קאַרל מאַרקס צו: „און אַזוי איז עס אויך מיט די פּאָליטישע, יוריסטישע, רעליגיעזע, פילאָזאָפישע סיסטעמען איבערהויפּט".

די פאָרמע פון דער פאַמיליע האַלט אין איין פערענדערען זיך; דאָס פערוואַנדשאַפטס־סיסטעם אָבער ווערט פערהאַרטעוועט. די סיסטעם פון קרובים׳שאַפט בלייבט פון געוואוינהייט ווייטער בעשטעהן, די פאַמיליען־פאָרמע אָבער וואַקסט ארויס דערפון.

ווען דער ערד־פאָרשער קוואוויע האָט געפונען אין פּאַריז אין דער ערד ביינער פון אַ חיה, האָט ער פון דעם אויסזעהען פון די ביינער זיך ארויסגענומען, אַז דאָס איז פון אַ מין חיה וואָס הייסט ביימיל־טהיר און פון דעם האָט ער זיך מיט זיכערהייט געדרונגען, אַז דאָרטען האָבען אמאָל געלעבט בייטעל־טהירע, וואָס זיינען אויסגעשטאָרבען. מיט פּונקט אַזאַ זיכערהייט קענען מיר פון אַ פערוואַנדשאַפטס־סיסטעם, וועלכע איז געבליעבען ביי געוויסע פעלקער פון אַלטע צייטען, זיך ארויסנעהמען, אַז אמאָל איז בעשטאַנען אַזאַ פאַר־

מע פון פאמיליען־לעבען, וואס פאסט צו אזא פערוואנדשאפטס־סיס־
טעם, נאר עס איז שוין אונטערגעגאנגען.

די אויבען־בעשריעבענע פערוואנדשאפטס־סיסטעמען און פאמי־
ליען־פארמען זיינען אנדערש ווי די היינטיגע דערמיט, וואס יעדעס
קינד האט איין זיי מעהרערע פאטערס און מוטערס. ביי דעם פער־
וואנדשאפטס־סיסטעם פון די אינדיאנער אין אמעריקא, וועלכע שטימט
מיט דער פאמיליען־פארמע פון די האוואאי'ער, קענען ברודער און
שוועסטער ניט זיין פאטער און מוטער פון דעמזעלבען קינד. דאס
פערוואנדשאפטס־סיסטעם פון די האוואאי'ער אבער איז לויט אזא
פאמיליען־פארמע, אין וועלכער עס איז דוקא דער רעגעל, אז שוועס־
טער און ברודער זיינען פאטער און מוטער פון דיזעלבע קינדער. דאס
אלעס שטעלט אונז פאר א רייהע פאמיליען־פארמען, וועלכע זיינען
דירעקט אנדערש ווי די היינטיגע פארמען פון פאמיליען־לעבען, וואס
מען האט געמיינט, אז זיי זיינען אלע מאל אזוי געווען און קיינמאל
ניט אנדערש. די געוועהנליכע מיינונג איז, אז עס איז קיינמאל ניט
געווען קיין אנדערע פאמיליען־פארמע ווי די איינצעל־עהע, חוץ נאר
וואס אמאל האט איין מאן געהאט א סך ווייבער; מען גיט בלויז
צו, אז עס האט אויך געטראפען דאס איין ווייב האט געהאט א סך
מענער. אז אין אמת'ן קוקען זעהר א סך מענשען איבערהויפט גאר
ניט אויף דיעזע גרענעצען פון פאמיליען־מאראל, וואס די אפיציע־
לע געזעלשאפט האט געשטעלט; אז שווייגענדיג אבער אהן צוריק־
האלטונג טרעט מען דאס איבער — דערפון מאכט מען זיך ניט־ווי־
סענדיג; ווי עס פאסט דעם פיליסטער וועלכער האט ליעב צו מאכען
א מאראלישען אנשטעל.

ווען מען פארשט אבער אין די אור־געשיכטע, געפינט מען, אז
עס זיינען געווען צייטען, ווען מענער האבען געהאט א סך ווייבער
און זייערע ווייבער האבען אין דערזעלבער צייט געהאט א סך מע־
נער און זייערע קינדער זיינען דעריבער געווען בשותפות זייערע אלע־
מענס. און דיעזע צושטענדע, געפינט מען, האבען זיך אויף פער־
שיעדענע ארטען געענדערט, ביז זיי זיינען אין גאנצען פערשוואונ־
דען געווארען און אויף זייער ארט איז אויפגעקומען די איינצעל־
עהע.

אויף וועלכען אַרט זיינען דיעזע ענדערונגען צוגעגאַנגען? אָט אויף דעם אַרט:

גאָר אין אָנהויב האָבען זעהר אַ סך מענשען געלעבט צוזאַמען אין איין געמיינזאַמען עהע־באַנד. דער פאַמיליען־פערבאַנד האָט ארומגענומען וויטע קרייזען. ביסלעכוויין זיינען דיעזע קרייזען געוואָרען אַלץ ענגער און ענגער, דורך דעם וואָס אַלץ מעהר און מעהר פערוואַנדטע זיינען אויסגעשלאָסען געוואָרען און האָבען ניט געטאָרט געהערען צו דעמזעלבען פאַמיליען־פערבאַנד. אַזוי איז עס געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער, ביז עס איז ניט מעהר געבליעבען ווי די איינצעל־עהע, דאָס איינציגע פּאָר פאָלק (מיט זייערע קינדער), וואָס היינט איז די פאַמיליע.

מיט דעם וואָס מאָרגאַן האָט אויף אַזא אופן אויפגעבויט צוריקוועגס די ענטוויקלונג פון דער פאַמיליע, קומט ער צו אַן אָנפאַנג, וואו עס האָט געהערשט אונבעגרענצטער געשלעכטס־פערקעהר צווישען אַלע מענער און פרויען אין דעם שטאַם: יעדע פרוי האָט אָנגעהערט אַלס פרוי צו יעדען מאַן און יעדער מאַן איז געווען אַ מאַן צו יעדער פרוי. אַז אַזוי איז אַמאָל געווען, איז אויך די מיינונג פון די מעהרצאָהל פאָרשער אין דיעזען געגענשטאַנד. אַז גאָר אין אָנהויב איז געווען אַזא צושטאַנד, האָט מען שוין גערעדט אין 18טען יאָהרהונדערט. אָבער מען האָט דאָס נאָר אויסגעדריקט אין אַלגעמיינע רעדענס־אַרטען, אָהן אַ טאָלק. ערשט באַכאָפען האָט דיעזען געדאַנק גענומען ערנסט און האָט געזוכט שפּורען פון אַזא צושטאַנד אין די היסטאָרישע און רעליגיעזע אַלטע שריפטען. דאָס איז איינס פון באַכאָפען'ס גרויסע פערדיענסטען. היינט ווייסען מיר, אַז די שפּורען, וואָס באַכאָפען האָט צוזאַמען־געזוכט, צייגען אין אמת'ן ניט אויף אַזא מדרגה פון געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג, וואו עס איז געווען הפקר ניאוף, געשלעכטס־פערקעהר אָהן שום רעגעל, נאָר דאָס צייגט אויף אַ פיעל שפּעטערע שטופע, וואו עס איז געווען גרופּען־עהע. יענע גאָר ערשטע געזעלשאַפטס־שטופע, וואו עס איז גאָר אין גאַנצען קיין שום עהע ניט געווען, נאָר רעגעללאָזער געשלעכטס־פערקעהר — אויב עס איז ווירקליך געווען אַמאָל אַזוי — האָט געמוזט זיין אַזוי ווייט, ווייט צוריק, אַז עס איז שווער צו ערוואַרטען מען זאָל נאָך היינט ערגעץ געפינען אַזעלכע ווילדע, וואָס לעבען נאָך

אזוי, אַלס ד י ר ע ק ט ע ן בעוויז, אַז עס איז אַמאָל געווען אַזאַ צו־שטאַנד. באַכאָפען'ס פערדיענסט בעשטעהט עבען אין דעם, וואָס ער האָט דיעזע פראַגע געשטעלט אין פאָדערגרונד פון דער אונטער־זוכונג.*)

היינטיגע צייטען איז עס געוואָרען אַ מאָדע צו לייקענען, אַז עס איז אַמאָל געווען אַזאַ אָנפאַנגס־שטופע פון דעם מענשליכען געשלעכטס־לעבען גאָר אָהן שום רעגעלמעסיגקייט. מען וויל דער מענשהייט דיעזע „שאַנדע" פערשפּאָרען. מען טענה'ט, אַז ערשטענס איז ניטאָ קיין שום דירעקטער בעוויז אַז אַמאָל האָבען מענשען ער־געץ אַזוי געלעבט, צווייטענס ברייננגט מען אַ ראיה פון די חיות, וועלכע פאָרען זיך אויך אין בעשטימטע פאָרען און לאָזען ניט צו איי־נע צו די אַנדערע קיין „פרעמדע".

דער פאָרשער לעטורנאָ האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ סך פאַקטען פון דעם לעבען פון חיות (אין זיין בוך „ענטוויקלונג פון הייראַטה און פאַמיליע", 1888), נאָך וועלכען ער בעווייזט, אַז אַ דורכאויס אונ־גערעגעלטער געשלעכטס־פערקעהר איז ביי חיות אויך נאָר צו גע־פינען ביי די פון אַ ניעדעריגער שטופע.

פון די אַלע פאַקטען קען איך מיר אָבער נאָר ארויסנעהמען, אַז וועגען דעם מענשען און זיינע פערהעלטניסע אין נאָר די ערשטע שטור־

*) ווי וויניג באַכאָפען האָט פערשטאַנען וואָס ער האָט ענטדעקט, אָדער גיכער וואָס ער האָט זיך משער געווען, בעווייזט ער מיט דעם, וואָס ער רופט דיעזען גאָר ערשטען צושטאַנד „ה ע ט ע ר י ז מ ו ס". דאָס איז אַ גרי־כיש וואָרט. די פאַרציטיגע גריכען האָבען אַזוי גערופען די זינד פון מע־נער, אונפערהייראַטהע אָדער פערהייראַטהע וואָס לעבען אין איינצעל־עהע, מיט אונפערהייראַטהע פרויען (זנות). דאָס אָבער בעדייטעט שוין, אַז עס איז שוין איינגעפיהרט אַ געוויסע פאָרמע פון עהע, וואָס אויסערהאַלב איהר קומט דאָס פאָר אַזעלכע זינד. דאָס שליסט שוין איין די פּראָסטיטוציאָן ווענינגסטענס אַלס מעגליכקייט. אין קיין אַנדערן זין איז דיעזעס וואָרט נאָך קיין מאָל ניט געברויכט געוואָרען און אין דיעזען זין געברויך איך עס מיט מאָרגאַן'ען. באַכאָפען האָט געמאַכט העכסט בעדייטענדע ענטדעקונ־גען, אָבער ער האָט זיי איבעראַל ביז צום אונגלויבליכסטען מיסטיפיצירט דורך זיין איינבילדונג, אַז די בעציהונגען פון מאַן און ווייב ווי זיי האָ־בען זיך אין דער געשיכטע ענטוויקעלט, האָבען זיך גענומען פון די פער־שיעדענע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען פון די מענשען, ניט פון זייערע ווירק־ליכע לעבענס־פערהעלטניסע.

פע פון זיין ענטוויקלונג בעווייזען דיעזע פאַקטען אבסאָלוט גאָר ניט. דאָס וואָס ווירבעל־טהירע (חיות וואָס האָבען א ווירבעל,א רוקען־ביין צוזאמענגעשטעלט פון רינגען, א „שדרה") לעבען צוזאמען פּאָר־ווייז א לענגערע צייט, ערקלערט זיך גענוג אוים פיזיאָלאָגישע אור־זאכען: פויגלען, למשל, לעבען צוזאמען אין פּאָרען דערפאַר, ווייל אין דער צייט ווען די „זי" זיצט איבער די אייער, וואָלט זי ניט געקענט לעבען, ווען זי וואָלט ניט געהאט קיין „ער" וואָס טראָגט איהר צו שפּייז און בעשיצט זי. דאָס וואָס ביי פויגלען קומען פאָר ביישפּיע־לע פון טרייער מאָנאָגאמיע (איין מאַן מיט איין ווייב) בעווייזט גאָר ניט פאר די מענשען, ווייל די מענשען קומען ניט אַרוים פון פויגלען. ווען שטרענגע מאָנאָגאמיע איז די העכסטע מדרגה פון גוטע מידות, דאַן פערדיענט דעם העכסטען פּרייז דאפיר דער באנד־וואָרם: דיעזער וואָרם האָט פון 50 ביז 200 פּראָגלאָטידען, דאָס הייסט אָבטהיי־לונגען פון זיין קערפּער, און אין יעדען פון דיעזען טיילען קערפּער האָט ער אי א מענליכען אי א ווייבליכען געשלעכטס־אפּאראט און זיין גאנצע לעבענסצייט פערברענגט ער דערמיט, וואָס אין יעדען פון דיעזע אָבטהיילונגען זיינע „בעמאַנט" ער זיך אליין. עס איז אלזאָ ניט אמת, אז ביי די חיות איז וואָס העכער זייער מדרגה אין דער ענטוויקלונג, אלץ מעהר זיינען זיי מאָנאָגאם. דער באנד־וואָרם איז דוקא פון די ניעדעריגסטע מדרגות אין דער ענטוויקלונג פון חיות. (א הויך־ענטוויקעלטער מין חיות הייסען אזעלכע, וואָס זייער קערפּער איז א קאָמפּליצירטע מאשינעריע און וואָס האָבען העכערע גייסטינע איינגעשאפטען.)

זאָלען מיר אָבער נעהמען אין בעטראכט בלויז זייג־טהירע (אזעל־כע וואָס גיבען זייערע קינדער צו זויגען), געפינען מיר ביי זיי אַלע פּאָרמען פון געשלעכטס־לעבען: גאָר אָהן א רעגעל; עטוואס עהנ־ליך צו גרופּען־עהע (א געוויסע צאָהל ער'ם לעבען צוזאמען מיט א געוויסע צאָהל זי'ם און לאָזען קיין אנדערע צו זיי ניט צו), פיעל־ווייבעריי, איינצעל־עהע; נאָר פיעל־מענעריי פעהלט. דאָס האָבען נאָר מענשען געקענט בעווייזען.

אפילו די מענשענס נאָהענטסטע קרובים, די „פיער־הענדיגע" (אפען, מאַלפּעס, אבעזיאנעס, מאָנקים) צייגען אונז אַלע מעגליכע פערשיעדענהייטען אין דעם צוזאמען־לעבען פון זכרים מיט נקבות.

און ווען מיר ווילען ציהען נאָך ענגערע גרענצען און נעהמען אין בעטראַכט נאָר די פיער סאָרטען אפען, וואָס זיינען אַם שטאַרקסטען עהנליך צו מענשען, געפינען מיר, אז לעטורנאָ ווייסט ווענען זיי נאָר צו מעלדען, אז א טייל זיינען זיי מאָנאָגאַם, א טייל פּאָליגאַם. און סאָוסיר (ביי זשיראָ־טעולאָן) בעהויפּטעט, אז זיי זיינען מאָנאָגאַם.

נאָר אין די נייע צייט (1891) איז אַרוים אַ בוך אין ענגליש, „די געשיכטע פון די מענשליכע הייראַטה“, פון וועסטערמאַרק, ברייננט ער נייע בעהויפּטונגען וועגען די מאָנאָגאַמיע פון די מענשען־עהנ־ליכע אפען. אָבער אויך זיינע פאַקטען זיינען נאָך לאַנג ניט קיין בעווייזע. בקיצור, די נאַכריכטען וועגען דעם לעבען פון חיות זיינען אַזעלכע, אז דער עהרליכער לעטורנאָ זאָגט אליין, אז „איבריגענס זעהט מען ביי די זייג־טהירע ניט, אז וואָס העכער זיי שטעהען אין גייסטינער ענטוויקלונג, אַלץ מעהר זאָל ביי זיי דאָס געשלעכטס־לעבען זיין מאָנאָגאַם.“

אלזא, דאָס וואס פערשיעדענע פאָרשער מעלדען וועגען דעם גע־שלעכטס לעבען ביי חיות צייגט, אז מען ווייסט אזוי גוט ווי גאָר ניט בעשטימטעס וועגען די פאַמיליען־גרופּען און אַנדערע געזעל־ליגע פערבינדונגען פון די מענשען־עהנליכע אפען. איין נאַכריכט מעלדעט דירעקט פערקעהרט ווי די אַנדערע. און דאָס איז גאָר קיין וואונדער ניט. אז אפילו וועגען דעם לעבען פון מענשען, פון ווילדען סאָרט, איז שווער צו דערגעהן דאָס ריכטיגע; איין פאָרשער מעל־דעט אזוי, דער אַנדערער פונקט פערקעהרט; מען מוז פריהער זיי־ערע נאַכריכטען דורכזיפען און קריטיש אונטערזוכען, איידער מען קען פון זיי עטוואס ארויסנעהמען אַלס ריכטיג; הייגט א פשיטא שוין די נאַכריכטען וועגען דעם געזעלשאַפטס־לעבען פון אפען: אפען־געזעלשאַפטען זיינען זעהר פיעל שווערער צו בעאָבאַכטען ווי מענש־ליכע. אלזא, ביז עס וועלען אמאָל בעוויזען ווערען זיכערע פאקטען וועגען דעם, קענען מיר דערווייל ניט אָננעהמען דאָס וואָס מען וויל זיך דריננען פון די נאַכריכטען, אויף וועלכע מען קען זיך אבסאָלוט ניט פערלאָזען.

דאַגעגען אָבער געפינען מיר, אז דער פאָרשער עספינאַס, אין זיין בוך „וועגען דעם געזעלשאַפטס לעבען ביי חיות“ (1877), זאָגט אזוי:

„די סטאַדע איז די העכסטע פאָרמע פון געזעלשאַפטס לעבען, וואָס מיר קענען זעהען ביי חיות. עס דאַכט זיך, אז די סטאַדע איז צוזאַמענגעשטעלט פון פאַמיליען (פון פאַרלעך, ער׳ם און זי׳ם). אין אמת׳ן אָבער שטעהען פון אָנפאַנג אָן די פאַמיליע און די סטאַדע אין ווידערשטרייט. זיי ענטוויקלען זיך אין אומגעקעהרטען פערהעלטנים“. וואָס ער מיינט מיט דעם, ערקלערט ער אזוי:

וואו די זכרים פערבינדען זיך דויערענד מיט געוויסע נקבות און לאָזען ניט צו צו זיי, צו זייערע נקבות, קיין אנדערע זכרים, דאָרט האסען זיך די זכרים איינע די אנדערע און שלאָגען זיך ארום. זיי מוזען דעריבער זיין דערווייטערט איינע פון די אנדערע. דארום איז זיי שווער זיך צו פעראייניגען אין סטאַדעס. זייער פאַמיליען־צוגעבונדענקייט האַלט די פאַמיליען אָבגעזונדערט איינע פון די אנדערע. אזעלכע חיות לעבען דעריבער גיכער אין קליינע פאַמיליען־גרופּקעלעך איידער אין גרויסע סטאַדעס.

עספינאַס בעווייזט דעריבער, אז:

„וואו חיות לעבען שטאַרק צוגעבונדען אין פאַמיליען, דאָס הייסט וואו יעדער זכר האַלט זיך פעסט צוזאַמען מיט איין נקבה — דאָרט טרעפט זיך נאָר זעלטענע אויסנאַהמען, אז זיי זאָלען זיך פעראייניגען אין גאַנצע סטאַדעס. דאַגעגען ביי אזעלכע חיות, ביי וועלכע עס פערבינדען זיך ניט קיין ער׳ם און זי׳ם אין דויערענדע פערבינדונגען, נאָר עס איז ביי זיי א פרייער געשלעכטס־פערקעהר, אָדער פּאָליגאַמיע, ענטשטעהט א סטאַדע כמעט פון זיך זעלבסט... אז עס זאָל קענען ווערען א סטאַדע, מוזען די צובינדונגען פון דער פאַמיליע לויז געמאַכט ווערען און די איינצעלנע חיה מוז זיין צוריק פריי... דעריבער געפינען מיר ביי די פויגלען אזוי זעלטען אָרגאַניזירטע סטאַדעס... ווייל ביי זיי פערבינדען זיך זכרים און נקבות דויערענד... ביי די זויג־טהירע דאַגעגען געפינען מיר אייניגערמאַסען אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטען גראַדע דעריבער, ווייל ביי זיי ווערט די איינצעלנע חיה ניט פערשלונגען אין דער פאַמיליע... אלזא, ווען עס ערוועקט זיך א געפיהל פון א סטאַדע־געמיינשאַפט קען דיעזער געפיהל קיין גרעסערען שונא ניט האָבען, ווי דעם געפיהל פון פאַמיליען־געמיינשאַפט. מיר קענען מיט פולען רעכט אויסשפּרעכען, אז וואו עס ענטוויקעלט

זיך א העכערע געזעלשאפטס־פארמע ווי די פאמיליע, קען דאס נאר געשעהען דאדורך, וואס דער העכערער פערבאנד נעהמט אויף אין זיך פאמיליען, וועלכע האבען דורכגעמאכט א גרינדליכע פערענדערונג. שפעטער קענען זיי אבער גראדע דורך די פעראייניגונג אין גרעסערע געזעלשאפטען געפינען א מעגליכקייט צו גרינדען פאמיליען אונטער פיעל בעסערע אומשטענדען."

דא זעהען מיר אלזא, אז סטאדע און פאמיליע זיינען ביי די העכער ענטוויקעלטע חיות ניט צוויי זאכען וואס העלפען זיך איינע די אנדערע, נאר פערקעהרט, זיי שטערען זיך. עספינאס בעווייזט זעהר שעהן, ווי דאס וואס די זכרים זיינען אייפערזיכטיג צוגעבונדען צו זייערע נקבות אין דער בריהונגס צייט, דאס שוואכט אב דאס געזעלליגע לעבען אין דער סטאדע אדער בינדט זי צייטווייליג פונאנדער.

דא ציינט זיך, אז אמת איז טאקי, דאס פון די געזעלשאפטען פון חיות קען מען זיך ארויסנעהמען בעווייזע אויף די נאטור פון מענשען — אבער נאר נעגאטיווע בעווייזע (וואס ציינען, אז עס איז ג י ט ווי מען מיינט, דאס מאנאגאמיע איז ביי העכערע חיות א נאטור־זאך).

ביי די העכערע ווירבעל־טהירע זיינען דא, אזוי ווייט ווי מיר וויסען, נאר צוויי סארטען פאמיליען־לעבען: פיעלווייבעריי און איינצעל־פאריג. אין ביידע ווערט נאר צוגעלאזען איין ערוואקסענער זכר, איין „מאן". דאס וואס דער זכר איז אייפערזיכטיג און לאזט קיין אנדערע ניט צו, — וואס דאס טהוט אויף ביידעס, אי עס בינדט צו די פאמיליע, אי עס לאזט ניט צו זי זאל ארייננעהמען מעהר חיות אין זיך, — דאס מאכט, אז די פאמיליע זאל זיין א שטערונג פאר דער סטאדע. דורך די אייפערזוכט פון די זכרים צווישען זיך קענען זיך קיין גרעסערע מאסען ניט פעראייניגען. זיי קלעפען צו שטארק אין דער פאמיליע. דורך דעם ווערט די העכערע סארט געזעלשאפט, די סטאדע, דא אונמעגליך, דארט אבגעשוואכט אדער אויפגעבונדען אין דער צייט פון פארען זיך. אין בעסטען פאל ווערט געשטערט די ווייטערע ענטוויקלונג פון די העכערע סארט געזעלשאפט, פון די סטאדען.

דאס אליין בעווייזט שוין אז די מענשליכע אור־געזעלשאפט האט

זיך ניט געקענט פערטראגען מיט אזא פאמיליען־לעבען ווי ביי חיות; אז די ערשטע מענשען, וואס האבען זיך ארויסגעארבייט פון חיה'שען צושטאנד, האבען ענטוועדער גאר ניט געקענט קיין פאמיליע, אדער העכסטענס האבען זיי געהאט אזא פאמיליען־לעבען, ווי עס קומט ביי חיות ניט פאר.

אזא חיה ווי דער מענש איז געווען ווען ער האט ערשט אנגע־הויבען צו ווערען מענש — א חיה וואס איז ניט געבוירען מיט קיין נאטירליכע געוועהר ווי די נעגעל און צייהן פון אנדערע חיות, די הערנער פון בהמות און אזוי ווייטער, — אזא שוצלאזע חיה וואלט זיך ניט געקענט ענטוויקלען, ווען זי וואלט געווען צוגעבונדען אין דער קליינער פאמיליע און דאס וואלט איהר געשטערט זיך צו פער־בינדען אין גרויסע סטאדעס.

גאר אין אנפאנג, קען זיין, האבען זיי זיך יא געקענט ווי עס איז דורכשלאגען אויך ווען זיי האבען געלעבט פאר זיך, אויך ווען זייער העכסטע פארמע פון צוזאמענלעבען איז נאר געווען די פארונג פון זכרים און נקבות אין פאר־זיך'דיגע פאמיליען, — ווי וועסטער־מארק זאגט, אז די מענשען־עהנליכע אפען, די גארילא און די שימ־פאנזע, לעבען, לויט די בעריכטען פון יעגערס. אבער שפעטער, ווען די מענשען האבען זיך געזאלט ענטוויקלען ארויס פון דער חיה'שקייט; ווען זיי האבען געזאלט אויספיהרען דעם גרעסטען פארטשריט וואס געפינט זיך נאר אין דער נאטור, האבען זיי געמוזט האבען דערצו א נייעם עלעמענט: זיי האבען געמוזט קריגען דורך פעראייניגטע קראפט און דורך צוזאמען־ווירקען אין א סטאדע די פעהיגקייט צו פערטהיידיגען זיך, — וואס איינציגנוייז און אין איינציגע פאמי־ליען האבען זיי ניט געקענט האבען. ווען זיי וואלטען געלעבט אין אזעלכע פערהעלטניסע ווי די, אין וועלכע די מענשען־עהנליכע אפען לעבען היינט, וואלט פשוט ניט געווען צו ערקלערען, ווי זיי האבען געקענט ווערען פון חיות מענשען. דיעזע אפען מאכען גיכער דעם איינדרוק ווי א צווייג־מין, וואס איז אראב פון וועג פון דער ענט־וויקלונג, און זיי נעהען אויפ'ן וועג צום אויסשטארבען און יעדענ־פאלס געהען זיי אין דער ענטוויקלונג אראבצו. דערפאר טאקי הא־בען זיי זיך ניט מעהר געקענט ענטוויקלען צו ווערען מענשען. דאס

אליין איז גענוג, אז מען זאָל פון זייער לעבען ניט קענען ברייגנען קיין שום בעווייז אויף די נאטור פון מענשען.

אום צו קענען ווערען פון חיות מענשען, האָבען די מענשען גע־מוזט לעבען אין גרויסע סטאַדעס. און אום צו קענען לעבען אין אזעלכע גרויסע און דויערנדע סטאַדעס, אין וועלכע עס זאָל זיך קע־נען ענטוויקלען די מענש־ווערונג פון די חיה, האָבען די ערשטע זאַך די דערוואקסענע זכרים געמוזט קענען זיך פערטראָגען איינע די אנדערע און זיין פריי פון אייפערזוכט.

און ווירקליך, וואָס געפינען מיר אלס די עלטסטע, גאָר ערש־טע פאָרם פון פאמיליע, וועלכע מיר קענען בעווייזען אונבעשטרייט־באר אין דער געשיכטע און וועלכע מיר קענען נאָך היינט שטודירען ביי ווילדע פעלקער? מיר געפינען די גרופען־עהע, די פאָרמע, אין וועלכער גאנצע גרופען פון מענער און גאנצע גרופען פון פרויען בע־זיצען זיך איינע די אנדערע. אין אזא צוזאמענלעבען איז נאטיר־ליך דאָ ווייניג פלאַץ פאר אייפערזוכט. און ווייטער געפינען מיר, אויף א שפּעטערע ענטוויקלונגס־שטופע, אלס אויסנאהמע, די פאָר־מע פון פיעל־מענעריי. אזא פאָרמע פון צוזאמענלעבען לאָזט דאָך אודאי ניט צו קיין אייפערזוכט. ביי אזעלכע מינים חיות, ביי וועל־כע עס איז יאָ דאָ אייפערזוכט, איז טאקי אזא סאָרט לעבען — פיעל מענעריי — אונבעקאנט.

אלזאָ, פון די חיות וויל מען בעווייזען, אז פון נאטור האָט דער מענש ניט געקענט לעבען אין קיין אונגערעגעלטען געשלעכטס־פער־קעהר; אָבער דוקא פון בעטראכטען דאָס לעבען פון די חיות קומען מיר צוריק צו דעם פּונקט. דען מיר זעהען ביי די חיות, אז די פון זיי, וואס האָבען א שטאַרקע אייפערזוכט, לעבען ניט אין קיין שום סאָרט גרופען־עהע. ביי מענשען אָבער זעהט מען דאָך יאָ גרופען־עהע. אלזאָ, איז דאָך פון נאטור ביי מענשען אזא אייפערזוכט ניט געווען. טאָ האָט דאָך שוין געקענט זיין אונגערעגעלטער געשלעכטס־פערקעהר אויך. און עס איז וואהרשיינליך טאקי געווען. דען מיר זעהען, אז וואו די גרופען־עהען בעשטעהען נאָך, דאָרט עקזיסטירען מערקווירדיגע פערוויקעלטע פערוואנדשאפטס־סיסטעמען, פון וועלכע מען קען זיך זיכער ארויסנעהמען, אז פריהער זיינען געווען איינפאַ־כערע פאָרמען פון געשלעכטליכען פערקעהר. פון דעם קען מען זיך

אַנשטויסען, אז נאָך פריהער, גאָר אין אָנהויב, ווען דער איבערגאַנג פון חיה'שאפט צו מענשליכקייט איז פאָרגעקומען, איז געווען גאָר אן אונגערעגעלטער געשלעכטס־פערקעהר, ווי עס איז געווען נאַטירליך פאר דיזען צושטאנד, ווי מיר האָבען שוין גערעדט.

וואָס הייסט דען אייגענטליך אונגערעגעלטער געשלעכטס־פער־קעהר? הייסט דען דאָס, אז מען איז געווען אריינגעטהאָן אין זנות, אין ניאוף, אָהן שום רעגעלמעסיגקייט, אָהן שום אָבהאַלט, אָהן שום פראַגע ווען און ווער מיט וועמען? ניין. דאָס הייסט נאָר, אז די רעגלען און פערבאָטען, וואָס עקזיסטירען היינט אין די דאָזיגע זאכען, אָדער וואָס האָבען עקזיסטירט אין א פריהערדיגע צייט, האָבען דעמאָלט, נאָך פריהער, ניט געגאָלטען. די איינהאַלטונג, וואס די אייפערזוכט שטעלט, האָבען מיר שוין געזעהען, אז זי איז אמאָל ניט געווען. אויב איין זאָך איז זיכער, איז עס דער פאַקט, אז די איי־פערזוכט איז א געפיהל וואָס האָט זיך ענטוויקעלט שפּעטער, פער־העלטניסמעסיג. דאָס זעלבע קען מען זאָגען פון דעם בעגריף פון די בלוט־שאַנדע (דאָס הייסט, אז עס איז א זינד דאָס נאָהענטע קרובים זאָלען האָבען געשלעכטס־פערקעהר מיט אַנאַנדער). גאָר אין אָנהייב זיינען ברידער און שוועסטער געווען מאַן־און־ווייב. (דאָס איז דאָך פאָרגעשטעלט אין די לעגענדע פון אדם הראשון'ס זיהן אויך: וועמען האָבען זיי געקענט נעהמען פאר ווייבער, אויב ניט אייגענע שוועסטערן? — א י ב ע ר ז.) און ניט נאָר שוועסטער און ברידער, נאָר אויך עלטערן און קינדער. (דאָס שטעלט דאָך פאָר די לעגענדע פון לוט און זיינע טעכטער. — א י ב ע ר ז.)

נאָך היינט זיינען דאָ מענשען, ביי וועלכע דאָס איז ערלויבט. דער פאָרשער באנקראָפט (אין זיין בוך „די איינגעבוירענע ראַסען פון דעם פאַסיפישען ים־ברעג אין נאָרד אמעריקא“, 1875, ערשטער טייל), בעווייזט, אז אזוי איז ביי די קאַוויאַטס, לעבען דער בעהרינג שטראַסע (דעם טייך צווישען אלאַסקא און סיביר), ביי די קאַדיאַקס אין אלאַסקא, ביי די טיננעהס אין ענגליש־נאָרד אמעריקא. לעטור־נאָ בעווייזט דאָס זעלבע פון די טשיפּעוואַ אינדיאַנער, פון די קוקוס אין טשילי, פון די קאַראַיבען און די קאַרענס אין הינטער־אינדיען. שוין ניט צו רעדען פון דעם וואָס די פערצייטיגע גריכען און רוימער

דערצעהלען וועגען די פארטהער, די פערזער, די סיטהען, די הוננען און אזוי ווייטער.

די בלוט שאנדע איז א שפעטערע ערפינדונג, — און טאקי זעהר א ווערטהפולע. אבער איידער דיעזע ערפינדונג איז געמאכט געווארען, האבען די ווילדע מענשען עס ניט געפיהלט פאר שרעקליך, אז עלטערן און קינדער זאלען האבען געשלעכטס־פערקעהר — עס האט ביי זיי ניט געקענט זיין מעהר שרעקליך, ווי דער פערקעהר צווישען אנדערע אלטע און יונגע. און אז מענשען האבען חתונה מיט אזעלכע, וואס האבען שוין געקענט זיין זייערע באבעס און זיידעס קומט דאך נאך היינט פאר אפילו אין די לענדער, וואו מען האלט עס פאר שרעקליך צו זינדיגען אין אזעלכע זאכען, — און מענשען ווערען דערפון גאר ניט אויפגעבראכט. עס טרעפט זיך אפילו, אז אלטע „מיידען" פון איבער זעכציג האבען חתונה, אויב זיי זיינען נאר גענוג רייך, מיט יונגע מענער פון אונגעפעהר דרייסיג. (ווען דיעזע איבערזעצונג ווערט געשריעבען, מעלדען די צייטונגען פון א פרוי פון עטליכע־און־זעכציג יאהר אין ניו יארק, וואס פערקלאגט א יונגען מאן פון 19 יאהר פאר ברעכען זיין פערשפרעכען צו הייראטהען!)

ביי די עלטסטע פאמיליען־פארמען, וועלכע זיינען אונז בעקאנט, איז שוין דא דער בעגריף פון בלוט־שאנדע, — אבער ער איז דאך נאך ביי זיי גאנץ אנדערש פון אונזער היינטיגען בעגריף פון בלוט־שאנדע און איז אפט דירעקט געגען איהם: — היינט לאמיר זיך פארשטעלען א צייט, ווען אזוי פיעל בעגריף פון בלוט־שאנדע, ווי עס איז דא ביי די ניעדעריגע פאמיליען־פארמען וואס מיר קענען, איז נאך אויך ניט געווען — דאן קומען מיר צו א פארמע פון געשלעכטס־פערקעהר, וואס קען אנגערופען ווערען „אונגערעגעלט". אונגערעגעלט אזוי וויים, אז עס זיינען נאך ניט בעשטאנען די איינהאלטונגען, וואס זיינען ערשט שפעטער אויפגעקומען דורך די געוואוינהייטס־מאראל. דאס הייסט אבער ניט דוקא, אז עס איז בסדר געווען א גרויסע צומישעניש אין די דאזיגע זאך. עס האט זעהר גוט געקענט זיין, אז אויף א צייט האט זיך איין מאן געפארט מיט איין פרוי און קיין אנדערען און אנדערע האבען זיי איבער דער צייט ניט צוגעלאזט. אפילו אין די גרופען־עהע, וואס בעשטעהט נאך היינט ביי ווילדע, איז דאס

אויך ס'רוב דער פאַל: צווישען אַלע מענער און ווייבער, וואָס וואוי־נען אַלס פערהייראטהע אַלע צוזאַמען, קלייבען זיך אָב אויף אַ צייט פּאָרלעך.

וועסטערמארק, דער נייעסטער אַבלייקענער פון אַן אמאַליגען אונ־געדעגעלטען צושטאַנד, נעהמט אָן, אַז וואו נאָר איין מאַן מיט איין פרוי פּאָרען זיך אַפילו אויף אַ קורצע צייט און בלייבען געפּאָרט, ביז דאָס קינד ווערט געבוירען, איז דאָס שוין אַן עהע, שוין ניט קיין אונגערעגעלטער געשלעכטס־פערקעהר. אויב דאָס איז אַן עהע, האָט אין דעם צושטאַנד, וועלכען מיר רופען אונגערעגעלטען, אויך געקענט פּאָרקומען דיעזע אַרט עהע. אָבער דאָך איז דאָס אַן אונגערעגעלטער צושטאַנד דאַרום, ווייל עס זיינען נאָך ניט געווען די פערבאָטען, וועד מיט וועמען עס טאָר ניט האָבען קיין געשלעכטס־פערקעהר — די פערבאָטען, וואָס די זיטע (די מנהג־מאָראַל) האָט שפּעטער גע־מאַכט.

וועסטערמארק פיהרט אַפילו אַלע זיינע טענות לויט זיין אננאַה־מע, אַז אונגערעגעלטקייט אין געשלעכטס־פערקעהר הייסט, אַז עס איז ניטאָ קיין בעזונדערע ליעבע פון איין מאַן דוקא נאָר צו איין גע־וויסע פרוי, און פערקעהרט, נאָר אַלע זיינען פּאַר אַלעמען גלייך. ביי איהם קומט אַלזאָ אויס, ווי ער זאָגט, אַז נאָר די עכטע פאָרמע פון אונגערעגעלטען געשלעכטס־פערקעהר איז די פּראָסטיטוציאָן. אָבער מיר שיינט, אַז ווען מען וויל בעטראַכטען די אור־צושטענדע פון דער מענשהייט דורך די ברילען פון היינטיגע שאַנד־הייזער, קען מען יענע צושטענדע גאָר ניט אָנהייבען צו פערשטעהן. ניין, ניט קיין היינטיגע פּראָסטיטוציאָן איז געווען דאָס אונגערעגעלטע גע־שלעכטס־לעבען פון נאָר די ערשטע צייטען פון די מענשליכע ענט־וויקלונג, וואָס מיר נעהמען אָן אַז עס איז געווען. עס האָבען געקענט זיין איינצעל־פּאָרונגען אויף אַ צייט, נאָר קיין שום רעגלען זיינען ניט געווען, וועד מיט וועמען מעג זיך פּאָרען און וועד מיט וועמען טאָר ניט. מיר וועלען פון דעמזעלבען פּונקט נאָך רעדען, ווען מיר וועלען בעהאַנדלען די גרופּען־עהע.

* * *

נאָך מאָרגאַן'ס מיינונג האָט זיך פון דיעזען צושטאַנד פון אונ־גערעגעלטען פערקעהר וואַהרשיינליך שוין פריה אַרויס־ענטוויקעלט:

**1. די בלוט־פערוואנדשאפטס־פאמיליע; די ערשטע שטופע פון פאמיליע.**

אין דיעזער סארט פאמיליע געהט עס צו אזוי: אלע זיידעס מיט די באבעס אין דער פאמיליע זיינען אלע צוזאמען מאן און ווייב. דאס זעלבע זיינען אויך זייערע קינדער, — די פאטערס מיט די מוטערס. ז י י ע ר ע קינדער ווידער, דער דריטער דור, וועלען ווידער זיין א דריטער קרייז פון מענער־און־ווייבער צוזאמען. און זייערע קינדער, די אור־אייניקלעך פון די ערשטע, וועלען זיין א פירטער קרייז אזוינער. דא זיינען אלזא די עהע־גרופען אבגעטהיילט נאך די דורות נאך. פערבאטען איז דא נאר דער געשלעכטס־פער־קעהר צווישען די מענשען פון איין דור און די פון אן אנדער דור. זיידעס און אייניקלעך, עלטערן און קינדער האבען איינע צו די אנדע־רע ניט די רעכטע און די פליכטען (ווי מיר ואלטען געזאגט) פון דער עהע. ברידער און שוועסטער, קוזינס און קוזינקעס פון ערש־טען, צווייטען און ווייטערע גראדען זיינען אלע ברידער און שוועס־טער מיט אנאנדער און ט א ק י ד א ר ו ם זיינען זיי אלע מאן־און־ווייב מיט אנאנדער. אויף דיעזער שטופע פון דער מענשליכער ענטוויקלונג פיהרט זיך, אז די וואס זיינען שוועסטער און ברידער זיינען שוין דערמיט ממילא מאן־און־ווייב איינע פאר די אנדערע.*)

*) דער גרויסער מוזיק־קאמפאזיטאר און דיכטער ריכארד וואגנער שטעלט פאר, אין זיין אפערא „ניבעלונגען" ווי די „געטער" שרייען אויס: „איז דאס ווען געהערט געווארען, אז א ברודער זאל זיין שוועסטער ארומנעהמען אלס זיין כלה?" דיעזע געטער וואגנער'ס מאכען זיך נעמליך זייערע ליעבעס־אינטריגען פיקאנטער דורך א ביסעל בלוט־שאנדע, גאנץ נאך אונזערע היינטיגע מאדעס. קארל מארקס, אין א בריעף פון פריהלינג 1882, בייזערט זיך זעהר שטארק אויף דיעזער פאר־שטעלונג וואגנער'ס; ער שרייט, אז דאס איז די פאלקאמענע פערפעלשונג פון די אור־געשיכטע. אויף די דערמאנטע פראגע פון די „געטער" ענט־פערט מארקס: „אין דער אורצייט א י ז די שוועסטער ג ע ו ו ע ן די פרוי און דאס איז געווען זיטליך". — (צושריפט אין דער פירטער אויפ־לאגע:) א פראנצויזישער פריינד אונזערער, א פערעהרער וואגנער'ס, איז ניט דיעזער בעמערקונג ניט איינפערשטאנען. ער בעמערקט, אז שוין אין די פארצייטיגע לעגענדען־שריפטען פון די נארוועגיער, אין די „עדדא"ס, אין די עלטערע פון זיי, אין דער שריפט „עגיסדרעקקא", אויף וועלבער וואגנער האט געבויט דיעזע אפערא, ווערט אויך פארגעשטעלט, ווי דער

אַזאַ סאָרט פאַמיליע אין איהר טיפּיטשנע פאָרמע איז בעשטאַנען (אַזוי מוז מען זיך פאָרשטעלען) פון מענשען וואָס זיינען ארויסגעקומען פון איין פּאָר. די מענשען פון יעדען דור צווישען זיך זיינען ברידער און שוועסטער און דארום גופא זיינען זיי איינע צו די אַנדערע מענער און ווייבער. דאָס איז וואָס מאָרגאַן רופט די בלוט־פערוואַנדשאַפטס־פאַמיליע.

גאָט לאָקי וואַרפט פאָר די געטין פריאַ: „פאַר די געטער אין די אויגען אומאַרמסט דו דעם אייגענעם ברודער!" אַלזאָ, זעהט מען דאָך, אַז שוין דעמאָלט איז געווען פערבאָטען די עהע צווישען ברודער און שוועסטער, זאָגט אונזער פריינד. אָבער די עדדא־שריפט עגיסדרעקקאַ איז דער אויסדרוק פון אַ צייט, ווען דער גלויבען אין די אַלטע מיטהען איז שוין געווען אין גאַנצען געבראָכען. זי איז פאָלשטענדיג אַ שפּאָט־ליעד אויף די געטער, אַזוי ווי דער שפּאָט פון דעם פּאַרצייטיגען גריכען לוציאַן אויף די גריכישע געטער. לאָקי ווערט דאָרטען פאָרגעשטעלט אַלס אַ מעפיסטאָ. און ווען ער מאַכט דער פריאַ אַזאַ פאָרוואורף, איז דאָס גיכער אַ בעווייז געגען וואַגנער. אויך זאָגט לאָקי אייניגע פערזען ווייטער: „מיט דיין שוועסטער האָסט דו געהאַט אַזאַ זוהן". אין די „אינגלינגס זאַגאַ" (פון דיזעלבע סקאַנדינאַווישע שריפט) זאָגט ניערדהר, אַז אין וואַנאַ־לאַנד פיהרט זיך, אַז שוועסטער און ברידער האָבען צוזאַמען חתונה און ביי די אַזען ניט. וואַנען זיינען איין סאָרט געטער, אַזען אַן אַנדער סאָרט.) דאָס קען זיין אַ צייכען, אַז די וואַנען זיינען געטער פון אַ פריהערע צייט ווי די אַזען. ער אַליין איז אַפילו ניט קיין אַזע, נאָר אַ וואַנע. יעדענפאַלס האָט ניערדהר געלעבט צווישען די אַזען אַלס זייער גלייכען. אַלזאָ, איז די עגיסדרעקקאַ גיכער אַ בעווייז, אַז אין דער צייט פון דער ענטשטעהונג פון די נאָרוועגישע געטער־זאַגען האָט מען ניט געפיהלט קיין אָבשטויסונג פאר די געשוויסטער־עהע, ווייניגסטענס צווישען געטער. ווען מען וויל וואַגנער'ן ענטשולדיגען, וואָלט מען פיליכט בעסער געטהאָן, אז אנשטאט צו ברייגען אַ בעווייז פון די עדדא, זאָל מען בעסער ברייגען אַ ראיה פון געטהע, וועלכער מאַכט אויך אַן עהנליכען פעהלער אין זיין באַלאַדע פון דעם גאָט און די באַיאַדעראַ: דען דאָס וואָס פרויען גיבען זיך איבער צו מענער אַלס אַ רעליגיעזע צערעמאָניע מאָהלט ער אַלס אַ זינדיגקייט אַזוי ווי די היינטיגע פראָסטיטוציאָן, וואס עס איז אויך היסטאָריש פאַלש.

**(איך וועל מיר ערלויבען דאָ צו דערמאָנען דעם פאקט, אַז אין תנ"ך איז גאַנץ קאַלטבלוטיג דערצעהלט, ווי דוד המלך'ס זוהן אַמנון פערליעבט זיך אין זיין שוועסטער תמר און זי זאָגט צו איהם: „בעט ביים טאַטען, איך בין זיכער, ער וועט דיר ניט אָבזאָגען מיך דיר צו געבען"... — א י נ ע ר ז.)**

די בלוט־פערוואנדשאפטס־פאמיליע איז אונטערגעגאנגען. אפילו ביי די רויהעסטע פעלקער, פון וועלכע די וועלט־געשיכטע דערצעהלט, געפינט מען ניט קיין ביישפיעל דערפון. אבער אז אמאל האט אזא סארט פאמיליען־לעבען געמוזט זיין, דאס זיינען מיר געצוואונגען אנצונעהמען, ווען מיר בעטראכטען דאס פערוואנדשאפטס־סיסטעם אין האוואאי, וועלכעס איז נאך גילטיג אין גאנץ פאלינעזיען, און וועלכעס דריקט אויס פונקט אזא בלוט־פערוואנדשאפט, ווי זי האט נאר געקענט ענטשטעהן אונטער אזא פימיליען־פארם. די גאנצע ווייטערע ענטוויקלונג פון די פאמיליע צווינגט אונז אנצונעהמען, אז אזא פארמע האט געמוזט זיין איהר פאר־שטופע. פון די בלוט־פערוואנדשאפטס־פאמיליע ענטוויקעלט זיך דאן

2. די פונאלוא־פאמיליע.

מיר האבען געזעהען, אז דער ערשטער פארטשריט איז בעשטאנען אין דעם, וואס עס איז געווארען איינגעפיהרט, אז עלטערן מיט זייערע קינדער זאלען קיין געשלעכטס־פערקעהר ניט מעהר האבען; דער צווייטער פארטשריט ווידער איז בעשטאנע אין דעם, וואס צווישען שוועסטער און ברודער איז דאס אויך פערבאטען געווארען. דיעזער פארטשריט איז געווען זעהר פיעל וויכטיגער, אבער אויך שווערער ווי דער ערשטער, ווייל שוועסטער און ברידער זיינען פון גלייכען עלטער, אונגעפעהר. דיעזער פארטשריט איז אויסגעפיהרט געווארען ביסלעכוויז; וואהרשיינליך האט ער זיך אנגעהויבען מיט דעם, אז לייבליכע שוועסטער און ברידער, דאס הייסט פון דער מוטער'ס צד, האבען ניט מעהר געהאט קיין געשלעכטס־פערקעהר; פריהער אין איינצעלנע פאלען און ביסלעכוויז איז עס געווארען אלגעמיינער רעגעל (אין האוואאי זיינען נאך אין 19טען יאהרהונדערט פארגעקומען אויסנאהמען); און צום סוף איז פערבאטען געווארען אפילו געשוועסטערקינדער און גליעד־געשוועסטערקינדער צו הייראטהען צוזאמען, וארים ביי די דאזיגע מענשען האבען אלע געשוועסטערקינדער געהייסען שוועסטער און ברידער.

ווי אזוי איז געקומען דיעזער פארטשריט? מארגאן זאגט, אז דאס איז געקומען דורך די „נאטירליכע אבקלייבונג“. דאס הייסט, אז עס איז געווען נאטירליך, וואס די מענשען, וועלכע האבען אויפגעהערט צו האבען געשלעכטס־פערקעהר צווישען פערוואנדעטע, זיי־

נען אָבגעקליעבען געוואָרען צו בלייבען איבערלעבען אַנדערע מענ־שען, ווייל זיי זיינען געווען געזינטער און שטאַרקער. נאָך דאַרווין'ס לעהרע האָבען אויך אַזאַ אופן זיך ענטוויקעלט אַלע וויכטיגע איי־גענשאַפטען און פאָרמען פון לעבעדיגע בעשעפעניש — אַלץ דורך די נאַטירליכע אָבקלייבונג: ווייל עס איז געווען נאַטירליך, אַז עס זאָלען זיך אָבקלייבען די סאָרטען, וואָס האָבען געהאַט אין זיך אַזעל־כע אייגענשאַפטען און פאָרמען, וואָס האָבען זיי גענוצט צו מאַכען זיי שטאַרקער אין דעם קאַמפף פאַר'ן לעבען — איז געווען נאַטיר־ליך, אַז דיעזע סאָרטען זאָלען זיך אָבקלייבען און אַריבערלעבען אַנ־דערע. די אַנדערע זיינען גיכער אונטערגעגאַנגען און די האָבען זיך אָבגעקליעבען צו בלייבען עקזיסטירען. זאָגט מאָרגאַן, אַז מיט די מענשען, וואָס האָבען זיך צוגעוואוינט ניט צו האָבען קיין געשלעכטס־פערקעהר צווישען בלוט־פערוואַנדטע איז אויך אַזוי געווען. ער זאָגט, אַז דאָס איז „אַן אויסגעצייכענטער ביישפּיעל, ווי די נאַטירליכע אָבקלייבונג ווירקט". דען עס איז קיין פראַגע ניט, אַז אַזעלכע מענ־שען־שבטים, וואָס ביי זיי איז געוואָרען דורך דיעזען פאַרשריט ווייניגער געשלעכטס־פערקעהר צווישען קרובים, האָבען זיך געמוזט ענטוויקלען געשווינדער און בעסער ווי די, ביי וועלכע עס איז געווען א רעגעל און א געבאָט, אַז שוועסטער און ברידער זאָלען זיין מאַן און ווייב. און ווי געוואַלטיג מען האָט דערפיהלט די ווירקונג פון דיעזען פאָרטשריט, בעווייזט דער פאַקט, אַז דירעקט פון איהם איז אַרויסגעקומען (ווי מיר וועלען שפּעטער באַלד בעטראַכטען) די איינ־ריכטונג פון די גענס, ביי וועלכער דער פערבאָט פון געשלעכטס־פערקעהר צווישען קרובים איז שוין צו ווייט פערגאַנגען. די גענס איז געוואָרען דער פונדאַמענט פון די געזעלשאַפטליכע אָרדנונג ביי די מעהרסטע — ווען ניט אַלע — באַרבאַרען־פעלקער פון דער וועלט. פון איהר קומט שוין אין גריכענלאַנד און אין רוים — גלייך דער איבערגאַנג אין ציוויליזאַציאָן.

אָבער מיר האַלטען דאָ נאָך ניט אַזוי ווייט. לאָמיר קודם בע־טראַכטען, ווי אַזוי איז צוגעגאַנגען דער איבערגאַנג פון די בלוט־פערוואַנדשאַפטס פאַמיליע אין די פּונאַלוּא־פאַמיליע?

די ערשטע פאַמיליען־פאָרם האָט זיך געמוזט אַמאָל צושפּאַלטען, שפּעטסטענס נאָך אַ פּאָר דורות. דען אַזאַ פאַמיליע האָט געהאַט אַ

קאָמוניסטישע הויזהאַלטונג, זי האָט געלעבט אין שותפות־אייגענטהום אין איין הויז. ביז מיטף אריין אין די מיטעל־שטופע פון באַרבאַריי איז עס אזוי געווען ביי אַלע מענשען־סאָרטען, אָהן אויסנאַהמע. און ביי אַזא סאָרט לעבען צוזאַמען קען דאָך די פאַמיליע ניט וואַקסען ביז אָהן, אַ שיעור און אָהן אַן ערך און דאָך בלייבען צוזאַמען אין איין הויז. אַמאָל מוז דאָך קומען אַ גרענעץ. ניט אומעדום איז די גרענעץ גלייך. דאָס איז פערשיעדען נאָך פערשיעדענע אומשטענדען. אָבער אומעדום מוז קומען אַ געוויסער מאָמענט, ווען מעהר קענען שוין ניט אריין אין איין פאַמיליען־געמיינשאַפט. דאַן שפּאַלטען זיך אָב אַ טייל און מאַכען אַ נייע הויז־געמיינשאַפט. (ניט אַלע מאָל האָט אַ הויז־געמיינשאַפט דוקא געמוזט בעשטעהן פון אַ פאַמיליען־גרופּע.) ווער אָבער האָט זיך אָבגעשיידט? אזוי באַלד ווי די מענשען האָבען געקראָגען אַ בעגריף, אַז עס דאַרף ניט זיין, דאָס קינדער פון איין מוטער זאָלען לעבען צוזאַמען ווי מאַן און ווייב, האָט דיעזער בעגריף נאַטירליך געמוזט ווירקען ביי די שפּאַלטונג פון אַלטע הויז־געמיינדען און ביי דער גרינדונג פון נייע, — דאָס האָט גע־מוזט ווירקען אַז אָבשיידען זאָלען זיך דערביי ד י ב ר י ד ע ר פ ו ן ד י ש ו ו ע ס ט ע ר. אין איין הויז־געמיינדע זיינען גע־בליעבען די שוועסטערן, — צי שוועסטערן בלויז פון איין דור, צי פון מעהרערע דורות, — און זיי זיינען געבליעבען דער קערן פון איין הויז־געמיינדע. זייערע לייבליכע ברידער וויעדער זיינען אַוועק אין אַן אַנדערע הויז־געמיינדע און זיינען געבליעבען דער קערן אין איהר. אזוי אָדער ענהליך איז פון די בלוט־פערוואַנדשאַפטס־פאַ־מיליע אַרויסגעקומען אַ נייע פאַמיליען־פאָרמע, וועלכע מאָרגאַן רופט אָן „פּונאַלוּא־פאַמיליע“.

פּונאַלוּא איז אַ וואָרט פון די שפּראַך פון די ווילדע פון האַוואַאי. דער טייטש דערפון איז: אינטימער הויז־שותף. אזוי האָבען זיך גערופען אין האַוואַאי די מענער, וואָס זיינען געווען צוזאַמען אין איין הויז די שותפות׳ע מענער פון אַלע זייערע שותפות׳ע פרויען. און אויך דיעזע פרויען האָבען זיך גערופען פּונאַלוּא. דאָס הייסט אַלזאָ אזוי פיעל ווי מ י ט ־ מ אַ ן און מ י ט ־ ו ו י י ב.

געפיהרט האָט זיך אין דיעזער פּונאַלוּא־פאַמיליען אזוי: אַלע ווייבער זיינען געווען שוועסטערן צווישען זיך, לייבליכע אָדער ווייי־

טערע, דאָס הייסט קוזינקעס פון ערשטען, צווייטען אָדער דריטען גראַד. זיי זיינען געווען די שותפות'ע פרויען פון זייערע שותפות'ע מענער. אָבער דיעזע מענער האָבען שוין געמוזט זיין דוקא נאָר פּרעמדע צו די פרויען, נים זייערע ברידער אָדער געשוועסטערקינ־דער. צווישען זיך האָבען דיעזע מענער געקענט זיין ברידער, צי געשוועסטערקינדער, אָדער נים. אָבער צו זייערע ווייבער האָבען זיי דורכאוים געמוזט זיין נים קיין בלוט־פערוואַנדטע. דיעזע שותפות'ע מענער פון איין הויז האָבען זיך, אויף דיעזער שטופע, שוין נים גערופען ברידער, נאָר פּונאַלוא. און אזוי האָבען ווידער אויך א סך ברידער, לייבליכע אָדער וויטערע, געהאַט א סך פרויען פאַר זייערע שותפות'ע ווייבער. די ווייבער האָבען געקענט זיין שוועס־טערן אָדער געשוועסטערקינדער צווישען זיך, אָבער צו זייערע מע־נער האָבען זיי שוין נים געטאָרט זיין קיין שוועסטערן אָדער גע־שוועסטערקינדער. און צווישען זיך האָבען זיי זיך נים מעהר גע־רופען שוועסטערן, נאָר אויך פּונאַלוא.

אזוי האָט אויסגעזעהען די דאָזיגע פאָרמע פון א פאַמיליע, אין איהר אונפערענדערטער געשטאַלט. שפּעטער האָבען זיך פון איהר ענטוויקעלט פערשיעדענע ענדערונגען. אָבער זיי אַלע האָבען גע־האָט דיעזען הויפּט־כאַראַקטער: אין א געוויסען פאַמילען־קרייז זיינען די ווייבער און מענער געווען בשותפות, אָבער די ברידער פון די ווייבער און די שוועסטערן פון די מענער, פריהער די לייבלי־כע דערנאָך אויך די וויטערע (דאָס הייסט געשוועסטערקינדער) האָ־בען זיך אין דעם קרייז פון שותפות'ע מענער־און־ווייבער נים געפונען.

און אָט דיעזע פאָרמע פון פאַמיליע גיט גאַנץ גענוי ארוים די אָרט קרובים'שאַפט ווי זי בעשטעהט נאָך ביי די אינדיאַנער אין אַמעריקא, כאָטש אזא סאָרט פאַמיליען־לעבען איז ביי זיי שוין ניטאָ. די קינדער פון מיין מוטער'ס שוועסטערן זיינען — ביי די דאָזיגע אינדיאַנער קרובים'שאַפט — נאָך אויך מיין מוטער'ס קינדער; אויך די קינדער פון מיין פאָטער'ס ברידער זיינען נאָך אויך מיין פאָטער'ס קינדער. און זיי אַלע זיינען מיינע שוועסטער און ברידער. אָבער די קינדער פון מיין מוטער'ס ברידער זיינען שוין נים איהרע קינ־דער, נאָר איהרע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס, און צו מיר זיינען דיעזע שוין נים מעהר קיין שוועסטער און ברידער, נאָר געשוועס־

טערקינדער. און אזוי זיינען אויך די קינדער פון מיין פאטער׳ס שוועסטערן ניט מעהר זיינע קינדער, נאר זיינע פלימעניקעס און פלי־מעניצעס און צו מיר זיינען זיי ניט קיין שוועסטער און ברידער, נאר געשוועסטערקינדער. דען בשעת די מענער פון מיין מוטער׳ס שוועס־טערן זיינען נאך אלץ ווייטער איהרע מענער אויך און די ווייבער פון מיין פאטער׳ס ברידער זיינען נאך זיינע ווייבער אויך — נאכ׳ן רעכט נאך, אויב ניט אימער אין דער ווירקליכקייט, — זיינען אבער מיין פאטער׳ס שוועסטערן שוין ניט זיינע ווייבער און מיין מוטער׳ס ברידער שוין ניט איהרע מענער. אלזא, די נייע איינפיהרונג, וואס האט פערבאטען שוועסטער און ברידער צו זיין מאן און ווייב, האט געמאכט, אז די געשוועסטערקינדער, וועלכע האבען זיך פריהער אלע, אהן אונטערשיעד, בעטראכט פאר שוועסטער און ברידער, האבען זיך איצט איינגעטיילט אין צוויי קלאסען: איין קלאס זיינען אלע קינדער פון אלע שוועסטערן און אלע קינדער פון אלע ברידער, — זיי בלייבען אלע ווייטער שוועסטער און ברידער צווישען זיך; די אנדערע קלאס זיינען די קינדער וואס פון איין זייט די פאטערס און פון דער אנדערער זייט די מוטערס זיינען זיך שוועסטער און ברי־דער: דיעזע קינדער צווישען זיך קענען ניט מעהר זיין קיין שוועס־טער און ברידער, ווייל זייערע פאטערס מיט זייערע מוטערס קענען שוין ניט זיין קיין מאן און ווייב; אלזא, קענען אזעלכע קינדער שוין ניט מעהר האבען קיין שותפות׳ע עלטערן, ניט דעם איינגענעם פאטער ניט די איינגענע מוטער, ניט ביידע. דעריבער איז שוין ביי אזא איינריכטונג פארהאנען צום ערשטען מאל די קלאסע קרובים, וואס רופען זיך פעטערס און פלימעניקעס, מוהמעס און פלימעניצעס, געשוועסטערקינדער און קוזינקעס, וואס ביי די פריהערדיגע פאמי־ליען־פארמען וואלט דאס קיין זין ניט געהאט.

ביי די אינדיאנער פון אמעריקא איז די דאזיגע סיסטעם פון קרובים׳שאפט, וואס פיהרט זיך ביי זיי, ניט צו בעגרייפען. ווארים וואו נאר עס איז דא וועלכע־עס־איז פארמע פון איינצעל־עהע האט דאך אזא סארט איינפיהר פון קרובים׳שאפט קיין שום זין ניט. וואס פאר א מחותן איז מיין טאטענ׳ס ברודער צו האלטען מיך פאר זיין זוהן אדער מיין מאמע׳ס שוועסטער — פאר איהר זוהן און זייערע קינדער צו האלטען מיך פאר זייער ברודער, וויבאלד אז מיין טאטע

מיט מיין מאמע וואוינען אין איינצעל־עהע? אבער די דאזיגע פור־נאלוא־פאמיליע פון האוואאי ערקלערט די דאזיגע סיסטעם פון קרובים'שאפט; זי שטימט מיט איהר געגוי און ריכטיג, אין אלע איינצעלהייטען. מען קען אלזא אננעהמען פאר זיכער, אז ביי די אלע סארטען מענשען, ביי וועלכע עס פיהרט זיך אט אזא סארט פערוואנדשאפטס־סיסטעם, האט אמאל געמוזט זיך פיהרען אזא סארט פאמיליען־לעבען ווי די פונאלוא־פאמיליע פון האוואאי, אדער עטוואס עהנליכעס, און פון דעם איז דאס נאך געבליעבען דיזעלבע סיסטעם פון פערוואנדשאפט, אפילו ווען די סארט פאמיליע איז שוין גע־ווען אונטערגעגאנגען.

וואהרשיינליך וואלט מען געפונען, אז ביי אלע ווילדע מענ־שען אין גאנץ פאלינעזיען איז אויך געווען איינגעפיהרט אזא סארט פאמיליען־לעבען, ווי עס האט זיך ארויסגעוויעזען, אז עס איז ווירק־ליך בעשטאנען אין האוואאי. נאר אלץ וואס מען פלעגט דערגעהן וועגען דיעזע מענשען איז געווען דערצעהלט פון די קריסטליכע מי־סיאנערען, וואס זיינען געקומען צו זיי פערשפרייטען דאס קריס־טענטהום, און דיעזע פרומע לייט האבען אין די זעהר־אונקריסטליכע פיהרונגען פון דיעזע מענשען ניט מעהר געקענט זעהען ווי „שווי־דערליכקייטען", פונקט ווי די אמאליגע שפאנישע גלחים האבען נאר דאס געזעהען אין די פיהרונגען פון די אינדיאנער אין אמעריקא. ווייל זיי האבען דאס בעטראכט פאר סתם שוידערליכע צולאזענ־הייט, האבען זיי ניט געקענט בעגרייפען, אז דאס איז אייגענטליך א געוויסע סיסטעם פון מאראל און א רעגעלמעסיגקייט, — א שטו־פע אין דער ענטוויקלונג פון די פאמיליע.

באכאפען מיינט, אז ער האט געפונען ביי מאנכע מענשען־סאר־טען א געשלעכטס־פערקעהר גאר אהן אונטערשיעד ווער מיט ווע־מען. ער רופט דאס „זומפף־פערקעהר". איצט אבער קען שוין קיין שום ספק ניט זיין, אז די שפורען פון אזא סארט לעבען פיהרען צו־ריק אין אזא גרופען־עהע, ווי די פונאלוא פאמיליע.

קארל מארקס בעמערקט דערצו: „ווען באכאפען געפינט אז דיעזע פונאלוא־עהען זיינען געווען געזעצלאז, וואלט אבער א מענש פון יענער מדרגה געפונען, אז די מעהרסטע היינטיגע עהען צווי־שען נאהענטע און ווייטע געשעוועסטערקינדער פון פאטער'ס אדער

מוטער׳ס צד זיינען זינדיגע, בלוט־שענדערישע („בלוט־שאנדע" הייסט פערבאטענער געשלעכטס־פערקעהר צווישען בלוט־פערוואנדטע), ווייל נאך זיין בעגריף, זיינען דאס פערבאטענע עהען צווישען בלוט־פערוואנדטע געשוויסטער".

און עס איז מערקווירדיג, אז פונקט ווי מען געפינט אזעלכע איינריכטונגען ביי אלע היינטיגע ווילדע מענשען, וואס לעבען נאך היינט אויף אזא שטופע, אויף אלע עקען פון דער וועלט, — אזוי געפינט מען אויך עהנליכעס אין פערצייטיגע בעשרייבונגען וועגען דעם לעבען פון די פערצייטיגע פארעלטערען פון די היינטיגע ציוויליזירטע מענשען.

צום ביישפיעל: יוליוס צעזאר (דער פערצייטיגער רוימישער קייזער) בעשרייבט דאס לעבען פון די בריטען (די ערשטע איינוואהנער פון ענגלאנד, מיט דריטהאלבען טויזענד יאהר צוריק). לויט זיין בעשרייבונג, האבען זיי זיך נאך דעמאלט געפונען אויף די מיטעל־שטופע פון בארבאריי. דערצעהלט ער וועגען זיי, אז „יעדע צעהן אדער צוועלף פון זיי האבען זייערע פרויען בשותפות, דאס זיינען ׳סרוב ברידער מיט ברידער און עלטערן מיט קינדער". דאס ערקלערט זיך אם בעסטען אלס גרופען־עהע. דיעזע ברידער אבער האבען ניט געקענט זיין דאס וואס מיר רופען ברידער, דאס הייסט פון איין מוטער. דען בארבארישע מוטערס האבען ניט קיין צעהן ביז צוועלף זיהן וואס זיינען אלע גענוג אלט צו קענען זיך האלטען געמיינשאפטליכע פרויען. דעריבער איז וואהרשיינליך אז אויך ביי יענע בריטען האבען זיך גערופען ברידער אלע קינדער פון אלע שוועסטערן אדער ברידער, אט טאקי פונקט ווי אין דעם פערוואנדשאפטס־סיסטעם פון די אינדיאנער אין אמעריקא, וואס שטימט מיט די פונאלוא פאמיליע פון האוואאי: ביי דיעזען סיסטעם זיינען דא א סך ברידער, ווייל אלע וויטע און נאהענטע געשוועסטערקינדער זיינען אויך ברידער. דאס וואס צעזאר זאגט וועגען „עלטערן מיט קינדער" מעג זיין, אז ער האט פאלש פערשטאנען. דאך איז אין דיעזען סיסטעם ניט אבסאלוט אונמעגליך, אז פאטער און זוהן אדער מוטער און טאכטער זאלען זיך געפינען אין דיזעלבע עהע־גרופע. אבער עס איז יא אונמעגליך, אז אין אזא גרופע זאלען זיך געפינען א פאטער און זיין טאכטער, אדער א מוטער און איהר זוהן.

און אַנדערער גאַנץ־פערצייטיגער רוימישער געשיכטע שרייבער, העראָדאָט, און אויך נאָך אַנדערע, בעשרייבען דאָס לעבען פון אַנ־דערע ווילדע און באַרבאַרישע פעלקער פון יענע צייטען און זיי מעל־דען אויך, אַז ביי זיי איז איינגעפיהרט ווייבער־געמיינשאַפט. אויך דאָס קען אַם לייכטעסטען ערקלערט ווערען דורך דיעזע אָדער עהנלי־כע גרופּען־עהע.

וועגען דעם פאָלק טיקורען, אין אווידה, אינדיען, מעלדען די פאָר־שער וואַסטאָן און קעיע (אין זייער בוך „די פעלקער פון אינדיען"), אַז „זיי לעבען צוזאַמען (געשלעכטליך) אין גרויסע געמיינשאַפטען, כמעט אָהן אונטערשיעד ווער מיט וועמען. און ווען צוויי לייטע גילטען אַלס מיט אַנאַנדער פערהייראַטה, איז זייער פערבינדונג אויך נאָר בלויז מיט'ן נאָמען, ניט אין דער ווירקליכקייט". אויך דאָס קען אַם לייכטסטען ערקלערט ווערען אַלס אַזאַ סאָרט גרופּען־עהע ווי די פּונאַלואַ פאַמיליע.

און דאָ קומען מיר צו די איינריכטונג פון די ג ע נ ס. (מעהר־צאָהל — גענטעס.)

אַ גענס איז געוועזען אַ גרעסערע משפחה פון מענשען, וואָס האָבען ניט אַלע געוואוינט צוזאַמען אַלס מענער און ווייבער. צו אַ גענס האָבען געהערט אַלע פערוואַנדטע, אַלע קרובים, פון פערשיעדענע הויז־געזינדען. ביי די מוטער־גענס זיינען דאָס געוועזען אַלע קרובים פון דעם צד פון די מוטערס. די מענער פון די ווייבער האָבען דאַן צו דער גענס ניט געהערט. די גענס־לייט פלעגען האָבען צוזאַמען געוויסע רעליגיעזע און געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען, ווי מיר וועלען ווייטער זעהען. אַלע פעלקער האָבען געהאַט אַזעלכע גענס־איינ־ריכטונגען.

עס שיינט, אַז אין די מעהרסטע פעלע איז דיעזע איינריכטונג אַרויסגעקומען פון די פּונאַלואַ־פאַמיליע. עס איז אָבער אמת, אַז אויך פון דעם סיסטעם פון קלאַסען־עהע, וואָס מען געפינט ביי די ווילדע אין אויסטראַליען, האָט אויך געקענט אַרויסקומען די איינ־ריכטונג פון די גענטעס. די אויסטראַליער האָבען גענטעס, אָבער נאָך קיין פּונאַלואַ־פאַמיליע, נאָר אַ רויהע פאָרמע פון גרופּען־עהע.

ביי אַלע פאָרמען פון גרופּען־עהע קען מען ניט וויסען ווער עס איז דער פאָטער פון אַ קינד; זיכער איז אָבער, ווער די מוטער איז.

כאָטש די מוטער רופט אַלע קינדער פון די שותפות'ע פאַמיליע איה־רע קינדער, ווייסט זי אָבער דאָך וועלכע צווישען זיי זיינען איהרע לייבליכע קינדער. עס איז אַלזאָ קלאָר, אַז וואו עס בעשטעהט גרופּען־עהע, קען מען נאָר וויסען פון וועמען מען שטאַמט פון דער מוטער'ס צד; די אָבשטאַמונג ווערט אַלזאָ נאָר אנערקענט פון דער ווייבליכער ליניע. דאָס איז ווירקליך דער פאַל ביי אַלע ווילדע און ביי אַלע פעלקער, וואָס געהערען צו די ניעדעריגע באַרבאַרען־שטופע.

באַכאָפען איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט דאָס ענטדעקט, און דאָס איז זיין צווייטער גרויסער פערדיענסט. ער רופט דאָס אָן „מוטער־רעכט". מיט דיעזען נאָמען בעצייכענט ער דאָס וואָס מען אנערקענט די אָבשטאַמונג נאָר פון דער מוטער און די רעכטע פון ירושה, וואָס זיינען מיט דער צייט דערפון ארויסגעקומען. דאָס וואָרט „מוטעררעכט" נעהם איך אָן און וועל דאָס בענוצען, צוליעב די קורצקייט דערפון. ריכטיג אָבער איז דער אויסדרוק ניט, ווייל אויף דיעזער שטופע פון געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג שיקט זיך נאָך ניט צו רעדען פון „רעכט" אין דעם יוריסטישען זין.

נו, אויף דיעזען מוטער־רעכט האָט זיך אויפגעבויט די ערשטע פאָרמע פון די גענס.

א גענס איז געווען די גאַנצע משפחה פון אַלע וואָס זיינען ארויס־געקומען פון איין מוטער. צו איין גענס האָבען געהערט די אַלע וואָס האָבען זיך גערופען ברידער און שוועסטער און עלטערן און קינדער ביי דיביידע מוטער־גרופען פון די פונאַלואַ־פאַמיליע: אַלע לייבליכע שוועסטערן און אויך ווייטע שוועסטערן, דאָס הייסט די געשוועסטערקינדער (פון ערשטען, צווייטען אָדער ווייטערן גראַד) וואס שטאַמען אָב פון לייבליכע שוועסטערן, און אַלע זייערע קינ־דער און לייבליכע ברידער פון מוטערס צד (וועלכע זיינען, לויט אונ־זער אָנגעהמונג, ניט זייערע מענער) — אָט די אַלע צוזאַמען זיינען געווען דער אומקרייז פון פערזאָנען, וואָס מען געפינט זיי שפּעטער אַלס די מיטגליעדער פון איין גענס, אין דער ערשטער פאָרמע פון דער גענס־איינריכטונג. זיי האָבען אַלע צוזאַמען איין שטאַם־מוטער; דורך דעם וואָס זיי שטאַמען אַלע פון דיעזער מוטער זיינען אַלע פרויען פון איין דור שוועסטערן צווישען זיך. די מענער פון דיעזע שוועסטערן קענען אָבער ניט מעהר זיין זייערע ברידער. אַלזאָ,

געהערען די מענער ניט אין דיעזער גרופּע קרובים (וואָס איז שפּעטער געוואָרען די גענס). די קינדער אָבער פון דיעזע פרויען געהערען יאָ אין דיעזער גרופּע קרובים, ווייל נאָר אָן דער מוטער׳ס צד איז עס געווענדט, צו וועלכער משפּחה א מענש געהערט, מחמת נאָר ווער די מוטער איז קען מען וויסען.

אזוי באַלד ווי עס איז געוואָרען א פעסטע איינפיהרונג, אז דער געשלעכטס־פערקעהר צווישען שוועסטער און ברידער און אויך צווישען קינדער פון שוועסטערן איז טרפה, האָט זיך דיעזע גרופּע מענשען, אלע וואָס שטאַמען פון איין מוטער און פון איהרע טעכ־טער, פערוואַנדעלט אין איין גענס, דאָס הייסט זיי האָבען זיך צו־זאַמענגעשטעלט אלס א פעסטער קרייזשאַק פון בלוט־פערוואַנדטע פון דער זייט פון די מוטערס, א קרייזשאַק וואָס די מיטגליעדער זיינע האָבען צווישען זיך ניט געטאָרט הייראַטהען. און פון דאַן אָן האָט זיך אזא גענס, אזא משפּחה־קרייזשאַק, בעפעסטיגט דורך אַלערליי געמיינשאַפטליכע איינריכטונגען, געזעלשאַפטליכע און רעליגיעזע, מיט וועלכע זיי האָבען זיך אונטערשיידעט פון אַנדערע אַזעלכע גענ־טעס פון דעם זעלבען שטאַם. וועלכע איינריכטונגען דאָס זיינען געווען, וועלען מיר רעדען אויספיהרליך שפּעטער.

מיר זעהען אַלזאָ, אז די גענס האָט זיך ענטוויקעלט פון די פּו־נאַלוא־פאַמיליע. דאָס האָט געמוזט אזוי זיין. דאָס איז זאָגאַר זעלבסטפערשטענדליך. אויף אזא אופן לייגט עס זיך דאָך אויפ׳ן שכל אָנצונעהמען, אז ביי אַלע פעלקער, ביי וועלכע עס קען בעוויעזען ווערען, אז זיי האָבען געהאַט גענטיל־איינריכטונגען, איז כמעט זי־כער פריהער בעשטאַנען א פאַמיליען־פאָרמע ווי די פּונאַלוא. און גענטיל־איינריכטונגען האָבען געהאַט כמעט אַלע באַרבאַרישע און קולטור־פעלקער.

מאָרגאַן האָט בעהויפּטעט, אז דוקא נאָר אַזעלכע איינריכטונגען האָבען אַמאָל געמוזט זיין ביי אַלע מענשען, איידער עס איז געקומען צו דער פאַמיליע פון איין פּאָר. הייגט ווייסט מען, אז דאָס איז שוין אביסעל צו ווייט געגאַנגען. ווען מאָרגאַן האָט זיין בוך געשריעבען, האָבען די פאָרשער נאָך זעהר ווייניג געוואוסט וועגען די גרופּען־עהען פון פערשיעדענע ווילדע. מען האָט געוואוסט עפּעס וועגען די גרופּען־עהע פון די ווילדע פון אויסטראַליען, וועלכע איז אָרגאַניזירט

אין קלאסען (ווי עס איז שוין געווען ערקלערט). אויך האט שוין מארגאן געהאט אבגעדרוקט, נאך אין יאהר 1871, די נאכריכטען וואס מען האט אויס צוזאמענגעשיקט וועגען די פונאלוא־פאמיליע אין האוואאי. לויט דיעזע פונאלוא־פאמיליע האט זיך פאלשטענדיג ערקלערט די פערוואנדשאפטס־סיסטעם פון די אינדיאנער אין אמעריקא. דאס איז פון איין זייט. און מארגאן האט דאס געמאכט פאר דעם אויס־גאנגס־פונקט פון אלע זיינע אונטערזוכונגען. פון דער אנדערער זייט האט זיך געציינט קלאר, ווי פון די פונאלוא־פאמיליע האט זיך ענט־וויקעלט די גענס־איינריכטונג, די וואס רעכענט זיך נאך די מוטער. און דיעזע גענס־איינריכטונג איז שוין א ווייט העכערע ענטוויקלונגס־שטופע ווי די קלאסען־פאמיליע פון דיווילדע אין אויסטראליען. בעטראכטענדיג דאס אלעס, קען מען שוין בעגרייפען, פאר וואס מאר־גאן האט אנגענומען, אז דוקא נאר די פונאלוא־פאמיליע איז אומע־דום, ביי אלע מענשען, געווען אן ענטוויקלונגס־שטופע, וועלכע האט געמוזט בעשטעהן איידער עס האט געקענט קומען צו א פארונגס־עהע.

אבער היינט ווייסט מען, אז אין דעם פונקט איז מארגאן צו ווייט געגאנגען. דען היינט איז מען שוין דערגאנגען, אז ביי מאנכע ווילדע מענשען זיינען דא נאך אנדערע פארמען פון גרופען־עהע, אנ־דערע ווי די פונאלוא פארמע. אבער דאך האט מארגאן געהאט דעם מזל, וואס ער האט אויסגעפונען, אז די פונאלוא־פאמיליע איז געווען די בעסטע פארמע פון גרופען־עהע, די פארמע, פון וועלכער עס לאזט זיך ערקלערען אם איינפאכסטען, ווי אזוי עס האט געקענט קומען פון איהר צו דעם איבערגאנג צו א העכערער פארמע פון פאמיליען־לעבען.

היינט, ווי געזאגט, ווייסען מיר שוין פון נאך אנדערע פאר־מען פון גרופען־עהע. דעם וויכטיגסטען טייל פון דיעזע נייע קענט־ניסע האט געבראכט דער ענגלישער מיסיאנער לארימער פייזאן. ער האט דאס יאהרען־לאנג שטודירט דארטען, וואו דיעזע איינריכ־טונגען געפינען זיך אויף'ן דייטליכסטען ארט, — אין אויסטראליען. די ניעדעריגסטע ענטוויקלונגס־שטופע פון גרופען־עהען האט ער גע־פונען ביי די אויסטראל־נעגער ביים בארג גאמביער אין זיד אויס־טראליען. ביי זיי איז דער גאנצער שטאם געטיילט אין צוויי גרויסע

קלאַסען, איין קלאַס הייסט „קראָקי“, די אַנדערע „קומיטע“. דער געשלעכטס־פערקעהר צווישען מענער און פרויען פון איין קלאַסע איז שטרענג פערבאָטען. דאַגעגען איז יעדער מאַן פון איין קלאַס דער געבוירענער מאַן פון יעדער פרוי פון דעם אַנדערן קלאַס און יעדע פרוי פון איין קלאַס איז די געבוירענע ווייב פון יעדען מאַן פון דעם אַנדערן קלאַס. ניט די איינצעלנע מענשען זיינען מיט אַנאַנדער פערהייראַטה, נאָר די גאַנצע קלאַסען, אַ קלאַס מיט אַ קלאַס. און דאָ איז אין ערגעץ ניט געמאַכט קיין אונטערשיעד צווישען אַן עלטערן דור און אַ יונגערען אָדער צווישען פערשיעדענע גראַדען פון בלוט־פערוואַנדשאַפט, — אַלע מענגען האָבען געשלעכטליכען פערקעהר מיט אַלעמען, אַבי נאָר ניט פון די אייגענע קלאַסע. אַ קראָקי האָט יעדע קומיטע־פרוי פאַר זיין רעכטמעסיגע ווייב.

אַזוי ווי זיין אייגענע טאָכטער, אַלס טאָכטער פון אַ קומיטע־פרוי, איז, נאָך מוטער־רעכט, אויך אַ קומיטע, קומט הפּנים אויס, אַז אַ קראָקי'ס אייגענע טאָכטער איז אויך די געבוירענע ווייב פון יעדען קראָקי, אַלזאָ אויך פון איהר אייגענעם פאָטער? וויינינגסטענס דורך די קלאַסען־אָרגאַניזאַציאָן, לויט ווי זי עקזיסטירט ביי דיעזע מענשען, איז דאָס ניט געשטערט.

עס ווערט אָבער ניט בעריכטעט, אויב עס איז טאַקי אַזוי — אויב אַ פאָטער פון איין קלאַס קען ביי דיעזע מענשען ווירקליך האָבען געשלעכטס־פערקעהר מיט אַ טאָכטער פון אַנדערען קלאַס, וועלכע קען דאָך זיין זיין אייגענע טאָכטער. אויב יאַ, דאַן איז דיעזע סאָרט איינריכטונג אַ גאַנץ אַנדערע ווי אַלע די פאָרמען פון פאַמיליען־לעבען, וואָס זיינען אויבען בעטראַכט געוואָרען. וואָרים אויבען האָבען מיר דאָך גערעדט, אַז גאָר אין אַנהייב, ווען עס איז קיין שום רעגעל נאָך ניט געוועזען אין די דאָזיגע זאַכען, איז קיין שום פערבאָט אין גאַנצען ניט געוועזן. און דאָ זעהען מיר שוין אַ פערבאָט פון געשלעכטס פערקעהר אין דער זעלבער קלאַסע. וויעדער האָבען מיר אויבען געזעהען, אַז די ערשטע בעשרענקונג איז געוועזען אין דער „בלוט־פערוואַנדשאַפטס־פאַמיליע“; ביי דיעזער איינריכטונג אָבער האָבען שוין עלטערן מיט קינדער ניט געקענט האָבען קיין פערקעהר. אויב אַלזאָ אין די קלאַסען־איינריכטונג פון די אויסטראַליער איז דאָס ניט פערבאָטען, פּאַסט דיעזע איינריכטונג ניט אַריין אין

די גאנצע ענטוויקלונג פון פאמיליע, ווי זי איז אויבען פארגעשטעלט געוואָרען.

אָבער, אויב מען זאָל אָננעהמען, אז ביי דיעזע מענשען איז ניט פערבאָטען דער פערקעהר פון עלטערן מיט קינדער, אבי נאָר פון די פערשיעדענע קלאסען, וואָלט מען געמוזט אָננעהמען, אז זייער קלאסען־סיסטעם איז ענטשטאנען אין א צייט, ווען מען האָט שוין אפילו יא עפּעס געשפירט, אז קיין געשלעכטס־פערקעהר צווישען גאנץ נאָהענטע דארף ניט זיין — ווארים דערפאר איז ער דאָך גע־וואָרען פערבאָטען אין דער אייגענער קלאס — און דאָך האָט מען ניט געפיהלט, אז דער געשלעכטס־פערקעהר צווישען עלטערן און קינדער זאָל זיין בעזאָנדערס שוידערליך. דאס איז אָבער ניט וואהר־שיינליך. דאס וואהרשיינליכערע איז, אָנצונעהמען, אז דער פער־קעהר צווישען עלטערן און קינדער איז ביי דיעזע מענשען שוין נ ע־ו ו ע ן דורך דעם מנהג פערבאָטען, ווען דיעזע קלאסען זיינען ענט־שטאנען. און דאן קומט אויס, אז דער יעצטיגער צושטאנד זייערער איז נאָהענט צו די בלוט־פערוואנדשאפטס־פאמיליע (ווי אויבען ער־קלערט) און עס איז דער ערשטער שריט ארויס פון דיעזען סאָרט פאמיליען־לעבען. אזוי ווייט ווי איך וויים, מעלדען די פארשער פון דעם לעבען פון די ווילדע אין אויסטראליען ניט קיין ביישפּיעלע פון אן עהעליכען פערקעהר צווישען עלטערן און קינדער. און אויך די שפּעטערע פאָרמע פון עקסאָגאמיע (אויבען ערקלערט), די מו־טער־רעכטליכע גענס, צייגט, אז אין רעגעל איז שוין, ווען זי איז ענטשטאנען, פריהער געווען פערבאָטען דער פערקעהר צווישען על־טערן און קינדער.

דאס סיסטעם פון צוויי קלאסען געפינט זיך, אויסער ביי דעם בארג גאמביער אין זיד־אויסטראליען, אויך ביי דעם דארלינג טייך ווייטער צו מזרח פון אויסטראליען און אין קווינסלאנד אין גארד־אָסטען. דאס איז אלזאָ ווייט פערברייטעט.

לוים דיעזע איינריכטונג איז בלויז ניט מעגליך געמאכט אז שוועסטער און ברידער און געשוועסטערקינדער וואס זייערע פאָטערס זיינען ברידער און וואס זייערע מוטערס זיינען שוועסטערן זאָלען זיין מאן־און־ווייב צווישען זיך. דאס קען ביי דיעזער איינריכטונג ניט זיין, ווייל זיי אלע זיינען דאָך פון איין קלאס. געשוועסטער־

קינדער אָבער וואָס די מוטערס פון די זייַנען שוועסטערן צו די פאָ־טערס פון די אַנדערע, קענען יאָ זיין מאַן־און־ווייב.

אַ ווייטערען שריט צו פערהיטען די אינצוכט (דאָס פּאָרען זיך פון קרובים) געפינען מיר ביי די קאַמילאַראָי מענשען לעבען דאַר־לינג טייך אין נייַ־זיד־וועלס (אויסטראַליען). דאָרטען זיינען שוין די ערשטע ביידע קלאַסען געשפּאָלטען אין פּיער און יעדע פון דיעזע פּיער קלאַסען איז אויך פערהייראַטה, אַלע מענשען פון דער קלאַס צו־זאַמען, צו אַ געוויסע אַנדערע פון די פּיער קלאַסען. די ערשטע צוויי קלאַסען זיינען געבוירענע מענער־און־ווייבער איינע צו די אַנדערע. די קינדער פון די מוטערס פון די ערשטע קלאַסע געהערען אין אַ דריטע קלאַסע. די קינדער פון די מוטערס פון דער צווייטער קלאַסע געהערען אין אַ פּיערטער. די דריטע קלאַסע מיט דער פּיערטער זיי־נען ווידער געבוירענע פערהייראַטהע מיט אַנאַנדער, אויך די גאַנצע קלאַסע מיט די גאַנצע קלאַסע. זייערע קינדער ווידער געהערען צוריק אין די ערשטע און צווייטע קלאַסע אריין. אַלזאָ, קומט אויס, אַז דער ערשטער דור מענשען געהערען צו די ערשטע און צווייטע קלאַסען, דער צווייטער דור — צו די דריטע און פּיערטע און דער דריטער דור געהערען ווידער צוריק צו די ערשטע און צווייטע קלאַ־סע. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז געשוועסטערקינדער פון מו־טערס צד קענען ניט זיין מאַן און ווייב, די אייניקלעך פון שוועסטערן אָבער שוין יאָ.

דאָס איז אַ מערקווירדיגע פערפּלאָנטערטע אָרדנונג. ביי די ווייַ־טערע ענטוויקלונג ווערט זי נאָך מעהר פערפּלאָנטערט, דען עס ווערט אין דעם אריינגעפּרעסט אַ מוטער־גענס. נאָר אין דעם קענען מיר דאָ שוין ניט אריינקריכען. סיי ווי סיי, מען זעהט דאָ, ווי די מענשען האָבען אין זיך אַ געפיהל צו שטערען ווי ווייט מעגליך די „אינצוכט" און דאָס דריקט זיך אויס אין דיעזע אַלע איינריכטונגען אויף פער־שיעדענע אַרטען. דיעזע מענשען האָבען ניט דערביי קיין קלאָרעס בעוואוסטזיין פון דעם צוועק, וואָס זיי זוכען דערביי. גאַנץ נאַטור־מעסיג, טאַפּענדיג אין דער פינסטער, זוכט זיך דיעזער געפיהל ביי זיי אַ וועג.

ווען מען בעטראַכט דיעזע פיהרונגען פון דער נאָהענטענס, מיט גרינדליכע קענטניס, זעהען זיי ניט אויס אַזוי צולאָזען, אַזוי גאָר

אָהן שום מאָראַל, ווי עס קומט פאָר ווען מען דערזעהט זיי צום ערשטען מאָל און מען בעטראַכט זיי נאָר אויבערפלעכליך. דעם אויבערפלעכליכען בעטראַכטער קומען פאָר די פיהרונגען ביי דיעזע ווילדע מענשען אין אויסטראַליען סתם ווי ווילדע צולאָזענהייט. עס דאַכט זיך איהם, אַז אייגענטליך פיהרט זיך ביי זיי אויך איינצעלעהע, אַז איין מאַן, הייסט עס, דאַרף האָבען איין פרוי, נאָר פשוט מען זינדיגט ביי זיי הפקר־דיג. די פאָר פאָלק קענען זיך גרינג צושיידען. איין מאַן נעהמט אָפט אַ סך ווייבער. און אָפט זיינען זיך די פערהייראַטהע אונטריי און זינדיגען מיט אַנדערע. אַזאַ איינדרוק מאַכט זייער לעבען אויף די פאַנטאַזיע פון דעם נים־דענקענדען מענשען פון אונזער וועלט, וואו ער איז געוואוינט צו זעהן מיאוסע צולאָזענהייט. עס האָט געדויערט לאַנגע יאָהרען פאָרשונג און בעטראַכטונג, ביז מען האָט געזעהן אַ שטיקעל אָהנונג, אַז דאָס איז גאָר ביי דיעזע מענשען אַ געוויסע סאָרט מאָראַל, אַ רעגעלמעסיגע איינריכטונג, אַ גרופען־עהע.

די פאָרשער פיזאָן און האָואיט האָבען פערבראַכט יאָהרען־לאַנג, ביז זיי האָבען אין דיעזע כלומר'שט צולאָזענע פיהרונגען ענטדעקט געזעצע, וואָס רעגולירען דאָ אַ גאַנצע סיסטעם, אַ געוויסע שטרענגע מאָראַל. אַ מענש דערוועגט זיך ניט ביי זיי צו זינדיגען מיט אַ פרוי פון אַ פערבאָטענעם קלאַס. ער וואַנדערט טויזענדער מיילען פון זיין היים, צווישען מענשען, וואָס ער פערשטעהט זייער שפּראַך ניט; ער וואַנדערט צווישען זיי פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאַם צו שטאַם; און ביי זיי געפינט ער פרויען, וואָס גיבען זיך איבער צו איהם אָהן מעדלעווען זיך, ווייל אזוי געהערט זיך ביי זיי. אָפט טרעפט ער איינעם, וואָס האָט מעהרערע פרויען, טרעט ער אָב דעם גאַסט איינע פון זיי אויף איבער נאַכט. דאָ איז אַלזאָ איינגעפיהרט אַ מערקווירדיגער מין גרופען־עהע, אַ קלאַסען־עהע, אַ מאַסען־עהע פון אַ גאַנצע קלאַסע מענער, וואָס זיינען אָפט צושפּרייט איבער די גאַנצע ברייט פון דעם וועלט־טייל, מיט אַ קלאַסע פרויען, וואָס זיינען אויך אזוי ווייט צושפּרייט. ביי דעם אויבערפלעכליכען אייראָפּעער קומט פאָר, ווען ער זעהט דאָס, אַז דאָס איז אַ וועלט אָהן זיטען און אָהן געזעץ, אין אמת'ן הערשט דאָ גאָר שטרענגעס געזעץ. די פרויען געהערען צו אַ קלאַסע, וועלכע איז צוזאַמען דער מאַן אָדער די וייב

פון די גאנצע קלאסע פון דעם פרעמדען, דעריבער זיינען זיי זיינע געבוירענע ווייבער. דאס זעלבע זיטען־געזעץ, וואס הייסט זיי זיך איבערגעבען איינע צו די אנדערע, מאכט עס אבער פאר א שטרענגען פערברעכען עס זאל זיין געשלעכטס־פערקעהר צווישען מענער און פרויען פון קלאסען וואס געהערען זיך ניט צוזאמען אלס עהע־קלאסען, און קיינער דערוועגט זיך ניט דאס איבערצוטרעטען, אז ניט איז זיין שטראף געליינט צו ווערען אין אן ארט חרם. אפילו וואו פרויען ווערען גערויבט, ווי דאס איז דארטען אפט דער פאל, און אין מאנכע געגענדען דער רעגעל, ווערט אויך שטרענג געהיט דאס דאזיגע קלאסען־געזעץ. פון א פערבאטענע קלאסע וועט קיינער קיין פרוי ניט רויבען.

אבער דא, ביי'ן פרויען־רויב, בעווייזט זיך שוין אן איבערגאנג צו די איינצעל־עהע, וויינינגסטענס אין דער פארמע פון פארונגס־עהע (דאס הייסט, ווי אויבען ערקלערט, מיט לייכטע מעגליכקייט צו שיידען זיך). ווען דער יונגער מאן האט, מיט דער הילף פון זיינע פריינד, גערויבט דאס מיידעל, אדער זי אוועקגעפיהרט, ווערט זי נאך איינמאל פון אלע דיעזע פריינד געשלעכטליך געברויכט, נאכדעם אבער בלייבט זי די ווייב פון דעם איינעם, וועלכער האט דעם רויב געפלאנעוועט. און פערקעהרט, ווען זי לויפט אוועק פון דעם און אן אנדערער כאפט זי, ווערט זי זיין ווייב און דער ערשטער האט זיין רעכט אויף איהר פערלוירען. אין אלגעמיינען אבער בלייבט ביי דיעזע מענשען ווייטער בעשטעהן די גרופען־עהע, נאר לעבען איהר און אין איהר ענטוויקעלט זיך אן איינפיהרונג, אז איין פרוי זאל געהערען נאר צו איין מאן אויף א לענגערע אדער קירצערע צייט. דערביי בעשטעהט אויך פיעל־ווייבעריי. אויף אזא אופן שטארבט אב ביסלעכווייז די גרופען־עהע. ווען די ווייסע מענשען וואלטען דיעזע נאטור־מענשען געלאזט צורוה, וואלט מען געקענט זעהען, ווי אזוי דאס וועט זיך ביי זיי ווייטער ענטוויקלען. אבער אונטער דעם איינפלוס פון די אייראפעער, איז א גרויסע פראגע, וואס וועט פריהער פערשווינדען ביי די ווילדע פון אויסטראליען, צי זייער גרופען־עהע, צי דיעזע נאטור־מענשען אליין, — אזוי ווי פיעלע אזעלכע נאטור־מענשען אין אמעריקא, אויסטראליען, אפריקא און אינזלען, וואס די ציוויליזירטע מענשען האבען פון זיי קיין שריד ופליט ניט געלאזט.

יעדענפאַלס אָבער איז דאָס אַ זעהר ניעדעריגע פאָרמע פון גרופּען־עהע — אָט די איינפיהרונג, אַז גאַנצע קלאַסען ווייבער זיי־נען צוזאַמען די ווייבער פון גאַנצע קלאַסען מענער, ווי עס פיהרט זיך ביי דיעזע מענשען אין אויסטראַליען. דאָס איז גאָר די ערשטע פאָרמע פון גרופּען־עהע. די פּונאַלואַ־פאַמיליע איז איהר העכסטע ענטוויקלונגס־שטופע, אַזוי ווייט ווי מיר ווייסען. די עהע פון גאַנ־צע קלאַסען מיט גאַנצע קלאַסען איז צוגעפּאַסט צו דעם געזעלשאַפטס־שטאַנד פון ווילדע וואָס וואַנדערן אַרום. אַזוי שיינט עס. די צוויי־טען פאָרמע, די פּונאַלואַ פאַמיליע, איז נאָר מעגליך ביי אַזעלכע וויל־דע, וואָס זיצען שוין פעסטער אויף איין אָרט, אין קאָמוניסטישע גע־מיינשאַפטען. דיעזער צושטאַנד פיהרט שוין דירעקט אריין אין אַ העכערע ענטוויקלונגס־שטופע, וואָס קומט נאָך דיעזער. צווישען די ביידע פאָרמען פון עהע־לעבען — צווישען די קלאַסען־עהע און די פּונאַלואַ־פאַמיליע — וועט מען זיכער נאָך געפינען פערשיעדענע מיטעל־שטופען. דיעזע סאָרטען עהע־לעבען האָט מען ערשט נאָר וואָס אָנגעהויבען אויסצוגעפינען. מען האָט אויף דיעזען געביעט ערשט קוים אָנגעהויבען עטוואַס אויסצופאָרשען.

3. די פּאָרונגס־פאַמיליע. אַ געוויסע פּאָרונג, פון איין מאַן מיט איין פרוי, פאַר אַ קירצערע אָדער לענגערע צייט, איז שוין פאָרגעקומען אונטער די גרופּען־עהע, אָדער נאָך פריהער. דער מאַן האָט געהאַט איין הויפּט־פרוי (מען קען נאָך קוים זאָגען אַ ליעבלינגס־פרוי) צווישען די פיעלע פרויען און ער איז געווען פאַר איהר דער הויפּט־מאַן צווישען די פיעלע מענער. דאָס איז עס גע־ווען, וואָס האָט צופּלאָנטערט די מיסיאָנערען (וועלכע זיינען געקו־מען צו דיעזע מענשען מאַכען זיי פאַר קריסטען). אַזוי ווי זיי האָ־בען געזעהען, אַז ביי דיעזע מענשען איז דאָ איין־עהע אויך, האָבען זיי געמיינט, אַז איין־עהע איז דער רעגעל, ביי דיעזע מענשען אויך, אַזוי גוט ווי ביי אונזערע מענשען. און זעהענדיג ביי יענע לייטע דאָך אויך גרופּען־עהע, איז ביי זיי, ביי די מיסיאָנערען, פאָרגעקומען, אַז דאָס איז סתם זינדיגקייט ביי זיי, סתם עהע־ברוך, ווייבער־געמיינ־שאַפט, אָהן שום רעגעל. דעריבער מעלדען זיי דאָס, די מיסיאָנערען, אַז דיעזע מענשען זיינען שרעקליך צולאָזענע, פול מיט הפקר־ניאוף. אין אמת'ן איז עס, ווי מיר האָבען געזעהען, ביי יענע מענשען גאָר

קיין ניאוף ניט. זייער סאָרט לעבען איז זייער מאָראַל און זייער רעגעלמעסיגקייט. די גרופּען־עהע איז ביי זיי דער רעגעל; נאָר דערביי טרעפט זיך ביי זיי, אלס אויסנאַהמע, אויך פּאָרונג פון איין מאַן מיט איין פרוי.

אָבער ווען די פּאָרונג איז אריין אין געברויך ביי זיי, האָט זי זיך געמוזט אַלץ מעהר און מעהר בעפעסטיגען, וואס מעהר עס האָבען זיך ענטוויקעלט גענטעס. דען אין אַ גענס זיינען אַלע געווען „ברידער" און „שוועסטער", וואָס האָבען שוין ניט געטאָרט האָבען קיין געשלעכטס־פערקעהר מיט אַנאַנדער. אַלזאָ, דורך דעם וואָס די גענטעס האָבען זיך פערמעהרט, זיינען צוגעקומען אַלץ מעהר קלאַסען, וואָס האָבען ניט געטאָרט הייראַטהען מיט אַנאַנדער. די גענס האָט געבראַכט דעם ערשטען פערבאָט פון הייראַטה צווישען בלוטס־פערוואַנדטע און דאָס האָט געפיהרט צו אַלץ ווייטערע פערבאָטען אַזעלכע. מיר געפינען, צום ביישפּיעל, אַז ביי די איראָקעזען און ביי די מייסטע אַנדערע אינדיאַנער, וואָס שטעהען אויף די אונטער־שטופע פון באַרבאַריי, איז פערבאָטען די הייראַטה צווישען אַלע קרובים, וואָס הייסען נאָר קרובים נאָך זייער סיסטעם. און אַזעלכע זיינען דאָ ביי זיי עטליכע הונדערט סאָרטען. וואס מעהר סאָרטען קרובים עס איז פערבאָטען געוואָרען צו הייראַטהען צוזאַמען, אַלץ מעהר איז געוואָרען אַ גרופּען־עהע אונמעגליך און אַלץ מעהר איז אויפגעקומען פּאָרונגס־פאַמיליע אויף דעם אָרט.

אויף דיעזער שטופע, ביי דער פּאָרונגס־עהע, לעבט איין מאַן מיט איין פרוי, אָבער דער מאַן האָט אַ רעכט צו נעהמען זיך נאָך ווייבער און אויך איבערהויפּט צו זיין זיין ווייב אונטריי אַמאָל — באַטש אַז אַ מאַן זאָל האָבען אַ סך ווייבער קומט שוין דאָ פאָר זעלטען, ווייל מען קען זיך דאָס פּשוט ניט פערגינען, עס קאָסט צו טייער זיי צו שפּייזען. פון דער פרוי אָבער ווערט ׳סרוב געפאָדערט שטרענגע טרייהייט, איבער דער צייט פון דעם צוזאַמען־לעבען, און ווען זי זינדיגט מיט אַן אַנדערן, ווערט זי גרויזאם בעשטראָפט. אָבער ביידע קענען זיך לייכט צושיידען, סיי ער, סיי זי. די קינדער זיינען אימער נאָר איהרע אַליין.

ווי אַזוי איז דאָס געקומען, אַז די עהע צווישען קרובים איז אַלץ מעהר פערבאָטען געוואָרען? דאָס איז געקומען איינפאַך אויף אַזאַ

אופן: א טייל מענשען האבען פון נאטור נעהאט א נייגונג צו הייראטהען דוקא נאר מיט פרעמדע; וואס מעהר דערוויטערטע (ניט קיין קרובים), אלץ בעסער. פון דיעזע מענשען זיינען דורך דעם ארויסגעקומען שטארקערע און געזינדטערע דורות, האבען זיי בעסער געקענט אריבערלעבען די אנדערע מענשען, ביי וועלכע קרובים האבען יא געהייראטה צווישען זיך. ווען דיעזע סארטען מענשען זיינען אויסגעשטארבען און אויסגעקוילעט געווארען, זיינען יענע געבליעבען, ווייל זיי זיינען געוועזען געזינטער. און אזוי האבען זיך אימער אבגעקליעבען צו בלייבען עקזיסטירען אם מעהרסטען די, וואס האבען נעהאט די נאטור ניט צו ליידען קיין הייראטהען צווישען קרובים. ביי אלע לעבעדיגע בעשעפענישען איז אזוי: די בעשעפענישען מיט געוויסע אייגענשאפטען, וואס מאכען זיי שטארקער און געזינטער, בלייבען גיכער לעבען און די אנדערע שטארבען אויס. דאס רופט מען „נאטירליכע אבקלייבונג". מארגאן זאגט וועגען דעם:

„פון די עהען צווישען גענטס וואס זיינען ניט געוועזען בלוט־פערוואנדעט מיט אנאנדער איז ארויסגעקומען א קרעפטיגע ראסע, — קרעפטיג פיזיש ווי גייסטיג. צוויי פארטשרייטענדע שבטים האבען זיך פערמישט און די קאפ־שארבענס און מוחות פון זייערע קינדער זיינען געווארען נאטירליך גרעסערע, ביז זיי האבען אויפגענומען אין זיך די פעהיגקייטען פוןביידע". אויף אזא אופן האבען שבטים מיט גענטיל־איינריכטונגען געמוזט קריעגען די אויבערהאנד איבער די צוריק־געבליבענע, אדער זיי מיטציהען מיט זיך דורך זייער ביישפיעל.

אויף אזא אופן קומט אויס, אז וואס ווייטער איז געווארען אלץ ענגער דער קרייז מענשען, אין וועלכען די מענער מיט דער פרוי האבען געקענט זיין מאן און ווייב. גאר אין אנפאנג האבען דאס געקענט זיין אלע מענער און פרויען פון גאנצען שטאם, בישלעכווייז איז דאס פערבאטען געווארען צווישען פערוואנדטע, פריהער צווישען גאנץ נאהענטע קרובים, דערנאך שוין אויך צווישען ווייטערע, ווייטערע, און נאך ווייטערע און אלץ ווייטערע, ביז עס זיינען געבליעבען אלץ ווייניגער און ווייניגער מענשען אין שטאם, וואס האבען געקענט חתונה האבען מיט אנאנדער. אט אין דעם בעשטעהט די ענטוויקלונג פון דער פאמיליע אין דער געזעלשאפט. צולעצט ווערט א מנהג, אז אפילו קרובים דורך הייראטה האבען שוין אויך ניט חתונה

מיט אנאנדער. דורך דעם קומט ענדליך אַ צייט, ווען יעדע אַרט גרופּען־עהע איז אַזוי גוט ווי אונמעגליך און עס בלייבען נאָר פּער־הייראַטה איין פּאָר, פאַרלייפיג נאָך לויז צוזאַמענגעבונדען, מיט דער מעגליכקייט זיך לייכט צו שיידען ווען נאָר ער אָדער זי וויל. איין פּאָר איז דאָך שוין דאָס וויינינגסטע וואָס קען זיין אין פאַמיליען־לעבען. ווען די איינע פּאָר ווערט אויפגעבונדען, איז דאָך אין גאַנ־צען אַ סוף פון דער עהע.

מען רעדט זיך איין, אַז די איינצעל־עהע, די איינפיהרונג אַז נאָר איין מאַן לעבט מיט איין פרוי, איז געקומען פון דעם, וואָס עס איז אימער געווען אַזוי די נאַטור פון דער ליעבע, — אַז איין מאַן און איין פרוי זאָלען זיך צובינדען נאָר איינע צו די אַנדערע און ער זאָל ניט קענען פערטראָגען זי זאָל האָבען אַן אַנדערען און זי — אַז ער זאָל האָבען אַן אַנדערע, — אַזוי ווי מענשען פיהלען דאָס היינט. אָבער פון דעם, וואָס מיר האָבען דאָ בעטראַכט, זעהען מיר שוין, ווי ווייניג דאָס איז געווען דער פאַל. מיר האָבען געזעהען, אַז פריהער איז גאָר ניט געווען קיין איינצעל־עהע, נאָר גרופּען־עהע. נאָר ביסלעכווייז זיינען אַלץ מעהר און מעהר קרובים אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער עהע, ביז עס זיינען געבליעבען אין איין עהע אַזוי ווייניג, וואָס ווייניגער קען שוין ניט זיין — איין פּאָר. און נאָך מעהר זעהט מען דאָס, — אַז ניט פון די איינגעבוירענע ליעבעס־נאַטור איז אַרויסגעקומען איינצעל־עהע — זעהט מען דאָס פון דעם, ווי עס פיהרט זיך אין פּראַקטיק ביי אַלע פעלקער, וועלכע שטעהען אויף דיעזער שטופע: מען פּאָרט זיך ניט אויס ליעבע. מען כאַפּט און מען קויפט אונבעקאַנטע פרויען.

ביי די פריהעריגע פאָרמען פון פאַמיליע האָבען די מענער ניט געהאַט קיין נויט אין פרויען; גיכער האָבען זיי געהאַט פון זיי מעהר ווי גענוג. יעצט אָבער, ווען די מענשען קומען צו דער שטופע, אַז אפילו ווייטע קרובים הייראַטהען ניט צוזאַמען, איז שווער צו געפינען אַ ווייב. דעריבער פאַנגט זיך אָן, זייט דער פּאָרונגס־עהע, דער רויב און קויף פון פרויען.

אַז מען רויבט און מען קויפט פרויען, דאָס איז ווייט פער־בּרייטעט צווישען ווילדע. אָבער דאָס איז נאָר ס י מ פּ ט אָ מ ע ן (צייכענס) פון די גרויסע און טיעפע פערענדערונג פון דער פאַמיליע,

וועלכע מיר בעטראכטען דא. דאס איז נאר בלויז די ארט, ווי זיך צו פערשאפען ווייבער אונטער דיעזע אומשטענדען. דאס איז אבער ניט קיין בעזונדערע סארט פאמיליע, ווי מעקלעננאן רופט דאס, „רויב־עהע" און „קויף־עהע".

און וואו מען קויפט ניט און מען רויבט ניט קיין ווייב, קלייבען זיך אויך ניט חתן כלה אליין אוים אייגע די אנדערע דורך ליעבע. אפט פרעגט מען זיי גאר ניט. זייערע מוטערס שליסען דעם שידוך. אזוי איז עס ביי די אינדיאנער אין אמעריקא און אזוי איז עס אויך ביי אנדערע ווילדע, וואס שטעהען אויף דיזעלבע שטופע. אפט ווערען אזוי פערלאבט צוויי מענשען וואס זיינען זיך איינע די אנ־דערע גאנץ אונבעקאנט. און זיי וויסען אפילו גאר ניט, אז דער האנדעל איז געשלאסען. מען זאגט זיי דאס ערשט, ווען עס קומט נעהנטער די צייט פון זייער חתונה.

פאר דער חתונה גיט דער חתן מתנות צו די נעגטיל־פערוואנ־דעטע פון דער כלה, דאס הייסט צו איהרע קרובים פון איהר מוטער'ס צד, ניט פון איהר פאטער'ס צד. די מתנות זיינען דאס דער קויף־פרייז פאר די מיידעל, וואס זיי טרעטען איהם אב.

זיי האבען חתונה, אבער צו יעדער צייט, ווען נאר זי וויל אדער ער וויל, קענען זיי זיך שיידען. דאך האט זיך ביסלעכווייז ביי א סך שבטים ענטוויקעלט א געפיהל, אז דער עולם קוקט קרום אויף א שייך־דונג. אזוי איז עס צום ביישפיעל ביי די איראקעזען. ווען עס איז א מחלוקה צווישען מאן און ווייב, מישען זיך אריין די קרובים פוןביידע צדדים, — די קרובים פון זייערע גענטעס, — צו מאכען שלום. ערשט ווען זיי קענען זיי ניט פערגלייכען, שיידען זיי זיך. די קינדער אבער בלייבען ביי דער מוטער. נאך דער שיידונג זיינען זיי ביידע פריי צו הייראטהען.

די דאזיגע פארונגס־פאמיליע האט נאך אבער ניט קיין בעזונ־דערע הויז־האלטונג. אזוי ווי די פאר זיינען ניט פעסט, ניט דויערהאפט פערבונדען, דארפען זיי ניט קיין בעזונדערע הויזהאלטונג און עס איז פאר זיי אויך ניט ווינשענסווערטה. דעריבער שאפט זי אויף קיין פאל ניט אב די קאמוניסטישע הויזהאלטונג פון א גאנצער משפחה, די הויזהאלטונג וואס שטאמט פון פריהעריגע צייטען.

אין דיעזער קאמוניסטישער הויזהאלטונג זיינען די ווייבער די

הערשערינס. אלס עלטערען אנערקענט מען ווייטער נאר די לייב־ליכע מוטער, ווייל עס איז אונמעגליך צו קענען מיט געוויסהייט א לייבליכען פאטער. דאס בעדייטעט א הויכע אכטונג פאר די פרויען, דאס הייסט פאר די מוטערס.

די וועלט האט זיך איינגערעדט, אז אין אנפאנג פון דער געזעל־שאפטליכער ענטוויקלונג איז די פרוי געווען די שקלאפין פון דעם מאן. דיעזע מיינונג שטאמט פון די אויבערפלעכליכע אויפקלערונג פון דעם 18טען יאהרהונדערט. דאס איז אבער איינע פון די גרעס־טע אונזיניגקייטען. די פרוי איז ניט נאר פריי נאר אויך הויך גע־אכטעט ביי אלע ווילדע און ביי אלע בארבארען פון די אונטער־שטופע, מיטעל־שטופע און טיילווייז אויך אויף די אויבער־שטופע. און אויך ביי די פארונגס־פאמיליע איז די פרוי נאך געאכטעט. אויף דעם איז אן עדות ארטהור רייט, וועלכער איז געווען לאנגע יאהרען א מיסיאנער צווישען די סענעקא אינדיאנער. ער שרייבט:

„אין דער צייט, ווען זיי וואוינען נאך אין די אלטע, לאנגע הייזער (אין קאמוניסטישע הויזהאלטונגען פון מעהרערע פאמיליען), איז דארט אימער איין קלאן (איין גענס) דער הערשענדער. די ווייבער נעהמען זייערע מענער פון די אנדערע קלאנס (גענטעס). גע־וועהנליך בעהערשען די ווייבער דאס הויז. די לעבענסמיטלען גע־הערען בשותפות צו די גאנצע הויזגעמיינשאפט. אבער וועה איז צו דעם מאן אדער ליעבהאבער וואס איז צו פויל אדער צו אונגעשיקט צו טהאן זיין חלק ארבייט און צושטייער צו געבען דערמיט צו די שותפות'ע לעבענס־מיטלען, — יעדען אויגענבליק קען ער זיך ריכ־טען אויף דעם בעפעהל צו מאכען זיך זיין פעקעל און זיך אבצוטרא־גען. און ער טאר זיך ניט דערוועגען צו שטעלען זיך דאגעגען. מען דערנעהט איהם אזוי די יאהרען, אז דאס הויז איז איהם צו הייס. עס בלייבט איהם קיין אנדערע ברירה ניט, ווי צוריקצוגעהן צו זיין אייגענעם קלאן. אדער, וואס עס איז 'סרוב דער פאל, זיך צו זוכען א נייע עהע אין אן אנדערען קלאן. די ווייבער זיינען די גרויסע מאכט אין די קלאנס און אויך אומעדום. אפילו א הויפטלינג קענען זיי אמאל אראבזעצען און איהם מאכען פאר דעם געמיינסטען קריעגער."

אזא קאמוניסטישע הויזהאלטונג איז די היים פון דעם קלאן פון די פרויען אין איהר, וועלכע געהערען אלע, אדער 'סרוב, צו איין

קלאַן, צו איין גענס. (די מענער קומען דאָרטען אהין פון פערשיע־דענע אַנדערע געגנטעס. זיי זיינען דאָרטען ווי אורחים. די קינדער, וואָס ווערען אין דיעזער הויזהאַלטונג געבוירען, האַלטען מיט די מו־טערס, ווייל יעדער ווייסט זיכער, ווער זיין מוטער איז. ווער דער פאָטער איז, ווייסט מען ניט. דעריבער האַלטען די יונגוואַרג מיט די מוטערס און די מוטערס האָבען די מאַכט. ווען די יונגע מענליכע קינדער וואַקסען אויס, געהען זיי זוכען זיך איינצובעטען אין אַן אַנ־דערע קאַמוניסטישע הויזהאַלטונג פון אַן אַנדערען קלאַן, אָדער גענס, צו זיין דאָרטען די מענער פון די מיידלעך. די מיידלעך בלייבען אין זייער מוטער־הויז. זייערע מענער זיינען אימער די פרעמדע. אויף אַזאַ אופן בלייבען די פרויען די הערשערינס און דער יחוס, די אַבשטאַ־מונג רעכענט זיך נאָך זיי.) אזוי איז עס געווען אין דער אורצייט כמעט אומעדום. דיעזע קאָמוניסטישע הויזהאַלטונגען זיינען געווען דער פונדאַמענט פון די פרויען־הערשונג, די מאַטעריעלע אומשטענ־דען, וואָס האָבען אַרויסגעבראַכט די ווייבער־הערשונג, וועלכע איז געווען אומעדום פערשפּרייט. דאָס האָט אויך באַכאָפען ענטדעקט און דאָס איז זיין דריטער פערדיענסט. —

עס איז אמת, אז ביי די ווילדע און באַרבאַרען ווערען די ווײ־בער בעלאַסטעט מיט צו שווערע אַרבייט. אַזוי בעריכטען די רײ־זענדע און מיסיאָנערען. אָבער דאָס איז אויך קיין פאַל ניט קיין בעוויז, אַז דאָס וואָס עס איז ביז אהער געזאָגט איז ניט ריכטיג. די פרוי מעג שפּיעלען אין דער געזעלשאַפט אַ הערשענדע ראָלע, אָבער דאָך קען אויך איהר חלק אויספאַלען שווערע אַרבייט, ווייל די טײ־לונג פון אַרבייט צווישען ביידע געשלעכטער קומט אַרויס פון אַנ־דערע אורזאַכען. פעלקער, ביי וועלכע די ווייבער מוזען אַ סך מעהר אַרבייטען ווי עס קומט זיי לויט נאָך אונזערע בעגריפען, — אַזעל־כע פעלקער האָבען אַ סך מעהר ווירקליכע אַכטונג פאַר די פרויען, ווי אונזערע אייראָפּעער. די דאַמע פון דער ציוויליזאַציאָן ווערט בעשאָטען כלומר'שט מיט ליעבליכקייטען און פון יעדע ווירקליכע אַר־בייט ווערט זי פרעמד; אָבער איהר געזעלשאַפטליכע שטעלונג איז אַ סך ניעדריגער, ווי ביי דער פרוי פון דער באַרבאַריי, וועלכע אַר־בייט שווער. די פרוי פון די באַרבאַרען גילט אין איהר פאָלק אַלס

ווירקליך דאס, וואס דאס ווארט דאמע בעדייט: א הערין (הארענ־טע), און נאך איהר לאגע איז זי דאס אויך. —

* * *

אלזא, ביי די אינדיאנער אין אמעריקא בעשטעהט היינט פאר־לונגס־עהע. איין מאן האט איין וויב און זיי בלייבען מאן און וויב ביז ער אדער זי וויל זיך שיידען. ציי הייסט דאס אבער, אז ביי זיי איז די פריהעריגע גרופען־עהע שוין אין גאנצען פערשוואונדען? דאס מוז נאך ערשט גענויער אויסגעפארשט ווערען. מען דארף נאך אונ־טערזוכען די פיהרונגען פון די נארדוועסטליכע אינדיאנער, און בע־זאנדערס די זיד־אמעריקאנישע, וועלכע שטעהען נאך אויף די אויי־בערשטופע פון ווילדהייט. פון די אינדיאנער פון זיד־אמעריקא ווע־רען דערצעהלט א סך ביישפיעלע פון געשלעכטס־לעבען, וואס ציינען, אז ביי זיי איז א מאן זעהר ווייניג צוגעבונדען נאר צו איין פרוי און א פרוי צו איין מאן. עס איז דעריבער קוים אנצונעהמען, אז ביי זיי איז די גרופען־עהע שוין אין גאנצען פערשוואונדען. יעדענפאלס זיינען נאך שפורען דערפון געבליעבען. וויינינסטענס ביי 40 נארד־אמעריקאנישע אינדיאנער שבטים, פיהרט זיך, אז דער מאן, וואס הייראטה די עלטסטע שוועסטער, האט דאס רעכט צו נעהמען אלע איהרע שוועסטערן אויך פאר ווייבער, אזוי געשווינד ווי זיי ווע־רען דערוואקסען. דאס איז אן איבערבלייבונג פון די פריהעריגע איינפיהרונג, אז אלע שוועסטערן זיינען געווען צוזאמען די ווייבער פון אלע זייערע מענער. (ווער ווייסט, אויב אויף דעם ציינט ניט די מעשה פון יעקב'ן מיט רחל און לאה'ן? — א י ב ע ר ז.) און פון די אינדיאנער פון דעם קאליפארנישען האלב־אינזעל (וועלכע שטעהען אויף די אויבער־שטופע פון ווילדהייט) דערצעהלט דער פארשער באנק־ראפט, אז זיי האבען געוויסע פעסטליכקייטען, ווען מעהרערע „שבטים“ קומען זיך צוזאמען צו דעם צוועק צו האבען געשלעכטס־פערקעהר אהן אונטערשיעד ווער מיט וועמען. מען קען זיך פאר־שטעלען, אז דאס זיינען ניט קיין שבטים, נאר גענטעס, וועלכע האל־טען דאס אויף, אין דיזע פעסטליכקייטען, די דונקעלע עראינערונג אן דער צייט, ווען די פרויען פון איין גענס זיינען געווען די געמיינ־שאפטליכע ווייבער פון די מענער פון די אנדערע גענס, און יענע זיינען געווען זייערע געמיינשאפטליכע מענער. דיזעלבע זיטע הערשט

נאָך אין אויסטראַליען. ביי אייניגע פעלקער קומט עס פאָר, אז די עלטערע מענער, די הויפּטלייט און צויבער־פּריסטער האלטען נאָך פאַר זיך די ווייבער־געמיינשאפט און מאַנאָפּאָליזירען די מייסטע פרויען פאַר זיך; אָבער דערפאַר מוזען זיי ביי פעסטליכקייטען און גרויסע פאָלקס־פערזאמלונגען צוריק לאָזען בעשטעהן די אַלטע ווייבער־געמיינשאפט פאַר אַלע און ערלויבען זייערע פרויען זיך צו פערוויילען מיט די יונגע מענער. דער פאָרשער וועסטערמארק בריינגט א סך ביישפּיעלע פון אזעלכע פעסטליכקייטען, ביי וועלכע עס ווערט אויף א קורצע צייט צוריק פריי דער אַלטער געשלעכטס־פערקעהר פון אַלע מיט אַלע, — אזוי איז עס אין אינדיען ביי די פעלקער האָס, סאַנטאַלס, פּאַנטשאַס און קאָטארס, ביי אייניגע אַפּ־ריקאַנער פעלקער און אזוי ווייטער. וועסטערמארק לייקענט אָבער, אז עס איז אַמאָל געווען ביי מענשען א שטענדיגע גרופּען־עהע. אַלזאָ, ערקלערט ער, אז דיעזע מנהגים, — פון פעלקער וואס קומען זיך אַמאָל אין א יום טוב צוזאמען אויף פרייען געשלעכטס־פערקעהר אָהן אונטערשיעד ווער מיט וועמען, זיינען ניט קיין איבערבלייבונג פון אן אַמאָליגע גרופּען־עהע, נאָר דאָס איז, זאָגט ער, אן איבער־בלייבונג פון די „בריהונגס־צייט“, וואָס עס איז געווען ביי גאָר די ערשטע מענשען פונקט ווי עס איז ביי די חיות (א צייט אין יאָהר, ווען זיי פּאָרען זיך). דיעזע ערקלערונג איז מערקווירדיג. (דען מען זעהט דאָך, אז דער מענש האָט ניט קיין נאַטור זיך צו פּאָרען אין א בעזונדערע צייט אין יאָהר מעהר ווי געוועהנליך. א מנהג קען זיך ענדערען און אין גאַנצען פערגעסען ווערען, אָבער פון אזא אייגעבוי־רענע נאַטור וואָלט דאָך אַלץ געבליעבען א שפּור ניט בלויז אין מנהג, נאָר אין דער נאַטירליכער אייגענשאפט. ניין ניט פון אזא נאַטירליכע אייגענשאפט איז דאָס אן איבערבלייבונג, נאָר פון דעם מנהג פון גרופּען־עהע, וועלכע איז מסתמא בעשטאַנען אַמאָל ביי אַלע מענשען. — איבערז.)

* * *

יעצט קומען מיר צו א נייעם אינטערעסאַנטען פּונקט.

ביי א סך פעלקער איז איינגעפיהרט, אז עס איז א „דין“ פון דער רעליגיע, א הייליגע מצוה, אז די פרוי זאָל זיך אַמאָל איבערגעבען „צו גאָט“, דאָס הייסט דורך גאָט׳ס שליחים, די פּריסטערס אָדער אזוי

גאָט־דיענערם. אין בבל פערצייטענס האָבען די פרויען געמוזט איין מאָל אין יאָהר זיך איבערגעבען צו די געטער־דיענער אין דעם טעמ־פעל פון די מיליטא. אנדערע פעלקער פון פאָדער־אזיען האָבען גע־שיקט זייערע מיידלעך יאָהרען־לאַנג אין דעם טעמפעל פון די געטין אנאיטאַס, וואו זיי האָבען זיך אַליין אויסגעקליעבען בחורים מיט וועמען צו האָבען פרייע ליעבע; פריהער האָבען די מיידלעך ניט געטאָרט הייראַטהען. עהנליכע מנהגים, אין א רעליגיעזער פערקליי־דונג, זיינען געוועזען ביי כמעט אַלע פעלקער אין אזיען, צווישען דעם מיטעל־מעער און דעם טייך גאַנגעס.

אז דיעזער מנהג איז ווייט פערשפרייט האָט דער ערשטער ענט־דעקט באַכאָפען. דאָס איז די פיערטע גרויסע ענטדעקונג זיינע. באַכאָפען ערקלערט, אַז דאָס איז געוועזען א „קרבן חטאת“, וואס דער־מיט האָבען די פרויען זיך אויסגעקויפט ביי די געטער, פאַר וואָס זיי געהען איבערטרעטען זייער אַלטען געבאָט, אַז יעדע פרוי זאָל זיין פאַר אַלע מענער. זיי האָבען בעטראַכט, אַז וואָס איין פרוי געהט זיך אָבגעבען נאָר צו איין מאַן — אַזוי איז באַכאָפען׳ס סברא — איז א זינד געגען די געטער; האָבען זיי דאָס „ארויסגענומען א תשובה“ פאַר די זינד מיט דעם, וואָס זיי האָבען פריהער מקריב גע־ווען זייער יונגפרוישאַפט צו די געטער. אין אמת׳ן אָבער איז אויך דיעזער מנהג נאָר אַן איבערגאַנגס־פאָרמע פון דער פריהעריגער גרו־פען־עהע צו דער שפּעטערער פּאָרונגס־עהע. דאָס „ארויסנעהמען א תשובה“, מיט וואָס די פרוי האָט זיך אויסגעקויפט איהר רעכט צו בלייבען נאָר פאַר איין מאַן, איז נאָר א מיסטישער אויסדרוק. אין אמת׳ן האָט זיך די פרוי דערמיט אויסגעקויפט ניט פון א געטער־געבאָט, נאָר פון א וועלטליכער איינריכטונג: זי האָט זיך דערמיט אויסגעקויפט פון די אַלטע מענער־געמיינשאַפט אין דער גרופּען־עהע און זיך איינגעקויפט דאָס רעכט צו לעבען אין פּאָרונגס־עהע, צו געהערען נאָר צו איין מאַן.

איבערבלייבונגען פון די אַלטע אונטערגעגאַנגענע פיהרונגען פער־שווינדען ביסלעכוויז. אויך דיעזע „תשובה־ארויסנעהמען“, וואָס די פרויען האָבען אויף זיך גענומען, אום זיך אויסצוקויפען פון די פריה־ערדיגע גרופּען־עהע, איז מיט דער צייט געוואָרען אַלץ לייכטער. באַכאָפען בעמערקט שוין דאָס: „פריהער האָט די פרוי געמוזט זיך

אַבגעגעבען צו די געמער יעדעס יאָהר; שפּעטער איז געוואָרען גע־ניג איין מאָל פאַר דער חתונה. פריהער זיינען די פערהייראַטהע פרויען אויך געווען העטערען (קדשות, אַבגעגעבען אַלס פרוי צו גאָט, דאָס הייסט צו זיינע פרומע אין טעמפּעל); דערנאָך האָבען זיך נאָר מיידלעך אַזוי מקריב געווען; פריהער האָט דיזע „תשובה" גע־מוזט וויעדערהאָלט ווערען בשעת זיי זיינען שוין געווען פערהייראַטהע, דערנאָך בלויז פאַר דער הייראַטה; פריהער האָט די פרוי דערביי גע־מוזט זיך מקריב זיין צו יעדען, דערנאָך האָט זי זיך שוין געקענט אויסקלייבען וועמען זי האָט געוואָלט". אַזוי זעהט מען, ווי ביסלעכ־וויז פערשווינדען איבערבלייבונגען פון אַלטע פיהרונגען.

ניט ביי אַלע פעלקער האָט דיזער מנהג אַ רעליגיעזע פערקליי־דונג. ביי אַ סך פעלקער זיינען די מיידלעך גלאַט פריי פאַר דער חתונה צו האָבען געשלעכטס־פערקעהר מיט וועמען זיי ווילען. אַזוי איז עס געווען ביי די טהראַקען און קעלטען אין אַלטערטהום, אַזוי איז עס ביי אַ סך אור־איינוואָהנער פון אינדיען, ביי די מאַלטאַאישע פעלקער, ביי די איינגעבוירענע פון די זיד־זעע־אינזלען און ביי אַ סך אמעריקאַנישע אינדיאַנער. בעזאָנדערס איז דאָס אַזוי כמעט אומעדום אין זיד־אַמעריקא. יעדער, ווער עס איז נאָר דאָרטען געווען אביסעל טיעפער אין לאַנד, דערצעהלט דאָס זעלבע. אַזוי דערצעהלט, צום ביישפּיעל, דער פאָרשער אַגאַסיז פון אַ רייכע פאַמיליע פון אינ־דיאַנישער אַבשטאַמונג: ווען ער איז בעקאַנט געוואָרען מיט דער טאָכטער פון דער פאַמיליע, האָט ער איהר איינמאָל געפרעגט וואו איהר פאָטער איז. ער האָט געמיינט, אַז איהר מוטער'ס מאַן, וועל־כער איז געווען אַן אָפיציר אין דער מלחמה געגען פאַראַגוואַי, איז נאַטירליך דער טאָכטער'ס פאָטער. אָבער די מוטער האָט געענטפערט מיט אַ פריינדליכען שמייכעל: „זי האָט ניט קיין פאָטער, זי איז אַ טאָכטער פון צופאַל".

„אויף אַזאַ אופן", זאָגט אַגאַסיז, „רעדען די אינדיאַנישע אָדער האַלב־בלוטיגע פרויען צו יעדער צייט וועגען זייערע אונעהעליכע קינ־דער; זיי חלום'ט זיך גאָר ניט, אַז אין דעם זאָל זיין וואָס צו שעה־מען זיך אָדער זיי זאָל קומען אַ פאָרוואורף דערפאַר. און דאָס איז ווייט פון אונגעוועהנליך. אונגעוועהנליך איז דאָס געגענטהייל. די קינדער קענען אָפט נאָר זייער מוטער, דען אַלע זאָרגען און פער־

אנטוואָרטליכקייטען פאַר די קינדער פאַלען אויף איהר; פון א טאַטען ווייסען זיי גאָר ניט. אויך זעהט אויס, אז דער פרוי פאַלט גאָר קיינמאָל ניט איין, אז זי אָדער איהרע קינדער האָבען עפּעס צו פאָדערען פון איהם".

די ציוויליזירטע מענשען וואונדערען זיך איבער דעם און קענען דאָס גאָר ניט בעגרייפען. אָבער דאָס איז איינפאַך דער רעגעל ביי אַלע מענשען, ביי וועלכע עס פיהרט זיך נאָך מוטעררעכט און גרופּען־עהע.

ווידער ביי אנדערע פעלקער איז גאָר א מאָדע, אז אַלע פריינד און קרובים פון דעם חתן אָדער אַלע חתונה־געסט נעהמען זיך אָב, אויף די חתונה גופא, דאָס אַלטע רעכט פון אַלע מענער אויף דער כלה און צולעצט קומט ערשט דער חתן. פּערציימענס איז עס אַזוי געווען אויף די באַלעאַרען אינזלען און ביי די אויגילער אין אפריקא; ביי די באַרעאַס אין אבעסיניען איז עס נאָך היינט אזוי.

ביי ווידער אנדערע פעלקער נעהמען זיך אַלע מענער אָב דאָס רעכט שוין ניט אַליין, נאָר דורך זייער פאָרשטעהער; א בעאַמטער, דער הויפּטמאַן פון שטאַם אָדער פון די געגס, דער „קאַזים", דער „שאַמאַן", דער פּריסטער, דער פירשט, אָדער ווי ער רופט זיך דאָרט, איז דערביי דער שליח פון דער גאַנצער געמיינשאַפט און ער נעהמט זיך אָב פאַר זיי אַלע „דאָס רעכט פון די ערשטע נאַכט" ביי דער כלה. די היינטיגע שרייבער פון די ניי־ראָמאַנטישער שולע בעמיהען זיך צו לייקענען, אז עס איז אמאָל געווען איינגעפיהרט אַזאַ „רעכט פון די ערשטע נאַכט". זיי בעמיהען זיך דיעזען פלעק פון דער הייליגער אַלטער צייט ווייס צו וואַשען. אָבער וואָס העלפט דאָס? עס איז דאָך א פאַקט. נאָך היינט בעשטעהט דאָס ביי די מייסטע איינוואָהנער פון אַלאַסקאַ־געגענד, ביי די טאַהוס אין נאָרד־מעקסיקא (ווי באַנקראָפט בעשרייבט) און ביי אנדערע פעלקער. און ווייניגסטענס איז עס אזוי געווען אין גאַנצען מיטעלאַלטער אין לענדער וואָס זייַנען אורשפּרינגליך געווען קעלטיש, צום ביישפּיעל אין אראַגאָניען. דיעזער מנהג איז ביי זיי אַרויסגעקומען דירעקט פון דער גרופּען־עהע. אַלע מענער פון דער געגס זיינען פריהער געווען איהרע מענער דאָס גאַנצע לעבען, יעצט געהט זי ווערען איינעמס ווייב, נעהמען זיך פריהער אַלע אָב דאָס זייעריגע דורך זייער הויפּטמאַן, מיט זיין

„רעכט פון די ערשטע נאכט" אויף איהר. אז דאָס איז בעשטאַנען אין אראַגאָניען (אַ פּראָווינץ אין שפּאַניען) צום ביישפּיעל, קען מען זעהען פון אַ קעניגליכען בעפעהל, וואָס האָט דאָס אָבגעשאַפט. אין אראַגאָניען האָט נעמליך געהערשט די שענדליכסטע פאַנטשיזנע, כאָטש אין קאַסטיליען (אַן אנדערע פּראָווינץ אין שפּאַניען) איז דער פּויער קיין מאָל קיין פאַנטשיזניק ניט געווען. די שענדליכע פאַנ־טשיזנע אין אראַגאָניען האָט אָבגעשאַפט קעניג פערדינאַנד דער קאַ־טוילישער. זיין בעפעהל וועגען דעם, פון יאָהר 1486, איז נאָך דאָ. אין דעם דאָקומענט שטעהט אָט אזוי: „מיר פסק'ענען און ערקלערען, אז די אויבען־דערמאָנטע הארען (סעניאָרס, באראָנען) . . . האָבען קיין רעכט ניט צו שלאָפען ביי די כלה פון אַ פּויער די ערשטע נאַכט פון זייער חתונה, אויך ניט אריבערצושפּרייזען איבער דער כלה און איבער איהר בעט, ווען זי האָט זיך געלייגט, ווי זיי (די האררען) טהוען צום צייכען פון זייער בעהערשונג. אויך קענען זיי זיך ניט בענוצען מיט דער טאָכטער אָדער מיט דעם זוהן פון דעם פּויער געגען זייער ווילען". (סוגענהיים, אין זיין בוך איבער די פאַנטשיז־נע, ברייננט דיזען דאָקומענט אין זיין קאַטילינישען אָריגינאַל.) (בעבעל בריינגט אַ מאַסע בעווייזע, אז עס איז אין פיעלע לענדער געווען איינגעפיהרט „דאָס רעכט פון די ערשטע נאַכט", און שפּעט־טער אנדערע מנהגים אלס אַן „אויסקויפונג" פון דיזען רעכט. זעה זיין בוך „די פרוי", אידישע איבערזעצונג, זייט 98 און ווייטער. — **איבערז.**)

ווער האָט אָבגעשאַפט די אַלע פיהרונגען? ווער האָט געבראַכט דערצו, אז דאָס זאָל הייסען ניט אָרענטליך פאַר דער פרוי? אז אָרענט־ליכקייט זאָל פאָדערען, אז די פרוי זאָל נאָר זיין אַ פרוי צו איין מאַן? באַכאָפּען זאָגט דורכאויס, אז דעם שריט דערצו האָבען דער עיקר די פרויען אַליין געמאַכט. ער רופט דאָס — דער איבערגאַנג פון „העטעריזמוס" (זנות) אָדער „זומפּף־צייגונג" (ניאוף) צו איינ־צעל־עהע. צו דעם אריבערגאַנג האָבען, זאָגט ער, געבראַכט די פרויען. און ער האָט אונבעדינגט רעכט. די פרויען האָבען דערפיהלט, אז עס ערניעדריגט זיי צו זיין הפקר פאַר אַלעמען און אז דאָס איז אַן אונטערדריקונג פאַר זיי. האָבען זיי אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געפאָדערט און געוואונשען אַ רעכט אויף קיישהייט (צניעות), אַ רעכט

צו זיין אויף א צייט אָדער אויף אַלע מאָל א פרוי נאָר פאר איין מאַן. דאָס איז געוואָרען ביי זיי בעטראַכט אַלס אן ערלייזונג.

ווי אזוי איז געקומען אזא ענדערונג אין די געפיהלען פון די פרויען? זיי האָבען אזעלכע געפיהלען ניט געהאט, אזוי לאַנג ווי זייער לעבען איז צוגעגאנגען אויפ'ן אַלטען שטייגער: — אזוי לאַנג ווי נאָר קליינע גענס האָבען געלעבט צוזאַמען, און זיי האָבען זעהר ווייניג געהאט, און אַלץ וואָס זיי האָבען געהאט איז געווען בשותפות, קאָמוניסטיש, — איז די גרופּע צוזאַמען־לעבענדע מענשען געווען איין פאַמיליע און זייער בשותפות'ער געשלעכטס־לעבען איז געווען נאַאיוו, נאַטירליך, אזוי ווי נאָך פון וואַלד ניט אַרויסגעקומען. אָבער שפּעטער האָבען די מענשען וואָס ווייטער אַלץ מעהר פערבעסערט זייער אַרבייט, דורך די ענטוויקלונג פון ערפינדונגען אין די ווערק־ציייגען און אַרבייטס־מעטהאָדען. די דאָזיגע ענטוויקלונג האָט גע־בראַכט צו מעהר פערמעגען. דאָס האָט אונטערגעגראָבען דעם אור־שפּרינגליכען קאָמוניזמוס. און גרעסערע מאַסען מענשען האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אויף איין אָרט. און זיי זיינען ניט מעהר געווען איין פאַמיליע מיט א שותפות'ן לעבען. און זיי זיינען ניט מעהר געווען אזוי נאַטירליך־נאַאיוו. אונטער אזעלכע אומשטענדען, ווען די פרוי איז געווען ווייטער א פרוי פאַר אַלעמען, איז דאָס איהר שוין געוואָרען עקעלהאַפט און אונערטרעגליך. האָט זי זיך ענדליך דערפון בעפרייט.

פון די מענער האָט דיעזער פאָרטשריט סיי ווי סיי ניט געקענט קומען, שוין דורך דעם אַליין ניט, ווייל זיי איז די גרופּען־עהע ניט געווען אונערטרעגליך; זיי איז דאָס אַנגענעהם. זיי איז איבער־הויפּט קיינמאָל ניט איינגעפאַלען דאָס אָבצושאַפען פאר זיך, אויך ביז היינט ניט. דען אין דער ווירקליכקייט לעבען דאָך די מענער היינט אויך אין גרופּען־עהע, כאָטש עס האָט ניט אזא פּנים.

די פרויען זיינען דאָס אַלזאָ געווען, וואָס האָבען געמאַכט דעם איבערגאַנג צו די פּאָרונגס־עהע.

מיר האָבען שוין געזעהען, אז די פּאָרונגס־עהע הייסט, אז איין פרוי האַלט זיך א צייט ביי איין מאַן, אזוי לאַנג ווי זיי האָבען חשק. אָבער דאָס איז נאָך ניט די היינטיגע שטרענגע מאָנאָגאַמיע (וואו איין מאַן און איין ווייב בלייבען שטרענג פערבונדען און טאָרען

קיין אנדערע ניט האָבען). ערשט נאָכדעם ווי די פרויען האָבען אוים־געפיהרט דעם איבערגאנג צו די פּאָרונגס־עהע, האָבען שוין די מע־נער געקענט געהן נאָך א שריט ווייטער און מאכען דערפון א שטרענ־גע מאָנאָגאַמיע — פערשטעהט זיך, נאָר פאר די פרויען. זיי אליין, די מענער, האָבען זיך ווייטער געקענט האָבען א סך ווייבער.

די פּאָרונגס־פּאַמיליע איז אויפגעקומען דעמאָלט, ווען די מענ־שען האָבען זיך געפונען, אין זייער ענטוויקלונג, אויף דער גרענעץ צווישען ווילדהייט און בארבאריי. 'סרוב איז די פּאָרונגס־עהע שוין דאָ אויף דער אויבער־שטופע פון דער ווילדהייט. ביי א טייל מענ־שען־סאָרטען בעווייזט זי זיך ערשט אויף די אונטער־שטופע פון דער בארבאריי.

די פּאָרונגס־עהע איז די כאראקטעריסטישע פאמיליען־פאָרם פון דער בארבאריי; פונקט ווי די גרופּען־עהע איז די כאראקטע־ריסטישע פאמיליען־פאָרם פון דער ווילדהייט און די מאָנאָגאמיע — פון דער ציוויליזאציאָן.

די ענטוויקלונג פון פאמיליען־לעבען געהט אלזאָ אויף דעם וועג, אז וואס ווייטער ווערען אלץ מעהר מענשען אויסגעשלאָסען פון דעם געשלעכטס־פערקעהר מיט אנאנדער און אלץ־ווייניגער זיינען אנגעוויזען איינע אויף די אנדערע. ביז עס קומט צו נאָר איינעם מיט איינער.

ביז צו דער פּאָרונגס־עהע, קומט דיעזע ענטוויקלונג ארוים 'סרוב פון נאטירליכע אורזאכען, פון „נ א ט י ר ל י כ ע אָ ב־ק ל י י ב ו נ ג", ווי מיר האָבען געזעהן. דאָס הייסט, פון נאטור האָבען זיך אָבגעקליעבען צו בלייבען עקזיסטירען די מענשען, וואָס האָבען ניט קיין געשלעכטס־פערקעהר אָבי ווער מיט אָבי וועמען, נאָר בלויז געוויסע מענער מיט געוויסע פרויען. פון די קומען ארויס געזינטערע און קרעפטיגערע קינדער, בלייבען זיי ני־כער איבערלעבען. וואָס מעהר אויסגעהיט און איבערקלייבענדיג מענ־שען זיינען אין זייער געשלעכטס־פערקעהר, אלץ קרעפטיגערע דורות קומען פון זיי ארויס און אלץ גיכער קלייבען זיי זיך אָב פון נאטור אריבערצולעבען אנדערע מענשען. דיעזע נאטירליכע אָבקלייבונג האָט אָבער נאָר געקענט דערפיהרען די ענטוויקלונג פון דער פאמיליע ביז צו די פּאָרונגס־עהע. ווען עס איז שוין געקומען צו דער פּאָרונגס־

עהע, איז די פאַמיליען־גרופּע שוין געקומען צו איהר לעצטע מעגליכע איינהייט, עס זיינען אין איהר שוין ניט מעהר געבליעבען ווי איין מאַן און איין פרוי; אַזוי ווי אין שטאַפּען איז דער מאַלעקול פון צוויי אַטאָמען, ווי די כעמיקער רופען דאָס. דערמיט האָט די נאַטירליכע אָבקלייבונג שוין אָבגעטהאָן איהר גאַנצע אַרבייט. אויף דעם וועג איז שוין גאָר ניט מעהר געבליעבען פאַר איהר צו טהאָן. איצט ווען די פּאָרונגס־עהע האָט זיך ווייטער ענטוויקעלט ביז צו פעסטער מאָנאָגאַמיע, האָבען אין דיעזער ווייטערער ענטוויקלונג שוין געמוזט אַרבייטען אַנדערע אורזאַכען, נייע: געזעלשאַפטליכע אורזאַכען האָבען דאָ געמוזט צוקומען אַלס טרייב־קרעפטען. אַז ניט, וואָלט שוין ניט מעהר געוועזען קיין גרונד, פאַר וואס פון דער פּאָרונגס־עהע זאָל אַרויסקומען אַ נייע פאַמיליען־פאָרמע. אבער געזעלשאַפט־ליכע טרייב־קרעפטען זיינען אויפגעטרעטען און גענומען ווירקען.

אין אַמעריקאַ, ביי די אינדיאַנער, איז די ענטוויקלונג פון פאַ־מיליע שוין ווייטער ווי די פּאָרונגס־עהע ניט געקומען. די פּאָרונגס־עהע איז אַם שאַרפסטען און דייטליכסטען ענטוויקעלט ביי דיעזע מענשען. אָבער ווייטער זיינען זיי ניט געקומען. קיין שום ציי־כען ווייזט ניט, אַז ביי די אינדיאַנער אין אַמעריקאַ זאָל זיך האָבען ענטוויקעלט אַ העכערע פאַמיליען־פאָרמע; אַז ביי זיי זאָל אַמאָל ערגעץ, — איידער מען האָט זיי ענטדעקט און ערָאבערט — זיין געוועזען אַ פעסטע מאָנאָגאַמיע. אַנדערש אָבער אין דער אַלטער וועלט. ווען מיר ווילען בעטראַכטען די ווייטערע ענטוויקלונג, מוזען מיר אַלזאָ פערלאָזען אַמעריקאַ און זיך ווענדען צו דער אַלטער וועלט.

אין דער אַלטער וועלט איז אויף דיעזער שטופע פון ענטוויק־לונג אויפגעקומען עשירות אין לעבענסמיטלען. מען האָט געצאַהמט הויז־טהירע און געהאָדעוועט גאַנצע סטאַדעס בהמות. פון דעם האָ־בען זיך ענטוויקעלט קוועלען פון רייכטהום, פון וועלכע מען האָט פריהער קיין אַהנונג ניט געהאַט. און דאָס האָט בעשאַפען גאַנץ נייע געזעלשאַפטליכע פערהעלטניסע. פאַר דעם האָבען מענשען שוין אויך געהאַט שטענדיגען פערמעגען, אָבער ער איז בעשטאַנען כמעט נאָר אין דעם הויז, די קליידונג, זעהר פּראָסטע צירונג און אין די ווערק־ציינגען צו בעשאַפען און צוצוגרייטען שפּייז, ווי שיפלעך (אַרויסצו־פאָהרען כאַפּען פיש), געוועהר (צו פאַנגען חיות), הויז־ווירטהשאַפט

פון איינפאַכסטען סאָרט. אַזוי איז עס געווען ביז אויף די אונטער־שטע שטופע פון דער באַרבאַריי. אַנגעקליעבענע שפּייז איז ניט גע־ווען. וואס צו עסען האָט מען געמוזט טאָג פאַר טאָג געהן ערשט זו־כען. יעצט אָבער, ביי די מיטעל־שטופע און אויבער־שטופע פון באַרבאַריי, וואו דער מענש האָט זיך אויסגעלערנט (אין דער אַלטער וועלט) האָדעווען בהמות, האָט מען שוין אויסגעהאָדעוועט גאַנצע סטאַדעס רינדער, שאָף, ציעגען, קעמלען, אייזלען, חזרים, פערד. אין דעם האָבען דיעזע מענשען שוין געהאַט אַ פערמעגען, וועלכען מען האָט נאָר געדאַרפט אָבהיטען און פפלעגען אויפ'ן איינפאַכסטען אַרט, האָט דאָס זיך פּרמעהרט וואָס ווייטער אַלץ שנעלער און דאָס האָט געגעבען אַ רייכע מאַסע שפּייז, מילך און פלייש. דיעזע רייכע פאַסטוכער־פעלקער האָבען זיך דאַן גענומען פערשפּרייטען און פער־טרייבען אַנדערע פעלקער — אַזוי איז עס געווען מיט די אַריער אין אינדיען, אין דעם לאַנד פון די פינף שטראָמען און אין דעם גע־גענד פון דעם טייך גאַנגעס און אויך אין די סטעפּעס אַרום די טייכען אָקסוס און יאַקסאַרטעס, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען נאָך רייכער אין וואַסער; און אַזוי איז עס אויך געווען מיט די סעמיטישע פעלקער אין די טהאָל־לענדער פון די טייכען פרת און חדקל. איצט איז ביי דיעזע מענשען בהמות־האָדעווען געוואָרען די וויכטיגסטע בע־שעפטיגונג און דאָס הויפּט־מיטעל צו בעשאַפען ערנעהרונג. אַלע פריהעריגע מיטלען פון בעשאַפען שפּייז האָבען גענומען שפּיעלען אַ גאַנץ קליינע ראָלע. די יאַגד, וועלכע איז פריהער געווען אַ נויט־ווענדיגקייט, איז איצט געוואָרען אַ צייט־פערטרייב, אַ לוקסוס.

ווען אָבער האָט געהערט דיעזער נייער רייכטהום? גאָר אין אָנהויב האָט ער אָהן שום ספק געהערט צו די גענס. אָבער שוין פריה האָט זיך געמוזט האָבען ענטוויקעלט פריוואַט אייגענטהום אין די סטאַדעס.

אין חומש בראשית ווערט געמאָהלען, ווי אברהם אָבינו איז געווען זעהר רייך און האָט פערמאָגט גרויסע סטאַדעס בהמות. עס איז שווער צו זאָגען, אויף וועלכען אופן מיינט דער פערפאַסער איהם פאַרצושטעלען אַלס אייגענטהימער פון זיינע סטאַדעס, — צי דורך דעם וואס טאַקי ער אַליין, פּערזענליך, האָט געהאַט דאָס רעכט דער־צו, אַלס דער הויפּט פון אַ פאַמיליען־געמיינשאַפט, אָדער מיינט ער

צו מאַהלען, אז געהערט האָט די עשירות צו א גאנצע געגס און אברהם איז געווען דער הויפּטמאַן פון די געגס וואס זיין ראָלע אלס הויפּטמאַן געהט איבער בירושה פון פאָטער צו זוהן. סיי ווי סיי אָבער איז אזוי פיעל זיכער, אז ער ווערט דאָ ניט פאָרגעשטעלט ווי א היינטיגער גביר, וועלכער איז גאַנץ אליין פּריוואט־אייגענטהימער. און ווייטער איז זיכער, אז וואו נאָר מיר קומען צו צו דעם שוועל פון די בע־גלויביגטע געשריעבענע היסטאָריע, געפינען מיר שוין אומעדום די סטאַדעס אין פּריוואט־אייגענטהום פון פאמיליען־פאָרשטעהער, פונקט ווי צו איהם געהערען אויך די קונסט־פּראָדוקטען פון דער באַרבאַריי, ווי מעטאַל־געצייג, לוקסוס־אַרטיקלען און ענדליך אויך דאָס מענשליכע פיה — די שקלאַפען.

דען אויף דיעזער שטופע איז אויך די שקלאַפעריי ערפונדען געוואָרען.

פאר דעם מענשען פון די אונטער־שטופע פון באַרבאַריי האָט א שקלאַף קיין שום ווערדע ניט געהאט. ווייל די מענשליכע אַר־בייטס־קראפט קען אויף דיעזער שטופע פון ענטוויקלונג נאָך ניט ארויסגעבען מעהר, וויפיעל דער מענש ברויכט אויפצועסען. אפשר עפּעס מעהר, אָבער אזוי וועניג, אז צוליעב דעם לוינט זיך ניט איהם צו האלטען פאר א שקלאַף. דעריבער האָבען די אינדיאנער פון אמעריקא זייערע בעזיעגטע פיינד גאַנץ אַנדערש בעהאַנדעלט, ווי מענשען פון א העכערע שטופע האָבען זייערע פיינד בעהאַנדעלט: די אינדיאַנער פלעגען די מענער פון זייערע בעזיעגטע פיינד טויטען, אָדער זיי פלעגען זיי אויפנעהמען אין דעם שטאַם פון די זיעגער אַלס ברידער. די ווייבער פון די בעזיעגטע פלעגען זיי הייראַטהען, אָדער אויך זיי מיט זייערע איבערלעבענדע קינדער אריינגעהמען צווישען זיך פאר אייגענע.

ווען אָבער עס איז איינגעפיהרט געוואָרען צו האָדעווען בהמות, און מען האָט שוין געקענט בעארבייטען מעטאַל, וועבען און ענדליך אויך בעאַרבייטען פעלדער, איז דאָס אַנדערש געוואָרען. דאַן האָט שוין א מענש געקענט נוצען צו בעשאַפען עשירות אריבער זיין פער־ברויך. די ווייבער, וואס פריהער האָט מען זיי געקענט קריעגען אזוי לייכט בחנם, האָבען איצט געקראָגען א טויש־ווערטה און זיינען גע־קויפט געוואָרען. אזוי איז עס אויך געוואָרען מיט די מענער. מען

האָט זיי איצט געקענט בענוצען אלס ארבייטס־קראפט. בעזאָנדערס ווען די סטאַדעס בהמות זיינען איבערגעגאנגען אין גאנצען אין דעם בעזיץ פון דער איינצעלנער פאַמיליע. די פאמיליע האָט זיך ניט פערמעהרט אזוי געשווינד ווי די בהמות. האָט מען געדאַרפט מעהר מענשען, אכטונג צו געבען אויף די בהמות. צו דעם האָט מען גע־קענט בענוצען דעם קריעגס־געפאַנגענעם פיינד. אויסערדעם האָט מען געקענט מאכען, אז די געפאַנגענע פיינד זאָלען זיך פלאַדענען אזוי געשווינד ווי די בהמות זעלבסט. פון דעמאָלט אָן זיינען שקלאַ־פען געוואָרען א פערמעגען, אזוי גוט ווי בהמות. (ביי אברהם אבינו שטעהט, אז גאָט האָט איהם געבענטשט מיט א גרויסע עשירות אין אָקסען, אייזלען, קעמלען, שאָף, קנעכט און דיענסטען.)

אזעלכע עשירות'ן, אזוי באלד ווי זיי זיינען שוין איבערגעגאַנ־גען אין דעם פריוואט־בעזיץ פון דער פאמיליע און האָבען זיך פער־מעהרט, האָבען זיי געגעבען א מעכטיגען שטויס צו דער ווייטערער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, וועלכע איז געווען געגרינדעט אויף די פאָרונגס־עהע און אויף די גענס נאָך מוטטעררעכט. דער פאָטער פון דער פאַמיליע איז נעמליך איצט געוואָרען דער פאָרשטעהער פון די פערמעגענס פון דער פאמיליע. דאָס האָט געפיהרט דערצו, אז דאָס ירושה־רעכט זאָל זיך ענדערען, אנשטאַט פון דער מוטער, זאָל מען ירשה'נען פון פאָטער. האָט ער שוין גענומען מעהר אכטונג גע־בען, אז ער זאָל וויסען ווער עס זיינען זיינע קינדער, זיינע יורשים. פאָרונגס־עהע איז דאָך שוין געווען פון פריהער, נאָר זי איז ניט געווען שטרענג אָבגעהיט און ניט פעסט פערבונדען. יעצט אָבער, צוליעב די אויפגעקומענע עשירות, האָט מען די פאָרונגס־עהע גע־מאכט ביסלעכווייז אלץ שטרענגער און שטרענגער, אלץ פעסטער און פעסטער, כדי אז דער פאָטער זאָל זיין זיכער ווער זיינע קינדער זיי־נען. אויף אזא אופן איז צוגעקומען אין דער פאמיליע, צו דער מוטער, אויך א זיכערער בעגלויביגטער לייבליכער פאָטער. ער איז נאָך דער־צו וואהרשיינליך געווען מעהר א זיכרערער בעגלויביגטער פאָטער, ווי א סך „פאָטערס“ פון היינטיגע צייטען!

פאר וואָס איז דער מאַן געווען דער אייגענטהימער פון די עשירות? ווייל נאָך דער צוטיילונג פון ארבייט אין דער פאַמיליע דעמאָלט, איז דעם מאַן צוגעפאַלען די ארבייט צו בעזאָרגען שפייז און

די ארבייטס־מיטלען, וואס מען האָט געדאַרפט דערצו. דעריבער איז ער אויך געווען דער אייגענטהימער פון די ארבייטס־מיטלען. דאָס הויז ווידער האָט געהאט צו בעזאָרגען די פרוי. דעריבער זיינען די הויז־זאכען געווען איהר אייגענטהום. ווען זיי האָבען זיך געשיידעט, האָט זי צוגענומען די הויז־זאכען און ער די ארבייטס־מיטלען. דעריבער, ווען עס זיינען אויפגעקומען די נייע לעבענסמיטלען, בהמות און פעלד־פראָדוקטען, איז דער מאַן, לויט נאָך די פיהרונגען אין דער געזעלשאפט דעמאָלט, געוואָרען דער אייגענטהימער פון דיעזע נייע לעבענס־מיטלען, פון די בהמות, און שפעטער אויך פון די נייע ארבייטסמיטלען, די שקלאַפען.

און ווי נאָר דער מאַן איז געוואָרען דער אייגענטהימער פון די נייע גרויסע עשירות, האָט ער שוין, ווי געזאָגט, גענומען זאָרגען, אז די אַלטע פיהרונגען פון מוטער־רעכט זאָלען זיך ענדערען.

דען נאָך די אַלטע פיהרונגען פון יענע געזעלשאַפטען האָבען די קינדער ניט געקענט ירשה'נען פון פאָטער. אזוי לאַנג עס איז געווען מוטער־רעכט, דאָס הייסט אז די אַבשטאַמונג האָט זיך גערעכענט נאָך די מוטער'ס צד, און די מענשען אין א גענס זיינען געווען קרובים אַלץ נאָר פון דער זייט פון די מוטערס, האָט זיך געפיהרט, אז ווען איינער פון די גענס איז געשטאָרבען, איז אַלץ וואָס ער האָט געהאט געבליעבען די ירושה פון די גענס. דאָס פערמעגען האָט געמוזט בלייבען אין די גענס. פריהער איז עס געבליעבען שותפות־אייגענטהום פון דער גענס. שפעטער קען זיין, אז די נאָהענטסטע קרובים פון דעם פערשטארבענעם אין דער גענס, דאָס הייסט זיינע בלוטס־פערוואַנדטע פון דער מוטער'ס צד, האָבען דאָס צוגענומען פאַר זיך פריוואט. וואָרים קיין גרויסע ווערדע האָט דאָס, וואָס א מענש האָט דעמאָלט געקענט האָבען זיין אייגענס, נאָך ניט געהאט. די אייגענע קינדער פון דעם פערשטארבענעם אָבער האָבען פון איהם גאָר ניט געקענט ירשה'נען. וואָרים אזוי ווי אַלץ האָט זיך גערעכענט נאָך דער מוטער, האָבען דאָך די קינדער ניט צוגעהערט צו די גענס פון זייער פאָטער, נאָר צו די גענס פון זייער מוטער. זיי האָבען נאָר געקראָגען ירושה פון דער גענס פון דער מוטער, אין אָנפאַנג בשותפות מיט דער גאַנצער גענס, דערנאָך אפשר אויך אַליין. דאָס פערמעגען אָבער פון זייער פאָטער האָט געמוזט בלייבען אין

זיין געגס, און צו זיין געגס האָבען דאָך זייגע קינדער ניט צוגעהערט, אלזאָ האָבען זיי פון איהם גאָר ניט גע׳ירשה׳נט. פריהער, ווי געזאָגט, ווען א מענשענ׳ס פערמעגען האָט זעהר א קנאַפּע ווערדע געקענט האָבען, האָט דאָס געקענט אזוי בלייבען. אָבער ווען א מענש האָט שוין געקענט האָבען א גרויסע עשירות אין שאָף און אָקסען און רינדער און שקלאַפּען, וואָלט אויסגעקומען, לויט נאָך די אַלטע פיהרונגען, אז ווען אזא „גביר" שטאַרבט, זאָל זיין גאַנצע עשירות איבערגעהן די ערשטע זאָך צו זיינע שוועסטער און ברידער פון דער מוטער׳ס צד און דאַן צו די קינדער פון זיינע שוועסטערן אָדער צו די קינדער פון זיין מוטער׳ס שוועסטערן. זיינע אייגענע קינדער אָבער וואָלטען אין זיין עשירות גאָר ניט געקראָגען קיין אנטהייל.

דעריבער איז אויסגעקומען, אז וואָס מעהר די עשירות׳ן האָבען זיך פערמעהרט, אַלץ מעהר האָט, פון איין זייט, דער מאַן געגומען שפּיעלען א וויכטיגע ראָלע אין דער פאַמיליע, און אַלץ מעהר האָט, פון דער אַנדערער, דער מאַן געקראָגען שטאַרק חשק, צו בענוצען זיין פערשטאַרקטע ראָלע אין דער פאַמיליע דערויף, אז די אַלטע מנהגים וועגען ירושה זאָלען אומגעשטויסען ווערען און זיינע אייגענע קינדער זאָלען איהם ירשה׳נען. דאָס איז אָבער ניט מעגליך געווען, אזוי לאַנג ווי די אָבשטאַמונג האָט זיך נאָר גערעכענט נאָך מוטער־רעכט. אלזאָ, האָט די ערשטע זאָך געמוזט אָבגעשאַפט ווערען די אבשטאַמונג נאָך מוטער־רעכט. און זי איז אָבגעשאַפט געוואָרען.

דאָס איז געווען א רעוואָלוציאָן. איינע פון די גרינדליכסטע רעוואָלוציאָנען וואָס די מענשהייט האָט געהאַט. דאָך איז דיעזע טיעפע רעוואָלוציאָן ניט אָנגעקומען אזוי שווער, ווי עס קען זיך אונז היינט דוכטען. דען דיעזע אומענדערונג האָט ניט גענדאַרפט בעריהרען קיין איינציגען פון די לעבענדע מיטגליעדער פון די געגס. אַלע אָנגעהעריגע פון די געגס האָבען ווייטער געקענט בלייבען אין איהר דאָס וואָס פריהער. עס איז גענוג געווען דער איינפאַכער בעשלוס, אז פון איצטער אָן זאָלען די קינדער פון די מענער אין די געגס געהערען צו די געגס פון דעם פאָטער, און אז צו די געגס פון זייער מוטער זאָלען זיי ניט מעהר געהערען. דערמיט איז אָבגעשאַפט געוואָרען די אָבשטאַמונגס־רעכנונג פון דער מוטער׳ס צד און עס האָט זיך אָנגעהויבען צו רעכענען, אז א מענש געהער צו די משפּחה פון זיין פאָ־

טער. אלזאָ, האָט אַ מענש אויפגעהערט צו זיין דער יורש פון די מו־טער׳ס צד און איז געוואָרען דער יורש פון פאָטער׳ס צד.

ווי אזוי דיעזע רעוואָלוציאָן איז פאָרגעגאַנגען, ביי די קולטור־פעלקער, און ווען, ווייסט מען ניט. זי איז אין גאַנצען פאָרגעקומען אין די פאָר־געשיכטליכע צייט. אָבער אז עס איז געווען אזא רעוואָ־לוציאָן, איז בעוויעזען מעהר ווי נויטיג. דאָס איז בעזאָנדערס בע־וויעזען דורך די פיעלע שפּורען פון מוטער־רעכט, וואָס באַקאַנטע האָט אויפגעצייכנט אין די פּערצייטיגע שריפטען פון די היינטיגע קולטור־פעלקער. ווי לייכט אזא רעוואָלוציאָן ווערט אויסגעפיהרט, זעהען מיר ביי אַ סך שבטים פון אינדיאַנער, ביי וועלכע דיעזע רעוואָלו־ציאָן איז ערשט דאָ ניט לאַנג אויסגעפיהרט געוואָרען און ווערט נאָך היינט אויסגעפיהרט, אונטער דעם איינפלוס פון נייע אומשטענ־דען, — אַ טייל דורך דעם וואָס דער רייכטהום וואַקסט ביי זיי (ווען, צום ביישפּיעל, זיי ווערען איבערגעזעצט פון די וועלדער אין גראָז־פעלדער), אַ טהייל דורך דעם מאָראַלישען איינפלוס פון די ציוויי־ליזאַציאָן און פון די מיסיאָנערען.

די מיזורי אינדיאַנער, צום ביישפּיעל, האָבען אַכט שבטים (שטאַ־מען), זיינען זעקס פון זיי שוין נאָך מענליכער אָבשטאַמונג און צוויי זיינען נאָך ווייבליכער אָבשטאַמונג. ביי די זעקס געהט די ירושה איבער צו די קינדער און קרובים פון פאָטער׳ס צד, ביי די צוויי — פון מוטער׳ס צד.

ביי די שאַוניעס, די מיאַמיעס, די דעלעווערס (אַלץ אזעלכע אינ־דיאַנער שבטים אין אַמעריקא) איז געוואָרען אַ מנהג, אז מען גיט די קינדער דעם געגטיל־נאָמען פון איינע פון דעם פאָטער׳ס גענ־טעס; מיט דעם ווערען זיי מיטגליעדער אין דעם פאָטער׳ס גענס, דאָס טהוט מען, כדי זיי זאָלען קענען ירשה׳נען פון דעם פאָטער. מאָרקס זאָגט דערצו: „דאָס איז שוין אזא איינגעבווירענע נאַטור פון מענשען, צו ענדערען די זאַכען דורך דעם וואָס מען ענדערט זייערע נעמען. מען זוכט זיך אויס אַ דריידעל, צו ענדערען די אַלטע מנהגים אויף אזאַ אופן, אז כלומר׳שט בלייבט מען ביי זיי ווייטער. אַלע מאָל האָבען מענשען אזוי געטהאָן, וואו נאָר דירעקטע אינטערעסען האָבען זיי גענוג געטריעבען דערצו“. (אַ שטיינער ווי אַ „היתר עסקא“ אויף פּראָצענט־נעהמען ביי אידען. און נאָך פיעל אַנדערע

אזעלכע זאכען. עס איז דיזעלבע „יענטע“, נאָר מען גיט איהר אַן אנדערען נאָמען, איז זי שוין כלומר'שט אַן אנדערע זאַך און עס הייסט כלומר'שט, אז מען בלייבט ביי די אַלטע דינים, און דאָך ווערען זיי אין אמת'ן אָבגעשאפט. — א י ב ע ר ז.) אזוי האָט מען ביי דיזע אינדיאַנער כלומר'שט ווייטער געלאָזט בעשטעהן דאָס אַלטע מוטער־רעכט, נאָר די קינדער האָט מען געגעבען דעם פאַמיליען־נאָמען פון דעם פאָטער'ס גענס, האָט עס געהייסען, אז זיי געהערען כלומר'שט „פון מוטער'ס צד“ צו זיין גענס. דערפון איז אָבער ארויסגעקומען א גרויסע צומישעניש און דער איינציגער וועג צו ברייגגען א טאָלק אין דעם איז געוועז, אָבצושאפען דאָס מוטער־רעכט גאָר אין גאַנצען און אָפען איינצופיהרען דאָס פאָטער־רעכט. און טיילווייז איז טאַקי אזוי געשעהען. „דאָס שיינט איבערהויפט דער נאַטירליכסטער אי־בערגאַנג“. (מאַרקס.)

די אומוואַרפונג פון דעם אַלטען מוטער־רעכט איז געוועזען ד י וועלט־געשיכטליכע ניעדערלאַגע פון דעם ווייבליכען געשלעכט. דער מאַן איז געוואָרען דער הערשער אין הויז אויך. די פרוי האָט פערלוירען איהר ווערדע, זי איז געוואָרען געקנעכטעט. די שקלאַפין פון דעם מאַן'ס לוסט איז זי געוואָרען און א ווערקצייג פון קינדער־האָבען. דיזע ערנידעריגטע שטעלונג פון דער פרוי געפינט מען בעזאָנדערס אָפען געשילדערט אין די פערצייטיגע גריכישע שריפטען, וואָס מאָהלען די העראָען־צייט, און נאָך מעהר אין די קלאַסישע צייט (די צייט ווען אין גריכענלאַנד פערצייטענס זיינען ענטשטאַנען די חכמות און שריפטען, וועלכע מען לערנט נאָך היינט אין די קלאַסען פון שקאָלעס). שפּעטער איז די לאַגע פון דער פרוי ביסלעכווייז בעשיינט געוואָרען מיט היפּאָקריט־סטווע. אָבגעשאפט איז איהר ניעדעריגע לאַגע אויף קיין פאַל ניט געוואָרען.

אלזאָ, די אליין־הערשונג פון די מענער איז יעצט פעסט בעגרינדעט געוואָרען. די ערשטע ווירקונג דערפון צייגט זיך אין א נייע פאָרמע פון פאַמיליע, וואָס קומט אויף, א צווישען־פאָרמע צווישען די אַלטע און שפּעטערע, דאָס איז די פּאַטריאַרכאַלישע פאַמיליע.

וואָס איז א פּאַטריאַרכאַלישע פאַמיליע? אנדערע האַלטען פאַר דעם עיקר צייכען פון אזא פאַמיליע דאָס, וואָס דער הויפּט פון דער

פאַמיליע האָט אַ סך ווייבער. דאָס איז עס אָבער נים. וועגען דעם וועלען מיר רעדען שפּעטער. דער עיקר וואס די פּאַטריארכאַלישע פאַמיליע בעצייכענט איז: „די אָרגאַניזאַציאָן פון אַ סך פרייע מענשען און אונפרייע (שקלאַפען) אין איין פאַמיליע אונטער דער פּאַטערליכער איבערהערשונג פון דעם הויפּט פון דער פאַמיליע. („פּאַטריאַרך" הייסט דער הערשענדער פּאַטער.) אין דער פּאַטריאַרכאַלישער פאַמיליע פון די סעמיטען האָט דער פּאַטריאַרך אַ סך ווייבער, די אונפרייע אין דער פאַמיליע האָבען ווייב און קינדער, און דער צוועק פון דער גאַנצער פאַמיליע איז צו היטען די סטאַדעס בהמות אין אַן אָבגעגרענצטער שטרעקע לאַנד". דער רעכטער עיקר פון די פּאַטריאַרכאַלישע פאַמיליען-פאָרם איז דאָס, וואָס די אונפרייע גע-הערען צו דער פאַמיליע און וואָס דער פּאָטער איז דער הערשער. דער פאָלקאָמענסטער טיפּ פון דיעזער פאַמיליען-פאָרמע איז דערי-בער די פאַמיליע אין פערצייטיגען רוים.

דאָס רוימישע וואָרט „פאַמיליאַ" (פון וואַנען דאָס וואָרט פאַ-מיליע אין אַלע שפּראַכען שטאַמט) האָט אין אָנהויב נים בעדייטעט די היינטיגע סאָרט פאַמיליע, דאָס אידעאַל פון דעם היינטיגען פיליס-טער, וועלכעס איז צוזאַמענגעזעצט פון סענטימענטאַליטעט און מחלוקות צווישען מאַן און ווייב. דאָס וואָרט „פאַמיליאַ" האָט זיך אין אָנפאַנג ביי די רוימער גאָר נים בעצויגען אויף מאַן און ווייב און זייערע קינדער, נאָר גאָר אויף די שקלאַפען אליין. „פאַמולוס" הייסט (אויף רוימיש) אַ הויז שקלאַף און „פאַמיליע" איז די גאַנצע שקלאַפענשאַפט, אַלע שקלאַפען צוזאַמען, וואס געהערען צו איין מאַן. אין אַ צואה פון די רוימער, אין דער צייט פון גאיוס, איז פערשריע-בען, אַז דער, וואָס לאָוט די צואה, שרייבט אָב „די פאַמיליע, דאָס הייסט די ירושה", פאַר דעם-און-דעם. אַלזאָ, די פאַמיליע האָט גע-הייסען די ירושה, דאָס פערמעגען פון דעם פּאַטריאַרך. דאָס וואָרט פאַמיליע איז ערפונדען געוואָרען ביי די רוימער, אום דערמיט צו בעצייכענען אַ נייעם געזעלשאַפטליכען אָרגאַניזמוס, אַ נייעם פּער-באַנד פון מענשען, וואס זיין הויפּטמאַן, דער פאַמיליען-פּאָטער, האָט געהאַט אונטער זיין פּאָטערליכער געוואַלט זיין ווייב און קינדער און שקלאַפען, און ער האָט געהאַט דאָס רעכט איבער לעבען און טויט איבער זיי אַלע. אזוי איז עס געווען נאָך די רוימישע געזעצע. אָט

אזא סאָרט קליינע מלוכה׳לע האָט דאָס געהייסען „פאמיליא“ און פון דעם שטאַמט דאָס וואָרט פאַמיליע.

„דאָס וואָרט פאַמיליע איז אַלזאָ ניט עלטער, ווי דאָס שטרענגע פאמיליען־סיסטעם פון די לאַטייניש שטאַמען, דאָס פאַמיליען־סיסטעם וואָס איז אויפגעקומען נאָך דעם ווי עס איז איינגעפיהרט געוואָרען פעלד־אַרבייט און געזעצליכע שקלאַפעריי און נאָך דעם ווי די רוימער האָבען זיך אָבגעשיידט פון די גריכען“. אזוי בעמערקט קאַרל מאַרקס, און ער לייגט צו: „דיעזע פאמיליע האָט אַלזאָ געהאַט אין זיך דעם וואָרצעל פון שקלאַפעריי און אויך פון פאַנטשינע, ווייל זי האָט פון אָנהויב אָן געהאַט בעציהונגען צו די אַרבייט פון די שקלאַפען אויף פעלדער. אין דיעזער פאמיליע זיינען אַלזאָ שוין געווען אין קליינעם פאָרמאַט די אַלע אונגלייכהייטען, וועלכע האָבען זיך שפּעטער ברייט ענטוויקעלט אין דער גרויסער מענשליכער געזעלשאַפט פון אַ גאַנצען לאַנד און אין איהר מלוכה“.

דיעזע פאמיליען־פאָרמע איז געווען דער איבערגאַנג פון די פּאָרונגס־עהע צו די מאָנאָגאַמיע. כדי צו מאַכען זיכער, אַז די פרוי וועט ניט זינדיגען מיט אַן אַנדערען, דאָס הייסט כדי דער פאָטער זאָל זיין זיכער ווער עס זיינען זיינע קינדער, זיינע יורשים, איז די פרוי איבערגעגעבען געוואָרען אונבעדינגט אין די געוואַלט פון דעם מאַן. ער מעג זי טויטען, דאָס איז זיין רעכט.

מיט די פּאַטריאַרכאַלישע פאַמיליע הייבט זיך אָן די צייט פון די געשריעבענע געשיכטע. פון דיעזער צייט זיינען שוין דאָ פערשריעבענע געזעצע. פערגלייכענדיג אַזעלכע פערשיעדענע געזעצע, קענען מיר שוין לייכטער דערגעהן וואָס דאָרט איז פּאָרגעקומען. און ווירקליך האָבען פאָרשער, אין די פערגלייכונג פון אַזעלכע געזעצע, געבראַכט אַ וויכטיגען פּאָרטשריט אין די אויספאָרשונג וועגען דעם, ווי די פאַמיליע האָט זיך פון דאַנען אָן ווייטער ענטוויקעלט. דעם פּאָרשער מאַקסים קאָוואַלעווסקי (אין זיין בוך „בילד פון דער ענטוויקלונג פון פאַמיליע“) האָבען מיר צו פערדאַנקען דעם בעווייז, אַז די פּאַטריאַרכאַלישע הויז־געמיינשאַפט איז געווען די איבערגאַנגס־שטופּע פון די מוטער־רעכטליכע פאַמיליע, וואָס איז אַרויסגעקומען פון די גרופּען־עהע, צו די איינצעל־פאַמיליע פון דער היינטיגער וועלט. דאָס שיינט בעוויזען וויינינגסטענס וועגען די קולטור־פעלקער פון דער

אַלטער וועלט, די אַריער און סעמיטען. ביישפּיעלע פון די פּאַטריאַר־כאַלישע פאַמיליע געפינט מען נאָך היינט ביי די סערבען און בול־גארען. ביי זיי הייסט אַזאַ פאַמיליע „זאַדרוגאַ" (דאָס בעדייטעט אַזוי פיעל ווי בעפריינדונג) אָדער „בראַטסטוואָ" (ברידערשאַפט). ביי די אָריענטאַלישע פעלקער איז נאָך אויך דאָ אַזאַ סאָרט איינריכטונג, אַביסעל פערענדערט.

די „זאַדרוגאַ" פון די זיד־סלאַווען איז דער בעסטער, נאָך היינט עקזיסטירענדער ביישפּיעל פון אַזאַ פאַמיליען־געמיינשאַפט (כאָטש אַ פּרייערע ווי ביי די רוימער פערצייטענס.) אין איין „זאַדרוגאַ" גע־פינען זיך אייניגע דורות, קינדער און קינדס־קינדער פון איין פאָ־טער, צוזאַמען מיט זייערע ווייבער. זיי וואוינען אַלע צוזאַמען אין איין הויף. זיי בעאַרבייטען זייערע פעלדער צוזאַמען. וואָס זיי בעשאַפען געהערט דער גאַנצער זאַדרוגאַ בשותפות און פון די שותפות'ע זאַכען ערנעהרען זיי זיך און קליידען זיך. דער אויבער־הויפּט פון די זאַדרוגאַ, דער הויפּט־אָנפיהרער, איז אַ „דאָמאַטשין" (בעל הבית). ער פיהרט אַלע פערהאַנדלונגען פון די זאַדרוגאַ מיט דער אויסען־וועלט. ער האָט דאָס רעכט צו פערקויפען קליינע זאַכען. ער פיהרט די קאַסע און ער איז פעראַנטוואָרטליך פאַר די קאַסע און פאַר דעם רעגעלמעסיגען גאַנג פון די געשעפטען. ער ווערט אויסגעקליבען. ער ברויכט ניט דוקא צו זיין דער עלטסטער אין יאָהרען.

די פרויען פון הויז און זייער אַרבייט שטעהען אונטער דער אָנ־פיהרונג פון אַ „דאָמאַטשיצאַ" (בעלת הבית, באַלהאַבאָסטע). געוועהנליך איז דאָס דעם דאָמאַטשין'ס פרוי. זי האָט אויך אַ וויכטיגע דעה ביי אַ שידוך פון די מיידלעך. אָפט האָט זי די גאַנצע דעה.

די אויבערשטע מאַכט אָבער ליגט אין די הענד פון אַ פאַמיליען־ראַטה, דאָס איז די פערזאַמלונג פון אַלע ערוואַקסענע מענשען, סיי מענער סיי פרויען. פאַר דיעזער פערזאַמלונג ניט דער דאָמאַטשין אָב דין וחשבון. דיעזע פערזאַמלונג בעשליסט און האָט די אויבער־דעה וועגען אַלע וויכטיגע זאַכען, זי פּסק'נט יעדען משפּט, זי בע־שליסט וועגען וויכטיגערע איינקויפונגען און פערקויפונגען, בעזאָנ־דערס וועגען פעלד־אייגענטהום, און אַזוי ווייטער.

אויך אין רוסלאַנד האָבען עקזיסטירט און עקזיסטירען נאָך היינט אַזעלכע גרויסע פאַמיליען־געמיינשאַפטען. פריהער האָבען די פּאַר־

שער ניט געוואוסט דערפון. זייט צעהן יאהר, אונגעפעהר, איז דאס בעוויעזען געווארען. יעצט ווערט פון אלעמען אנערקענט, אז אזא סארט פאמיליען־געמיינשאפט איז איינגעווארצעלט אין די רוסישע פאלקס־זיטע, פונקט אזוי שטארק ווי די „אבשטשינא“, די דארף־געמיינשאפט. אין דעם עלטסטען רוסישען געזעץ־בוך, אין די „פראווי־דא“ פון יאראסלאוו, ווערען אזעלכע פאמיליען־געמיינשאפטען אנ־גערופען „ווערוו“. דעמזעלבען נאמען האבען זיי אין די געזעצע פון דאלמאציען און מען געפינט זיי אויך אין פוילישע און טשעכישע היסטארישע קוועלען.

אויך ביי די דייטשען איז אמאל געווען אזא איינריכטונג. דער פארשער הייסלער (אין זיין בוך „אינסטיטוציאנען פון דעם דייטשען רעכט“) בעווייזט, אז די היינטיגע איינצעל־פאמיליע איז ניט געווען דער אנפאנג פון געזעלשאפטליכע איינריכטונגען ביי די דייטשען, נאר זי, די היינטיגע איינצעל־פאמיליע, איז ערשט ארויסגעקומען פון א פריהערדיגע איינריכטונג, די „הויז־גענאסענשאפט“. אין די הויז־גענאסענשאפט האבען געלעבט צוזאמען אייניגע דורות, אדער איינ־צעל־פאמיליען, און צווישען זיי אויך, אפט גענוג, אונפרייע קנעכט און דיענסטען. עס ווערט היינט בעהויפטעט, אז די רוימישע פא־מיליע איז אייגענטליך אויך געווען אזא סארט איינריכטונג, מען זאגט אלזא היינט, אז עס איז ניט אמת, דאס אין דער רוימישער פאטריארכאלישער פאמיליע האט דער הויז־פאטער געהאט די אב־סאלוטע געוואלט און די איבריגע פאמיליען־מיטגליעדער זיינען געווען נעגען איהם רעכטלאז.

אויך ביי די קעלטען אין איירלאנד זאלען זיין געווען עהנליכע פאמיליען־געמיינשאפטען. אין פראנקרייך, אין די פראווינץ ניווער־ניי, זיינען אזעלכע איינריכטונגען בעשטאנען ביז צו דער פראנצויזי־שער רעוואלוציאן. זיי האבען זיך גערופען „פארסאנעריע“. און אין די געגענד פראנש קאמטע זיינען נאך היינט דא אזעלכע. אין דער געגענד פון לוהאן זעהט מען גרויסע בויערן־הייזער מיט א געמיינ־שאפטליכען צענטראל־צימער, א הויכער זאל, וואס גרייכט ביז צום דאך, און ארום דעם מיטעלסטען גרויסען צימער זיינען שלאף־צי־מערען, צו וועלכע מען קומט צו אויף טרעפלעך פון זעקס ביז אכט שטיענגען. אין אזא הויז וואוינען אייניגע דורות פון דיזעלבע פא־

מיליע (דאס הייסט באבע־זיידע, זייערע קינדער, אייניקלעך, אור־אייניקלעך און אזוי ווייטער).

אז אין אינדיען זיינען געווען אזעלכע הויז־גענאסענשאפטען און אז אלע איינוואוינער פון אזא הויז האבען בשותפות בעארבייט זייערע פעלדער, איז שוין בעריכטעט געווארען גאנץ פערצייטענס, אין דער צייט פון אלעקסאנדער מוקדן. דער גריכישער שרייבער נעארכוס האט דאס דעמאלט דערמאנט. ער האט דאס געשריבען וועגען דעם געגענד אין אינדיען וואס הייסט פאנדשאב, און נאך היינט איז דאס אזוי אין דיעזער געגענד, און אויך אין דעם גאנצען נארד־וועסט געגענד פון דעם לאנד.

אז אין קאווקאז זיינען דא אזעלכע איינריכטונגען, האט קאוואלעווסקי אליין בעוויעזען.

אין אלגיער זיינען דא אזעלכע הויז־געמיינשאפטען ביי די קאבילען.

אפילו אין אמעריקא, גלויבען מאנכע, זיינען געווען אזעלכע הויז־געמיינשאפטען ביי די אינדיאנער. דער שפאניער צוריטא בעשרייבט געוויסע געזעלשאפטען אין פערצייטיגע מעקסיקא, ער רופט זיי „קאלפולים“, דענקט מען, אז דאס זיינען געווען אזעלכע גרויסע פאמיליען־געמיינשאפטען. וועגען פערו האט דאגעגען היינריך קונאוו ציעמליך קלאר בעוויעזען, אז דארטען איז אין דער צייט ווען די שפאניער האבען זיי איינגענומען, בעשטאנען אן אנדער סארט איינריכטונג, דאס איז געווען אזא פערבאנד ווי דער, וואס איז אמאל בעשטאנען אין דייטשלאנד אונטער דעם נאמען „מארק“. (זעה אב. קאהאן, געשיכטע פון די פעראייניגטע שטאאטען, באנד 2, זייטע 556 און 557. — א י ב ע ר ז.) ביי זיי פלעגט מען די פעלדער פון צייט צו צייט צוטיילען. אלזא, האבען זיי די פעלדער בעארבייט ניט בשותפות, נאר יעדער פאר זיך. עס איז זאנדערבאר, אז דארט, אין פערו, ביי די אור־איינוואוינער, האט דיעזע איינריכטונג אויך געהייסען „מארקא“. (דאס העברעאישעווארט „גבול“ פערטייטשט דער מלמד אין חדר „געמארק“, דאס שטאמט פון דיעזען דייטשען ווארט מארק. דאס איז געווען אזא פערבאנד פון געמיינדען וואס האבען געהאט א געוויסע שטיק לאנד אין שותפות־אייגענטהום. דאס שטיק לאנד האט דאס געהייסען „געמארק“. — א י ב ע ר ז.)

יעדענאפאלס אָבער איז די פּאַטריאַרכאַלישע הויז־געמיינשאַפט, מיט שותפות־אייגענטהום און שותפות׳ע בעאַרבייטונג פון די פעלדער, בעשטאַנען ביי זעהר פיעל פעלקער. דאָס האָט מען פריהער אויך געוואוסט. אָבער די בעדייטונג דערפון פערשטעהט מען גאַנץ אַנדערש יעצט, לויט די געדאַנקען פון מאָרגאַן וועגען דער ענטוויקלונג פון דער פאַמיליע. עס קען יעצט קיין שום צווייפעל ניט מעהר זיין, אַז דיעזע סאָרט פאַמיליען־איינריכטונג, אָט די פּאַטריאַרכאַלישע הויז־געמיינשאַפט, האָט געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אין דער ענטוויקלונג פון פאַמיליע, אַלס די איבערגאַנגס־שטופע צווישען די פריהעריגע מוטער־רעכטליכע פאַמיליע און די שפּעטערע איינצעל־פאַמיליע.

קאָוואַלעווסקי בעהויפּטעט, אַז פון דיעזע הויז־געמיינשאַפט האָט זיך דערנאָך אויך ענטוויקעלט די דאָרף־געמיינדע אָדער מאַרק־געמיינדע, מיט די איינפיהרונג, אַז יעדער האָט בעאַרבייט פאַר זיך זיין שטיקעל פעלד, וואָס איז פריהער איהם צוגעטיילט געוואָרען פון די קהל׳שע פעלדער אויף אַ צייט, און שפּעטער איז עס געוואָרען צוטיילט אויף שטענדיג. וועגען דעם וועלען מיר ווייטער רעדען.

מכּוח דעם פאַמיליען־לעבען אין אַזאַ הויז־געמיינשאַפט איז צו בעמערקען, אַז דער הויז־פאָטער האָט — ווייניגסטענס אין רוסלאַנד — דעם שלעכטען שם, אַז ער בענוצט זיך מיט זיין מאַכט צו טשעפּען זיך צו אינגערע פרויען פון הויז, בעזאָנדערס צו זיינע שנורען. ער מאַכט זיך אָפּט אַ האַרעם פון זיי. עס זיינען דאָ בעקאַנטע רוסישע פאָלקס־ליעדעלאך, וואָס דריקען דאָס אויס גאַנץ שאַרף.

איידער מיר געהען איבער צו דער מאָנאָגאַמיע, וואָס האָט זיך גענומען שטאַרק ענטוויקלען אַזוי באַלד ווי דאָס מוטער־רעכט איז אונטערגעגאַנגען, האָבען מיר נאָך צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען די פיעל־ווייבעריי און פיעל־מענעריי. מען דאַרף געדענקען, אַז עס האָט קיינמאָל ניט געקענט מעגליך זיין, אַז יעדער מאַן זאָל האָבען אַ סך ווייבער פאַר זיך אַליין, אָדער אַז יעדע פרוי זאָל האָבען אַליין פאַר זיך אַ סך מענער, דען עס זיינען קיינמאָל ניטאָ אַ סך מעהר פרויען ווי מענער אָדער מעהר מענער ווי פרויען. סיידען ווען דיביידע זאַכען, פיעל־מענעריי און פיעל־ווייבעריי, זאָלען בעשטעהן אין איין לאַנד און אין איין צייט. דאַן וואָלט געקענט מעגליך זיין, אַז ווען איין מאַן האָט אַ סך ווייבער און פאַר אַנדערע מענער בלייבט

דארום נים געגוג ווייבער, אז יעדער זאל קענען האבען כאטש איינע, זאלען זיך דיעזע אנדערע מענער בעהעלפען דערמיט, וואס איין פרוי זאל נעהמען א סך מענער. דער פאקט איז אבער, אזביידע זאכען, אי פיעל־ווייבעריי פאר איין מאן אי פיעל־מענעריי פאר איין פרוי, איז קיין מאל נים געווען צוזאמען אין איין לאנד און אין איין ציים. און דאס איז אויך א פאקט, אז ביז אהער זיינען אימער געווען לערך א גלייכע צאהל מענער און פרויען, אלע איינס וואס די געזעלשאפט־ליכע איינריכטונגען זיינען געווען. אלזא, איז דאך זיכער, אז קיין מאל האבען נים געקענט האבען אלע מענער צו א סך ווייבער יעדער פאר זיך און נים אלע ווייבער צו א סך מענער. וואו עס איז בע־שטאנען פיעל־ווייבעריי אדער פיעל־מענעריי, האט דאס נאר געקענט זיין, זא צו זאגען, א לוקסוס. אין דער ווירקליכקייט איז די פיעל־ווייבעריי פאר איין מאן נאר ארויסגעקומען פון שקלאפעריי. דאס איז לייכט צו בעגרייפען. דער מאן, וואס האט געהאט שקלאפינען, האט א סך פון זיי געמאכט פאר זיינע ווייבער. אלזא, האבען נאר זעלטענע מענער געקענט האבען א סך ווייבער. אין דער סעמיטישער פאטריארכאל־פאמיליע לעבט נאר דער פאטריארך אליין מיט א סך ווייבער, העכסטענס נאך איניגע פון זיינע זיהן. די איבריגע מענער אין דער פאמיליע מוזען זיך בעגניגען יעדער מיט איין ווייב. אזוי איז עס נאך היינט אין גאנצען אריענט. די פיעל־ווייבעריי איז א לוקסוס פון די רייכע און פארנעהמע מענער און די ווייבער נעהמט ער פון זיינע שקלאפינען. די מאסע פון פאלק לעבט אין מאנאגאמיע. אזוי איז עס אויך מיט די פיעלמענעריי אין אינדיען און טיבעט, — נאר אויסגענומענע פרויען לעבען מיט א סך מענער. דאס שטאמט ביי זיי נאך פון די גרופען־עהע. עס וואלט געווען אינטערעסאנט צו דערגעהן, ווי אזוי עס איז געקומען, אז פון די גרופען־עהע איז דאר־טען ארויסגעקומען פיעל־מענעריי. אבער דאס דארף נאך אויסגע־פארשט צו ווערען. דאס לעבען אין דער פאמיליע, וואו איין פרוי האט א סך מענער זעהט אויס צו צוגעהן א סך פריעדליכער, ווי דאס לעבען אין פיעל־ווייבעריי ביי די אייפערזיכטיגע מאהמעדאנער. ביי זיי, ביי די מאהמעדאנער, טארען די פרויען פון איין מאן זיך נים דער־זעגען צו האבען צו טהון מיט אנדערע מענער. ביי די נעירס אין אינדיען אבער, וואו איין פרוי האט דריי, פיער אדער מעהר מענער,

קען יעדער פון דיעזע מענער האבען נאך א צווייטע פרוי בשותפות מיט דריי אדער מעהר אנדערע מענער, און אזוי אויך א דריטע, א פיערטע און אזוי ווייטער. דאס קען מען אנרופען עהע־קלובס. יעדער מאן קען זיין א מיטגליעד אין מעהרערע קלובס אזעלכע. מעקלעננאן בעשרייבט אליין דיעזען סארט פאמיליען־לעבען. א וואונדער ער האט ניט געזאגט, אז דאס איז וויעדער א בעזונדערער סארט עהע, א „קלוב־עהע". אין אמת'ן איז דאס ניט קיין בעזונדערער סארט עהע. דאס איז גאר ניט קיין ווירקליכע פיעל־מענערי. דאס איז נאר א בעזונדערער סארט גרופען־עהע. דען אין אמת'ן לעבען די מענער דערביי פונקט אזוי גוט אין פיעל־ווייבעריי ווי די ווייבער אין פיעל־מענעריי, ווי דער פארשער זשיראטעילאן האט שוין בעמערקט. דאס איז אלזא ניט קיין בעזונדערע פארמע פון פאמיליען־לעבען, קיין בעזונדערער שטאפעל אין דער ענטוויקלונג פון דער פאמיליע.

4. די מאנאגאמע פאמיליע. די מאנאגאמע פאמיליע, דאס הייסט די איינריכטונג אז איין מאן לעבט דויערהאפט נאר מיט איין פרוי, איז ארויסגעקומען, ווי מיר האבען געצייגט, פון די פארונגס־פאמיליע, אין דער צייט, ווען די מענשען האבען זיך געפונען אויף דעם איבערגאנג פון די מיטעלע צו די אויבערשטע שטופע פון בארבאריי. ווען די מאנאגאמיע האט ענדליך אין גאנצען געזיעגט, ווען, הייסט עס, אלע פריהעריגע פאמיליען־פיהרונגען זיינען אין גאנצען פערשוואונדען געווארען, האט זיך אנגעהויבען די ציוויליזאציאן. דאס איז איינער פון די סמנים פון אנפאנג פון ציוויליזאציאן.

די מאנאגאמיע איז געגרינדעט אויף די הערשונג פון דעם מאן. דער אויסדריקליכער צוועק דערביי איז, אז עס זאלען געבוירען ווערען קינדער וואס עס זאל זיין זיכער אז ער איז זייער פאטער. און דאס ווערט געפאדערט, ווייל דיעזע קינדער דארפען אמאל ווערען די לייב־ליכע יורשים פון דעם פאטער'ס פערמעגען.

דער אונטערשיעד פון די מאנאגאמישע פאמיליע און די פארונגס־עהע איז, וואס די מאנאגאמע פאמיליע איז א סך פעסטער צוזאמענ־געבונדען. מען קען זי ניט צו יעדער צייט אויפבינדען. ער קען די מאנאגאמע פאמיליע אייגענטליך אויך צו יעדער צייט אויפבינדען; דאס איז דער רעגעל אין אנפאנג. ער קען די פרוי פערשטויסען.

אויך בלייבט פאר איהם ווייטער דאס רעכט צו זיין איהר אונטריי, צו האבען צו טהאן מיט אנדערע פרויען. ווייניגסטענס בלייבט איהם דאס רעכט לויט נאך די זיטע (ווי עס פיהרט זיך). און ער בענוצט דאס רעכט אלץ מעהר, וואס ווייטער די געזעלשאפט ענט־וויקעלט זיך. (דאס געזעץ בוך פון נאפאלעאן גיט דעם מאן אויסדריק־ליך דאס רעכט צו האבען צו טהאן מיט אנדערע פרויען, אזוי לאנג ווי ער ברייננט זיי ניט אריין אין דעם עהעליכען הויז), זאל זיך אבער די פרוי חלילה דערמאנען אן די אמאליגע פיהרונגען און וועלען זיי בענייען, ווערט זי איצט, ווען עס איז שוין איינגעפיהרט מאנאגאמיע, שטרענגער בעשטראפט ווי ווען עס איז פריהער.

דיעזע נייע פאמיליען־פארמע געפינען מיר אין איהר גאנצער שטרענגקייט ביי די גריכען. אין דער גריכישער מיטהאלאגיע (געטער־געשיכטען) ווערען די געטטינען פארגעשטעלט אלס פרייע און מעכ־טיגע. אין דעם שפיגעלט זיך אב — ווי מארקס בעמערקט — א פריהערע צייט, ווען פרויען האבען נאך געהאט א פרייערע און גע־אכטעטערע שטעלונג. אין די שפעטערע צייט אבער, אין די העראען־צייט, געפינען מיר שוין די פרויען ערנידעריגט דורך די אויבער־הער־שונג פון דעם מאן און דורך די קאנקורענץ פון די שקלאפינען. מען דארף נאר לעזען אין דער אדיסעע, ווי טעלעמאכעס זאגט אב זיין מוטער וואס זי פערלאנגט און בעפעהלט איהר צו זיין רוהיג. אין די געשיכטען פון האמער איז אימער פארגעשטעלט, ווי די יונגע פרויען, וואס ווערען געפאנגען גענומען אין מלחמות, ווערען בענוצט פון די זיעגערס פאר זייער תאוה. די קאמאנדירען פון די קריעגס־פיהרער קלייבען זיך אוים די שעהנסטע, נאך׳ן ראנג נאך. דאס גע־דיכט איליאס האנדעלט, ווי בעוואוסט, אין גאנצען, וועגען דעם שטרייט צווישען אכילעאוס און אגאמעמנאן וועגען אזא שקלאפין. ביי יעדען העלד, וואס האמער רעדט פון איהם אין זיינע געדיכטע, ווערט אימער דערמאנט א מיידעל, געפאנגען אין קריעג, מיט וועלכער דער העלד וואוינט אין זיין געצעלט. און ווען ער רייזט פון דער מלחמה צוריק אהיים, נעהמט ער די מיידלעך מיט און ברייננט זיי אריין אין זיין עהע־הויז. די קינדער, וואס דער מאן האט פון אזעלכע שקלאפינען, קריעגען א קליינעם חלק פון פאטערס ירושה און זיי בלייבען אין גאנצען פרייע. פון די ווייב ווערט ערווארטעט, אז זי

זאָל דאָס אַלעס אריבערטראָגען, אָבער זי אַליין, פון איהר זייט, זאָל אָבהיטען די שטרענגסטע צניעות און טרייהייט צום מאַן.

די גריכישע פרוי פון די העראָען־צייט איז אפילו מעהר געאַכטעט ווי די פרוי פון די ציוויליזירטע צייט, אָבער דאָך איז זי, נאָך אַלעס, פאַר דעם מאַן ניט מעהר ווי די מוטער פון זיינע כשר'ע יורשים, ווייטער איז זי זיין באַלעבאָסטע און די פאַרשטעהערין פון זיינע שקלאַפינען, וועלכע ער קען זיך מאַכען פאַר זיינע קעבס־ווייבער וויפיעל ער האָט נאָר חשק. און ער טהוט דאָס אויך.

די מאָנאָגאַמיע איז אַלזאָ נ אָ ר פ אַ ר ד י פ ר ו י צ ו ה י ט ע ן, ניט פאַר דעם מאַן. פון אָנהויב אָן איז עס געווען אזוי דארום, ווייל עס איז בעשטאַנען שקלאַפעריי און יונגע שעהנע שקלאַפינען זיינען געווען ד ע ם מ אַ ן ' ס אייגענטהום. אָט פון דעם איז עס געקומען, וואָס נאָר די פרוי האָט געמוזט היטען מאָנאָגאַמיע. און אַזוי איז דאָס נאָך היינט. *)

ביי די שפּעטערע גריכען איז עס אין די דאָזיגע זאַכען ניט צוגעגאַנגען ביי אַלע גלייך. ביי א טייל פון זיי, די דאָרער, איז געווען אַנדערש און ביי די יאָנען ווידער אַנדערש. ווי ביי די דאָרער איז צוגעגאַנגען, האָט מען דעם בעסטען ביישפּיעל אין זייער לאַנד ספּאַרטאַ. דאָרטען זיינען נאָך געווען געבליעבען אין מאַנכע בעציהונגען עהע־פערהעלטניסע נאָך עלטערע אפילו ווי די וואָס האָמער דערמאָנט. אין ספּאַרטאַ איז געווען פּאָרונגס־עהע. די רעגיערונג אָבער האָט זיך ארייגעמישט אין די פּאָרונגען פון מענשען. א פּאָר פּאָלק, למשל, וואָס האָבען קיין קינדער ניט געהאַט האָט די רעגיערונג צושיידט. מען געפינט בעשריעבען אין זייערע געשיכטען, אז דער קעניג אַנאַקסאַדרידאַס (650 יאָהר פאַר די קריסטליכע צייט) האָט מיט זיין ווייב קיין קינדער ניט געהאַט, האָט ער גענומען נאָך א ווייב און האָט געפיהרט מיט יעדער ווייב אַ בעזונדערע הויז־האַלטונג. קעניג אַריסטאָן (ארום דריזעלבע צייט) האָט געהאַט צוויי ווייבער אָהן קינ־

*) לויט די מעשיות פון חומש, קומט אפילו אויס, אז עס זויבען געווען שקלאַפינען, וואָס האָבען גאָר געהערט צו דער פרוי און זי אליין האָט גאָר מאַנכע מאָל געגעבען איהר מאַן איהרע אַ שקלאַפין פאַר אַ קייבס־ווייב. אַזוי ווערט דערצעהלט פון שרה'ן, רחל'ן און לאה'ן. — איבערזעצער.

דער, האָט ער גענומען אַ דריטע און איינע פון די ערשטע צוויי האָט ער געג׳גט. אַלזאָ, פון דעם זעהט אויס, אַז מיט קיין סך ווייבער צו־זאמען האָט מען ביי זיי ניט געוואוינט. דערפאַר אָבער געפינט מען ביי זיי פון דער אַנדערער זייט מנהגים, וואָס דערמאָנען נאָך אין די גרופען־עהע. למשל, מעהרערע ברידער צוזאַמען האָבען געקענט האָ־בען איין ווייב. און ווען איינעם איז זיין פריינד׳ס ווייב בעסער געפעלען, האָט ער געמעגט ווערען אַ שותף מיט איהם אין איהר. און עס איז געווען גאַנץ אַנשטענדיג פאַר אַ מאַן מכבד צו זיין אַ קרעפ־טיגען מענשען מיט זיין ווייב, אפילו ווען יענער איז געווען ניט קיין בירגער פון לאַנד. און עס שיינט, אַז נאָך מעהר פריי זיינען די זיטען ביי זיי געווען, ווי עס איז צו זעהען פון דעם, וואָס מען גע־פינט אין די שריפטען פון פלוטאַרך בעשריעבען, ווי אַ ספּאַרטאַנער לויפט נאָך אַ ספּאַרטאַנערין און וויל זי קריעגען, זאָגט זי איהם, ער זאָל זיך ווענדען צו איהר מאַן. דעריבער איז טאַקי אויך קיין מאָל ניט געהערט געוואָרען, אַז אַ ווייב זאָל זינדיגען מיט אַן אַנדערען אָהן איהר מאַן׳ס וויסען. דאָס איז פון איהר זייט. פון זיין זייט וויע־דער, האָט דער מאַן אויך נעהיט טרייהייט. וואָרים הויז־שקלאַפּעריי איז אין ספּאַרטאַ געווען (ווענינסטענס אין איהרע בעסערע צייטען) אונבעקאַנט, די לייב־אייגענע העלאָטען האָבען געלעבט בעזונדער אויף די גיטער, דעריבער האָבען די ספּאַרטאַנער מענער ווייניג געלעגענ־הייט געהאַט צו קריעגען תאוה צו די שקלאַפּינען. אַז אונטער אַזעל־כע אומשטענדען האָבען די פרויען אין ספּאַרטאַ געהאַט אַ גאַנץ אַנ־דערע געאַכטעטע שטעלונג ווי ביי די איבריגע גריכען, האָט גאָר אַנ־דערש ניט געקענט זיין. ווי ווייט דיעזע פרויען זיינען געווען גע־אַכטעט, זעהט מען אַרויס פון דעם, וואָס אין די שריפטען פון די פּערצייטיגע גריכען געפינט מען גערעדט מיט רעספּעקט נאָר פון די ספּאַרטאַנער פרויען, און וויטער נאָר פון די סמעטענע פון די הע־טערען פון אַטהען; נאָר פון דיעזע פרויען האָבען זיי געהאַלטען פאַר כדאי צו פערשרייבען קלוגע רייד.

גאַנץ אַנדערש איז עס געווען מיט די פרויען ביי דעם טייל פון גריכישען פאָלק, וואָס האָבען געהייסען יאָניער. אַטהען איז געווען דער טיפּ פון אַלע זייערע ערטער. די מיידלעך האָבען ביי זיי נאָר געלערנט שפּינען, וועבען און נעהען. העכסטענס נאָך עטוואָס

לעזען און שרייבען. זיי זיינען געווען אזוי גוט ווי איינגעשלאָסען און האָבען געהאַט אומגאַנג נאָר מיט אַנדערע ווייבער. אין הויז איז געווען אַ בעזונדערע אַבטהיילונג פאַר די ווייבער, אויפ'ן אויבערשטען שטאָק אָדער אין הינטערהויז. אַהין האָט אַ מאַנספּערשוין, בעזאָנדערס אַ פרעמדער, ניט לייכט געקענט אַריינקומען. ווען פרעמדע מענער זיינען אַריינגעקומען אין הויז, זיינען די פרויען אוועק אין זייער אַבטהיילונג. די פרויען זיינען ניט אַרויסגעגאַנגען אָהן בעגלייטונג פון אַ שקלאַפין. אין דער היים האָט מען די פרוי בעוואַכט. אַריסטאָפאַנעס דערצעהלט, אַז מען פלעגט האַלטען אין הויז געוויסע הינט, אָבצושרעקען פרעמדע מענער פון צוקומען צו די ווייבער. אין אַ טייל ערטער, וועניגסטענס אין די אַזיאַטישע שטעדט, האָט מען געהאַלטען עוונוכען (סריסים) צו בעוואַכען די פרויען. מען פלעגט מאַכען אינגלעך פאַר עוונוכען (דאָס הייסט דורך אַן אָפּעראַציאָן מאַכען זיי פאַר אויס מענער), כדי זיי דערנאָך צו פערקויפען אַלס פרויען־היטער. אַזוי איז געווען אין כיאָס שוין אין העראָדאָט'ס צייט. אין די שריפטען פון איירופּידעס ווערט די פרוי בעצייכענט מיט דעם וואָרט „אָיקורעמאַ", דאָס הייסט אַ זאַך פאַר די בעזאָרגונג פון הויז. זי איז געווען פאַר דעם אַטהענער די אויבערשטע הויז־דיענסט, און ווייטער נאָר נאָך אַ זאַך פאַר קינדער האָבען. זי האָט אין ערגעץ ניט געקענט קומען מיט איהר מאַן. ער פלעגט געהן צו פאָלקס־פערזאַמלונגען און צו גימנאַסטישע איבונגען, זי אָבער האָט ניט געקענט מיטגעהן. ער האָט אויסערדעם נאָך געהאַט שקלאַפינען, וועלכע ער האָט געקענט בענוצען. ווייטער איז אין די בליהונגס־צייט פון אַטהען נאָך געווען דאָרט אַ שטאַרק־פערשפּרייטע פּראָסטיטוציאָן, וועלכע די רעגיערונג האָט, ווען ניט אַליין אויפגעהאַלטען, וועניגסטענס געשטיצט. און גראַדע צווישען די פּראָסטיטוטקעס האָבען זיך ענטוויקעלט איינציגע גרויסע גריכישע פרויען, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט פון אַלע פרויען פון זייער צייט דורך גרויסע קלוגהייט און קינסטלערישע געשמאַקס־בילדונג, אַזוי ווי די ספּאַרטאַנישע פרויען האָבען זיך ווייטער אויסגעצייכענט מיט אַ שטאַרקען כאַראַקטער. אַ גוטע הויז־פרוי האָט קיין שום געלעגענהייט ניט געהאַט צו ענטוויקלען איהר גייסט. דאָס איז די שטרענגסטע פערורטהיילונג פון דעם אַטהענער פאַמיליען־לעבען.

דיעזע אַטהענישע פאַמיליע איז שפּעטער געוואָרען דער מוסטער, נאָך וועלכען עס האָט זיך אויסגעפאָרמעוועט דאָס פאַמיליען־לעבען ניט בלויז ביי די איבריגע יאָניער, נאָר אויך אַלץ מעהר און מעהר ביי אַלע גריכען פון אינלאַנד און פון די קאָלאָניען.

אָבער ווי שטאַרק מען האָט די גריכישע פרויען ניט געהיט און בעוואַכט, האָבען זיי דאָך געפונען געווג געלעגענהייטען אָבצונאַרען זייערע מענער. די מענער ווידער האָבען זיך געשעהמט אַרויסצוּ־ווייזען וועלכע עס איז ליעבע צו זייערע אייגענע פרויען, דערפאַר האָ־בען זיי זיך פערוויילט שפּיעלענדיג ליעבעס מיט העטערען. די דאָ־זיגע שענדונג פון די פרויען האָט אויך אונווירדיג געמאַכט די מענער, ביז זיי זיינען פערזונקען אין עקעלהאַפטען משכב זכר. אויך זייערע געטער האָבען זיי אַזוי פעראונווירדיגט ווי זיך אליין, זייערע פאַנטאַ־זיעס האָבען געמליך דערצעהלט פון זייערע געטער אויך אַזוינע מיאוס'ע זאַכען, דאָס געפינט זיך אין דעם מיטהוס פון גאַנימעד.

אַזוי האָט זיך אָנגעפאַנגען די מאָנאָגאַמיע, אַזוי ווייט ווי מיר קענען דאָס אויסגעפינען ביי דעם ציוויליזירטעסטען און העכסט־ענט־וויקעלטען פאָלק פון אַלטערטהום — די גריכען. מיר זעהען דאָ, אַז די מאָנאָגאַמיע איז ניט אַרויסגעקומען פון דעם וואָס איין מאַן האָט ליעב געהאַט נאָר איין פרוי און איין פרוי איין מאַן און זיי האָבען ניט געקענט ליידען, אַז ער אָדער זי זאָל האָבען פערהעלטניסע מיט אַנדערע. ניין, מיט אַזאַ ליעבע האָט דאָס גאָר ניט געהאַט צו טהאָן. דען די עהען זיינען ווייטער, אַזוי גוט ווי פריהער, געשלאָסען געוואָ־רען ניט דורך ליעבע, נאָר לויט בעקוועמליכקייט. די מאָנאָגאַמיע איז געווען די ערשטע פאָרמע פון פאַמיליע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָ־רען ניט אויף נאַטירליכע בעדינגונגען, נאָר אויף עקאָנאָמישע, נעמליך אויף דעם, וואָס עס איז אונטערגעגאַנגען דאָס אַלטע שותפות־אייגענ־טהום פון די צייטען, ווען די מענשען זיינען נאָך געווען „ווי די נאַטור האָט זיי געהאַט" און עס איז אויפגעקומען פריוואַט־אייגענטהום. די גריכען האָבען אונפערשלייערט אָפען אַרויסגעזאָגט, אַז דער איינציגער צוועק פון די מאָנאָגאַמיע איז ביי זיי, אַז דער מאַן זאָל זיין דער הערשער אין דער פאַמיליע און ער זאָל האָבען קינדער אַזעלכע, פון וועלכע ער זאָל זיין זיכער, אַז זיי זיינען זיינע און זיי זאָלען זיין די יורשים פון זיין אייגענטהום. איבריגענס איז די מאָנאָגאַמיע געווען

פאר זיי א לאסט, א פפליכט צו די געטער, צו דעם שטאאט און צו די אבות, א פליכט וואס זיי האבען געמוזט ערפילען. אין אטהען האט דאס געזעץ געצוואונגען מען זאל חתונה האבען, און ניט בלויז דאס, נאר אויך איז געווען פאר דעם מאן געזעצליך געבאטען ער זאל זיין מיט זיין ווייב ניט ווענינער ווי א געוויסע צאהל מאל.

אלזא, זעהען מיר, אז די מאנאגאמיע בעווייזט זיך אין דער וועלט־געשיכטע ניט אלס א שלום צווישען מאן און ווייב, זיי זאלען זיך איי־נע די אנדערע ניט מעהר קרענקען מיט האבען צו טהון מיט אנדערע, און נאך מעהר ניט אלס די העכסטע פארמע פון פאמיליען־לעבען. פערקעהרט, זי בעווייזט זיך אלס א פערשקלאפונג פון די פרוי דורך דעם מאן. דערמיט איז אויפגעקומען א געגנערשאפט צווישען מאן און פרוי אזעלכע, ווי זי איז ניט געווען אין די גאנצע פארגעשיכטע. אין אן אלטען מאנוסקריפט פון מארקס און מיר, וואס מיר האבען געשריעבען אין יאהר 1848 און וואס איז ניט געדרוקט געווארען, געפין איך דיעזע ווערטער: „די ערשטע טיילונג פון ארבייט איז די צווישען מאן און ווייב צו בריינגען קינדער אויף דער וועלט“. און היינט קען איך צולייגען דערצו: די ערשטע געגנערשאפט צווישען פערשיעדענע קלאסען מענשען איז אויפגעקומען צוזאמען מיט דער ענטוויקלונג פון געגנערשאפט צווישען מאן און ווייב אין דער איינ־צעל־עהע און די ערשטע אונטערדריקונג פון איין קלאס מענשען דורך אן אנדערן האט זיך בעוויעזען אין איין צייט מיט דער אונטערדרי־קונג פון די פרויען דורך די מענער.

די מאנאגאמיע איז געווען א גרויסער געשיכטליכער פארטשריט. אבער דעמאלט ווען זי איז אויפגעקומען האט זיך אויך אנגעהויבען די שקלאפעריי און דאס פריוואט־אייגענטהום און צוזאמען מיט דעם האט זיך אנגעפאנגען די צייט, ווען יעדער פארטשריט פון איין זייט איז אויך א ריקשריט פון אן אנדערער זייט, ווייל דאס וואס עס איז א טובה פאר איין צד, דאס שלאגט זיך דורך א וועג דורך דעם וואס עס שטויסט אוועק דעם אנדערן צד און ברענגט איהם שלעכטס. אזוי איז עס נאך ביז היינט. די מאנאגאמישע פאמיליע איז אין דער גע־זעלשאפט דאס, וואס די קליינע בלעזעלע איז אין קערפער. (יעדער קערפער פון לעבעדיגע זאכען און אויך יעדע פלאנצונג איז צוזאמענ־געזעצט פון פיצינאטינקע בלעזעלעך). און פונקט אזוי ווי אין די

בלעזעלע איז שוין דאָ די נאַטור פון דעם גאַנצען קערפּער, אַזוי גע־פינען מיר שוין אין דער פאַמיליע די נאַטור פון די נעגנערשאַפטען פון הערשער און אונטערדריקטע, וועלכע ענטוויקלען זיך אין זייער פולער קראַפט אין דער גאַנצער ציוויליזירטער געזעלשאַפט.

ווען עס איז שוין געוועזען איינגעפיהרט די פּאָאַרונגס־עהע, און אפילו די איינצעל־עהע, איז אָבער נאָך אויף קיין פאַל נים אינגאַנצען אונטערגעגאַנגען די אַלטע פערהעלטניסמעסיגע פרייהייט פון גע־שלעכטס־פערקעהר. ווי מאָרגאַן דריקט זיך אויס: „ווען דאָס אַלטע עהע־סיסטעם איז פערענדערט געוואָרען דורך דעם וואָס די פּונאַלואַ גרופּען זיינען ביסלעכווייז אויסגעשטאָרבען און עס זיינען געבליבען נאָר ענגערע פאַמיליען, איז אָבער אָרום דיזע פאַמיליען, וועלכע האָ־בען זיך אַלץ מעהר ענטוויקעלט, נאָך געבליעבען איבערבלייבונגען פון דעם אַלטען עהע־סיסטעם אויך, ביז דעם פריהמאָרגען פון דער ציוויליזאַציאָן... צום סוף זיינען דיזע איבערבלייבונגען פערשוואונ־דען געוואָרען, ווען זיי האָבען געקראָגען אַ נייע פאָרמע, די פאָרמע פון העטעריזמוס; דאָס אָבער בעשטייט נאָך ביז אריין אין דער ציווי־ליזאַציאָן; דאָס בלייבט ווי אַ דונקעלער שאָטען אויף דער פאַמיליע". מיט דעם וואָרט „העטעריזמוס" מיינט מאָרגאַן דאָס, וואָס די מענער, זייענדיג פערהייראַטה אין אַ פאַמיליע, האָבען נאָך אויסערהאַלב די פאַמיליע צו טהון מיט אונפערהייראַטע ווייבער. דאָס איז אַ זאַך, וואָס בליהט, ווי יעדער ווייסט, אין דער גאַנצער פעריאָדע פון ציוויליזאַציאָן, דאָס בעשטעהט אויף פערשיעדענע אַרטען און ווערט ביסלעכווייז מעהר און מעהר אָן אָפענע פּראָסטיטוציאָן. דיע־זער העטעריזמוס שטאַמט אָב גאַנץ דירעקט פון די גרופּען־עהע, פון דעם מנהג, אַז די פרויען האָבען זיך געאָפּפערט מיט דעם וואָס זיי האָבען זיך פריהער איבערגעגעבען צו אַנדערע, כדי דערמיט זיך אויס־צוקויפען דאָס רעכט אויף צניעות. דאָס איבערגעבען־זיך פאַר געלד איז פריהער געווען אַ רעליגיעזע זאַך. דאָס פלעגט פאָרקומען אין טעמ־פעל פון די ליעבעס־געטין און דאָס געלד האָט ניט די פרוי גענומען, נאָר עס איז אריין אין די צדקה־פושקע פון דעם טעמפעל. (אויף העברעאיש האָט אַזאַ פרוי געהייסען „קדשה", דאָס וואָרט בעדייטעט געהייליגטע, געאָפּפערטע צו גאָט. תורת משה האָט דאָס פערבאָטען. אַ בעווייז, אַז עס איז געווען וואָס צו פערבאָטען.—איבערזעצער).

די אַלטע שריפטען דערצעהלען פון אזעלכע טעמפּעל־פרויען, די היע־ראַדולען פון די געטין אנאיטאס ביי די אַרמעניער, פון די געטין אַפראָ־דיטע ביי די גריכען; אין אינדיען זיינען דאָ אין די טעמפּלען רע־ליגיעזע טאַנץ־מיידלעך, מען רופט זיי באַיאַדערען (דאָס וואָרט איז פאַרגרייזט פון דעם פּאָרטוגעזישען וואָרט באַילאַדאירא, דאָס הייסט טענצערקע). די אַלע זיינען געווען די ערשטע פּראָסטיטוטקעס. דיע־זע מנהגים זיינען געווען אַן איבערבלייבונג פון די אַמאָליגע גרופּען־עהע. אין די גרופּען־עהע איז יעדע פרוי געווען פאַר יעדען מאַן פון דער גרופּע. ווען דאָס האָט זיך געענדערט אויף איינצעל־עהע, האָט זיך יעדע פרוי געדאַרפט אויסקויפען פון דעם אַלטען מנהג דורך דעם וואָס זי האָט זיך איינמאָל איבערגעגעבען צו מעהרערע מענער (אָדער דערנאָך צום פאַרשטעהער) פון שבט. און שפּעטער האָבען די פּריס־טערינען מוציא געווען אַלע פרויען, אַלס זייערע שטעל־פערטרעטע־רינס. ביי אַנדערע פעלקער שטאַמט דער העטעריזמוס פון דעם, וואָס די מיידלעך האָבען פאַר דער חתונה געהאַט די פרייהייט צו פער־קעהרען מיט מענער. דאָס איז אַלזאָ אויך אַן איבערבלייבונג פון די גרופּען־עהע, נאָר אויף אַן אַנדער וועג.

ווייטער איז געוואָרען מיט די פרויען אזוי ווי מיט די אַרבייטער: ווען עס זיינען אויפגעקומען אַ טייל מענשען רייכע און אַ טייל אָרימע, שוין אויף די אויבערשטופע פון די באַרבאַריי, זיינען דאָך געווען אַרבייטער אי פערקויפטע שקלאַפען אויף שטענדיג אי אויך, טיילמאָל, פערדונגענע לוין־אַרבייטער אויף אַ ווייל — אַט פּונקט אזוי איז געוואָרען מיט די פרויען: חוץ די פערקויפטע שקלאַפינען אויף שטענ־דיג, וועלכע דער אייגענטהימער האָט בענוצט פאַר קייבס ווייבער, זיינען אויפגעקומען אויך פערדונגענע אויף אַ ווייל, דאָס איז די פּראָסטיטוציאָן. אויף אַזאַ אופן האָט די ציוויליזאַציאָן גע'ירשה'נט פון די גרופּען־עהע אַ צווייזייטיגע ירושה, אי די איינפיהרונג אַז איין מאַן האָט איין פרוי, אי אויך דעם העטעריזמוס מיט זיין ערגסטע פאָר־מע, די פּראָסטיטוציאָן. אַלעס וואָס די ציוויליזאַציאָן ברענגט ארויס איז צווייזייטיג, צוויי־פּנים'דיג, צושפּאַלטען אין זיך, צוויי געגענ־זעצע (היפכים). דער העטעריזמוס איז אַ געזעלשאַפטליכע איינריכ־טונג, ווי יעדע אַנדערע. דאָס איז די פאָרטזעצונג פון די געשלעכטס־פרייהייט — פאַר די מענער. מיט רייד פערדאַמט מען דאָס כלומרשט,

אין דער ווירקליכקייט אָבער לאָזט מען דאָס עקזיסטירען און די רע־גיערער אליין הולטעווען מיט אין דעם. מען פערדאַמט דערביי ניט די מענער, וואָס בענוצען דאָס, נאָר די פרויען פערדאַמט מען. זיי זיינען פעראַכטעט, פון דער געזעלשאַפט אויסגעשטויסען. דאָס איז, אַלזאָ, אויך איינע פון די זאַכען, אין וועלכע עס ציינט זיך די אויבער־הערשונג פון די מענער איבער די פרויען.

אָבער ווען עס קומט שוין צו אַזעלכע פיהרונגען — פון אויבען איין־עהע, פון הינטען הולטאַיסטווע פון דעם מאַן מיט אַנדערע פרויען, בלייבען שוין די כשר'ע פערהייראַטהע פרויען אויך ניט אַלע כשר. דען אַז דער מאַן הולטעוועט אַרום פערבאָרגענערהייט מיט אַנדערע פרויען, בלייבט זיין כשר'ע ווייב פערנאַכלעסיגט. די מענער האָבען זיך הפנים איינגערעדט, אַז זיי קענען אויפעסען אַ האַלבען עפּעל און דאָך זאָל דער עפּעל בלייבען גאַנץ — אַז זיי קענען, הייסט עס, פון זייער זייט טהון אַלדאָס בייז און דאָך זאָל זייער פאַמיליען־לעבען בלייבען ריין, פון דער ווייב'ס זייט. אָבער דאָס לעבען האָט געצייגט, אַז דאָס געהט ניט. אַזוי ווי עס האָט זיך נאָר ענטוויקעלט די איינ־צעל־עהע, האָט זיך באַלד אָנגעהויבען צו בעווייזען דער ווייב'ס פער־באָרגענער ליעבהאָבער. עהע־ברוך פון דער פרוי ווערט טאַקי זעהר שטרענג פעראַכטעט און בעשטראָפט, אָבער אויסראָטען קען מען דאָס דאָך ניט. דער מאַן האָט איינגעפיהרט איינצעל־עהע, כדי ער זאָל וויסען זיכער ווער זיינע קינדער זיינען, אָבער זיכער איז ער דערמיט ווייטער ניט. ער קען העכסטענס נאָר גלויבען מאָראַליש, אָבער גאַנץ זיכער קען ער ניט זיין. און כדי אויסצוגלייכען דעם פּלאָנטער, האָט דער „קאָד נאַפּאָליאָן" געמאַכט אַ געזעץ, אַז אַלע קינדער, וואָס אַ ווייב פון אַ מאַן האָט, ווען זיי זיינען פערהייראַטהע, רעכענען זיך גע־זעצליך פאַר זיינע קינדער. אָט דאָס איז אַלעם וואָס עס איז אַרויס־געקומען פון דריי טויזענד יאָהר זוכען זיכערהייט אין דער איינצעל־עהע.

אַזוי זעהן מיר אין דער פאַמיליע אַ בילד אין קליינעם פאָרמאַט פון די צרות פון די גאַנצע געזעלשאַפט, זייט די ציוויליזאַציאָן האָט איהר צושפּאַלטען אין קלאַסען, אין הערשער און בעהערשטע: אַזוי ווי אין דער גאַנצער געזעלשאַפט זיינען דאָ פערשיעדענע אינטערע־סען, וואָס שטויסען זיך איינע די אַנדערע און דאָך צורייסען זיי די

געזעלשאפט ניט אין גאנצען, אזוי איז עס אויך אין קליינעם פארמאט אין דער פאמיליע, וואו דער מאן איז דער הערשער. עס איז דורך דעם פאראן א ווידערשטרייט צווישען מאן און ווייב. נאטירליך נים אין אלע פאמיליען. דאס איז נאר אזוי אין די פאמיליען, וועל־כע פיהרען זיך לוים ווי עס האט זיך ארויסענטוויקעלט פון די ערשטע צושטענדע, לויט ווי מיר האבען דא בעשריעבען, און וואו אבער די פרוי רעבעלירט געגען די הערשונג פון דעם מאן. עס זיינען געווים דא פיעלע פאמיליען, וואס זיינען אן אויסנאהמע דערפון. אן אויס־נאהמע איז אויך אין די פאמיליען פון דעם דייטשען פיליסטער, וועל־כער טויג זיך פונקט אזוי ניט צו הערשען אין זיין הויז, ווי ער קען ניט אויספיהרען צו הערשען אין לאנד. ביי איהם געהט די פרוי אין די הויזען, ווייל ער איז ניט ווערטה דיעזען מלבוש. דערפאר האלט ער זיך אבער פאר א סך געהויבענער ווי דער פראנצויז, וועלכער האט פון זיין ווייב אפטער ערגערע צרות.

ניט ביי אלע פעלקער אבער און ניט צו יעדער צייט זיינען די בעשריעבענע אייגענשאפטען פון די איינצעל־פאמיליע געוועזן אזוי שארף, ווי ביי די גריכען. ביי די רוימער איז די פרוי געוועזן פרייער און מעהר נעאכטעט. די רוימער, וועלכע האבען שפעטער די וועלט איינגענומען, האבען געהאט א ווייטערען בליק, כאטש א ווייניגער פיינעם, ווי די גריכען. דער רוימער האט געהאט איבער זיין ווייב די געוואלט פון לעבען און טויט, אבער דורך דעם האט ער געגלויבט צו זיין שוין געגוג זיכער מיט איהר עהעליכע טריישאפט. אויך האט ביי די רוימער די פרוי געקענט זיך פרייוויליג שיידען, אזוי גוט ווי דער מאן.

* * *

אין אלגעמיינען אבער זעהן מיר, אז די מאנאגאמיע, די איינ־פיהרונג אז פרויען ווערען צוגעבונדען נאר צו איין מאן אין א הייר־ראטהס־פערבינדונג, איז ניט די „הייליגע" זאך, ווי מען שטעלט דאס פאר. עס איז נאר די שקלאפעריי פון פרויען צו איין מאן. און דאס האט אפילו די פרוי אויך ניט געמאכט זיין טאקי געטריי נאר צו איהר מאן. דעם מאן האט דאס געווים ניט צוגעבונדען נאר צו איין פרוי. דאס האט נאר בעשאפען צבוע'צטווע.

דאך איז די מאנאגאמיע געוועזן א שריט אויפ'ן וועג פון פראר־

גרעס. דען זי האט מעגליך געמאכט עס זאל זיך ענטוויקלען דער גרעסטער מאראלישער פארטשריט אין די דאזיגע זאכען, — דאס איז די מאדערנע ליעבע פון איין מאן מיט איין פרוי, וואו ער ליעבט נאר זי און זי נאר איהם און זיי פיהלען אין הארצען קיין שום לוסט ניט צו האבען צו טהאן מיט אנדערע, ווייל די אינערליכע אמת'ע ליעבע צו די איינציגע געליעבטע פערזאן דערלאזט דאס ניט. דיעזע ליעבע ווערט אנגערופען „א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ע  ג ע ש ל ע כ ט ס־ ל י ע ב ע." (דאס איז די העכסטע מאראל אין דיעזע זאכען, ווייל דא איז די צוגעבונדענקייט און טרייהייט צו די איינע און צו דעם איינעם ניט קיין פאלשע מאסקע, ניט קיין שקלאפעריי, און ניט דורך געוואלט און געזעץ און דורך סטראשען מיט שטראף, — וואס עס העלפט ניט, — נאר די טרייהייט צווישען איין מאן און איין פרוי איז דא אן עהרליכע, אן אינערליכע, וואס דאס הארץ אליין פיהלט. אזא ליעבע איז א געאכטעטע ליעבע צו דעם אינערליכען מענשען. אהן דעם איז דאס געשלעכטס־לעבען בלויז תאוה צו דעם פלייש, וואס יעדער מאן קען האבען צו יעדער פרוי און יעדע פרוי צו יעדען מאן, און דער אינערליכער גייסטיגער אינדיווידועלער מענש פון דעם אנ־דערען צד ליעגט דערביי ניט אין זינען און ווערט געשענדעט. דאס איז געווען דאס גאנצע געשלעכטס־לעבען פריהער, ביי די מאנאגאמיע אזוי גוט ווי ביי די גרופען־עהען). די אינדיווידועלע געשלעכטס־ליעבע איז אין דער גאנצער וועלט פריהער ניט בעקאנט געווען. דאס האט זיך ערשט שפעטער בעוויעזען. מעגליך איז דאס אבער ערשט גע־ווארען דורך די מאנאגאמיע.

דעם אנפאנג פון דער ענטוויקלונג פון די מאנאגאמיע צו דיעזע העכסטע מדרגה איהרע זעהען מיר אין דער וועלט־געשיכטע דארטען, וואו די גערמאנען (די אור־עלטערן פון די דייטשען) בעווייזען זיך אין דער וועלט־געשיכטע. (דער פערפאסער רעדט דא אליץ פון די וועלט־געשיכטע פון די אייראפעאישע פעלקער, — די געשיכטע וואס איהר אנהייב געהמט זיך אין די אלטע שריפטען פון רוים און גריכענ־לאנד און איהר פארטזעצונג איז אין די אייראפעאישע קולטור. — איבערז.) וואו אין די אלטע שריפטען פון דער פארצייטיגער רוים הייבען זיך אן צו געפינען בעשרייבונגען פון די גערמאנישע מענשען, דארט געפינט מען ערשט בעשריבען נייע אייגענשאפטען פון דעם

פאמיליען־לעבען, וועלכע זיינען ענטשידען דער גרעסטער פּאָרטשריט, ווייל זיי, דיעזע אייגענשאפטען, האָבען געפיהרט צו די היינטיגע אינ־דיווידועלע געשלעכטס־ליעבע.

אָבער מען דאַרף ניט מיינען, אז דער דאָזיגער פּאָרטשריט איז געקומען פון דעם, וואָס די דייטשען זיינען דאָס געווען אַזעלכע כשר'ע מענשען, אַז זייער נאַטור איז געווען אַ מאָראַלישע — ווי די פּאַטריאָ־טישע לעגענדע שטעלט דאָס פאָר. דאָס הייבט זיך גאָר ניט אָן. דער פּאָרטשריט איז געקומען פון די אומשטענדען, אין וועלכע די אבות פון די דייטשען האָבען דעמאָלט געלעבט. ביי זיי איז דאָס דוקא געקומען פון דעם, וואָס די מאָנאָגאַמיע האָט זיך נאָך ניט געהאַט פאָלשטענדיג ענטוויקעלט פון די פּאָארונגס־עהע ארויס. אזוי שיינט עס. און די אורזאַכע דערפון איז מסתמא געווען זייער אָרימקייט. מיר וועלען באַלד זעהן וואָס דאָס מיינט.

צום ערשטען מאָל ווערען די גערמאַנען דערמאָנט אין די רייזע־בעשרייבונגען פון דעם אַלטען רוימישען שרייבער טאַציטוס. ער זאָגט, אַז ביי זיי, ביי די גערמאַנען, האַלט מען זעהר הייליג די עהע. „זיי בעגניגען זיך מיט איין ווייב, די פרויען לעבען ביי זיי איינגעצאַמט דורך צניעות'דיגקייט". אזוי שרייבט ער. אָבער דאָך מעלדעט ער, אַז די גרויסע לייט און די אָנפיהרער פון זייערע שבטים האָבען יעדער מעהרערע ווייבער. דאָס איז אַלזאָ אַ צושטאַנד עהנליך ווי ביי די אינדיאַנער אין אמעריקא, ביי וועלכע עס איז געווען פּאָארונגס־עהע.

דאָס איז איין בעוויז, אַז יענע אָבות פון די דייטשען זיינען נאָך ניט געווען אין גאַנצען ארויס פון די פּאָארונגס־עהע.

אַ צווייטער בעוויז איז דער פאַקט, אַז דער מוטער'ס ברודער — דער נאָהענטסטער קרוב ביי דער געגטיל־איינריכטונג — האָט זיך ביי זיי גערעכענט פאַר אַ נעהנטערן קרוב כמעט ווי דער אייגענער פאָטער. דאָס בעווייזט, אַז זיי זיינען נאָך ניט לאַנג געווען ארויס פון מוטער־רעכט און איבערגעגאַנגען צום פאָטער־רעכט. אויך דאָס איז אזוי ווי ביי די אינדיאַנער פון אמעריקא. מאַרקס פלעגט אָפט זאָגען, אַז ווען מען בעטראַכט דאָס לעבען פון די אינדיאַנער אין אמעריקא, האָט מען אַ שליסעל צו בעגרייפען דאָס לעבען פון די אָבות פון די דייטשען, לויט ווי דאָס ווערט געמאָהלען ביי טאַציטוס. און דריטענס זיינען די פרויען ביי יענע דייטשען געווען הויך געאַכטעט

און האָבען געהאַט גרויסען איינפלוס אין די קהל'שע זאַכען. דאָס איז פונקט פערקעהרט ווי עס איז ביי מאָנאָגאַמישער מענער־הערשונג.

אין די אַלע זאַכען, כמעט, איז עס געווען ביי יענע דייטשען ווי ביי די ספּאַרטאַנער, וועלכע זיינען אויך נאָך ניט געווען אַרויס פון די פּאַאַרונגס־עהע, ווי מיר האָבען אויבען געזעהען.

די גערמאַנען זיינען דערנאָך בעפאַלען רוים, האָבען זי חרוב גע־מאַכט און איינגענומען און די אַלטע רוימישע קולטור און איינריכ־טונגען האָבען זיך צונויפגעמישט מיט פיעלע איינריכטונגען און בע־גריפען פון די גערמאַנען. פון דיעזע מישונג איז אַרויסגעקומען אַ גייע קולטור. און דיעזע נייע קולטור האָט גענומען בעהערשען די וועלט. און פון איהר אַרויס האָט זיך ענטוויקעלט די היינטיגע אייראָ־פּעאישע קולטור און ציוויליזאַציאָן. די פּאַרצייטיגע גערמאַנען האָבען אַלזאָ צושטייער געגעבען צו די וועלט־בעהערשענדע קולטור נייע עלע־מענטען, אין פערשיעדענע אַנגעלעגענהייטען. און אַזוי האָבען זיי אויך אַריינגעבראַכט אַ נייעם עלעמענט אין פאַמיליען־לעבען. זיי האָבען אַריינגעבראַכט זייערע זיטען, וועלכע זיינען נאָך געווען, ווי מיר האָבען געזעהען, אַן איבערבלייבונג פון די פּאַאַרונגס־עהע, איידער די שטרענגע מאָנאָגאַמיע איז אויפגעקומען. ביי אַזאַ צושטאַנד, האָבען מיר געזעהען, איז די פרוי נאָך ניט אַזוי שטאַרק די שקלאַפין פון דעם מאַן. זי האָט נאָך אַליין אַ בעטרעף אין פאָלקס־לעבען און אין פאַמיליען־לעבען. דיעזע אייגענשאַפטען פון די גערמאַנען האָבען זיך צוגעמישט צו די מאָנאָגאַמיע פון די רוימער. אויף די חורבות פון די רוימער־וועלט איז, ביי יענע פעלקער־פערמישונג, אַרויסגעוואַקסען אַ נייע מאָנאָגאַמיע, אין וועלכע די מענער־הערשונג איז געווען עטוואָס מילד געמאַכט און אָבגעשוואַכט דורך די צומישונג פון די גערמאַנישע פרויען־ווערדע. ביי דיעזע נייע מאָנאָגאַמיע זיינען די פרויען וועניג־סטענס אויסערליך געווען אַ סך מעהר געאַכטעט און געהאַט אַ פרייערע שטעלונג, ווי אין רוים און גריכענלאַנד גאַנץ פאַרצייטענס, אין קלאַ־סישען אַלטערטהום.

אָט אַזוי איז דאָס געוואָרען מעגליך, אַז פון די מאָנאָגאַמיע אַרויס האָט זיך געקענט ענטוויקלען דער גרעסטער זיטליכער פאָרטשריט, וועלכען מיר האָבען דער מאָנאָגאַמיע צו פערדאַנקען, נעמליך די מאָ־דערנע אינדיווידועלע געשלעכטס־ליעבע, וואָס איז אין די גאַנצע

פריהערדיגע וועלט אונבעקאנט געווען. אזא סארט ליעבע האט זיך דאן ענטוויקעלט אמאל אין דער מאנאגאמיע (אן אמת'ע גלייכע ליעבע צווישען מאן און ווייב), אמאל לעבען דער מאנאגאמיע (שטאר־קע אינדיווידועלע ליעבע אהן הייראט) און אמאל געגען דער מאנאגא־מיע (ליעבע צווישען פערהייראטע און פרעמדע), — ווי עס מאכט זיך.

די אינדיווידועלע גלייכע ליעבע פון ביידע זייטען, מיט דעם פאל־שטענדיגען גלייכען בעטרעף פון דער פרוי'ס געפיהל, איז אלזא א פארטשריט, וואס איז ענטשיעדען ארויסגעקומען פון דעם, וואס די פארצייטיגע גערמאנען האבען נאך געלעבט אין פאארונגס־עהע און פון זיי האט זיך די גרעסערע אכטונג צו די פרוי צוגעמישט צו די מאנאגאמיע. אבער דאס איז ניט געקומען פון בעזאנדערע הייליגע צניעות פון זייער נאטור. זייער גאנצע צניעות איז בעשטאנען אין דעם, וואס די פאארונגס־עהע איז איבערהויפט ניט אזוי היפאקריטיש ווי די שטרענגע מאנאגאמיע, וואו מען איז לפנים אנדערש ווי אינער־ליך. ביי אנדערע אומשטענדען אבער זיינען די פארצייטיגע גערמא־נען גאר ניט געווען אזעלכע צאצקעדיגע מענשען אין צניעות'דיגקייט. פערקעהרט, אויף זייערע וואנדערונגען, בעזאנדערס נאך זיד־אסט, צו די נאמאדען פון די סטעפעס ביי דעם שווארצען ים, זיינען זיי געווען שטארק פערדארבען אין מאראל. פון די סטעפעס־בעוואוינער האבען זיי זיך באלד אבגעלערנט, אויסער זייערע רייטער־קונצען, אויך העס־ליכע געוואוינהייטען, שמוציגע לאסטערס געגען די נאטור (ווי אמיא־נוס דערצעהלט אויסדריקליך וועגען די טהאיפאלער, און פראקאפ וועגען די הערולער).

אלזא, די מאדערנע אינדיווידועלע געשלעכטס־ליעבע האט זיך נאר געקענט ענטוויקלען ביי דער מאנאגאמיע, ניט ביין קיין אנדערע פון די בעקאנטע פאמיליען־פארמען. אבער דאס הייסט ניט, אז דיעזע ליעבע האט זיך גענומען צייגען נאר אלס א ליעבע צווישען פערהיי־ראטע מאן־און־ווייב; אפילו ניט ס'רוב אזוי! אדרבה, צווישען פער־הייראטע מאן און ווייב וועלכע זיינען פעסט פערבונדען אין איינצעל־עהע און וואו דער מאן איז דער הערשער און די פרוי זיין אונטער־טהעניגע, איז קיין אינדיווידועלע געשלעכטס־ליעבע ניט נאטירליך. אזא הייראט איז ביי אלע הערשענדע פעלקער אין דער געשיכטע ניט געווען אוים בעזאנדערע ליעבע פון די פאאר צו אנאנדער. אזא היי־

ראט איז אימער געווען א מסחר, וואס די עלטערן האבן געשלאסן, לויט ווי עס האט זיך זיי געלוינט. אזוי איז עס געווען זינט פון דער פאארונגס־עהע אן.

די ערשטע פארמע פון געשלעכטס־ליעבע, וואס בעווייזט זיך אין דער געשיכטע, איז די „ריטערליכע ליעבע" אין מיטעל־אלטער. (די ריטער — ריצארעס — זיינען געווען פריצים וואס פלעגען ארומ־רייטען אויף פערד אנגעטהאן אין פאנצערם. זיי פלעגען זיין בעגייס־טערט פאר ליעבע צו פרויען. זיי פלעגען די פרויען פערגעטערן. ביי זיי פלעגט עס זיין אדעליגע פליכט אבצוגעבען כבוד א פרוי און איהר צו דיענען. פון זיי שטאמט דאס נאך ביז׳ן היינטיגען טאג, וואס עס איז מעשה „קאוואליער" צו בעהאנדלען א דאמע מיט בעזונדערע איי־דעלקייט. דאס ווארט „קאוואליער" שטאמט פון זיי, דען קאוואליער — פראנצויזיש שעוואליע — איז דער טייטש א פערדס־מאן, א רייי־טער, א ריטטער. — איבערז.) ביי זיי בעווייזט זיך צום ערשטען מאל אין דער געשיכטע די ליעבע אלס א ליידענשאפט וועלכע קומט יעדען מענשען (ווייניגסטענס דער הערשענדער קלאסע); אלס העכסטע פארם פון געשלעכטס־טריעב. אבער דיעזע ליעבע פון די ריטטער איז ניט געווען צווישען פערהייראטע מאן־און־ווייב. פערקעהרט, די ריטער־ליכע ליעבע האט געזוכט מעהר ווי אלעס ליעבע פון א פרעמדען מאן מיט אן אנדערענס ווייב. דער העכסטער גראד פון די ריטערליכע ליעבע בעווייזט זיך אין די פראנצויזישע גענענד פראוואנס. און דאר־טען איז דאס געווען טאקי נאר אט אזא זינדיגע ליעבע. די פאעטען האבען דאס בעזונגען. די שעהנסטע ליעבעס־פאעזיע פון די פראוואנס זיינען די בעוואוסטע היסטארישע געדיכטע „די אלבאס". זיי מאה־לען אין גליהענדע פארבען, ווי דער ריטטער ליעגט אין בעט ביי זיין פערגעטערטע געליעבטע, די ווייב פון אן אנדערן מאן, און דרויסען שטעהט זיין וועכטער, און אזוי באלד ווי דער פריהמארגען (אלבא) הייבט אן צו גרויען, רופט ער איהם, כדי ער זאל קענען אוועקגעהן איידער עס ווערט ליכטיג. די סצענע פון שיידען זיך פון די געליעבטע איז דער שטארקסטער טייל פון דעם געדיכט. דיזעלבע סארט פאע־זיע מיט איהר סארט ריטערליכע ליעבע האבען אויך אנגענומען די נארד־פראנצויזען און די בראווע דייטשען. דער פארצייטיגער דייט־שער דיכטער וואלפראם פאן עשענבאך האט געלאזען דריי אזעלכע

ליעדער, וועלכע איך האלט פאר שענערע ווי זיינע בעוואוסטע דריי לאנגע העלדען־געדיכטע. זעהען מיר, אלזא, אז די אינדיווידועלע געשלעכטס־ליעבע האט זיך ניט אנגעהויבען צו בעווייזען אלס א ליעב־שאפט צווישען פערהייראטע מאן־און־ווייב אין דער מאנאגאמיע.

ביי די בירגער היינטיגע צייטען האט מען חתונה אויף צוויי ארטען. אין קאטוילישע לענדער בעזארגען די עלטערן אויך היינט, פונקט ווי אמאל, די פאסענדע ווייב פאר זייער יונגען זוהן. דערפון קומט נאטירליך ארויס אין פולער מאס דער ווידערשפרוך, וואס ליעגט אין דער נאטור פון מאנאגאמיע: דער מאן גיט זיך אב שטארק מיט העטעריזמוס, די ווייב אפט געגוג מיט עהע־ברוך. עס האט א פנים, אז די קאטהוילישע קירכע האט פערבאטען צו גט'ן זיך נאר דארום, ווייל זי האט זיך איבערצייגט, אז אזוי ווי מען קען דעם טויט ניט פערמיידען, אזוי קען מען עהע־ברוך ניט פערמיידען, מיט גט'ן צי אהן גט'ן. אין פראטעסטאנטישע לענדער דאגעגען איז עס די רעגעל, אז דעם בירגער'ס זוהן איז ערלויבט זיך אליין, מיט מעהר אדער ווייניגער פרייהייט, אויסצוקלייבען א ווייב פון זיין קלאסע. דערביי קען שוין זיין א געוויסער גראד ליעבע. פון אנשטענדיגקייט וועגען נעהמט מען אן, אז ביי יעדען שדוך איז דא א ליעבע; דאס פאסט זיך צו דער פראטעסטאנטישער צבוע'אצסטווע. דא ווערט שוין דער העטעריזמוס פון דעם מאן שלעפעריגער בעטריבען און ביי דער פרוי איז עהע־ברוך ווייניגער די רעגעל. דא זאגט מען שוין, אז מאן און ווייב לעבען אויס זייערע יאהרען אין „פאמיליען־גליק". אין אמת'ן איז דאס אין דורכשניט אין בעסטען פאל נאר א בלייערנע לאנגווייליגקייט. ווארים אין יעדער ארט עהע בלייבען די מענשען דאס, וואס זיי זיינען געוועזען פאר די חתונה, און אזוי ווי די בירגער אין פראטעסטאנטישע לענדער זיינען ס'רוב פיליסטער (געדאנקענלאזע מענשען), איז דיעזע פראטעסטאנטישע מאנאגאמיע ניט מעהר ווי א בלייערנע לאנגווייליג־קייט, כאטש מען רופט דאס פאמיליען־גליק.

דער בעסטער שפיעגעל פון דיעזע ביידע הייראטס־מעטהאדען זיינען די ראמאנען — די פראנצויזישע ראמאנען זיינען א שפיגעל פון די קאטוילישע סארט הייראט און די דייטשע פון די פראטעסטאנ־טישע. אין די דייטשע ראמאנען לאזט זיך געוועהנליך אויס אז „ער קריעגט זי", אין די פראנצויזישע — אז זי נארט איהם אב מיט אן

אנדערן געליעבטען. וועלכער פון ביידע „ער׳ס" שניידט אב שלעכטער דערביי, איז ניט אימער זיכער. דעריבער זעהט מען, אז דער פראנצויזישער בורזשוא קען ניט אריבערטראגען די לאנגווייליגקייט פון דעם דייטשען ראמאן און דער דייטשער פיליסטער ווערט כלומרשט א צוציטערטער פון די צולאזענקייט אין דעם פראנצויזישען האמאן.

דאס איז אלץ געווען אזוי ביז די לעצטע צייטען. היינט ווערט דאס אלעס אנדערש. „זייט בערלין ווערט א וועלט־שטאדט" הערט אויף דער דייטשער ראמאן אויף צו זיין א בושת פנים און בעהאנדעלט אפען דעם העטעריזמוס און דעם עהעברוך, וואס זיינען שוין לאנג ניט פרעמד אין דייטשלאנד אויך.

ווי די מעשה איז, אמת׳ע ליעבע ביי הייראט איז אין די בורזשואזע וועלט זעלטען. סיי די קאטוילישע, סיי די פראטעסטאנטישע הייראט איז געוועהנליך אויסגערעכענטער מסחר, ווי עס לוינט זיך בעסער. געוועהנליך קוקט מען דערביי שטארק אויף די קלאסען־לאגע פון די בעטהייליגטע. אזא הייראט פערוואנדעלט זיך אפט נעגוג אין די העסליכסטע פראסטיטוציאן — מאנכע מאל פוןביידע צדדים, א סך געוועהנליכער פון די פרוי. דער אונטערשיעד איז נאר, אז די אייגענע פראסטיטוטקע פערדינגט זיך ווי א לוין־ארבייטער ביי שטיק־ארבייט, און די פרוי פון א מסחר־שידוך פערקויפט זיך אויפ׳ן גאנצען לעבען ווי א שקלאף.

דער פראנצויזישער פילאזאף פוריע האט געזאגט א גלייך־ווערטיל: „אזוי ווי אין דער גראמאטיק ווערט פון צוויי מאל „ניט" איין „יא", אזוי איז אין די הייראטס־מאראל צוויי פראסטיטוציאנען איין טוגענד". דאס איז ריכטיג ביי אלע אויסגערעכענטע מסחר־הייראטען.

אמת׳ע ליעבע ענטוויקעלט זיך נאר און קען זיך נאר ענטוויקלען ביי די אונטערדריקטע קלאסען, אלזא היינט ביי די ארבייטער — צי די ליעבע איז געזעצליך געשריבען און גע׳חתמה׳ט אלס עהע אדער ניט. ביי די אונטערדריקטע קלאסען אבער זיינען ניטא די אלע אורזאכען, וואס האבען געפיהרט צו דער ריכטיגער מאנאגאמיע, דאס הייסט מיט דער מענער־הערשאפט און דער פרוי׳ס שקלאפעריי. מיר האבען געזעהן, אז געפיהרט דערצו האט דאס פריוואט־אייגענטהום. די אייגענטהימער האבען געוואלט זיין זיכער אז זייערע אייגענע קינדער וועלען זיי ירשה׳נען. דעריבער האבען די מענער געוואלט האבען

פרויען אייביג אונטערטהעניגע ווי שקלאפינען. די אונטערדריקטע קלאסען האבען ניט קיין איינענטהום און קיין ירושה איבערצולאזען. דארום איז ביי זיי ניטא די זאך וואס טרייבט צו די הערשונג פון דעם מאן און די שקלאפעריי פון דער פרוי. און נאך א זאך: די ארימע מענשען האבען אויך ניט אויף די קאסטען פון די געזעצליכע מאכט פון דעם מאן איבער זיין פרוי. צו האבען דיעזע געזעצליכע מאכט קאסט געלד. די געזעצליכע מאכט, וואס בעשיצט דעם מאנ'ס הער־שונג איבער דער פרוי, איז אלזא נאר פאר די, וואס האבען געלד און פאר זייער פערקעהר מיט די פראלעטארינען. פאר די פערהעלט־ניסע פון דעם ארבייטער מיט זיין ווייב האט דאס אלץ קיין בעטרעף ניט, ווייל ער האט ניט קיין געלד דערויף. דעריבער קומט אויס, אז ביי די ארבייטער'ס צונויפפארען זיך האבען גאנץ אנדערע פער־העלטניסע די דעה צו זאגען, פערזענליכע און געזעלשאפטליכע פער־העלטניסע. און גאנץ בעזאנדער זינט די גרויסע פאבריקען שלעפען ארויס די ארבייטער־פרוי פון דער היים אויפ'ן ארבייטס־מארק ארויס און מאכען זי אפט געגונג פאר די ברויט־געבערין פון די פאמיליע, איז אוועקגענומען דער לעצטער רעשט פון דעם באדען פון די אויבער־הערשונג פון דעם מאן איבער דער פרוי אין די פראלעטאריער וואוי־נונג. בלייבט בלייבען נאר נאך א שטיק ברוטאליטעט געגען די פרוי, וואס איז איינגעווארצעלט געווארען אין דער נשמה זייט עס איז אויפ־געקומען די מאנאגאמיע מיט מענער־הערשונג.

אויף אזא אופן איז די פאמיליע פון דעם פראלעטאריער ניט מעהר קיין מאנאגאמישע אין דעם שטרענגען זין פון דעםווארט, דאס הייסט, ניט אין דעם היסטארישען זין פון דעם ווארט. אין דעם עטי־מאלאגישען זין פון דעם ווארט, דאס הייסט לויט דעם שפראך־טייטש דערפון, איז דעם פראלעטאריער'ס פאמיליען־לעבען מעהר פעהיג צו זיין מאנאגאמיש, ווי דאס פאמיליען־לעבען פון דעם נגיד. דער שפראך־טייטש פון דעם ווארט מאנאגאמיש איז „איין־עהע", דאס הייסט א צוזאמען־לעבען פון נאר איין מאן מיט נאר איין פרוי. דער־צו איז דאס פראלעטאריער־לעבען פיעל מעהר פעהיג. אבער היסטא־ריש איז ניט דאס געוועזען מאנאגאמיע; היסטאריש איז מאנאגאמיע געוועזען א פאמיליען־טיראניי, וואו די פרוי איז געוועזען די שקלאפין פון דעם מאן; וואו דאס אינערליכע געפיהל און איהר ווילען האבען קיין

שום ראָלע ניט געשפּיעלט; וואו דער מאַן איז געווען דער טיראַן; וואו די צוזאַמענהאַלטונג איז נאָר געווען דורך שטרענגע געוואַלט; און וואו די טריישאַפט פוןביידע זייטען איז נאָר געווען אַ געמאַכטע, אַ פערשטעלטע, אין אמת'ן איז ביי איהם געווען העטעריזמוס און ביי איהר עהע־ברוך אַפּט דער רעגעל. אַט אַזאַ היסטאָרישע מאָנאָ־גאַמיע איז ביי די פּראָלעטאַריער ניטאָ*). אפילו ווען ביי זיי איז דאָ די ליידענשאַפטליכסטע ליעבע און די פעסטעסטע טריישאַפט און מעגען זיי זיין ווער ווייסט ווי צונויפגעבונדען דורך רעליגיאָן און געזעץ, איז אַלץ זייער הייראַטה ניט די היסטאָרישע מאָנאָגאַמיע. דעריבער קומען אויך ביי די פּראָלעטאַריער ניט פאָר אַזוי פיעל די איבינגע בעגלייטער פון די היסטאָרישע מאָנאָגאַמיע, דער העטעריז־מוס און דער עהע־ברוך. ביי די פּראָלעטאַריער האָט די פרוי ווידער געקראָגען דאָס רעכט זיך צו שיידען און ווען מען קען זיך ניט פער־טראָגען געהט מען זיך ווידער פונאַנדער. (נאַטירליך ניט קיין בע־זונדערע געזעצע אַזעלכע איז דאָ פאַר די פּראָלעטאַריער, נאָר לויט זייערע בעזונדערע אומשטענדען פיהרען זיי זיך אַזוי פּריוואַט.—איי־בערזעצער). ביי אַנדערע קלאַסען אָבער איז די מאָנאָגאַמיע דאָס וואָס מיר האָבען גערעדט.

„אָבער עס איז דאָך היינט פּאָרט בעסער און עס פערבעסערט זיך אַלץ מעהר; די געזעצע וועגען די לאַגע פון די פרוי מאַכען פאָרט־שריטע און נעהמען פון איהר אַלץ מעהר אַוועק די אורזאַכען צו בע־קלאָגען זיך" — אַזוי געפינען אונזערע יוריסטען. די ציוויליזירטע

*) איך האָב דעם אונטערשיעד צווישען עטימאָלאָגישע מאָנאָגאַמיע און היסטאָרישע מאָנאָגאַמיע ערקלערט אַביסעל ברייטער און אויספיהרליכער ווי אין אָריגינאַל (אָבער ריכטיג ווי דער פערפאַסער ערקלערט דאָס), ווייל דיעזע שורות פון דעם גרויסען רבי'ן פון סאָציאַליזמוס ווערען געוועהנ־ליך בענוצט פון שווינדלערס צו „בעווייזען", אַז סאָציאַליזמוס וויל אויס־געלאַסענע פרייע ליעבע און אָבשאַפען די מאָנאָגאַמישע פאַמיליע. זיי ברייננען דערויף ענגעלס'עס ווערטער, אַז „די פּראָלעטאַרישע פאַמיליע איז ניט קיין מאָנאָגאַמישע." זיי מאַכען זיך ניט־וויסענדיג, אַז ער זאָגט ווייטער אויסדריקליך, אַז דאָס מיינט ער נאָר אין היסטאָרישען העסליכען זין, וועהרענד אין דעם עטהימאָלאָגישען שעהנעם זין איז די פּראָלעטאַ־ריער פאַמיליע גראַדע מעהר מאָנאָגאַמיש ווי די בורזשואַזישע. — איבער־זעצער.

געזעץ־סיסטעמע פון היינטיגע צייטען ערקענען אלץ מעהר און מעהר אָן, ערשטענס, אז א הייראטה איז ניט גילטיג סיידען וועןביידע צדדים, ער און זי, האָבען די פערבינדונג פרייוויליג געשלאָסען, און צווייטענס, אז אויך נאָך די הייראטה דארפען זיי ביידע האָבען גלייכע רעכטע און פפליכטען איינע צו די אנדערע. און אויב דיעזע ביידע פאָדערונגען ווערען נאָר ריכטיג אויסגעפיהרט, האָבען שוין די פרויען אלעס, וואָס זיי קענען נאָר פערלאַנגען. אזוי זאָגען די יוריסטען.

אָבער דאָס איז אַן עכטע אדוואָקאטישע טענה. דאָס איז גענוי דיזעלבע טענה ווי די, מיט וועלכע מען וויל בערוהיגען דעם ארבייטער, אין א פריי לאַנד. צו איהם זאָגט מען אויך אזוי: „וואָס האָסטו זיך צו בעקלאָגען? קיינער צווינגט דיך ניט צו ארבייטען אָדער צו בעשטעהן אויף א לוין און ארבייטס־בעדינגונגען. וואָס דו ווילסט ניט אָננעהמען. וואָס דער בעל הבית מאכט אָב מיט דיר, מוז דאָך זיין מיט דיין פרייוויליגע צושטימונג“. אָבער „פרייוויליג“ הייסט דאָס שוין ביי זיי וויבאלד נאָר אויפ׳ן פּאַפּיר שטעלט דאָס געזעץ ביידע צדדים פון דער אָבמאכונג גלייך. אי וואָס איין צד — דער קאפּיטאליסט — האָט, דורך זיין בעזונדערע קלאסען־שטעלונג א גרויסע מאכט אויסצופיהרען וואָס ער וויל, און דער אנדערער צד — דער ארבייטער — האָט אויף זיך, דורך זיין בעזונדערע קלאסען־לאַגע, א שווערען דרוק, וואָס צווינגט איהם צו בעשטעהן אויף בעדינגונגען, אויף וועלכע ער וואָלט ניט בעשטאַנען, ווען ער וואָלט זיך געקענט העלפען? — דאָס געהט שוין דעם געזעץ ניט אָן. אזוי זיינען זיי דאָס ביידע כלומרשט „גלייך“ ביים שליסען דעם אָבמאך, און אזוי אויך שפּעטער, ווען דער אָבמאך זייערער ווערט אויסגעפיהרט: אויך דאַן זיינען ביידע צדדים כלומרשט גלייכבערעכטיגט, סיידען ווען איין צד גיט נאָך פרייוויליג און איז מוחל זיין רעכט. אָבער איין צד גיט דאָס אלע מאָל נאָך, און דאָס איז אימער נאָר דעם ארבייטער׳ס צד, און נאטירליך ניט ווייל ער ו ו י ל מוחל זיין זיין רעכט, נאָר ווייל ער מ ו ז, ווייל זיין עקאָנאָמישער צושטאַנד צווינגט איהם אָבצו־געבען אפילו דעם לעצטען שיין פון גלייכען רעכט מיט זיין בעל־הבית. אין דעם אָבער איז ווידער דאָס געזעץ כלומרשט גאָר ניט שולדיג.

אָט פונקט אזוי איז עס אויך אין בעצוג צו הייראטהען. אבי פאָרמאלע ערקלערען ביידע צדדים, ער און זי, אז זיי ווילען פריי־

וויליג זיך פערבינדען, איז דאָס גענצע שוין פאָלקאָמען צופּריעדען — אפילו דאָס פּאַרטנעשריטענסטע גענצע. וואָס עס טהוט זיך הינטער די סצענע, וואו עס שפּיעלט זיך אָב דאָס ווירקליכע לעבען, — ווי אזוי דיעזע כלומרשט „פּריווילעגקייט" קומט צו שטאַנדע, וועגען דעם דאגה'ט זיך ניט דאָס גענצע און דער יוריסט. און דאָך דאַרפען די יוריסטען לייכט קענען ארויסגעפינען, וויפיעל אמת'ע פּריווילעגקייט דאָ שטעקט; זיי קענען דאָס אויסגעפינען מיט אן איינפאַכע פערגלייכונג פון רעכט אין די פערשיעדענע לענדער. עס זיינען דאָ לענדער, וואו דאָס גענצע איז, אז קינדער מוזען קריגען זייער חלק ירושה, די עלטערען קענען זיי ניט אָבזאָגען פון ירושה. אזוי איז אין דייטשלאַנד, אין די לענדער וואו עס גילט דאָס פראַנצויזישע רעכט א. ז. וו. אין דיעזע לענדער אָבער קענען קינדער ניט חתונה האָבען אָהן דער צושטימונג פון זייערע עלטערען. אין די לענדער וויעדער, וואו עס גילט דאָס ענגלישע רעכט, וואו דערוואַקסענע קינדער קענען חתונה האָבען אָהן צושטימונג פון די עלטערען, קענען וויעדער די עלטערען אָבזאָגען די קינדער פון ירושה. אלזאָ, ביי די קלאַסען מענשען, ביי וועלכע עס איז דאָ וואָס צו ירשה'נען, זיינען די קינדער אין ענגלאַנד און אַמעריקאַ ניט איין האָר מעהר פריי חתונה צו האָבען לויט נאָך זייערע אייגענע געפיהלען, ווי אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך. דאָס איז דאָך קלאָר.

ניט בעסער שטעהט עס מיט דער יוריסטישער גלייכבערעכטיגונג פון מאַן און ווייב נאָך דער חתונה. די פרוי איז אין אמת'ן עקאָנאָמיש אונטערדריקט, צוליעב די עקאָנאָמישע פערהעלטניסע איהרע, ווייל זי קען נים זיך אליין ערנעהרען לויט איהר שטאַנד. מעג זיין אז געזעצליך קריגט זי אַלץ מעהר גלייכע רעכט מיט דעם מאַן. העלפט דאָס אָבער ניט איהר צו געבען ווירקליכע גלייכהייט. דען די געזעצליכע אונגלייכהייט פון דער פרוי, וואָס איז אַראָבגעקומען א ירושה פון פריהערדיגע צושטענדען פון דער געזעלשאַפט, איז ניט געווען די אורזאַכע פון איהר עקאָנאָמישע אונטערדריקונג, נאָר פערקעהרט, ווייל זי איז געווען עקאָנאָמיש אונטערדריקט, דעריבער איז זי געווען געזעצליך אונגלייך. אלזאָ, העלפט עס ניט וואָס דאָס גענצע שטעלט זי היינט גלייך מיט דעם מאַן; אזוי לאַנג ווי איהר עקאָנאָמישע לאַגע איז ניט גלייך, בלייבט איהר רעכט אויך ניט גלייך.

און ווי איז דאָס געקומען, וואָס די פרוי איז עקאָנאָמיש אונטער־וואָרפען אונטער דעם מאַן? אין די אַלטע קאָמוניסטישע הויז־האַל־טונג האָט די פרוי געהאַט א וויכטיגע אויפגאַבע. אין אַזאַ הויזהאַל־טונג זיינען געווען א סך מענער און ווייבער מיט זייערע קינדער. די ווייבער האָבען געפיהרט די הויז־האַלטונג. דיזע אויפגאַבע פון די פרויען איז געווען א נויטווענדיגע געזעלשאַפטליכע אינדוסטריע, פונקט אַזוי נויטווענדיג און ניצליך און געזעלשאַפטליך, ווי די אר־בייט פון די מענער צו שאַפען די לעבענסמיטלען. אנדערש איז דאָס אָבער געוואָרען אין די פאַטריאַרכאַלישע פאַמיליע, און נאָך מעהר אין דער מאָנאָגאַמישע איינצעל־פאַמיליע. אין אַזאַ פאַמיליע איז דאָס פיהרען די הויז־האַלטונג ניט מעהר געווען קיין וויכטיגע זאַך פאַר די גאַנצע געמיינדע. דאָס איז געוואָרען א פ ר י וו א ט־זאַך. די פרוי איז געוואָרען די ערשטע הויז־דיענסט, ארויסגעטריעבען פון נעה־מען אַן אנטהייל אין ג ע ז ע ל ש א פ ט ל י כ ע טהעטיגקייט. דער פרנסה־געבער, דער פערדיענער, איז דער מאַן; א י ה ר ארבייט איז נאָר א פריוואַטע, א הייזליכע, אלס זיין הויז־דיענסט. דורך דעם אליין איז ער שוין דער הארר און זי די דיענסט, אפילו ווען דאָס גע־זעץ שטעלט זי גלייך מיט איהם. ער דאַרף גאָר ניט קיין עקסטראַ געזעצליכע בעשטימונג וואָס זאָל איהם געבען דאָס הארען־רעכט אי־בער איהר. ער האָט דאָס סיי ווי סיי, ווייל ער איז דער, וואָס טהוט געזעלשאַפטליכע ארבייט און זי איז נאָר די דיענסט אין זיין היים.

היינטיגע צייטען מאַכט זיך שוין א מעגליכקייט עס זאָל ווערען אנדערש: די גרויסע אינדוסטריע פון היינטיגע צייט האָט ווידער געעפענט פאַר דער פרוי דעם וועג צו געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט. אָבער נאָר פאַר די ארבייטס־פרוי. און אויך איהר העלפט דאָס דער־ווייל נאָך זעהר ווייניג, זי זאָל קריגען מעהר בעטרעף אין פאַמיליען־לעבען, ווייל טהאָן עפּעס פאַר דער וועלט, אליין זיך פערדיענען, קען זי ניט, ווען זי היט אָב איהר בעל־הבית׳ישקייט אין איהר פאַמיליע. ווייל זי געהן פערדיענען, קען זי ניט ערפילען איהרע פאַמיליען־פפליכ־טען. און פונקט ווי אין די פאַבריק, אַזוי געהט עס אויך דער פרוי אין אנדערע בעשעפטיגונגען, אפילו ביז צו די מעדיצין און אדוואָ־קאַטור. דעריבער בלייבט עס נאָך היינט אויך א פאַקט, אז די מאָ־דערנע איינצעלנע פאַמיליע איז בעגרינדעט אויף די הויז־שקלאַפעריי

פון די פרוי, צי אָפען אָדער פערשלייערט. די גאַנצע היינטיגע געזעלשאַפט איז צוזאַמענגעשטעלט ניט פון איינצעלנע מענשען, נאָר פון פאַמיליען. די פאַמיליע איז די איינצעלנע טיילכעלע פון דער געזעלשאַפט. די פאַמיליע איז פערבונדען מיט דער געזעלשאַפט דורך דעם פאַמיליען־פאָטער, דעם מאַן. דער מאַן מוז היינט, אין די גרויסע מעהרהייט פון פעלע, זיין דער פערדיענער, דער פרנסה־געבער פון דער פאַמיליע, ווייניגסטענס ביי די פערמעגליכע קלאַסען מענשען. דאָס אליין מאַכט איהם שוין געננוג פאַר דעם הערשער; ער דאַרף שוין ניט, אַז דאָס געזעץ זאָל איהם נאָך געבען עקסטרא פאָר־רעכטע. ער איז אין דער פאַמיליע דער בורזשוא, די פרוי איז דאָס פּראָלעטאריאַט. עס איז דאָ פּונקט ווי אין דער גאַנצער געזעלשאַפט, וואו געזעצליך זיי־נען אויך די קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער „גלייך“, און דאָך זיינען יענע די הערשער און די — די בעהערשטע און אונטער־דריקטע. דאָס וואָס לויט'ן געזעץ הּאָבען די קאַפּיטאַליסטען ניט מעהר רעכט ווי אַרבייטער העלפט דאָ גאָר ניט. אדרבה, דער גאַנצער ספּעציעלער כאַראַקטער פון די עקאָנאָמישע אונטערדריקונג, וואָס דריקט די אַרבייטער, צייגט ערשט אַרוים זיין פולע שאַרפקייט דאַן, ווען אַלע געזעצליכע בעזאָנדערע רעכטע פון די קאַפּיטאַליסטען־קלאַסע ווערען אָבגעשאַפט אוןביידע קלאַסען קריגען פולע יוריסטישע גלייכבערעכטיגונג. אזוי איז עס דאָך אין די דעמאָקראַטישע רעפּובליק, זי שאַפט ניט אָב דעם אונטערשיעד צווישען קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער, נאָר פערקעהרט, זי בעשאַפט ערשט דעם באָדען, אויף וועלכען די צוויי קלאַסען קענען זיך אָפען שטעלען אין קאַמפּף איינע געגען די אַנדערע. אָט פּונקט אזוי איז עס אין דער פאַמיליע: אזוי באַלד ווי מאַן און ווייב ווערען לויט די געזעץ פון לאַנד פאָלקאָמען גלייך געשטעלט, צייגט זיך ערשט שאַרף אַרוים ווי אזוי און פאַר וואָס דער מאַן איז און בלייבט אין דער מאָדערנער פאַמיליע דער הערשער איבער די פרוי; דאַן ערשט דערפיהלט זיך שאַרף די נויטווענדיגקייט פון א ווירקליכע געזעלשאַפטליכע גלייכשטעלונג פון ביידע און עס צייגט זיך ערשט אויך ווי אזוי דאָס דאַרף געשעהן.

עס צייגט זיך דאַן, אַז די ערשטע זאַך, וואָס מען דאַרף, אַז די פרוי זאָל ווידער פריי ווערען איז, אַז דאָס גאַנצע ווייבליכע געשלעכט זאָל ווידער נעהמען אַן אַנטהייל אין די עפענטליכע טהעטיג־

קייטען פון דער געזעלשאפט, און אז צו דעם צוועק מוז די פאמיליע קריגען א גאנץ אנדערע אייגענשאפט ווי היינט. היינט איז די פא־מיליע דער איינצעלנער ווירטהשאפטליכער טייל פון דער געזעלשאפט. דאס הייסט, אין ווירטהשאפטליכע זאכען, אין זאכען פון ארבייט און בעשעפטיגונג און פערדיענען, שיקט יעדע פאמיליע ארויס אין דער געזעלשאפט איין פערטרעטער, דעם פאמיליען־פאטער. ער נעהמט אנטהייל אין דער געזעלשאפטליכער טהעטיגקייט פאר זיין גאנצע פאמיליעס וועגען און ער ברייננט פיר זיין גאנצער פאמיליע איהר חלק וואס איהר קומט אן פון דער געזעלשאפט. דאס דארף אנדערש ווערען. די גאנצע פאלקס־געזעלשאפט דארף בעהאנדלען יעדען איינ־צעלנעם מענשען, סיי מאן סיי פרוי, אלס איהר איינצעלנעם טייל, און ניט די פאמיליע. יעדער מענש דארף זיין בעטהייליגט אין געזעל־שאפטליכע ארבייט און דארף קענען קריעגען בעזונדער זיין טייל בע־דירפנישען. דאן וועט די פאמיליע האבען א גאנץ אנדער פנים. זי וועט ניט זיין מעהר קיין ווירטהשאפטליכע פעראייניגונג פאר „גע־שעפט“ נאר א מענשליכע פעראייניגונג צוליעב דעם וואס צוויי גלייכע מענשען פיהלען זיך אנגענעהם און גליקליך צוזאמען.

* * *

אלזא, האבען מיר געזעהען, ווי עס זיינען געווען דריי הויפט־פאר־מען פון פאמיליע, לויט נאך די דריי הויפט־מדרגות אין די מענשליכע ענטוויקלונג. אין יעדע מדרגה איז געווען אן אנדערע פארמע פון פאמיליע, בסך־הכל גענומען. אין די ווילדהייט איז די גרופען־עהע, אין די בארבאריי איז די פאארונגס־עהע, אין די ציוויליזאציאן איז די מאנאגאמיע מיט דעם צוגאב פון עהעברוך און פראסטיטוציאן. צווישען פאארונגס־עהע און מאנאגאמיע רוקט זיך אריין די איינפיהרונג אז דער מאן קען האבען א סך ווייבער און בענוצען זיינע שקלאפינען. דאס קומט פאר אויף די אויבערשטופע פון בארבאריי.

אין וואס־זשע בעשטעהט הא דער פארטשריט אין דיעזע אלע ענדערונגען פון די פאמיליען־פארמען? דער פארטשריט בעשטעהט אין דעם, אז די פרויען פערלירען אלץ מעהר און מעהר די געשלעכט־ליכע פרייהייט, וואס זיי האבען געהאט אין די גרופען־עהע, די מענער אבער ניט. דאס האט בעוויזען אונזער גאנצע בעשרייבונג. פאר די מענער בעשטעהט נאך די גרופען־עהע אין דער אמת׳ן ביז׳ן היינטיגען

טאָג. וואָס ביי די פרוי איז אַ פערברעכען און זי האָט דורך דעם שוועער צו ליידען פון געזעץ און פון דער געזעלשאַפט, דאָס גילט ביי דעם מאַן פאַר גאַנץ עהרליך, אָדער, אויפ׳ן ערגסטען פאַל איז עס פאַר איהם אַ לייכטער מאָראַלישער פלעק, וואָס ער טראָגט אריבער מיט פערגעניגען.

אָבער אין דער אמת׳ן איז דאָס פאַר דעם מאַן פונקט אזוי פיעל פאַסקודנע ווי פאַר די פרוי. נאָך מעהר, די פראָסטיטוציאָן פערדארבט דעם גאַנצען מאָראַלישען כאַראַקטער ביי די מענער נאָך אַ סך מעהר ווי ביי די פרויען.. ביי די פרויען שליידערט דאָס אריין אין זומפ בלויז די אונגליקליכע אליין, וועלכע גיבען זיך איבער דערצו, און אויך זיי ווערען דערפון ווייט ניט אזוי טיעף פערדאָרבען, ווי מען גלויבט געוועהנליך. אָבער די מענער זיינען אַלע ערנידעריגט אין כאַראַקטער דורך די פראָסטיטוציאָן. ביי די, למשל, וואָס בלייבען לאַנג חתנים, זיינען ניין פון יעדע צעהן ניט עהרליך. זיי גרייטען זיך פשוט צו דערביי צו זיין אונטריי נאָך די חתונה. און דיעזע שאַנדע און פער־דארבונג פון דער מענשהייט דורך די פראָסטיטוציאָן ווערט וואָס ווייטער אַלץ ערגער. דאָס ווערט אַלץ מעהר אַן אָפענער געשעפט, ווי אַלע קאַפּיטאַליסטישע געשעפטען. דאָס פאַסט זיך צו די ענט־וויקעלטע קאַפּיטאַליסטישע מסחרים. און דאָס ווירקט דערמיט אַלץ מעהר צו פערדארבען די מענשען.

אזוי איז די ענטוויקלונג פון פאַמיליען־לעבען צוגעגאַנגען ביז היינט. היינט האַלט עס ביי אַ נייע איבערקעהרעניש אין די מענש־ליכע געזעלשאַפט. און אזוי ווי ביז אהער האָבען אימער די ענדערונ־גען אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען מיטגעבראַכט ענדערונגען אין די פאָרמע פון פאַמיליען־לעבען, אזוי וועט די נייע ענדערונג אין דער מענשליכער געזעלשאַפט, וואָס קומט יעצט, אויך ברענגען אַן ענדערונג אין פאַמיליען־לעבען. מיר האָבען געזעהען, אַז ביז אהער איז דער פונדאַמענט פון דער מאָנאָגאַמיע געווען אַן עקאָנאָמישער, דאָס איז. הייסט עס, געקומען, פון דעם וואָס עשירות האָט זיך אָנגעקליבען אין פּריוואַט־אייגענטהום ביי מענער, און פון דעם וואָס דער מאַן איז גע־ווען דער פרנסה־געבער. דערפון האָט דער מאַן געהאַט אַ בעדירפניש, אַז זיין פערמעגען זאָלען ירשה׳נען זיינע אייגענע קינדער און ניט די קינדער פון אַן אַנדערען מאַן. צו דעם צוועק איז נויטיג געווען,

אז די פרוי זאָל לעבען אין שטרענגער מאָנאָגאַמיע — נאָר די פרוי, ניט דער מאַן. דיזע מאָנאָגאַמיע האָט דורכאויס ניט געשטערט דעם מאַן צו האָבען א סך ווייבער, צי אָפען צי פערבאָרגען. די געזעלשאַפט־ליכע איבערקעהרעניש, וואָס קומט יעצט אָן, וועט זיכער אוועקנעהמען דיזען עקאָנאָמישען פונדאַמענט פון דער מאָנאָגאַמיע ווי אויך פון די פּראָסטיטוציאָן, וואָס בעגלייט איהר. די אָנקומענדע געזעלשאַפטליכע איבערקעהרעניש וועט מאַכען, אז דער גרעסטער טייל פון די דויערנ־דע עשירות, פון די עשירות וואָס ווערט ניט פערנוצט נאָר בלייבט היינט א ירושה — דאָס הייסט די פּראָדוקציאָנס־מיטלען — וועט אי־בערגעהן אין שותפות־אייגענטהום פון גאַנצען פאָלק. דערמיט וועט די זאָרג וועגען דעם, ווער עס זאָל דעם טאַטען ירשה'נען, פערקלע־נערט ווערען אויף א מינימום. און יעצט פרעגט זיך: אזוי ווי די מאָנאָגאַמיע איז ארויסגעקומען פון עקאָנאָמישע אורזאַכען, וועט זי פערשווינדען ווען די אורזאַכען וועלען פערשווינדען? וועט ניט מעהר זיין קיין צוזאַמענלעבען פון איין מאַן מיט איין פרוי מיט טרייהייט פון ביידע זייטען?

מען וואָלט ניט מיט אונרעכט געקענט ענטפערן, אז ניט נאָר וועט דאָס ניט פערשווינדען, נאָר אדרבה, דעמאָלט וועט ערשט אמת'ע מאָנאָגאַמיע פערווירקליכט ווערען. דעמאָלט וועט ערשט דער מאַן אויך זיין טריי און לעבען נאָר מיט זיין פרוי. ער וועט דאָך פשוט ניט קענען קריגען צו קויפען קיין פּראָסטיטוציאָן. צו וואָס זאָלען פרויען פערקויפען זייער עהרע, ווען זיי קענען צו יעדע צייט קריגען פון דער געזעלשאַפט צו לעבען אנשטענדיג פאַר עהרליכע ארבייט? דען ווען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען וועלען ווערען אייגענטהום פון דער געזעל־שאַפט, וועט ניט מעהר זיין קיין נויטיגקייט צו פערדינגען זיך צו פריי־וואַט־אייגענטהימער אויף לוין־ארבייט. דערמיט וועט פערשוואונדען ווערען דאָס פּראָלעטאַריאַט. אלזאָ, וועט אויך פערשווינדען די נויט־ווענדיגקייט פאַר א געוויסע צאָהל פרויען צו פערקויפען זייער עהרע פאַר געלד. (מען קען דאָך היינט סטאַטיסטיש אויסרעכענען, ווי גרויס עס איז דער פּראָצענט פון אזעלכע פרויען אימער און אומעדום. אלזאָ, זעהט מען דאָך דערפון, אז דאָס איז נאַטירליך, אז דאָס מוז זיין אונ־טער היינטיגע אומשטענדען). און אז דאָס וועט פערשווינדען, וועט

דאָך געוויס די מאָנאָגאַמיע ניט אונטערגעהן, נאָר אדרבה, זי וועט ערשט ענדליך פערווירקליכט ווערן, אויך פאַר די מענער.

די לאַגע פון די מענער וועט אלזאָ יעדענפאלס ווערען שטאַרק פערענדערט. אָבער אויך די לאַגע פון די פרויען, פון אַ ל ע פרויען, וועט שטאַרק ווערען אַנדערש. ווען די פּראָדוקציאָנס מיטלען וועלען ווערען שותפות־אייגענטהום פון פאָלק, וועט די פאַמיליע אויפהערען צו זיין די ווירטהשאַפטליכע איינהייט פון דער געזעלשאַפט*). די

*) וואס מיינט מען מיט דעם? עס איז שוין אויבען איינמאָל דערפון גערעדט געווארען און מיר האָבען זיך געסטאַרעט אין דער איבערזעצונג דאָס צו מאַכען פערשטענדליך אויך פאַר דעם אונערפאהרענעם לעזער. אָבער אַזוי ווי דיעזער אויסדרוק — „די פאַמיליע אַלס די ווירטהשאַפטליכע איינהייט פון דער געזעלשאַפט" — שפּיעלט דאָ אַ הויפּט ראָלע, וועלען מיר דאָ נאָך דייטליכער ערקלערען וואָס דאָס מיינט. אַן איינהייט — אויף רוסיש און פּויליש „יעדיניצאַ" — איז די איינציגע זאַך וואָס צעהלט זיך אין אַ גאַנצע צאָהל. למשל, אין אַ דאָלאַר איז די איינהייט אַ סענט, אַז מען צעהלט אָבער דאָלאַרס, איז די איינהייט א דאָלאַר. די סענטען צעהלען זיך דאַן ניט פאַר זיך, נאָר דורך און מיט די דאָלארס. אַזוי איז עס אויך אין אַ געמיינשאַפט, אין א פעראייניגונג פון מענשען. אַ לאָדזש, למשל, איז אַ פעראיין פון איינצעלנע מענשען. פאַר דער לאָדזש איז די איינהייט דער איינצעלנער מיטגליעד. אַן אָרדען אָבער איז אַ פערבאַנד פון לאָדזשען. פאַר דעם אָרדען איז די איינהייט אַ גאַנצע לאָדזש. פאַר די פעראייניגטע שטאַאַטען (יוניײטעד סטייטס) פון אַמעריקא איז די איינהייט אַ גאַנצער סטייט מיט פיעלע שטעדט און דערפער. פאַר יעדען שטאַאַט (סטייט) בעזונדער איז די איינהייט אַ שטאָדט, אָדער אַ דאָרף־געמיינדע. דאָס איז אין פּאָליטישע זאַכען, ניט אין ווירטהשאַפטליכע. ווירטהשאַפטליכע זאַכען רופט מען די אַנגעלעגענהייטען פון בעשאַפען לעבענסמיטלען און עשירות, פון האַנדלען מיט זיי, מיט איין וואָרט — פון „פערדיענען געלד", ווי מען רופט עס היינט. אין דיעזער בעציהונג איז היינט אַפילו יעדער פאַר זיך, אָבער דאָך זיינען אַלע מענשען אין דעם איין געזעלשאַפט. ווייל אין אמת'ן בעשאַפט יעדער אַרבייטער זאַכען פאַר אַ גאַנצע וועלט מיט מענשען און אַלעס וואָס יעדער פערדיענט קומט פון דעם, וואס אַלע מענשען לעבען צוזאַמען און פיהרען געשעפטען איינע מיט די אַנדערע. די שייכות וואָס מענשען האָבען מיט אַנאַנדער אָט אין דיעזער בעציהונג רופט מען „די ווירטהשאַפטליכע געזעלשאַפט".
ווער־זשע איז אין דער ווירטהשאַפטליכער געזעלשאַפט די איינהייט? ביז אַהער איז דאָס ניט געוועזן יעדער איינציגער דערוואַקסענער מענש, ווייל ניט יעדער איינציגער דערוואַקסענער מענש האָט געאַרבייט אָדער גע־

פּריוואַט־הויז־האַלטונג — באַקען, קאָכען, וואַשען א. ז. וו. — וועט ווערען אַ געזעלשאַפטליכע אינדוסטריע. (אַזוי ווי שטריקען, נעהען, שפּינען, וועבען איז דאָס שוין היינט געוואָרען: אַמאָל פּלעגט יעדע פרוי דאָס אַלעס טהון נאָר פאַר איהר הויז־געזינד, היינט מאַכט מען דאָס אין גרויסע פאַבריקען פאַר די גאַנצע געזעלשאַפט. אַזוי וועט דעמאָלט ווערען מיט יעדע הויז־אַרבייט וואָס איז נאָך ביז היינט געבליבען הויז־אַרבייט). די פערזאָרגונג און ערציהונג פון די קינדער וועט די געזעלשאַפט נעהמען אויף זיך. די געזעלשאַפט וועט זאָרגען

האַנדעלט. געאַרבייט אָדער געהאַנדעלט — דאָס הייסט געהאַט ווירטהשאַפטליכע בעציהונגען מיט דער געזעלשאַפט — האָט נאָר איין מענש פון אַ פאַמיליע, דער פאַמיליען־פאָטער. זיין ווייב האָט שוין ניט געהאַט קיין ווירטהשאַפטליכע געשעפטען מיט דער גאַנצער געזעלשאַפט. אויך זיינע קינדער ניט. זיי האָבען געהאָרעוועט גענוג, אָבער נאָר אין דער פאַמיליע און פאַר דער פאַמיליע. געשעפטען מיט אַנדערע מענשען, מיט דער געזעלשאַפט, האָט נאָר געהאַט דער בעל הבית פון דער פאַמיליע, דער הויז־פאָטער. אַט דורך דיעזע פיהרונגען איז דאָס ממילא אויסגעקומען, אַז די ווירטהשאַפטליכע איינהייט פון דער געזעלשאַפט איז ניט געווען דער איינצעלנער מענש, נאָר די גאַנצע פאַמיליע, דורך דעם פאַמיליען־פאָטער. זיין ווייב און זיינע קינדער האָבען נאָר געקענט לעבען פון דער געזעלשאַפט דורך איהם.

אַביסעל ווערט דאָס שוין היינט אַנדערש, ווען די קינדער, זיהן ווי טעכטער, געהען אַרבייטען און פערדיענען. דערמיט ווערען זיי אַליין געזעלשאַפטליכע איינהייטען. אין גאַנצען וועט דאָס אַנדערש ווערען, ווען סאָציאַליזמוס וועט קומען און די אַרבייטסמיטלען — מאַשינען, רויהע סחורות, אייזענבאַהנען, שיפען א. ז. וו. — וועלען ניט מעהר זיין קיין פּריוואַט־אייגענטהום, נאָר דאָס וועט געהערען צו דער גאַנצער מענשליכער געזעלשאַפט. דאַן וועט יעדער איינער דערוואַקסענער מענש, סיי מאַן סיי פרוי, געהען עפּעס טהאָן פאַר דער געזעלשאַפט און קריעגען פון דער געזעלשאַפט זיינע און איהרע בעדירפניסען. דערמיט וועט ניט מעהר די גאַנצע פאַמיליע זיין די ווירטהשאַפטליכע איינהייט פון דער געזעלשאַפט, נאָר יעדער איינער מענש וועט דאָס זיין. אַלזאָ, וועט אַ ווייב און אַ טאָכטער ניט מעהר האָבען איהר ווירטשאַפטליכעס לעבען צוגעקניפּט נאָר צו דער פאַמיליע, ווי עס איז געווען ביז אַהער, ווען איהר לעבען האָט זי נאָר געקענט בעציהען פון דער געזעלשאַפט דורך דער פאַמיליע. אַט דאָס מיינט מען דאָ. יעצט לעזט ווייטער און איהר וועט שוין גוט פערשטעהן. — אַי־בערזעצער.

פאַר אַלע קינדער גלייך, אַלץ איינס צי געזעצליכע צי אונגעזעצליכע קינדער*).

---

*) דיזע ווערטער פון ענגעלס׳ן בענוצען אויך אונזערע געגנער צו בעווייזען, אז די סאָציאַליסטען ווילען „אָבשאַפען די היים" און די הייליגע צוגעבונדענקייט פון עלטערען און קינדער. די סאָציאַליסטישע געזעלשאפט, זאָגען זיי, וועט „אַוועקנעהמען" די קינדער פון זייערע עלטערען און וועט זיי ערציהען אין אַנשטאַלטען. אָבער א גרויסען טייל דערפון טהוט דאָך שוין היינט דער קינדער־גאַרטען און די פאָלקס־שוהלע. אַן אַנדערן טייל טהוען די שטאָדטישע שפּיעל־פּלעצער, די שטאָדטישע וואַקאַציעס פיר שוהל־קינדער א. ז. וו. און דעם איבריגען טייל צייט זיינען דען די קינדער אימער מיט די עלטערען? אַ גרויסען טייל פון זייער „היים"־צייט לויפען דאָך די קינדער פון די אָרימע עלטערען אַרום אין די גאַסען. איז דען דאָס בעסער און געזינטער פאַר זיי ווי זיין אין דיזעלבע שטונדען בעסער אין אַן אויסגעצייכענטע פּעדאַגאָגישע געזעלשאַפטליכע ערציהונגס־אַנשטאַלט, אונטער די בעסטע השגחה פון די בעסטע פּעדאַגאָגען? אַזוי פיעל אָבער, ווי קינדער זיינען היינט צוזאַמען מיט זייערע עלטערען אין דער היים, און אַזוי פיעל ווי עס איז זיי איבערהויפּט ליעב און אַנגענעהם צו זיין צוזאַמען (און דאָס איז זעהר ווייניג), וועלען זיי נאַטירליך אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט אויך קענען זיין צוזאַמען, און דאָס אין פריידען און נחת, אָהן צרות און זאָרג. ווער זאָל זיי דען דאָס פערוועהרען? נאָר אַז עלטערען וועלען אין גאַנצען ניט קענען זיין מיט זייערע קינדער, וועלען די קינדער אין גאַנצען קענען זיין אין גוטע אַנשטאַלטען. איז דען דאָס אַ חסרון? — איבערהויפּט, וואס׳אַר היפּאָקריטווסטווע דאָס איז פון די קאַפּיטאַליסטען צו רעדען וועגען די הייליגקייט פון דער ערציהונג פון קינדער אין דער „היים" דורך זייערע אייגענע עלטערן: ערציהען דען זיי, די קאפּיטאַליסטען, אליין זייערע קינדער? נעהמען זיי זיך עפּעס אַ סך צייט דערצו? וויפיעל צייט בלייבט דעם פאָטער נאָך זיינע געשעפטען בייטאָג און קלוב־הולטאַיסטווע ביינאַכט, און דער מוטער נאָך איהרע פּוצערייען, מאָטלערייען און בעלער און טהעאַטערס און וויזיטען אין „געזעלשאַפטען" — וויפיעל צייט בלייבט זיי, זיך אומצוקוקען אויף זייערע קינדער? איז עס ניט אַ פאַקט, אַז קליינערהייט ווערען זייערע קינדער ערצויגען פון גואוורנאַנטקעס און גרויסערהייט אין פּענסיאָנען? וואָס וועט דאָס פאַמיליען־לעבען פערלירען, ווען אַזעלכע גואוורנאַנטקעס און אזעלכע פּענסיאָנען וועלען האָבען אונטער זייער השגחה, אין גרויסע געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען, אַלע קינדער, אַזוי ווי זיי האָבען היינט נאָר די רייכסטע? — און וויפיעל קענען היינט די אָרימע אַרבייטער און אַרבייטערינען זיך אָבגעבען מיט זייערע קינדער? וויפיעל בלייבט זיי צייט? — און געמיטה, און געדולד? — עס פערשטעהט

דערמיט וועט אוועקאפלען ביי די ליעבע די זארג וועגען דעם, „וואס עס וועט ארויסקומען" (די קינדער). און יעצט פרעגט זיך: די דאזיגע זארג איז עס דאך, וואס מאכט עס פאר אונמאראליש און פאר אן אומגליק, ווען א מיידעל גיט זיך איבער צו איהר געליעבטען מאן און קוקט ניט אויף קיין זאך; ווען, אלזא, דיעזע זארג וועט ניט זיין, פרעגט זיך, וועט דאס ניט אמאל זיין אורזאכע גענוג, אז עס זאל זיך ביסלעכווייז ענטוויקלען א הפקר'דיגער געשלעכטס-פערקעהר, אהן איינהאלטונג, און דערמיט א לויזע עפענטליכע מיינונג וועגען די עהרע פון א מיידעל און די שאנדע פון א פרוי? און ווייטער, האבען מיר געזעהען, אז אין די מאדערנע וועלט איז ניטא קיין מאנאגאמיע אהן פראסטיטוציאן; מאנאגאמיע און פראסטיטוציאן זיינען אפילו איינע די פערקעהרטע זאך פון די אנדערע, אבער עס איז ווי די לינקע זייט און די רעכטע זייט פון דיזעלבע זאך, וואס מען קען זיי ניט פונאנדערנעהמען. היינט, פרעגט זיך, ווען די פראסטיטוציאן וועט פערשווינדען, וועט זי ניט אמאל מיטציהען די גאנצע מאנאגאמיע אין אבגרונד אריין און עס וועט אויפהערען דאס פערהייראטע לעבען? (דאס הייסט, מיט פראסטע ווערטער: אזוי ווי מיר זעהען, אז אזוי פיעל מענער בלייבען נאר וואוינען א לעבען לאנג יעדער מיט איין ווייב, וייל זיי „בעהעלפען זיך" מיט אונארענטליכע פרויען אויך, פרעגט זיך, צי איז דערפון ניט געדרונגען אז ווען קיין פרויען וואס פערקויפען זיך צו דער שאנדע, וועלען ניט זיין, וועט אויפהערען דאס דויערענדע צוזאמענלעבען פון איין מאן מיט איין ווייב?...)

אויף דעם איז דער ענטפער: ניין. דאס וועט ניט אויפהערען. ווארים דאן וועט זיך בעווייזען א גאנץ נייע זאך אין דעם געשלעכטס-לעבען, אזא זאך, וואס איז נאך געוועזען בלויז אין די קנאספע בשעת

---

זיך, אז אין דער סאציאליסטישער געזעלשאפט וועט קיין עלטערען ניט פערבאטען זיין צו האלטען זייערע קינדער ביי זיך אזוי לאנג ווי זיי וועלען נאר וועלען. אבער די געזעלשאפט וועט פערזארגען און ערציהען אלע קינדער גלייך, אזוי ווייט ווי די עלטערן קענען דאס ניט טהאן. אז עלטערען וועלען אין גאנצען וועלען אבגעבען זייערע קינדער צו די געזעלשאפטליכע ערציהונגס-אנשטאלטען, אזוי ווי די רייכע גיבען היינט אב זייערע קינדער אין פענסיאנען, וועלען זיי דאס אויך קענען. ווען ניט, ווער וועט זיי צווינגען? — דער איבערזעצער.

די מאָנאָגאַמיע האָט זיך אויסגעבילדעט. די זאַך איז: די אינדי־ווידועלע געשלעכטס־ליעבע. (דאָס הייסט די בעזונדערע ליעבע פון איין מאַן מיט איין פרוי, וועלכע ליעבען זיך אַזוי, אַז זיי קענען גאָר ניט דענקען פון קיין אַנדערע און ווילען ביידע מיט'ן גאַנצען עהר־ליכען הארצען בלייבען צוזאַמענגעבונדען נאָר אליין).

פון אמת'ע אינדיווידועלע געשלעכטס־ליעבע איז אין די אַלטע צייטען, פאַר דעם מיטעלאַלטער, קיין סימן ניט געווען. עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז אויך אין די אַלטע צייטען איז עס ניט געווען אין גאַנצען גלייכגילטיג פאַר מענער און פרויען מיט וועמען זיי זאָלען קומען אין דיעזען אינטימסטען פערהעלטניס, אין דעם געשלעכטס־פערקעהר. עס איז זיי דעמאָלט אויך ניט געווען גאָר אַלץ איינס, אבי אַ מאַנספּאַרשוין פאַר אַ פרוי און אבי אַ פרוי פאַר אַ מאַנספּאַר־שוין. עס האָט געוויס דעמאָלט אויך בעזונדערס געצויגען צו איין גע־וויסע פּערזאָן מעהר ווי צו אַנדערע, צוליעב פּערזענליכע שעהנהייט, אָדער צוליעב נאָהענטע בעקאַנטשאַפט, אָדער צוליעב גלייכען כאַראַק־טער. אָבער דאָך איז דאָס נאָך געווען זעהר ווייט פון די שטאַרקע אינדיווידועלע געשלעכטס־ליעבע פון אונזערע היינטיגע צייטען. אין די אַלטע צייטען האָבען זיך מענער און פרויען פעראייניגט ניט ווייל זיי האָבען זיך פּערזענליך ליעב געהאַט. די עלטערען האָבען אימער זייערע קינדער חתונה געמאַכט און די קינדער האָבען זיך רוהיג אונ־טערגעוואָרפען. דאָס ביסעלע ליעבע פון מאַן־און־ווייב, וואָס מען גע־פינט אין אַלטערטהום, איז ניט קיין ליעבע צו די בעזאָנדערע פּערזאָן, נאָר טרייהייט און פפליכט, ווייל זי איז שוין אַ ווייב אָדער אַ מאַן. דאָס איז ניט געווען אַ ליעבע וואָס צוליעב איהר האָט מען חתונה גע־האַט, נאָר פערקעהרט, ווייל מען איז שוין געווען פערהייראַטה, האָט מען זיך שוין ווי עס איז געליעבט אַמאָל. ליעבעס־פערהעלטניסע אין היינטיגען זין — אַ בעזאָנדערע שטאַרקע ליעבשאַפט פון איין מאַן מיט איין פרוי, ווען זיי זיינען נאָך ניט קיין מאַן און ווייב, — אַזאַ שטאַר־קע פּערזענליכע ליעבשאַפט, וואָס מאַכט, אַז זיי ווילען ניט הערען און געדענקען פון אַנדערע — אַזעלכע ליעבעס־פערהעלטניסע קומען אין אַלטערטהום נאָר פאַר אויסערהאַלב די אָפיציעלע געזעלשאַפט. די פּאָעטען בעזינגען אונז די ליעבע און איהרע פריידען און ליידען ביי די פּאַסטוכער און פּאַסטושקעס. אָבער דיעזע פּאַסטוכער און פּאַס־

טושקעס זיינען אלע געווען שקלאפען. זיי האבען קיין אנטהייל ניט געהאט אין דעם שטאאט, אין דער לעבענס־ספערע פון דעם פרייען בירגער. אויסער ביי שקלאפען, געפינען מיר פארצייטענס ליעבעס־פערהעלטניסע נאר אלס א פראדוקט פון צופאלעניש פון די אונטער־געהענדע אלטע וועלט. און דיעזע ליעבעס זיינען אויך ניט געווען מיט בירגער־טעכטער, נאר מיט העטערען, וועלכע זיינען געווען פרעמ־דע און בעפרייטע שקלאפינען, אלזא אויך אזעלכע, וואס זיינען גע־שטאנען אויסערהאלב די אפיציעלע געזעלשאפט. אזוי איז עס געווען אין אטהען, ווען זי האט שוין אנגעהויבען אונטערצוגעהן און אין רוים אין די קייזער־צייט. ווען עס האט זיך אמאל ווירקליך געטראפען א פערזענליכע ליעבעס פערהעלטניסע צווישען פרייע בירגער און ביר־גערינען, איז עס נאר געווען וועגען עהע־ברוך. דער גרעסטער ליעבעס־דיכטער פון אלטערטהום איז געווען דער אלטער אנאקרעאן; איז איהם געווען די געשלעכטס־ליעבע אין אונזער היינטיגען זין אזוי ווייט גלייכגילטיג, אז איהם איז אפילו אלץ איינס צי א מאן ליעבט א פרוי, צי א מאן.

אונזער היינטיגע געשלעכטס־ליעבע איז גאר אינגאנצען עטוואס אנדערעס ווי די תאוה פון די פארצייטיגע מענשען, וואס עס האט זיך גערופען אין די פארצייטיגע שפראכען ע ר א ס (אויף העברעאיש — ז מ ה). ערשטענס, מוז ביי אונזער היינטיגע ליעבע זיין געגען־ליעבע. די פרוי שטעהט אין דיעזער בעציהונג גלייך מיט דעם מאן. ביי דעם פארצייטיגען „עראס“ האט מען אויף קיין פאל ניט אימער געפרעגט ביי די פרוי, אויב זי ענטפערט מיט ליעבע אויף ליעבע. צווייטענס, איז די היינטיגע געשלעכטס־ליעבע זעהר שטארק און זעהר דויערהאפט, אזוי ווייט, אז די פערליעבטע פיהלען עס פאר א זעהר טיעפען אומ־גליק, אויב ניט דעם טיעפסטען וואס קען נאר טרעפען, ווען זיי קענען זיך ניט האבען און מוזען זיך שיידען. זיי זיינען גרייט אבצוגעבען זייער לעבען, אז זיי זאלען זיך קענען האבען איינע די אנדערע. אין אלטערטהום האט זיך אזוינס נאר געטראפען אין עהע־ברוך. און ענד־ליך, קומט אויף ביי די היינטיגע ליעבע א נייער סארט מאראל, א נייער מאסשטאב פון זיטליכקייט פאר דעם געשלעכטס־לעבען. מען פרעגט ניט נאר צי א געשלעכטס־פערקעהר איז עהעליך צי אויסער־עהעליך? נאר מען פרעגט אויך: צי איז ער ארויסגעקומען פון ליעבע

און געגענליעבע, אדער ניט? אויב ניט, פיהלט מען, אז עס איז ניט מאראליש. אמת, אויך דיעזע מאראל איז אין דער היינטיגער בירגער־ליכער און פעאדאלער (פריצישער) וועלט ניט מעהר ווי היפאקריט־סטווע, פונקט ווי יעדע אנדערע מאראל. מען האלט דאס כלומרשט הייליג, אבער מען היט דאס ניט. אבער א מאראל־בעגריעף איז דאס דאך ווי יעדער אנדערער, — אין דער טהעאריע, אויפ'ן פאפיר. און מעהר קען מען פארלויפיג, אין דער היינטיגער ארדנונג, ניט פערלאנגען. אבער אין דער צוקונפטיגער געזעלשאפט וועט דיעזע נייע מאראל שטארק ווירקען. זי וועט ווירקען, אז דאס געשלעכטס־לעבען וועט זיין פיעל אייגגעהאלטענער, ריינער און מעהר מאנאגאמיש. און דאס וועלען מיר ארויסזעהען, ווען מיר וועלען בעטראכטען די ענטוויקלונג פון דער אינדיווידועלער געשלעכטס־ליעבע.

די ערשטע ארויסשפראצונג פון אזא ליעבע האט זיך ארויסגע־וויעזען, ווי שוין געזאגט, אין אלטערטהום ביי דעם עהע־ברוך. ווען די אלטע וועלט איז אונטערגעגאנגען, האט זי דאס אונטערבראכען. ווען דאס מיטעלאלטער איז געקומען, האט זי דערמיט וויעדער אנגע־פאנגען, וויעדער מיט די ליעבע אלס עהע־ברוך. מיר האבען שוין גערעדט וועגען די ריטערליכע ליעבע, פון וועלכע עס שטאמען די „טאגע־ליעדער“. מיר האבען שוין געזעהען, אז דאס איז געווען ליע־בע, וואס האט געוואלט די עהע ברעכען. פון דיעזע ליעבע, וואס וויל די עהע ברעכען, ביז צו די ליעבע, וואס זאל די עהע גרינדען, איז נאך א ווייטער וועג. דאס ריטערטהום דערגעהט קיין מאל ניט ביז צו ענדע פון דיעזען וועג, דאס הייסט ביז צו חתונה האבען אויס ליעבע. אין די ריטערגעשיכטע פון די ראמאנישע פעלקער (פראנצויזען, שפא־ניער, פארטוגיעזען רופען זיך ראמאנישע פעלקער, ווייל זיי שטאמען טיילווייז פון ראם) איז די ליעבע אין גאנצען געשילדערט אלס זינדיגער עהעברוך. נאר די ראמאנישע פעלקער שטעלט מען זיך טאקי פאר אלס אויסגעלאסענע. די דייטשען דאגעגען — אלס מאראלישע. אבער אויך ביי די דייטשען, אין זייערע פארצייטיגע ריטער־ליעדער, ווערט די ליעבע געמאהלען אלס עהעברוך. אזוי, צום ביישפיעל, אין דעם בעוואוסטען אלט־דייטשען „ניבעלונגען־ליעד“. דארטען געפינען מיר געשילדערט א ליעבע צווישען קריעמהילדע און זיעגפריעד. קריעמ־הילדע איז אפילו בסוד פערליעבט אין זיגפריעד'ען, אזוי ווי ער אין

איהר, אָבער דאָך, ווען איהר ברודער גונטהער, דער קעניג פון בורגונד, זאָגט איהר, אַז ער האָט צוגעשוואוירען אַ ריטער זי איהם צו געבען פאַר אַ ווייב, ענטפערט זי איינפאַך: „איהר ברויכט מיך ניט צו בע־טען; אַזוי ווי איהר בעפעהלט, אַזוי וועל איך אימער זיין; וועמען איהר, מיין הערר, גיבט מיר פאַר אַ מאַן, דעם וויל איך מיך גערן פער־לאָבען". עס פאַלט איהר גאָר ניט איין, אַז איהר ליעבע צו זיעג־פריעד'ען קען דאָ קומען אין בעטראַכט. גונטהער זוכט צו קריעגען די ברונהילדע, עצעל זוכט די קרימהילדע צו קריעגען, כאָטש זיי ביידע האָבען די מיידלעך קיין מאָל ניט געזעהען. אַזוי ווערט דאָס אין די אַלטע דייטשע ליעבעס־ליעדער אויך פאַרגעשטעלט מיט אַנדערע פּאַאַר־לעך. אַלזאָ, איז דאָרט אויך קיין אינדיווידועלע ליעבע אַלס עהע־גרינ־דערין ניט דאָ. דער רעגעל איז, אַז די כלה ווערט פאַר יעדען יונגען פרינץ אויסגעקליעבען פון זיינע עלטערען, אויב זיי לעבען נאָך. ווען זיי זיינען שוין טויט, זוכט ער זיך אפילו אליין אויס אַ כלה, אָבער די גרויסע בעאַמטע גיבען דערביי זייער ראַטה און יעדענפאַלס האָבען זיי אַ גרויסע דעה דערביי. עס קען אייגענטליך גאָר ניט זיין אַנדערש. די ריטער און באַראָנען, ווי די לאַנדעס־פירשטען האָבען ניט חתונה, ווייל זיי ליעבען די, מיט וועמען זיי הייראַטהען; זייער חתונה האָבען איז אַ פּאָליטישער אַקט. דאָס איז ביי זיי אַ געלעגענהייט צו פער־גרעסערען זייער מאַכט דורך נייע פערבינדונגען. דער אינטערעס פון דעם „הויז" (די משפחה וואָס טראָגט דעם אדעל־טיטעל) האָט דערביי צו ענטשיידען, ניט דער ווילען פון דעם איינצעלנעם. ווי אַזוי זאָל דאָ די ליעבע זיין אין דער לאַגע צו זאָגען דאָס לעצטע וואָרט איבער אַ שידוך?

ניט אַנדערש איז עס אויך געווען מיט די בירגער אין די שטעדט אין מיטעלאַלטער. יעדער בירגער איז דעמאָלט געווען אַ מיטגליעד אין אַ צעך, אין אַ גילדע. אַ מייסטער איז געווען אַ מיטגליעד פון די גילדע פון זיין מלאכה, אַ סוחר פון די גילדע פון סוחרים. די גילדע האָט געהאַט פיעלע פערשיעדענע געזעצע, וועלכע האָבען געהאַט פאַר זייער צוועק צו שיצען דעם מיטגליעד און איהם צו געבען פּריווילע־גיען, אַז קיינער זאָל ניט מאָרען צוקומען צו זיין סאָרט געשעפטען, נאָר ער. אָבער דיעזע געזעצע און אָרדנונגען האָבען אויך יעדען בירגער אַרומגעגרענעצט, איהם געזעצליך אָבגעשיידעט פון אַנדערע גילדעס,

אויך פון אַנדערע מיטגליעדער פון זיין אייגענע גילדע, און בעזאָנדערס פון זיינע געזעלען און לעהרלינגע. דאָס האָט געמאַכט, אַז ער האָט נאָר געהאַט פערהעלטניס מיט זעהר ווייניג מענשען, פון וועלכע ער זאָל זיך קענען אויסקלייבען אַ ווייב. און אויסצוקלייבען איהם אַ ווייב, וועלכע עס איז פאַר איהם די פּאַסענדסטע, דאָס איז ניט געווען די זאַך פון זיין אייגענעם געשמאַק צו ענטשיידען. אונטער דיעזען פערוויקעלטען סיסטעם האָט דאָס אונבעדינגט ענטשיידעט דער אינ־טערעס פון זיין פאַמיליע.

אויף אַזאַ אופן איז ביז צום ענדע פון מיטעלאַלטער דאָס חתונה האָבען געבליעבען דאָס זעלבע, וואָס עס איז געווען פון אָנפאַנג אָן, — אַ זאַך וואָס ניט די פּאָרעל האָבען געהאַט אַליין צו ענטשיידען ווע־גען דעם. אין אָנפאַנג איז מען שוין געבוירען געוואָרען פערהייראַטה — פערהייראַטה צו אַ גאַנצע גרופּע פון אַנדערע געשלעכט. ביי די שפּעטערע פאָרמען פון גרופּען־עהע איז עס מסתמא אויך געווען עהנליך דערצו, יעדער און יעדע איז פון געבורט געווען בעשטימט פאַר אַ גע־וויסע גרופּע פון אַנדערען געשלעכט, נאָר וואָס ווייטער פאַר אַלץ אַ קלענערע און קלענערע גרופּע, ווי מיר האָבען אויבען געזעהען. ביי די פּאַארונגס־עהע האָבען אין רעגעל די מוטערס געשלאָסען די שידוכים פאַר זייערע קינדער. אויך אויף דיעזער שטופע פון דער ענטוויקלונג פון דער פאַמיליע האָט מען ביים חתונה־האָבען דער עיקר בעטראַכט דעם אינטערעס פון פערוואַנדשאַפטס־פערבינדונגען, וועלכע זאָל געבען די יונגע פּאָרעל מעהר אַנזעהען אין דער גענס און אין דעם שטאַם.

און ווען עס איז געקומען צו פאַטער־רעכט און מאָנאָגאַמיע, איז דאָך שוין אודאי אַ שידוך געוואָרען אַ געשעפט, וואו מען האָט דער עיקר געקוקט אויף אייגענטהומס־אינטערעסען. מיר האָבען דאָך גע־זעהען, אַז די מאָנאָגאַמיע און פאַטער־רעכט זיינען אַרויסגעקומען פון דעם. וואָס דאָס פּריוואַט־אייגענטהום האָט אַריבערגעוואויגען דאָס שותפות־אייגענטהום פון דער משפחה. דאַן, ווען דער מאַן איז גע־וואָרען דער אייגענטהימער פון פערמעגען, האָט ער געהאַט אינטערעס, אַז ער זאָל זיין זיכער וועגען זיינע אייגענע קינדער זיינען, כדי זיי זאָלען ירשה'נען זיין אייגענטהום. אַלזאָ, שפּיעלט דאָך דאָ פערמעגען פון אָנהויב אָן די הויפּט ראָלע. מען קויפט אפילו ניט קיין ווייב דירעקט, ווי אַמאָל ביי די קויף־עהע, אָבער דערביי איז נאָר די פאָרמע פון די

קויף־עהע אוועק, אין אמת'ן ווערט אָבער א שידוך דערביי אַלץ מעהר און מעהר א מסחר. און ניט נאָר די פרוי קריעגט איהר פּרייז, וויפיעל מען מוז צאָהלען פאר איהר, נאָר אויך דער מאַן. זיין פרייז איז ניט לויט נאָך זיינע פּערזענליכע מעלות, נאָר לויט נאָך זיין פערמעגען (אָדער נאָך דעם וויפיעל פּרנסה־געבער ער קען זיין). אז די פּערזענליכע ליעבשאפט צווישען חתן־כּלה זאָל האָבען מעהר צו זאָגען ביי א שידוך־שליסען ווי אַלע אַנדערע בערעכענונגען, דאָס איז פון אָנפאַנג אָן געבליעבען אונערהערט ביי די הערשענדע קלאַסען. העכסטענס איז דאָס פאָרגעקומען אין די ראָמאַנען אָדער — ביי די אונטערדריקטע קלאַסען, וועלכע האָבען קיין שום ראָלע ניט געשפּיעלט.

אזא צושטאַנד האָט געפונען די היינטיגע נייע קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן, ווען זי איז אויפגעקומען און ווען זי האָט זיך געקליעבען צו בעהערשען די וועלט, דורך דעם האנדעל און מאַנופאַקטור, זינט אַמעריקא איז ענטדעקט געוואָרען. דער שכל איז מחייב, אז ווען קאַפּיטאַליזמוס און האַנדעל האָבען גענומען שפּיעלען אזא הויפּט־ראָלע, האָט זיך זעהר גוט געפּאַסט דערצו די דאָזיגע פאָרמע פון געשעפט־שידוכים. און אַזוי איז עס טאַקי געווען. און דאָך האָט זיך דאַן נאָר אָנגעהויבען צו ענטוויקלען א נייע זאַך אין דעם שליסען פון שידוכים, נעמליך די אינדיווידועלע ליעבע. עס איז עפּעס ווי אַן אונבעגרייפליכער וויץ פון די וועלט־געשיכטע, אז דוקא ווען דאָס גאַנצע לעבען פון מענשען איז געוואָרען נאָר אַלץ געשעפט און געשעפט, דוקא דערמאָלט האָט זיך אָן דער זייט אָנגעהויבען צו ענטוויקלען א געפיהל צו טהון שידוכים אָהן געשעפט־אויסרעכנונגען, נאָר אוים אינדיווידועלע ליעבע. ווי אַזוי איז דאָס געקומען? די ערקלערונג פון דעם איז אַן אינטערעסאַנטע שטיק ענטוויקלונגס־וויסענשאַפט. (זאָל דער לעזער צולייגען קאָפּ).

די זאַך איז אַזוי:

איידער עס איז אויפגעקומען דער קאַפּיטאַליזמוס מיט זיין אַרט פיהרונגען, האָט זיך אַלצדינג געפיהרט ביי די מענשען לויט אַלטע חזקה, נאָך אַלטע מנהגים. יעדער קלאַס מענשען האָט זיך געהאַט זייע „רעכטע" בירושה. דיעזע נע'ירשה'נטע רעכטע פון „אבות אבותינו" האָבען יעדען קלאַס מענשען געגעבען זיין חלק אין דער וועלטס עשירות. דער פריץ האָט געהאַט זיין „רעכט" צו קריעגען זיינע פּאַ־

דאַטקעס פון זיינע פאַנטשיזניקעס. ער האָט ניט געדאַרפט מאַכען קיין געשעפטען און פערדיענען אַז ער זאָל קריעגען עשירות. דעם פאַנטשיז־ניק, וויעדער, וואָלט ניט געהאָלפען דינגען זיך. וואָס ער מוז אָבגעבען דעם פּריז, איז געווען בעשטימט בירושה. אויך דער שטאָדטישער בירגער האָט געהאַט זיינע חזקות. דער מייסטער און דער סוחר האָ־בען געהאַט זייערע חזקה־רעכטע אין זייערע גילדעס. דיעזע רעכטע האָבען קיין אַנדערע ניט צוגעלאָזט קאָנקורירען מיט זיי און מען האָט זיי געמוזט געבען פאַר זייער אַרבייט און פאַר זייער סחורה וואָס זיי האָבען געוואָלט. דער אויפגעקומענער קאַפּיטאַליזמוס אָבער האָט דאָס אַלעס אָבגעשאַפט. די רעוואָלוציאָנען פון די קאַפּיטאַליסטישע קלאַ־סען האָבען אָבגעשאַפט אַלע חזקות. און אַנשטאָט די אַלטע גע־ירשה'נטע „רעכטע" האָט דער קאַפּיטאַליזמוס איינגעפיהרט „פרייע אָב־מאַכונגען", פרייע האַנדלונגען צווישען איינצעלנע מענשען. יעדער מענש זאָל האָבען עפּעס פריי צו פערקויפען און זאָל זיין פריי צו פער־לאַנגען וואָס פאַר אַ פּרייז ער וויל. איינער האָט צו פערקויפען סחורה, איינער זיין אַרבייט. און יעדער איז פריי אויסצודינגען זיך זיין פּרייז. און לויט פרייע אויסדינגונגען און אָבמאַכונגען צווישען פרייע מענ־שען זאָל בעשטימט ווערען דער שיקזאָל פון יעדען מענשען.

אונטער דיעזע נייע פיהרונגען איז אַלצדינג געוואָרען סחורה צום קויפען און פערקויפען, אונטער פרייע אויסדינגונגען און אָבמאַכונגען.

דער ענגלישער יוריסט ה. ס. מעין זאָגט, אַז אונזער גאַנצער פאָרט־שריט געגען די איינריכטונגען פון פריהעריגע צייטען בעשטעהט אין דעם, אַז מיר זיינען איבערגעגאַנגען „פון חזקה צו אָבמאַכונגען"; פון צושטענדע וואו אַלע פערהעלטניסע צווישען מענשען זיינען געווען פעסט בעשטימט בירושה, איז מען איבערגעגאַנגען צו פרייוויליגע אויסדינ־גונגען. דיעזער שרייבער מיינט גאָט ווייסט וואָס ער האָט דאָ אויפ־געטהאָן מיט דיעזער ערקלערונג זיינער. אַזוי ווייט ווי דאָס איז ריכ־טיג איז דאָס שוין געשטאַנען אין דעם קאָמוניסטישען מאַניפעסט.

הכלל, איז עס געקומען צו פרייוויליגע אויסדינגונגען. דערצו אָבער האָבען די מענשען געמוזט זיין פריי צו טהון מיט זיך און מיט זייער אייגענטהום וואָס זיי האָבען געוואָלט און זיי האָבען געמוזט שטעהן איינע געגען די אַנדערע מיט גלייכע רעכטע. אַז ניט, קען דאָס ניט זיין קיין פרייע אָבמאַכונגען און אויסדינגונגען. און איינע [illegible]

הויפט־אויפגאבען פון די קאפיטאליסטישע פראדוקציאן איז טאקי געווען צו מאכען, אז עס זאלען זיין אזעלכע כלומרשט „פרייע" און „גלייכע" מענשען. אין אנפאנג האבען די מענשען אליין ניט געוואוסט, אז זיי מאכען דיעזע ענדערונגען. אויך איז דאס אויפגעקומען אין א פער־קליידונג פון רעליגיאן. סיי ווי סיי אבער, איז עס זייט די רעפארמא־ציאן פון לוטהער און קאלווין געווארען א פעסטער כלל, אז דער מענש קען נאר דאן פעראנטווארטליך געמאכט ווערען פאר זיינע האנדלונגען, ווען ער האט פולע פרייהייט פון ווילען צו טהאן ווי ער האט געוואלט און אז עס איז א מאראלישע פליכט צו שטעלען זיך געגען ווערען געצוואונגען צו טהון עפעס וואס עס איז ניט רעכט און אנ־שטענדיג.

איצט קומען מיר צוריק צו אונזער פונקט, צום חתונה האבען. חתונה האבען איז נאך בירגערליכע בעגריפען אויך געווען אן אבמא־כונג צווישען צוויי מענשען, א יוריסטישער קאנטראקט. דאס איז גע־ווען דער וויכטיגסטער אבמאך פון אלע, ווייל דערביי איז אבגעשלאסען געווארען דאס רעכט פון איינעם איבער דעם קערפער און גייסט פון דעם אנדערען אויפ'ן לעבען לאנג. אבער וואס הערט זיך עפעס מכוח די פ ר י י וו י ל י ג ק י י ט פון ביידע צדדים דערביי? אמת איז, אז „פא פארמע" האט מען כלומר'שט געפרעגט חתן־כלה אויב זיי ווילען דעם שידוך, און דער שידוך האט נאר געקענט ווערען געשלאסען ווען זיי האבען געזאגט יא. אבער מען האט גאנץ גוט געוואוסט, ווי אזוי מען ברענגט דערצו, אז זיי זאלען זאגען „יא" און ווער עס זיינען אין אמת'ען געווען די, וואס האבען א שידוך געשלאסען. די עלטערען האבען געשלאסען דעם שידוך און די קינדער, אויב זיי האבען ניט גע־וואלט גילטען פאר אויסוואורפען, האבען שוין געוואוסט, אז זיי דאר־פען זאגען: „אז עס איז דער מאמען רעכט, איז מיר אויך רעכט"... אבער ווען צו אלע אנדערע קאנטראקטען און אבמאכונגען איז געפא־דערט געווארען ווירקליכע פרייהייט פון די צדדים וואס מאכען דעם קאנטראקט צו קענען ווענען ווילען אדער ניט ווילען, ווי זיי האבען חשק — פאר וואס ניט אויך ביים שליסען א שידוך? האבען דען די צוויי יונגע מענשען, וואס געהען פערבונדען ווערען, ניט אויך דאס רעכט צו טהון פריי מיט זיך און מיט זייערע גליעדער וואס זיי ווילען? די גע־שלעכטס־ליעבע איז שוין דעמאלט געווען געקומען אין דער מאדע,

דורך דאס ריטערטהום. און געגען די עהעברוכס־ליעבע פון די ריטער איז ביי די בירגער שוין געווען אויפגעקומען א געפיהל, אז די שעהנסטע און ריכטיגע געשלעכטס־ליעבע איז די ליעבע צווישען מאן און ווייב. און אז מען איז שוין געווען געקומען דערצו, צו פיהלען, אז עס איז די פפליכט פון מאן־און־ווייב זיך צו ליעבען, פאר וואס זאל שוין נים זיין די פפליכט פון ליעבענדע צו ווערען מאן און ווייב? און עס האט זיך גענומען שטעלען די פראגע: שטעהט נים דאס רעכט פון די ליעבענדע העכער ווי דאס רעכט פון די עלטערען, קרובים און אנדערע חתונה־מעקלערם לוים דעם מנהג? ווען אין דער קירכע און אין דער רעליגיאן האט זיך שוין אריינגעבראכען דאס רעכט פון פרייע פערזענליכע נאכדענקונג, ווי האט זיך דאס גוזאלט אבשטעלען ביי די אונערטרעגליכע איינפיהרונג, אז דער עלטערער דור זאל האבען די גאנצע דעה איבער דעם קערפער און די נשמה, איבער דעם פערמעגען, גליק און אונגליק פון דעם אינגערען דור?

אזעלכע פראגען האבען זיך געמוזט שטעלען אין דער צייט, ווען אלע אלטע פערבינדונגען פון דער געזעלשאפט האבען זיך אויפגעבונדען און אלע בעגריפען, וואס מען האט געהאט בירושה פון דור דורות, זיינען צורודערט געווארען. די וועלט גופא איז מיט איין קלאפ כמעט צעהן מאל אזוי גרויס געווארען ווי פריהער (דורך די ענטדעקונג פון אמעריקא און דעם ים־וועג קיין אינדיען). פריהער האט דער בליק פון די מענשען פון מערב אייראפא נאר געזעהען פאר זיך א פערטעל פון א האלבע פילקע פון דער ערד, איצט איז די גאנצע ערד־פילקע געלעגען פאר זייערע אויגען. די מענשען פון דעם פערטעל פון דער העלפט פון דער וועלט האבען זיך גענומען איילען צו פערכאפען די איבריגע זיבען אכטעל. און פונקט אזוי ווי די ענגע אלטע גרענעצען פון די שטיקעל היים־וועלט זיינען איינגעריסען געווארען, אזוי זיינען אויך געפאלען די טויזענדיעהריגע גרענעצען פון דעם ארט דענקען פון מיטעלאלטער. אן אונענדליך ווייטער זעה־קרייז האט זיך געעפענט פאר די אינערליכע אויג אזוי גוט ווי פאר די אויסערליכע. ווען א יונגערמאן האט זיך געפיהלט געצויגען צו וואנדערען נאך די אוצרות פון אינדיען, צו די גאלד־גרובענס און זילבער־מינעס פון מעקסיקא און פאטאסי — וואס פאר א ראלע האט שוין ביי איהם געשפיעלט די אלטע אנשטענדיגקייט און דער גילדע־יחוס און דער צעכען־כבוד, וואס עס

איז געווען א ירושה פון דור דורות? אזוי ווי פריהער האָבען די אדעליגע פריצים געהאט א געוויסע צייט, ווען זייערע קינדער זיינען געוואָרען די אַרומפאָהרענדע ריטער, און זיי האָבען געבראַכט נייע מאָדעס און בעגריפען אין זייער קלאַס, אזוי איז יענע צייט געוואָרען פאַר די ניט־אדעליגע בירגער די צייט פון ז י י ע ר ע „אַרומפאָהר־רענדע ריטער". און אזוי ווי די פאָהרענדע ריטער פון די פריצים האָ־בען געהאט זייער ראָמאַנטיק און זייערע ליעבעס־בעגייסטערונג, אזוי האָבען אויך די נייע געלד־פריצים פון מסחר דאָס געהאַט אין זייער „ריטערצייט". נאָר ביי זיי האָט דאָס געהאט אן אנדער פנים, — א בירגערליכען, מיט בירגערליכע ציעלען. („בירגערליך" מיינט דאָ ניט־פריציש; דאָס הייסט לויט נאָך דעם כאַראַקטער פון די סוחרים און פאַבריקאַנטען).

אזוי איז עס געשעהען, אַז אויך פאַר שליסען א שידוך איז אַלץ מעהר און מעהר אַנערקענט געוואָרען די פרייהייט פון חתן כלה צו שליסען דעם חתונה־קאָנטראַקט מיט וועמען זיי ווילען. דאָס אויפ־קומענדע בירגערטהום (די סוחרים און קאַפּיטאַליסטען וואָס זיינען גע־וואָרען אַלץ רייכער אין פערמעגען און אין איינפלוס), האָבען דאָס אַלץ מעהר און מעהר איינגעפיהרט, בעזאָנדערס אין די פּראָטעסטאַנטישע לענדער, וואו מען האָט אַם שטאַרקסטען צוטרייסעלט אַלטע איינריכ־טונגען. אמת, עס איז ווייטער געבליבען דער מנהג, אַז מען האָט זיך נאָך משדך געווען אין דעם אייגענעם קלאַס מענשען: א פריץ האָט ניט גענומען קיין בירגער־מיידעל און אַ רייכער סוחר ניט קיין בעל־מלאכה'ס א טאָכטער; אָבער אין דער אייגענער קלאַסע האָבען די יונגע מענשען געקראָגען א שטיקעל פרייהייט זיך אויסצוקלייבען ווע־מען זיי האָבען געוואָלט. און אויף דעם פּאַפּיר, אין די מאָראַלישע טהעאָריען און אין די פּאָעטישע שילדערונגען איז עס געוואָרען א כלל גדול, פעסטער ווי אַלעס אין דער וועלט, אַז יעדע עהע, יעדעס צוזאַמען־לעבען פון מאַן און ווייב, איז אונזיטליך, ניט מאָראַליש, ווען דאָס איז ניט געבויט אויף געשלעכטסליעבע פון ביידע זייטען און אויף ווירק־ליכע פרייע אָבמאַכונג צווישען זיי אליין. קורץ, חתונה האָבען אויס ליעבע איז פּראָקלאַמירט געוואָרען אַלס מענשען־רעכט, ניט נאָר פאַר דעם מאַנספּאַרשוין, נאָר אויך, און בעזאָנדערס, פאַר די פרוי. דאָס

איז געוואָרען מענשען־רעכט פּונקט ווי די פּראָקלאַמירונג פון די אַנ־דערע מענשען־רעכט ביי די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן.

אָבער אין איין פּונקט איז דיזעס מענשען־רעכט געווען אַנדערש ווי די אַלע אַנדערע בלומרשט מענשען־רעכטע: אַלע אַנדערע נייע רעכטע, וואָס זיינען דעמאָלט פּראָקלאַמירט געוואָרען בלומר'שט פאר אַלע מענשען, זיינען אין אמת'ן נאָר געווען פאר די רייכע בירגער, פאר די נייע הערשענדע קלאַסע, פאר די בורזשואַזיע. פאר די אונ־טערדריקטע קלאַסע, פאר דעם פּראָלעטאַריאַט, זיינען די אַלע רעכטע איינגעשרומפּען געוואָרען, א טייל דירעקט (למשל דאָס רעכט צו האָ־בען א דעה אין דער רעגיערונג איז פריהער אויסדריקליך געגעבען גע־וואָרען נאָר צו אַזעלכע, וואָס צאָהלען שטייערען, אלזאָ ניט צו די אָרי־מע), א טייל אינדירעקט (א שטייגער, ווי דאָס רעכט צו האָבען א פּרייע און גלייכע דעה ביים בעדינגען א פּרייז — וואָס דער אָרימער ארבייטער האָט אין אמת'ן ניט ביים בעדינגען דעם פּרייז פון זיין ארבייט, ווייל דער קויפער פון די ארבייט איז רייך און קען בלייבען פּעסט ביי זיין פּרייז, בשעת אָבער דער פערקויפער איז אָרים און הונ־געריג און מוז נאָכגעבען). אזוי זיינען אַלע נייע מענשען־רעכטע, וואָס די רעוואָלוציאָנען פון די אויפגעקומענע גבירים האָבען איינגעפיהרט, געווען אין אמת'ן ניט קיין מענשען־רעכטע, נאָר גבירים־רעכטע. אָבער אַן אויסנאַהמע דערפון איז געווען דאָס נייע מענשען־רעכט פון חתונה האָבען אויס ליעבע. און דאָ איז וויעדער ווי א וויץ פון דער וועלט־געשיכטע. דוקא די הערשענדע קלאַסען, די גבירים, האָבען פון דיזען מענשען־רעכט ווייניגער געקענט געניסען, ווי די אָרימע ארבייטער. דען די רייכע קוקען ביי א שידוך דער עיקר אויפ'ן פערמעגען, אויב עס איז א גוט געשעפט, און אזוי ווייטער. זיי זיינען די הערשענדע קלאַ־סען, אָבער זיי זיינען אליין בעהערשט פון די עקאָנאָמישע אומשטענ־דען! דארום איז עס ביי זיי נאָר אַן אויסנאַהמע, אז מען זאָל חתונה האָבען אויס ריינע ליעבע און פּרייען ווילען. ביי די בעהערשטע קלאַ־סען אָבער, ביי די ארבייטער, איז דאָס דער רעגעל, ווי מיר האָבען שוין אויבען גערעדט.

(אָבער אויך ביי די ארבייטער איז מען א סך געשטערט חתונה צו האָבען אויס ריינער ליעבע, ווייל עס איז שווער צו נעהמען אויף זיך אויסצוהאַלטען א הויזגעזינט.)

אלזאָ, זעהט מען, אַז די פולע פרייהייט פון מאַן און פרוי חתונה צו האָבען, לויט ווי זייער ריינע עהרליכע מענשליכע ליעבשאַפט ציהט זיי, קען ערשט אויסגעפיהרט ווערען ביי אַלע מענשען נאָר דעמאָלט, ווען עס וועט אָבגעשאַפט ווערען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן, די פּריוואַט־ארבייט פאַר דעם פּראָפיט פון קאַפּיטאַליסטען; ווען עס וועלען דערמיט פערשוואונדען ווערען אַלע אייגענטהומס־פערהעלטניסע און מען וועט ניט מעהר האָבען צו קוקען ביי אַ שידוך אויף נדן, עשירות, גוטע געשעפטען און די אַלע עקאָנאָמישע בעטראַכטונגען, וואָס שפּיעלען נאָך היינט אַזאַ מעכטיגען איינפלוס ביי אַ שידוך טהאָן. דאַן, ווען יעדער מענש, פרוי ווי מאַן, וועט זיין פערזאָרגט מיט אַ לעבען און וועט ניט דאַרפען צו זוכען קיין געשעפטען צו מאַכען ביי אַ שידוך, וועט נים זיין אויף קיין אַנדערע זאַך צו קוקען ביים שליסען אַ שידוך, ווי נאָר אויף די ליעבשאַפט פון ביידע זייטען.

און — דאָ קומען מיר צוריק צום פּונקט: דיעזע ליעבשאַפט וועט דעמאָלט זיין אַ קוואַל פון אַ נייע ריינע מאָראַל, פון אַ נייע „טהרת המשפחה“.

דען וואו מאַן און ווייב האָבען חתונה אוים ריינע ליעבשאַפט און ווייטער ניט, דערלאָזט זיי ניט זייער געפיהל צו האָבען תאוה צו אַנדערע. די געשלעכטס־ליעבע איז פון נאַטור אויסשליעסליך, דאָס הייסט, זי פאָדערט, אַז די געליעבטע פערזאָן זאָל קיין אַנדערן ניט האָבען — כאָטש היינט ווערט דאָס נאָר ביי די פרוי אין גאַנצען פערווירקליכט; דעריבער איז די עהע, וואָס איז בעגרינדעט אויף אינדיווידועלע געשלעכטס־ליעבע, פון נאַטור מאָנאָגאַמיש.*)

*) מיר ציהען די אויפמערקזאמקייט פון די לעזער ספּעציעל אויף דיעזע ווערטער. דען די שונאים פון סאָציאַליזמוס בענוצען זיך מיט דיעזען בוך, צו „בעווייזען“, אַז איינער פון די גרעסטע אויטאָריטעטען פון סאָציאַליזמוס זאָגט, דאָס סאָציאַליזמוס וויל „אָבשאַפען דאָס פאַמיליען־לעבען און ברינגען צו אַ הפקר־וועלט אין דעם לעבען פון מענער מיט פרויען“. קיין קלענערער ווי עקס־פּרעזידענט רוזוועלט האָט זיך בענוצט מיט דיעזער פערליימדונג, געגרינדעט אויף דיעזען „בעוויז“. ווי דער אויפמערקזאמער לעזער זעהט דאָ אָבער, זאָגט ענגעלס פּונקט פערקעהרט, — אַז אמת'ע, ריינע אינדיווידועלע ליעבע איז פון נאַטור מאָנאָגאַמיש; די ליעבענדע זיינען צוגעבונדען איינע צו די אַנדערע און זייער געפיהל דערלאָזט ניט האָבען אפילו אַ געדאַנק פון אַנדערע. און אין די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט וועט זיין די ריינסטע אינדיווידועלע געשלעכטסליעבע. — איבערזעצער.

מיר האָבען געזעהען, ווי גערעכט באכאָפען איז געווען, ווען ער האָט בעטראַכט, אַז די פרוי איז דאָס געווען הויפּטזעכליך, וואָס האָט אויסגעפיהרט דעם פאַרטשריט פון דער גרופּען־עהע צו דער איינצעל־עהע. די מענער האָבען נאָר אויסגעפיהרט דעם איבערגאַנג פון די פּאַארונגס־עהע צו דער מאָנאָגאַמיע. ווייטער האָבען מיר געזעהען, אַז דער איבערגאַנג צו מאָנאָגאַמיע איז אין גרונד געווען אַ פערשלעכ־טערונג פון די לאַגע פון דער פרוי און אַ דערלייכטערונג פאַר די מענער צו זיין אונטריי. אזוי איז עס געווען וועניגסטענס היסטאָריש. די פרוי איז געווען עקאָנאָמיש אונטערוואָרפען אונטער דעם מאַן און האָט געמוזט אריבערטראָגען ווי איהר „הארר" האָט נאָך אנדערע ווייבער. ווען, אלזאָ, דיעזע עקאָנאָמישע אבהייננגיגקייט פון די פרוי וועט אוועקפאַלען — ווען זי וועט ניט האָבען צו זאָרגען וואָס פון איהר גוט ווערען, פון וואַנען זי וועט לעבען, אויב ער וועט זי אוועקוואַרפען, וואָס עס איז פאַר איהר נאָך אַ גרעסערע זאָרג, ווי די זאָרג פאַר איהרע קינדער — דעמאָלט וועט די פרוי זיין גלייך צום מאַן, און לויט ווי מען זעהט פון די ביז־אַהעריגע ענטוויקלונג, וועט די דעה פון די פרוי, וואָס זי וועט דאַן האָבען, ווירקען, אַז די מענער זאָלען ווערען ווירקליך מאָנאָגאַם, זיי זאָלען טאַקי אין אמת'ן ניט האָבען צו טהאָן מיט קיין שום אנדערע פרויען. די גלייך־שטעלונג פון דער פרוי וועט האָבען דיעזע ווירקונג אין אַן אונענדליך פיעל גרעסערע מאָס, איידער זי זאָל מאַכען אַז די פרוי זאָל ווערען פּאָליאַנדעריש (זי זאָל וועלען האָבען צו טהאָן מיט מעהרערע מענער).

די מאָנאָגאַמיע וועט אלזאָ ווערען שטאַרקער, ריינער, אמת'ער. וואָס עס וועט אָבער פון איהר גאַנץ ענטשיעדען אוועקפאַלען, דאָס זיינען די אייגענשאַפטען איהרע, וואָס זיינען אין איהר איינגעדריקט געוואָרען דורך די פערהעלטניסע פון אייגענטהום, דיעזע אייגענשאַפ־טען זיינען — ערשטענס, די אויבערהערשונג פון דעם מאַן, צווייטענס, דאָס ניט קענען שיידען זיך. די אויבערהערשונג פון דעם מאַן אין דער עהע קומט פשוט פון דעם, וואָס ער איז דער אייגענטהימער פון פערמעגען און דער שפּייזער. דאָס הערט אויף, ווען די היינטיגע געזעלשאַפט־אָרדנונג ווערט אָבגעשאַפט. און דאָס וואָס מאַן און ווייב האָבען זיך ניט געקענט פריי צושיידען איז אַ טהייל אויך געקומען פון די עקאָנאָמישע לאַגע און אַ טהייל איז דאָס אַ טראַדיציע נאָך

פון יענער צייט, ווען מען האָט געמאַכט פון דער מאָנאָגאַמיע א הייליגע רעליגיאָנס־זאַך, ווען מען האָט נאָך ניט רעכט פערשטאַנען דעם צוזאַמענהאַנג דערפון מיט דער עקאָנאָמישער לאַגע, און שוין היינט איז דאָס ניט קענען זיך שיידען טויזענדפאַך דורכבראָכען. וויבאַלד אַז מאָראַליש איז נאָר אַזאַ עהע, וואָס איז געגרינדעט אויף ליעבע, טאָ איז אויך די עהע נאָר אַזוי לאַנג מאָראַליש, ווי לאַנג די ליעבע בלייבט אין איהר פעסט. ווי לאַנג האַלט זיך די אינדיווידועלע געשלעכטס־ליעבע? דאָס איז ביי פערשיעדענע מענשען זעהר פערשיעדען, בעזאָנדערס ביי די מענער. און ווען עס קומט דערצו, אַז די צונייגונג הערט פאָזיטיוו אויף, אָדער ווען מען קריעגט א נייע ליידענשאַפטליכע ליעבע צו אַן אַנדערע אָדער אַן אַנדערן, איז עס א גליק פאַר ביידע און אויך פאַר דער געזעלשאַפט, אַז מען זאָל זיך שיידען. פרייע שיידונג וועט בלויז פערשפּאָרען די לייטע צו שלעפען זיך דורך דעם נוצלאָזען שמוץ פון א גט־פּראָצעס.

אַלזאָ, ווען מיר קלערען וואָס עס וועט זיין מיט דעם געשלעכטס־לעבען נאָך די קומענדע אָבשאַפונג פון די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן, קענען מיר זיך נאָר משער זיין וואָס עס וועט ניט זיין, וואָס עס וועט פערשוואונדען ווערען. וואָס אָבער וועט צוקומען? דאָס וועט זיך ענטשיידען, ווען עס וועט אויסוואַקסען א נייער דור, א דור פון מענער, וואָס זיינען קיינמאָל אין זייער לעבען ניט געקומען דערצו, צו קויפען זיך א פרוי סיי פאַר געלד סיי פאַר אַנדערע גליקען, און א דור פון פרויען, וואָס זיינען קיין מאָל אין זייער לעבען ניט געקומען דערצו, זיך איבערצוגעבען צו א מאַן צוליעב אַלץ־איינס וועלכע טובות, חוץ נאָר ווירקליכע ליעבע, און אויך ניט מורא צו האָבען זיך איבערצוגעבען צו דעם אמת'דיג־געליעבטען, דורך די עקאָנאָמישע צרות, וואָס קענען דערפון אַרויסקומען. ווען עס וועלען זיין אויף דער וועלט אָט אַזעלכע מענשען, וועט עס זיי אַרען ווי די קאַץ וואָס מען דענקט היינט אַז זיי זאָלען טהאָן. זיי וועלען זיך אַליין מאַכען זייערע אייגענע פיהרונגען און דער עולם וועט האָבען ביי זיי וועגען אַזעלכע פיהרונגען א מיינונג, וואָס וועט זיך צופּאַסען דערצו, און דאָס איז אַלעס וואָס עס בלייבט צו זאָגען וועגען דעם.

לאָמיר זיך אָבער איצט אומקעהרען צו מאָרגאַן'ס בוך. מיר האָבען זיך דאָ אַהיבש ביסעל דערווייטערט פון איהם. וועגען דער

ענטוויקלונג פון דער מאָנאָגאַמישער פאַמיליע שוין אין דער צייט פון ציוויליזאַציאָן רעדט ער נאָר גאַנץ קורץ. דען עס געהערט ניט אין דעם פּלאַן פון זיין בוך צו רעדען וועגען די ווייטערע געשיכטליכע ענטוויקלונג פון דער צייט ווען עס איז שוין ציוויליזאַציאָן. רעדענדג קורץ וועגען דער ענטוויקלונג פון מאָנאָגאַמיע, ערקלערט ער אויך, אז דיעזע ענטוויקלונג איז געווען א ניצליכער פּאָרטשריט. ער זעהט אין דעם א נעהענטערעס צוקומען צו די גלייכע רעכטע פון פרוי און מאַן. ער האַלט אָבער, אז אין גאַנצען איז מען דערצו נאָך ניט דערגאַנגען. אָבער, זאָגט ער, „ווען מען זעהט, אז די פאַמיליע האָט דורכגעמאַכט פיער פאָרמען איינע נאָך די אַנדערע און געפינט זיך יעצט אין א פינפטע פאָרמע, שטעלט זיך די פראַגע, אויב דיעזע פאָרמע קען שוין איצט אייביג בלייבען? די איינציג מעגליכע אַנטוואָרט איז די, אז זי מוז ווייטער מאַכען פּאָרטשריט, אזוי ווי די געזעלשאַפט מאַכט פּאָרטשריט; די פאַמיליע מוז זיך פערענדערן אין דער מאָס ווי די געזעלשאַפט פערענדערט זיך, אזוי ווי דאָס איז געווען ביז אהער. די פאַמיליע איז בעשאַפען פון דעם געזעלשאַפטס-סיטעם און זי וועט אימער אָבשפּיגלען אין זיך דעם צושטאַנד פון דער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. אזוי ווי די מאָנאָגאַמע פאַמיליע האָט זיך פערבעסערט זייט דעם אָנפאַנג פון צוויליזאַציאָן, און זעהר שטאַרק האָט זי זיך פערבעסערט אין דער היינטיגער צייט, קען מען זיך וויינינגס־טענס משער זיין, אז זי איז פעהיג ווייטער פערפאָלקאָמענט צו ווע־רען, ביז די גלייכהייט פון מאַן און פרוי וועט דערגרייכט ווערען. און ווען אין דער צוקונפט וועט די מאָנאָגאַמיע ניט זיין אים שטאַנד צו בעפרידיגען דאָס וואָס די געזעלשאַפט וועט פאָדערען, איז אונמעגליך צו זאָגען נביאות, וואָס פאַר א סאָרט פאַמיליען-לעבען עס וועט קומען נאָך דער מאָנאָגאַמיע".

# 3. — די שבטים פון די אינדיאַנער.

(פאָרוואָרט פון דעם איבערזעצער.)

ביז יעצט האָבען מיר בעטראַכט די ענטוויקלונג פון די ערשטע פעראייניגונג פון מענשען, — די פאַמיליע (די הויזגעזינט).

איצט געהען מיר בעטראַכטען א שריט נאָך דעם, א ווייטערע פעראייניגונג; דאָס איז א פעראייניגונג פון מענשען פון פיעלע פאַמיליען אין איין גרויסע „משפחה" — דאָס וואָס מען רופט אויף פראָסט אידיש „די פאַמיליע": דאָס הייסט אַלע קרובים וואָס האָבען היינט איין פאַמיליען־נאָמען. היינט איז אזא ברייטע „פאַמיליע" ניט מעהר קיין איינריכטונג פאר קיין שום געזעלשאַפטליכען צוועק. אמאָל אָבער, אויף א געוויסע שטופע פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג, איז די גרויסע משפחה געווען א געזעלשאַפטליכע איינריכטונג.

מיר וועלען באַלד זעהן וואס איהר אויפגאַבע איז געווען.

נאָך א ווייטערע פעראייניגונג איז געווען די פערבינדונג פון אַזעלכע גרויסע משפחות אין איין פראַטריע און ווייטער מעהרערע פראַטריען אין איין שבט. און א סך שבטים האָבען זיך ענדליך פערבונדען אין איין פאָלק. דערנאָך איז ענטשטאַנען די מלוכה.

אין דיעזען קאַפּיטעל, אלזא, וועט גערעדט ווערען פון די צווייטע שטופע פון פעראייניגונג, א שטופע נאָך דעם הויזגעזינט, — די פאַמיליע אין ברייטערען זין; די גאַנצע משפחה. דאָס איז אויף דיעזע שטופע די גאַנצע מענשליכע געזעלשאַפט, ווי מיר וועלען דאָ זעהן.

עס איז שווער צו געפינען אויף אידיש א פאַסענדעס וואָרט פיר אזא סאָרט געזעלשאַפטליכע משפחה. ווי שוין געזאָגט, אויף פראָסט אידיש הייסט דאָס אייגענטליך „פאַמיליע"; דען דאָס וואָס עס הייסט פאַמיליע אין געבילדעטע שפראַך, הייסט אויף אידיש גאָר „הויזגעזינט", אָדער, אין א טייל ערטער „געזינט", „געזינטיל". „פאַמיליע" אָבער הייסט ביי אידען די גאַנצע ברייטע משפחה! אָבער די היינטיגע אידישע שרייבער האָבען שוין גענומען נוצען דאָס וואָרט „פאַמיליע" אין ציוויליזירטען זין, בלויז פאר דעם הויזגעזינט אליין, און

אויך מיר בענוצען דאס שוין אין דעם זין. האבען מיר ניט מעהר קיין וואָרט פאר די ברייטערע משפחה. אויף דייטש הייסט דאס ג ע ־ ש ל ע כ ט ס ־ פ ע ר ב א נ ד. לאמיר עס אויך אזוי רופען. אלזא, זאל דער לעזער געדענקען: „געשלעכטס־פערבאנד“ הייסט א פערבאנד פון אלע קרובים, א שטייגער אזוי ווי די וואס האבען היינט איין פאמיליען־נאמען צוזאמען.

ביי די אינדיאנער אין אמעריקא זיינען געווען אזעלכע געשלעכטס פערבאנדען, וואס האבען געהאט צוזאמען דעם נאמען פון א חיה. אזוי ווי מען זאגט היינט, למשל, די „ראבינאוויטשעס“, די „ראזענצווייגס“, די „פינקעלשטיינס“, מיינענדיג אלע פון א גאנצע משפחה, וואס טראַגען דעם נאמען, אזוי האט מען ביי אינדיאנער געזאגט „די הירשען“, „די בערען“, „די קעץ“, „די שעפסען“, דאס האט מען געמיינט אלע מענשען פון איין געשלעכטס־פערבאנד, וואס האט זיך גערופען מיט אזא נאמען פון א חיה.

פריהער האט מען ניט אנגעהויבען צו פערשטעהן, וואס דאס איז פאר אן איינריכטונג. מארגאן אבער האט דאס ענטדעקט. און דיזע ענטדעקונג העלפט מאכען קלאר, ווי אזוי עס האט זיך ענטוויקעלט די פעראייניגונג פון מענשען פון שטופע צו שטופע, ביז אין א מלוכה. — (אזוי ווייט דאס פארוואָרט צו דיזען קאפיטעל, פון דעם איבערזעצער.)

---

ביי די אינדיאנער אין אמעריקא איז יעדער שטאם (שבט) געווען איינגעטהיילט אין מעהרערע געשלעכטס־פערבאנדען. יעדער געשלעכטס־פערבאנד האט געהאט דעם נאמען פון א חיה. וואס דאס בעדייטעט, האט מען פריהער ניט פערשטאנען. מארגאן אבער האט דאס ענטדעקט. מיר האבען ביז אהער שוין ערקלערט איין וויכטיגע ענטדעקונג מארגאן'ס — ווי ער האט אויסגעפונען, אויף וואס די מערקווירדיגע פערוואנדשאפטס־סיסטעמען פון די אינדיאנער צייגען; ווי ער האט, לויט נאך דיזע סיסטעמען פון קרובים'שאפט, צוריק אויפגעשטעלט אן אלטע, גאר ערשטע פאמיליען־פארם, וועלכע איז שוין געווען אונטערגעגאנגען און א שפור פון איהר איז דאס, נאך זיין ענטדעקונג, געבליבען אין דעם זאנדערבארען פערוואנדשאפטס־סיסטעם פון די אינדיאנער. דאס איז געווען איין וואונדערליכע ענט־

דעקונג פון מארגאן'ען. אצינד קומען מיר צו אן אנדערע ענטדעקונג זיינע, וועלכע איז וויניגסטענס פונקט אזוי וויכטיג. דאס איז זיין ערקלערונג, וואס עס בעדייטען די געשלעכטס־פערבאנדען מיט נעמען פון חיות.

פערצייטענס ביי די גריכען זיינען געווען פאמיליען־פערבאנדען, וועלכע האבען זיך גערופען „ג ע נ ע א". ביי די פערצייטיגע רוימער ווידער זיינען אויך געווען עהנליכע געשלעכטס־פערבאנדען, וועלכע האבען זיך גערופען „ג ע נ ט ע ס". האט מארגאן אויפגעוויעזען, אז די אינדיאנער געשלעכטס־פערבאנדען מיט נעמען פון חיות זיינען אין גרונד אויך דיעזעלבע זאך; נאר יענע אלטע פערבאנדען ביי די גריכען און רוימער זיינען שוין געווען אביסעל פערענדערט; אבער די ערשטע פארמע פון אזעלכע פערבאנדען איז געווען אזעלכע ווי די אמעריקאנער אינדיאנישע. אין רוים און גריכענלאנד פערצייטענס איז די גאנצע געזעלשאפטס־ארגאניזאציאן געווען איינגעטהיילט אין שטאמען (שבטים), די שטאמען אין פראטריען (ברודערשאפטען), די פראטריען אין גענטעס; צייגט מארגאן אויף, אז פונקט אזא איינ־טהיילונג געפינט מען ביי די אינדיאנער פון אמעריקא. און ער קומט צום שלוס, אז ביי אלע פעלקער פון דער וועלט (אזוי וויט ווי עס צייגען די קוועלען, וואס מיר האבען דערווייל ביז יעצט) איז אמאל, ווען זיי זיינען נאך געווען אין דער מדרגה פון בארבאריי, איידער זיי קומען צו ציוויליזאציע, געווען אזא איינריכטונג ווי די גענטעס, — און אפילו נאך אין אנפאנג פון ציוויליזאציע אויך. דיעזער געדאנק מארגאן'ס האט מיט איין קלאפ אויפגעדעקט די שווערסטע געהיימ־ניסע פון די עלטסטע גריכישע און רוימישע געשיכטע. און דאס האט אונז צו דערזעלבער צייט געגעבען אויפקלערונג איבער גאר די ערש־טע איינריכטונגען פון דער געזעלשאפט, איידער דער שטאאט איז איינגעפיהרט געווארען. איידער מארגאן האט געמאכט דיעזע ענט־דעקונג איז קיינעם אזעלכעס נים איינגעפאלען.

אז מען ווייסט דאס שוין, זעהט דאס אויס זעהר איינפאך. אבער מארגאן אליין האט דאס ערשט ענטדעקט די לעצטע צייט. אין זיין פריהערדיגען בוך, וואס איז ארויס אין יאהר 1871, איז דיעזע גע־היימניס נאך נים געווען דערגאנגען. ווען ער האט דאס ענטדעקט, האט דאס געמאכט א מערקווירדיגען איינדרוק אויף די פארשער. די

פּאָרשער פון ענגלאַנד, וואָס זוכען צו ערקלערען די אורגעשיכטע פון דער מענשהייט, האָבען געוועהנליך זעהר שטאַרק צוטרויען צו זייערע אייגענע חקירות. אָבער ווען מאָרגאַן האָט געמאַכט זיין ענטדעקונג, וועלכע צוקלאַפּט זייערע חקירות, זיינען זיי געוואָרען שטיל ווי קאָטינקעס.

מאָרגאַן רופט דיעזען סאָרט געשלעכטס־פערבאַנד ביי אַלע פעלקער מיט'ן אַלטען רוימישען נאָמען ג ע נ ס (מעהרצאָהל: גענטעס). אַלע שפּראַכען פון די אַרישע פעלקער שטאַמען פון איין אַלט־אַרישע שפּראַך. אין אַלע דיעזע שפּראַכען איז דאָ אַ וואָרט וואָס קלינגט עהנליך צו דעם אַלט־רוימישען וואָרט ג ע נ ס. אויף גריכיש ג ע־נ אָ ס. אויף דייטש קומט אַלע מאָל אַ „ק" אויפ'ן אָרט פון אַ „ג" אין אַלט־אַריש, איז דאָ אַן אַלט־דייטשער וואָרט ק א ן, וואָס בעדייטעד דאָסזעלבע וואָס ג א ן אין אַלט־אַריש — דאָס הייסט — האָבען קינדער. דעריבער געפינט מען אין אַלע אַרישע שפּראַכען אַן עהנליכען וואָרט, וואָס בעדייטעט געשלעכט, אָבשטאַמונג, קינדער פון איין פאַמיליע: רוימיש ג ע נ ס, גריכיש ג ע נ אָ ס, סאַנסקריטיש ד ז ש א נ אַ ס, גאָטהיש ק ו נ י (ווייל אַ „ג" ווערט אַ „ק"), אַלט־גאָרדיש און אַנגלאָ־זאַקסיש ק י ן, ענגליש אויך ק י ן, מיטעל־האָך־דייטש, ק י נ נ ע. אָבער גענס אין לאַטייניש און גענאָס אין גריכיש ווערט ספּעציעל געברויכט פאַר אַזאַ געשלעכטס־פערבאַנד, וועלכער ריהמט זיך אַז ער קומט אַרויס פון איין געמיינזאַמע אָבשטאַמונג (ביי די גריכען און רוימער — פון איין געמיינזאַמען שטאַם־פאָטער) און זיי זיינען פערקניפּט אַלס אַ בעזאָנדערע געמיינשאַפט דורך געוויסע רעליגיעזע און געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען. פון וואַנען איז אַרויסגעקומען דיעזע גענס־איינריכטונג? און וואָס איז איהר אמת'ע נאַטור? דאָס איז ביז אַהער געבליעבען דונקעל פאַר אַלע געשיכטע שרייבער. מאָרגאַן'ס פאָרשונגען מאַכען דאָס קלאָר.

מיר האָבען שוין אויבען געזעהען, ביי די פּונאַלואַ פאַמיליע, ווי אַ גענס איז געווען צוזאַמען־געזעצט גאַר אין אָנהייב. אַלע קינדער און אייניקלעך און אור־אייניקלעך פון איין שטאַם־מוטער, פון דער גרינדערין פון דער משפחה, זיינען געווען איין גענס. זיי זיינען אַרויסגעקומען פון די פּונאַלואַ עהע. אַזוי ווי ביי אַזאַ לעבען קען מען ניט וויסען זיכער ווער דער פאָטער איז, רעכענט זיך די אָבשטאַמונג

נאָר פון דער מוטער׳ס צד. ברידער טאָרען שוין ניט הייראַטהען זייערע שוועסטערן, ביי די מענשען ביי וועלכע עס פיהרט זיך אזוי. די מענער מוזען נעהמען ווייבער וואָס שטאַמען פון אַן אַנדערע אָבשטאַמונג. די קינדער פון די זיהן פון אַ גענס געהערען ניט צו די גענס פון זייערע פאָטערס, ווייל זייערע מוטערס זיינען דאָך פון אַ פרעמדע גענס. צו די גענס געהערען נאָר די קינדער פון די טעכטער פון אַ גענס. די קינדער פון די זיהן געהען איבער צו די גענס פון זייערע מוטערס.

צו וועלכען צוועק, אלזאָ, איז אַזאַ משפחה געווען איינס? וואָס איז געווען זייער אויפגאַבע צוזאַמען אַלס איין געמיינשאַפט? מיט וואָס האָבען זיי זיך אונטערשיידעט פון אַנדערע געמיינשאַפטען אַזעלכע אין דעם שטאַם?

ביי די איראָקעזען אינדיאַנער קען מען נאָך היינט זעהען, צו וואָס אַזאַ גענס איז פעראייניגט. און מאָרגאַן נעהמט אָן, אַז גאָר אין אָנפאַנג איז ביי אַלע גענס פון אַלע פעלקער געווען זייער אויפגאַבע דאָסזעלבע, וואָס היינט ביי די איראָקעזען, בעזאָנדערס ביי זייער סענעקאַ שבט.

אין דיעזען שבט זיינען געווען 8 גענטעס, וואָס האָבען זיך גערופען נאָך די נעמען פון פערשיעדענע חיות. זיי זיינען געווען: 1) דער וואָלף, 2) דער בער, 3) דער קראָט, 4) דער ביבער, 5) דער הירש, 6) די שנעפּפּע, 7) דער רייהער, 8) די פאַלקע. (די לעצטע דריי זיינען אַזעלכע פויגלען.) יעדער מענש האָט געהערט צו איינער פון דיעזע „חיות", דאָס הייסט פון דיעזע משפחות. אַלע איינס אין וועלכען הויזגעזינט אַ קינד איז געבאָרען געוואָרען, האָט עס אַלע צוגעהערט צו די „חיה" פון די מוטער.

און אָט וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען:

1) יעדער גענס האָט זיך אויסגעקליבען אַן עלטסטען — „סעטשעם" אויף אינדיאַניש — און אַ הויפּטלינג. דער סעטשעם איז געווען דער פאָרשטעהער פון די גענס אין פריעדענס-צייט, דער הויפּטלינג איז געווען דער קריעגס-פיהרער. דער סעטשעם מוז אויסגעקליבען ווערען פון די גענס זעלבסט. זיין אַמט געהט איבער בירושה. אזוי געשווינד ווי אַ סעטשעם שטאַרבט, מוז אין אויגענבליק זיין אַן אַנדערער אויף זיין אָרט. דער קריעגס-אָנפיהרער אָבער האָט געקענט

געוועהלט ווערען פון אן אנדער גענס אויך און א צייט האָט מען געקענט בלייבען גאָר אָהן אזעלכען.

דאָס אמט פון דעם סעטשעם האָט קיינמאָל ניט גע'ירש'ענט דעם אַלטען סייטשעם'ס זוהן, ווייל ביי די איראָקעזען האָט זיך געפיהרט נאָך מוטער־רעכט, דער זוהן פון דעם סייטשעם האָט אַלזאָ ניט צו־געהערט צו זיין פאָטער'ס גענס, נאָר צו אַן אַנדערע. אָבער אָפּט האָט דעם אמט גע'ירש'ענט דעם אַלטען סייטשעם'ס שוועסטערס אָדער ברודערס זוהן.

ביים אויסקלייבען די פאָרשטעהער האָבען אַלע מיטגעשטימט, מענער און ווייבער. אָבער די וואהל איז ניט געווען גילטיג ביז די איבריגע 7 גענטס האָבען זי בעשטעטיגט. דעמאָלט ערשט איז דער אויסגעקליעבענער מיט פאראד איינגעזעצט געווארען אין זיין אמט. און איינגעזעצט געווארען איז ער דורך דעם געמיינשאַפטליכען ראטה פון דעם גאנצען בונד פון אַלע איראָקעזען. וואס דאָס בעדייט, וועלען מיר זעהן ווייטער.

דער סעטשעם האָט אין די גענטס נאָר צו בעפעהלען ווי א פאָ־טער. זיין מאַכט איז ניט מעהר ווי א מאָראַלישע, מען פאָלגט איהם ווייל אזוי פיהרט זיך. קיין מאַכט מיט וואס צו צווינגען מען זאָל איהם פאָלגען האָט ער ניט. זייענדיג סעטשעם איז ער דערמיט גופא שוין אויך מיטגליעד פון דעם שטאַם־ראטה פון דעם סענעקא שטאַם און אויך פון דעם בונדעס־ראטה פון אַלע שבטים פון די איראָקעזען.

דער קריעגס־הויפטלינג האָט נאָר געהאט עפּעס צו בעפעהלען אין מלחמה.

2) די גענס קען אראָבזעצען דעם סעטשעם און דעם קריעגס־הויפטלינג ווען נאָר זי האָט חשק. ביי דעם האָבען ווידער א דעה אַלע מענער און אַלע ווייבער. די אראָבגעזעצטע זיינען דערנאָך איינ־פאַכע קריעגער, ווי אַלע אַנדערע פּריוואַט פּערזאָנען. איבריגענס קען דער שטאַמעס־ראטה אויך אראָבזעצען א סעטשעם, אפילו ווען זיין גענס וויל דאָס ניט.

3) קיין מיטגליעד טאָר ניט נעהמען א ווייב פון זיין אייגענעם גענס. א מאַן פון די „בער"־משפחה טאָר ניט נעהמען קיין „בעריכע" פאַר א ווייב און א „הירש" טאָר ניט נעהמען קיין „הירשיכע". דאָס איז דער עיקר כלל פון די גענס, דאָס איז די פערבינדונג, וואס האַלט

זי צוזאמען. דען די אורזאכע, פאר וואס זיי טארען ניט הייראטהען פון די אייגענע גענס איז, ווייל די מענשען פון איין גענס זיינען בלוטס־פערוואנדטע. דאס וואס זיי טארען ניט הייראטהען צוזאמען דריקט אויס דעם פאקט, אז זיי זיינען קרובים פון בלוט. און דאס וואס זיי זיינען קרובים פון בלוט מאכט זיי דאס ערשט פאר איין גענס.

מארגאן האט ערשט ענטדעקט דיעזע איינפאכע טהאטזאכע און מיט דעם האט ער צום ערשטען מאל ענטדעקט וואס אייגענטליך די נאטור פון א גענס איז. ביז אהער האט מען ניט פערשטאנען, וואס דאס איז אזעלכעס. פריהער פלעגט מען, אין די בעשרייבונגען פון דעם לעבען פון די ווילדע און בארבארען ניט וויסען צו מאכען קיין שום אונטערשיעד צווישען זייערע פערשיעדענע פערבינדונגען. מען פלעגט רופען אלע זייערע פערבינדונגען אמאל שבט, אמאל שטאם, אמאל גענס, אמאל קלאן, ניט קוקענדיג וועלכע סארט פערבינדונג דאס איז, און מען פלעגט מאנכע מאל זאגען, אז ביי דיעזע מענשען איז פערבאטען צו נעהמען א ווייב פון די אייגענע פערבינדונג, מען פלעגט ניט וויסען צו מאכען קיין אונטערשיעד פון וועלכע סארט פערבינדונג. דורך דעם האט מען זיך געפלאנטערט אין א צומישעניש און מען האט ניט געוואוסט ווי ארויסצוקריכען. דאס האט געגע־בען א געלעגענהייט מעקלאננאן'ען ער זאל זיך דא בעווייזען ווי א גרויסער אויפטהוער, וואס מאכט ערשט קלאר וואס דא טהוט זיך, מיט זיין ערקלערונג, אז אלע שבטים פון ווילדע צוטהיילען זיך אין אזעלכע, אין וועלכע די מיטגליעדער טארען ניט הייראטהען צווי־שען זיך און אין אזעלכע, אין וועלכע זיי מעגען יא הייראטהען. די ערשטע האט ער גערופען „עקסאגאמע" שבטים, די צווייטע „ענדא־גאמע". (עקסא הייסט אויסערליך, גאם — הייראטה. עקסאגאמע שבטים הייסט אלזא אזעלכע שבטים, אין וועלכע זייערע מיטגליע־דער מוזען נאר הייראטהען פון דרויסען, פון אנדערע שבטים. ענדא הייסט אינעוועניג.) ער האט די זאך נאך מעהר פערפלאנטערט דער־מיט און געמיינט האט ער ווער ווייסט וואס ער האט דא אויפגע־טהאן. מיט דעם אבער, וואס מארגאן האט אויפגעוויעזען, אז פער־באטען חתונה צו האבען איז נאר צווישען די מיטגליעדער פון איין

גענס, וועלכע זיינען בלוטס־פערוואנדטע, האָט דער אונזין ערשט אויפגעהערט.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז אויף די שטופע פון ענטוויק־לונג, אויף וועלכער מיר געפינען די איראָקעזען, ווערט דער פער־באָט ניט חתונה צו האָבען אין די אייגענע גענס זעהר פעסט גע־האַלטען.

4) דאָס פערמעגען פון פערשטארבענע איז צוגעפאַלען א ירושה צו די איבריגע מיטגליעדער פון זיין גענס. עס האָט געמוזט אין דער גענס בלייבען. אזוי ווי די איראָקעזען האָבען קיין גרויסע עשירות'ן ניט געקענט לאָזען, האָבען זיך די נאָהענטסטע פערוואנ־דטע פון די גענס געטהיילט אין דער ירושה. איז א מאַן געשטאָרבען, האָבען זיך געטהיילט מיט דער ירושה זיינע לייבליכע ברידער און שוועסטער און זיין מוטער'ס ברידער. איז א פרוי געשטארבען, האָבען איהרע קינדער און לייבליכע שוועסטער צוגענומען די ירושה, ניט אָבער איהרע ברידער. איבער דיזעלבע אורזאכע האָבען מאַן און פרוי ניט געקענט ירשה'נען איינע פון די אַנדערע, און ניט די קינדער פון זייער פאָטער.

5) די מיטגליעדער פון איין גענס זיינען געווען פערפליכטעט צו געבען איינע די אנדערע הילף און שוץ און בעזאָנדערס צו נעה־מען ראכע פאר זיי ווען א פרעמדער פון אן אנדערע גענס האָט זיי בייז געטהאָן. יעדער איינער האָט זיך פערלאָזט פאר זיין זיכערהייט אויפ'ן שוץ פון זיין גענס, און ער האָט זיך געקענט פערלאָזען. ווער עס האָט איהם עפּעס שלעכטס געטהאָן, דער האָט עס געטהאָן זיין גאנצער גענס. אַלע מענשען פון איין גענס זיינען געווען איין בלוט, דעריבער זיינען זיי געווען פערפליכטעט צו נעהמען בלוט־ראכע איינע פאר די אנדערע. די איראָקעזען האָבען דאָס שטרענג געהאַלטען. ווען איינער פון א פרעמדער גענס האָט איינעם געטויטעט, איז די גאַנצע גענס פון דעם געטויטעטען געווען פערפליכטעט צו נעהמען בלוט־ראכע. די ערשטע זאך האָט מען געפּרופט זיך צו פערגלייכען. די גענס פון דעם מערדער האָט געהאַלטען אן אסיפה און האָט פאָר־געשלאָגען דער גענס פון דעם ערמאָרדעטען פּלענער ווי צו פערגלייכען זיך. 'סרוב האָבען זיי געשיקט אויסדריקע פון בעדויערען און מתנות. האָט די גענס פון דעם ערמאָרדעטען דאָס אָנגענומען, איז געוואָרען

שלום. ווען ניט, האָט די גענס פון דעם ערמאָרדעטען אויסגעקליבען פון זיך איינעם אָדער מעהרערע ראכע־נעהמערס, וועלכע האבען גע־מוזט געהן כאַפּען דעם מערדער און איהם טויטען. ווען דאס איז געשעהען, האָט די גענס פון דעם ערמאָרדעטען מערדער קיין רעכט ניט געהאַט זיך צו בעקלאָגען, דער פאַל איז געווען אויסגעגלייכט.

6) יעדע גענס האָט געהאַט געוויסע נעמען אָדער רייהען פון נעמען, וואס נאָר זי האָט געקענט געברויכען פאר איהרע מיטגליע־דער. אויף אזא אופן האָט יעדען איינציגענס נאָמען שוין געצייגט פון וועלכע גענס ער איז. ווער עס איז גערופען געוואָרען מיט א נאָמען פון א גענס, דער האָט דערמיט גופא געהאַט דאָס רעכט אויף אלעס וואָס עס קומט א מיטגליעד פון דיעזער גענס.

7) יעדע גענס קען אריינעהמען פרעמדע און זיי מאכען פאר אייגענע. דורך דעם זיינען די אויפגענומענע פרעמדע שוין געוואָ־רען מיטגליעדער פון גאנצען שטאַם. ווען מען האָט געפאַנגען מענ־שען פון אנדערע שבטים אין קריעג און מען האָט זיי ניט געטויטעט, זיי־נען זיי אויפגענומען געוואָרען אלס מיטגליעדער אין א גענס און אויף אזא אופן זיינען זיי געוואָרען מיטגליעדער פון דעם גאַנצען שטאַם פון די סענעקאַס און האָבען דערמיט געקראָגען די פולע רעכטע פון דער גענס און פון דעם שטאַם. די אויפנאַהמע אלס מיטגליעד איז געשעהען אויף א פאָרשלאַג פון איינצעלנע מיטגליעדער פון די גענס. א מאַן האָט דעם פרעמדען אָנגענומען אלס זיין ברודער, אָדער די פרעמדע אלס זיין שוועסטער. א פרוי האָט דעם פרעמדען אָנגענו־מען אלס איהר קינד. דאַן האָט די גענס די אויפנאַהמע געמוזט בעשטעטיגען מיט א פאַראַדנע צערעמאָניע. אָפט האָט זיך געטראָ־פען, אז א גענס, וואס איז שוין געווען זעהר קליין אין צאָהל, איז גע־וואָרען צוריק גרויס דורך דעם וואָס זי האָט אריינגענומען א סך פרעמדע פון אַן אנדערע גענס, מיט צושטימונג פון יענער. ביי די אי־ראָקעזען איז די פאַראַדנע אויפנאַהמע פון פרעמדע אין א גענס גע־שעהען אין אַן עפענטליכער זיצונג פון דעם ראַטה (אסיפה) פון דעם שטאַם. דורך דעם איז די אויפנאַהמע געוואָרען א רעליגיעזע צע־רעמאָניע.

8) ביי אנדערע פעלקער פלעגט יעדע גענס האָבען אייגענע בעזאָנדערע רעליגיעזע צערעמאָניעס און פייערליכקייטען. ביי די

אינדיאַנישע געגנס קען מען דאָס שווערליך אויפווייזען. אָבער זייערע אַלגעמיינע רעליגיעזע צערעמאָניעס האָבען צו טהאָן מיט די געגנס, מעהר אָדער ווייניגער. די סעטשעמס און קריעגס-הויפּטלינגע פון די געגנס האָבען געהאַט דעם אַמט פון פּריסטערס ביי די זעקס-יעהרליכע רעליגיעזע פעסטליכקייטען פון די איראָקעזען. אלס בעאַמטע פון די געגנס זיינען זיי געווען צוגערעכענט דערביי צו די „גלויבענס-היטער.“

9) די געגנס האָט געהאַט אַ בעזונדערען בית עולם פאַר איהרע מיטגליעדער. היינט האָבען די איראָקעזען, וואס וואוינען צווישען די ווייסע מענשען אין שטאַאט ניו יארק, שוין ניט קיין בעזונדערע בית עולם'ס. פריהער אָבער האָבען זיי דאָס געהאַט. ביי אַנדערע אינדיאַנער איז דאָס נאָך דאָ. ביי די יוסקאַראָראַס, צום ביישפּיעל, וועלכע זיינען נאָהענטע קרובים פון די איראָקעזען, האָט יעדע געגנס איהר בעזאָנדערע שורה אויפ'ן בית הקברות, כאָטש זיי זיינען שוין קריסטען. די מוטער ווערט בעגראָבען אין איין שורה מיט איהרע קינדער, אָבער דער פאָטער ניט. און אויך ביי די איראָקעזען געהט נאָך היינט די גאַנצע געגנס פון דעם טויטען צו דער קבורה, בעזאָרגט דעם קבר, די רעדען ביי דער בעגרעבעניש און אזוי ווייטער.

10) די געגנס האָט אַן אסיפה, וואו עס קומען זיך צוזאַמען אַלע דערוואַקסענע מיטגליעדער, מענער און פרויען, אויף אַ דעמאָקראַ־טישען אופן, אַלע מיט גלייכע שטימרעכט. דיעזער ראטה ערוועהלט די סעטשעמס און די קריעגס-הויפּטלינגע און זעצט זיי אַראָב. אויך טהוען זיי דאָס מיט זייערע איבריגע „גלויבענס-היטער“. דיעזער ראטה נעהמט אָן בעשליסע איבער אָבצאָהלונגען אדער בלוט־ראָכע פאַר ער־מאָרדעטע מיטגליעדער פון די געגנס. ער נעהמט אויף פרעמדע אין די געגנס. קורץ, דיעזער ראטה איז די אויבערשטע געוואַלט אין דער געגנס.

דאָס זיינען די אויפגאַבען פון אַ טיפּישע אינדיאַנישע געגנס.

„אַלע איהרע מיטגליעדער, זאָגט מאָרגאַן, זיינען פרייע מענשען, פערפּליכטעט צו שיצען איינער דעם אַנדערענס פרייהייט. זיי זיי־נען אַלע גלייך אין פערזענליכע רעכטע. ניט דער סעטשעם, ניט דער קריעגספיהרער ווילען האָבען וועלכע עס איז בעזונדערע רעכ־טע וואס אַנדערע האָבען ניט. זיי זיינען אַ ברודערשאַפט פערקניפּט דורך בלוט־פערבינדונג. פרייהייט, גלייכהייט, ברידערליכקייט זיי־

נען געווען די גרונד־פּרינציפּען פון די גענס, הגם זיי האָבען דאָס קיינמאָל ניט פאָרמולירט. און די גענס ווידער איז געווען די איינ־הייט פון א גאַנצען געזעלשאַפטליכען סיסטעם, דער פונדאַמענט פון די אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט פון די אינדיאַנער. דאָס ערקלערט פאַר וואס די אינדיאַנער האָבען געהאַט אַן אייגענשאַפט צו זיין שטאַרק אונאָבהענגיג, וואס קיינער האָט זיי אין דעם ניט געקענט בייגען, און זיי האָבען זיך געשטעלט מיט פערזענליכע ווירדע. יע־דער וואס האָט נאָר בעטראַכט די אינדיאַנער האָט דיעזע אייגענ־שאַפטען ביי זיי אַנערקענט.“

אין דער צייט ווען אַמעריקאַ איז ענטדעקט געוואָרען, זיינען די אינדיאַנער פון גאַנץ נאָרד־אַמעריקאַ געווען אָרגאַניזירט אין גענטעס, נאָך מוטער־רעכט. נאָר אין אייניגע שבטים, ווי די דאַקאָטאַ אינדיאַ־נער, זיינען די גענטעס געווען אונטערגעגאַנגען, און ביי אַנדערע, ווי די אָדזשיבוואַס, אָמאַהאַס, זיינען די גענטעס געווען אָרגאַניזירט נאָך פאָטער־רעכט.

ביי זעהר פיעלע אינדיאַנישע שבטים, אין וועלכע עס זיינען גע־ווען מעהר ווי פינף אָדער זעקס גענטעס, געפינען מיר פערבינדונגען פון דריי, פיער אָדער מעהר גענטעס אין איין פערבאַנד. ביי די פּאַרצייטיגע גריכען האָט אַזאַ פערבאַנד פון גענטעס זיך גערופען פראַטהריע, ברודער־שאַפט. מאָרגאַן רופט די גענטעס־פערבאַנדען ביי די אינדיאַנער אויך פראַטהריעס, דאָס איז איבריגענס אויך אַ טרייע איבערזעצונג פון דעם אינדיאַנישען וואָרט דאַפיר. די סענעקאַ אינדיאַנער, צום ביישפּיעל, האָבען צוויי פראַטריען, די ערשטע פעראייניגט די גענטעס נומ. 1 ביז 4, די צווייטע — 5 ביז 8.

אַ גרינדליכע אויספאָרשונג בעווייזט, אַז דיעזע פראַטהריען זיינען פריהער געווען די גענטעס, אין וועלכע דער שטאַם איז אין אנהויב גע־ווען געשפּאָלטען. דען אַזוי ווי עס איז געווען פערבאָטען אַז מענער און פרויען פון די אייגענע גענס זאָלען הייראַטהען, האָט דאָך געמוזט זיין אין יעדען שטאַם וויינינגסטענס צוויי גענטעס, אַז דער שטאַם זאָל קענען אַ קיום האָבען פאַר זיך. ווען דער שטאַם האָט זיך פערמעהרט, האָט זיך יעדע גענס ווידער געשפּאָלטען אין צוויי גענטעס אָדער מעהר. יעדע פון די נייע אבטהיילונגען איז דאַן געוואָרען אַ בעזונדערע גענס און די פריהערדיגע מוטער־גענס, וועלכע איז דאָס צושפּאָלטען גע־

וואָרען אין די טאָכטער־געגנטס, איז ווייטער געבליעבען בעשטעהן אלס פראַטהריע.

ביי די סענעקאַס און ביי די מייסטע אַנדערע אינדיאַנער רופען זיך די געגנטס פון איין פראַטהריע ברודער־געגנטס, די פון אַ פרעמדע פראַטהריע אין דעם זעלבען שטאַם זיינען געשוועסטערקינדער געגנטס. ווי מיר האָבען געזעהען, האָבען דיעזע פערוואַנדטשאַפטס־אויסדריקע, אין דעם פערוואַנדטשאַפטס־סיסטעם פון די אַמעריקאַנער אינדיאַנער, אַ ווירקליכע בעדייטונג. זיי בעדייטען, אַז אַמאָל זיינען אַלע מענשען פון איין געגנס ווירקליך געווען שוועסטער און ברידער, ווייל זייערע עלטערן זיינען אַלע געווען בשותפות מאַן־און־ווייב.

אין אָנפאַנג איז ביי די סענעקאַ אינדיאַנער געווען פערבאָטען צו הייראַטהען פון די אייגענע פראַטהריע אויך, אָבער דאָס איז שוין לאַנג ארויס פון מנהג און פערבאָטען איז געבליעבען נאָר חתונה צו האָבען פון די אייגענע געגנס.

די טראַדיציע (אַלטע ערציילונג, וואָס געהט איבער פון עלטערן צו קינדער) האָט דערצעהלט ביי די סענעקאַס, אַז בער און הירש זיינען געווען די ביידע ערשטע געגנס און פון זיי זיינען די אַנדערע ארויס־געוואַקסען ווי צווייגען פון אַ בוים.

נאָכדעם ווי דיעזע נייע איינריכטונג האָט זיך שוין איינמאָל איינ־געוואָרצעלט, האָט מען זי שוין געענדערט לויט ווי עס איז נויטיג גע־ווען; ווען גאַנצע געגנטס פון אַ פראַטהריע זיינען אויסגעשטאָרבען, האָט מען מאַנכע מאָל אריבערגענומען גאַנצע געגנטס פון אַנדערע פראַטהריען אין דיעזער אריין, כדי אויסצוגלייכען זיי. דעריבער גע־פינט מען ביי פערשיעדענע שטאַמען געגנטס מיט דיזעלבע נעמען פער־שיעדען גרופּירט אין די פראַטהריען.

וואָס זשע איז געווען די אויפגאַבע פון אַ פראַטהריע? ביי די איראָקעזען איז איהר אויפגאַבע געווען אַ טייל אַ געזעלשאַפטליכע, אַ טייל אַ רעליגיעזע. אָט וואָס דאָס איז געווען:

1) די אינדיאַנער פלעגען פון צייט צו צייט ארויס שפּיעלען באָל. איז דאָס געשפּיעלט געוואָרען צווישען די פראַטהריען, איינע געגען די אַנדערע. יעדע פראַטהריע שיקט איהרע בעסטע שפּיעלער, די איבריגע שטעהן און קוקען צו, — יעדע פראַטהריע בעזאָנדערס

אויסגעשטעלט, — און זיי וועטען געגען אנאנדער, אז זייערע שפּיע־
לער וועלען געווינען.

2) אין דעם ראטה פון פאָרשטעהער פון דעם שטאם זיצען די
סעטשעמס און קריגספיהרער פון יעדע פראטהריע צוזאמען, אויף איין
זייט די פון איין גרופּע, אנטקעגען די פון די אנדערע, יעדער רעדנער
רעדט צו די רעפּרעזענטאנטען פון יעדער פראטהריע ווי צו א בעזונ־
דערע קערפּערשאפט.

3) ווען אין דעם שטאם איז פאָרגעקומען א טויטשלאג און דער
געטויטעטער איז געווען פון איין פראטהריע און דער וואָס האָט איהם
געטויטעט פון אן אנדערער, פלעגט אָפט די גענס פון דעם געטויטעטען
זיך בעקלאָגען פאר די אנדערע גענטס פון איהר פראטהריע. זיי האָ־
בען דאן אָבגעהאלטען א פראטהריע־ראטה און האָבען זיך געווענדעט
צו די גאנצע אנדערע פראטהריע, צו וועלכע דער מערדער געהערט, אז
זי זאָל אויך איינבערופען איהר ראטה, כדי צו מאכען א פּערגלייך.
ביי אזא פאל טרעט אלזאָ די פראטהריע ווידער אויף אלס די גענס,
וואָס זי איז אמאָל געווען. אזוי ווי די פראטהריע איז שוין א גרע־
סערע אָרגאניזאציאָן ווי די היינטיגע גענס, וואָס איז געוואָרען א
צווייג פון איהר, קען זי דערביי גיכער אויספיהרען וואָס זי וויל.

4) ווען אנגעזעהענע מענשען זיינען געשטאָרבען, האָט די אנט־
קעגענדיגע פראטהריע איבערגענומען צו מאכען די לויה, די אייגענע
פראטהריע פון די פערשטאָרבענע זיינען מיטגעגאנגען אלס די אבלים.
ווען א סעטשעם איז געשטאָרבען, האָט די אנטקעגענדיגע פראטהריע
געמעלדעט דעם בונדעס ראטה פון אלע איראָקעזען, אז דער אמט איז
ליידיג געוואָרען.

5) ביי די וואהל פון א סייטשעם האָט אויך דער ראטה פון דער
פראטהריע געשפּיעלט א ראָלע. ווען דיעזער ראטה האָט פאר איינעם
פון די גענטעס אויסגעקליבען א נייעם סעטשעם, האָבען די איבריגע
גענטעס פון דיזעלבע פראטהריע געווענליך ניט געהאט איינצואיוענ־
דען געגען די וואהל. די גענטעס פון די אנדערע פראטהריע האָבען
געקענט פּראָטעסטירען. אין אזא פאל איז דער ראטה פון די אנדערע
פראטהריע זיך צוזאמען געקומען און ווען דער ראטה איז געבליבען
דאגעגען, איז די וואהל געווען בטל.

6) די פראטהריע האָט אויך געדיענט פאר רעליגיעזע צערעמאָ־

ניעס. דאָס איז געווען פריהער, ווען די איראָקעזען האָבען געהאַט בעזונדערע רעליגיעזע געהיימניסע. אויך צו פראַווען די צערעמאָניעס פון די דאָזיגע רעליגיעזע „סודות", האָבען זיי געהאַט צוויי בעזונדערע רעליגיעזע פעראיינען. קיינער האָט ניט געוואוסט פון זייערע געהיימניסע, נאָר די מיטגליעדער. אז די פעראיינען האָבען אויפגענומען נייע מיטגליעדער, האָט מען זיי אויסגעלערנט אַלע געהיימניסע. די ווייסע מענשען פלעגען רופען די דאָזיגע געהיימע פעראיינען „מעדיצין לאָדזשען". און דאָ האָבען דאָס די פראַטהריען געשפּיעלט אַ ראָלע, דען יעדע פון דיביידע פראַטהריען האָט געהאַט איינע פון די צוויי געהיימע פעראיינען.

7) די פראַטהריע איז הפנים אויך געווען אַ מיליטערישער באַטאַליאָן, דאָס הייסט, ווען עס איז געווען אַ קריעג, איז די פראַטהריע בעגאַנגען צוזאַמען, אַלס אַ בעזונדערע מחנה.

די שפּאַניער, וואָס האָבען איינגענומען מעקסיקאָ, האָבען בעשריעבען, אַז די מעקסיקאַנער שטאָדט טלאַסקאַלאַ איז געווען איינגעטהיילט אין פיער טהיילען, און יעדען טהייל האָט געוואוינט אַ בעזונדערע „לינאַזש" (געשלעכט). יעדע לינאַזש איז געגאַנגען אין די מלחמה בעזונדער, אין אַ בעזונדערע מחנה, אָנגעטהאָן אין אַ בעזונדערע אוניפאָרם, מיט אַ בעזונדערע פאָהן און אונטער אַן אייגענעם פיהרער. עס איז כמעט זיכער, אַז די דאָזיגע פיער „לינאַזשעס" זיינען געווען פיער פראַטהריען. אויב אַזוי, זעהט מען, אַז אַ פראַטהריע האָט געהאַט אַ מיליטערישען צוועק אויך. אַזוי איז עס אויך געווען פאַרצייטענס ביי די גריכען, און אויך מיט עהנליכע געשלעכטספערבענדע ביי די פאַרצייטיגע דייטשען. (אויך וועגען די אידען ווערט דערצעהלט אין חומש, אַז זיי האָבען מאַרשירט „יעדער אונטער זיין פאָהן, מיט צייכענס לויט נאָך פעטערליכע הויזגעזינטען", — איש על דגלו, באותות לבית אבותם". — איבערזעצער).

און ווי מעהרערע געגטעס זיינען צוזאַמען איין פראַטהריע, אַזוי זיינען מעהרערע פראַטהריען איין שטאַם. אַזוי, הייסט עס, איז אין אַ פאָלקאָמענעם שטאַם. ניט יעדער שטאַם אָבער איז אַ פאָלקאָמענער. אין שטאַרק אָבגעשוואַכטע שטאַמען פעהלט דאָס מיטעלגליעד, די פראַטהריע.

וואָס זשע האָט אַ שטאַם צו בעדייטען ביי די אינדיאַנער אין אַמעריקאַ?

1) אַ שטאַם בעוואוינט, ערשטענס, אַן אייגענע געגענד און האָט אַן אייגענעם נאָמען. יעדער שטאַם האָט, חוץ דעם אָרט וואו ער וואוינט ווירקליך, אויך אַ גרויסע שטרעקע פּלאַץ, ערד און וואַסער, וואו צו פאַנגען חיות און פיש. אַרום דעם שטיק לאַנד, וואָס האָט געהערט צו דעם שטאַם, איז געווען אַ גרויסע שטיק לאַנד, וואָס האָט צו קיינעם ניט געהערט און האָט זיך געצויגען ביז צו דעם לאַנד פון דעם נעכסטען שטאַם. דיזע נייטראַלע צווישען־לאַנד איז געווען קלענער צווישען צוויי שטאַמען, וואָס האָבען גערעדט ענליכע שפּראַכען, און גרעסער צווישען שטאַמען מיט גאַנץ פרעמדע שפּראַכען. ביי די פאַרצייטיגע דייטשען איז דאָס געווען אַ וואַלד, וואָס איז אָנגערופען געוואָרען גרענץ־וואַלד. ביי די פאַרצייטיגע רוימער ווערט בעריכטעט, אַז צעזאַר׳ס סועווען האָבען געשאַפען אַ וויסטעניש אַרום זייער לאַנד. צווישען דענמאַרק און דייטשלאַנד פלעגט זיין אַזאַ שטיק נייטראַלע לאַנד, וואָס איז גערופען געוואָרען „איזאַרנהאָלד“, אויף דעניש „יאַרנוועד“. צווישען די דייטשען און די סלאַווען איז געווען דאָס וואָס אויף דייטש האָט געהייסען „זאַקסענוואַלד“, אויף סלאַוויש „בראַניבאָר“, דאָס הייסט שוץ־וואַלד. (פון דעם וואָרט בראַניבאָר שטאַמט דער נאָמען פון דער דייטשער שטאָדט בראַנדעבורג). דאָס איז אַלץ דיזעלבע זאַך ווי די נייטראַלע שטרעקען לאַנד צווישען די לענדער פון שטאַמען ביי די אינדיאַנער.

דאָס לאַנד פון דעם שטאַם האָט אַלזאָ ניט געהאַט קיין זיכערע גרענעצען. דאָס לאַנד איז געווען שותפות־אייגענטהום פון דעם שטאַם. דער שכן־שטאַם האָט דאָס אייגענטהום פון דעם שכן אָנערקענט און זאָגאַר נאָך געהאָלפען דעם שכן בעשיצען זיין לאַנד, אַז פרעמדע זאָלען עס ניט אָוועקנעהמען. דאָס וואָס די גרענעצען זיינען ניט געווען זיכער, האָט דאָס רוב אין פּראַקטיק פריהער ניט געשאַדט (וועיל עס איז געווען גענוג ליידיגער פּלאַץ צווישען דעם לאַנד פון איין שטאַם און דעם אַנדערען), ביז די בעפעלקערונג האָט זיך שטאַרק פערמעהרט און זיך צוגערוקט נאָהענט צום שכן־שטאַם.

פון וואַנען האָבען זיך גענומען די נעמען פון די שטאַמען? עס זעהט אויס, אַז זיי זיינען מעהר ענטשטאַנען צופעליג, ווי מיט אַ כיון

אויסגעקליעבען. מיט דער צייט איז עס אָפּט פאָרגעקומען, אַז אַ שטאַם האָט ביי די שכנות־שטאַמען געהייסען אַנדערש ווי ער אליין האָט זיך גערופען. די דייטשען האָבען אויך זייער געשיכטליכען נאָמען „גערמאַנען" געקראָגען פון די קעלטען.

2) יעדער שטאַם האָט געהאַט זיין אייגענעם בעזאָנדערן ד י אַ ל ע ק ט (אַרט רעדען). אין גרונד איז שטאַם און דיאַלעקט געווען איין זאַך. ווען אַ טהייל פון אַ שטאַם האָט זיך אָבגעשפּאָלטען און זיך בעזעצט בעזונדער און עס האָט זיך ביי דעם טייל ענטוויקעלט אַן אַנדערער דיאַלעקט, איז דאָס געוואָרען אַ בעזונדערער שטאַם. דאָס פלעגט נאָך פאָרקומען ביי די אינדיאַנער אין אַמעריקאַ ביז מיט אַ קורצע צייט צוריק און דאָס האָט נאָך היינט קוים אינגאַנצען אויפגעהערט. עס פלעגט אויך טרעפען זעלטען אַמאָל, אַז צוויי אָבגעשוואַכטע שטאַמען האָבען זיך פעראייניגט צו איינעם און מען האָט דאַן גערעדט אין דעם שטאַם צוויי נאָהענט־פערוואַנדטע דיאַלעקטען.

וויפיעל נפשות זיינען דאָ אין אַ שטאַם? ביי די אַמעריקאַנער אינדיאַנער אין דורכשניט ארום 2,000. דער טשעראָקעזען שטאַם אָבער צעהלט ארום 26,000. דאָס איז די גרעסטע צאָהל אינדיאַנער אין די פעראייניגטע שטאַאַטען, וואָס רעדען איין דיאַלעקט.

3) דער שטאַם האָט דאָס רעכט איינצוזעצען מיט פאַראַדנע צערעמאָניעס די סעטשעמס און קריעגספיהרער, וואָס די געגנטעם קלייבען זיך אויס, און

4) דאָס רעכט זיי אָראָבצוזעצען, אפילו ווען די געגנס וויל דאָס ניט. אזוי ווי דיעזע סעטשעמס און קריעגס־פיהרער זיינען מיטגליעדער פון דעם ראטה פון שטאַם, ערקלעהרט עס זיך פון זעלבסט פאַר וואָס דער שטאַם האָט דאָס רעכט זיי אָנצונעהמען אָדער ניט. וואו מעהרערע שטאַמען האָבען זיך פעראייניגט אין איין בונד און די אַלע פעראייניגטע שטאַמען זיינען געווען פערטרעטען אין איין בונדעס־ראטה, איז דאָס רעכט אָנצושטעלען און אַראָבצוזעצען סעטשעמס איבערגעגאַנגען אויף דעם בונדעס־ראטה.

5) דער שטאַם האָט געהאַט בשותפות געוויסע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען (מיטהאָלאָגיע) און געוויסע רעליגיעזע צערעמאָניעס. „די אינדיאַנער זיינען געווען, אויף זייער באַרבאַרישען אופן, אַ רעליגיעזעם פאָלק", זאָגט מאָרגאַן. זייער מיטהאָלאָגיע איז נאָך גאָר ניט

אונטערזוכט געוואָרען קריטיש. זיי האָבען געגלויבט אין אלערליי גייסטער און האָבען זיך זיי שוין פאָרגעשטעלט אין די געשטאַלט פון מענשען, אָבער קיין זאַגנאַנטע געצען, וואָס זאָלען פאָרשטעלען ביל־דער פון זייערע גייסטער, האָבען זיי ניט געהאַט. דאָס געפינט מען נאָך אין ערגעץ ניט אויף די אונטערשטופע פון באַרבאַריי, אויף וועל־כע די אינדיאַנער האָבען זיך געפונען. פריהער מוזען מענשען ווערען ענטוויקעלט גענוג, אַז זיי זאָלען קענען מאַכען בילדער. די רעליגיע־זע בעגריפען פון די אינדיאַנער זיינען געווען אַ נאַטור־דיענסט און אַ פערגעטערונג פון די עלעמענטאַר־כחות וואָס האָט זיך שוין גע־האַלטען אין ענטוויקלען צו פיעל־געטעריי*).

יעדער שטאַם האָט געהאַט בעזונדערע רעגעלמעסיגע ימים טובים מיט בעזונדערע סאָרטען צערעמאָניעס, הויפּטזעכליך טענץ און שפּיע־לערייען. דער טאַנץ מעהר ווי אַלעס איז געווען אַן עיקר טהייל פון די רעליגיעזע פייערליכקייטען. יעדער שטאַם האָט אָבגעהאַלטען בע־זונדער זיינע רעליגיעזע פייערליכקייטען.

6) יעדער שטאַם האָט געהאַט זיין בעזונדערען שטאַם־ראַטה צו פיהרען די געמיינזאַמע אַנגעלעגענהייטען פון דעם גאַנצען שטאַם. דער ראַטה איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון אַלע סעטשעמס און קריעגספיהרער פון די איינצעלנע גענטעס. דיעזע זיינען געווען ווירק־ליך פערטרעטער פון די גענטעס, ניט קיין אַליין־הערשער, דען מען האָט זיי געקענט צו יעדע צייט אַראָבזעצען. די בעראַטהונגען פון דעם שטאַם־ראַטה זיינען געפיהרט געוואָרען עפענטליך. די איבריגע מיטגליעדער פון דעם שטאַם זיינען דערביי געשטאַנען אַרום זיי, די איבעריגע מיטגליעדער האָבען געהאַט דאָס רעכט אריינצוזאָגען אַ וואָרט און געהערט צו ווערען מיט זייער מיינונג. ענטשיידעט אָבער האָט דער ראַטה אַליין.

אין רעגעל האָט יעדער אָנוועזענדער, וואָס האָט דאָס פערלאַנגט, געמוזט געהערט ווערען. אויך די ווייבער האָבען געקענט לאָזען פאַר־

*) שפּעטערע פאָרשונגען אין דער ענטוויקלונג פון די גלויבערייען פון ווילדע פעלקער האָבען אַרויסגעבראַכט אַנדערע פאָרשטעלונגען וועגען דיעזער ענטוויקלונג. עס איז היינט, צום ביישפּיעל, אָנגענומען, אַז די ערשטע „געטער“ זיינען ניט קיין נאַטור־קרעפטען, נאָר נשמות פון פערשטאָרבענע עלטערען. — איבערזעצער.

ברייגנען זייער מיינונג, זיי האבען זיך אויסגעקליבען דערצו א רעד־נער. ביי די איראקעזען האט דער ענדליכער בעשלוס געמוזט אנגע־נומען ווערען איינשטימיג. ווי דאס איז אויך געווען מיט מאנכע בעשלוסען ביי די פארצייטיגע מארק־געמיינדען פון די דייטשען.

וועגען וואס האט דער שטאם־ראטה געהאט צו פערהאנדלען? בעזאנדערס וועגען די פערהעלטניסע צו אנדערע שטאמען. ער האט אויפגענומען שלוחים פון פרעמדע שטאמען און געשיקט שלוחים צו זיי. ער האט ערקלעהרט קריעג און געשלאסען פריעדען. איז עס געקומען צו קריעג, זיינען ס'רוב געגאנגען אין מלחמה אריין פריי־וויליגע. אין פרינציפ שטעהט יעדער שטאם אין שטענדיגען קריעגס־צושטאנד מיט יעדען אנדערען שטאם, מיט וועלכען ער האט ניט גע־שלאסען קיין אויסדריקליכען פריעדענס־אבמאך.

דער ארויסגאנג צום קריעג געגען אזעלכע פיינד איז געוועהנליך ארגאניזירט געווארען דורך איינצעלנע אנגעזעהנע קריעגער. זיי האבען זיך געשטעלט מאכען א קריעגס־טאנץ און ווער עס האט מיט־געטאנצט, דער האט דערמיט ערקלעהרט, אז ער געהט מיט אין דער מלחמה. באלד איז צוזאמענגעשטעלט געווארען א קאלאנע און זיי האבען גענומען מארשירען. דאסזעלבע איז געווען, ווען דאס לאנד פון דעם שטאם איז בעפאלען געווארען פון פרעמדע און מען האט זיך געדארפט פערטהיידיגען: אויך דאן איז ארוים מלחמה האלטען ווער עס האט געוואלט, פרייוויליג. געצוואונגען איז קיינער ניט געווען.

ווען די קריעגער־מחנה איז אוועק און איז צוריק געקומען פלעגט זיין יום טוב מיט גרויסע צערעמאניעס. אז דער שטאם־ראטה זאל ערלויבען ארויסצוגעהן אין מלחמה, איז ניט נויטיג געווען. מען האט ניט פערלאנגט קיין ערלויבניס און דאס איז ניט געגעבען געווארען.

פונקט אזעלכע פריוואט־קריעגס־ציגע פון די פארצייטיגע דייי־טשען מאהלט דער פארצייטיגער רוימישער שרייבער טאציטוס. דער אונטערשיעד איז נאר, וואס די פארצייטיגע דייטשען האבען שוין געהאט שטענדיגע קריעגער־מחנות, וואס זיינען ארגאניזירט געווארען שוין אין פריעדענס־צייט, און ווען עס איז געקומען צו קריעג, זיינען זיי געווען די ערשטע ארויסצוגעהן און די פרייוויליגע האבען זיך ארומגעקליעבען ארום זיי.

אזא קריעגס־מחנה איז געוועהנליך ניט געווען גרויס. די וויכ־

טיגסטע קריעגס־ארויסטרעטונגען פון די אינדיאנער, אפילו אויף וויינט אוועק, זיינען אויסגעפיהרט געוואָרען פון קליינע ביסעלעך מענשען. ווען מעהרערע אזעלכע מחנות זיינען ארויס צוזאמען אויף איין אונ־טערנעהמונג, האָט יעדע מחנה'לע בעזונדער נאָר געפאָלגט איהר איי־גענעם פיהרער. די איינהייט פון דעם קריעגס־פּלאַן איז שוין דאָר־טען ווי עס איז געפיהרט געוואָרען דורך א צוזאמענקומען פון דיעזע פיהרער. אן עהנליכע סאָרט קריעגס־פיהרונג, ווי אָט די, געפינען מיר געשילדערט פון אמיאנוס מארסעלינוס וועגען די אללעמאנען פון אויבער־רהיין אין 4טען יאָהרהונדערט.

7) אין איינינע שטאמען געפינען מיר אן אויבערהייפּטלינג איבער דעם גאנצען שטאם. אָבער ער האָט זעהר ווענינ צו בעפעהלען. ער איז איינער פון די סעטשעמס, וועלכער האָט די אויפגאבע צו טהאָן פארלויפיג וואָס עס קומט אויס צו מוזען טהאָן אין איילעניש; ער איז דאן דער אויפטהוער אויף דערווייל, ביז די צייט ווען דער ראטה פערזאמעלט זיך און קען אָננעהמען בלייבענדע בעשליסע. די ראָלע פון דיעזען אויבערהויפּט פון שטאם איז א שוואכער אָנפאנג פון א בעאמטען מיט עקזעקוטיווע געוואלט (א מין גובערנאטאָר, א בע־אמטער וואָס איז געשטעלט צו זאָרגען, אז די געזעצע זאָלען אויס־געפיהרט ווערען און האָט די מאכט דערצו). אָבער עס איז דאָס רוב נאָר געבליעבען ביי דעם אָנפאנג. קיין פאָלשטענדיגער עקזעקוטיוו־בעאמטער איז אין די מייסטע פעלע פון דעם דאָזיגען אויבערשטען פון שטאם ניט געוואָרען. עס האָט זיך ביי א טהייל שטאמען יאָ ענטוויקעלט אזא סאָרט „גובערנאטאָר“, אָבער, ווי מיר וועלען ווייי־טער זעהען, איז אזא בעאמטער געוואָרען פון דעם אויבערשטען אָנ־פיהרער פון די קריעגס־מחנות. דיעזער, און ניט דער שטאם־אויבער־שטער, האָט זיך אין די מייסטע פעלע, אויב ניט איבעראל, ענטווי־קעלט אין אן עקזעקוטיוו בעאמטען.

דער שטאם איז ביי די גרויסע מעהרצאָהל פון די אמעריקאנער אינדיאנער שוין געווען די לעצטע פעראייניגונג. אז די פערוואנדער־טע שטאמען זאָלען זיך אויך נאָך פעראייניגען מיט אן אנדער אין א בונד, דאָס פלעגט זיך טרעפען אין אן אויגענבליקליכע נויט־לאגע, אָבער לאנג האָט די פערבינדונג ניט אָנגעהאלטען. ווען די נויט־לאגע איז געווען פארביי, איז דער בונד צופאלען. ס'רוב איז אין יעדען

שטאַם געווען ווייניג מענשען. אייביגע מלחמות האָבען זיי אָבגע־שוואַכט. ווייטע שטרעקען גרענעץ־לאַנד האָבען די פערשיעדענע שטאַמען אָבגעזונדערט פון אַנאַנדער. אויף אַזאַ אופן זיינען זיי גע־ווען זעהר שיטערליך בעזעצט. ווייניג מענשען האָבען בעזעצט אַן אונגעהייערע שטרעקע. נאָר אין אַ טייל געגענדען האָבען זיך מעה־רערע שטאַמען, וואָס זיינען ארויסגעקומען פון איין אָבשטאַמונג, צוריק פעראייניגט אין אַ דויערענדען בונד. **ד אָ ס א י ז ג ע־ ו ו ע ן ד ע ר ע ר ש ט ע ר ש ר י ט צ ו ד י ג ר י נ ד ו נ ג פ ו ן נ א צ י אָ נ ע ן.**

די ענטוויקעלטסטע פאָרמע פון אַזאַ בונד געפינען מיר אין די פעראייניגטע שטאַאטען ביי די איראָקעזען. זיי שטאַמען ארויס פון דעם מזרח־זייט פון דעם טייך מיסיסיפּי. דאָרט זיינען זיי וואהר־שיינליך געווען אַ צווייג פון די גרויסע פאַמיליע פון די דאַקאָטאַ־אינדיאַנער. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען זיינען זיי אָנגעקומען דאָ, וואו היינט איז דער שטאַאט ניו יאָרק. דאָ געפינט מען זיי איינגע־טהיילט אין פינף שטאַמען: סענעקאַס, קאַיוגאַס, אָנאָנדאַגאַס, אָנייי־דאַס און מאָהאָוקס. זיי האָבען געלעבט פון פיש, פון פאַנג־חיות און פון גרינסען וואָס זיי האָבען געפּלאַנצט אויף אַ פּראָסטען אופן. זיי האָבען געוואוינט אין דערפער, וועלכע זיינען ס'רוב געווען געשיצט דורך פּאַרקאַנעס פון סלופּעס אריינגעשלאָגען אין דר'ערד. זייער צאָהל איז קיינמאָל ניט געווען מעהר ווי 20,000 קעפּ. אַ טייל פון זייערע געגנטעס זיינען געווען געמיינזאַם איבער אַלע 5 שטאַמען. גע־רעדט האָבען זיי פערוואַנדטע דיאַלעקטען פון דיזעלבע שפּראַך. און געזעסען זיינען זיי יעצט אין איין לאַנד, וואָס איז געווען צוטהיילט צווישען די פינף שטאַמען. אַזוי ווי זייער לאַנד האָבען זיי ערשט געהאַט איינגענומען, איז געווען נאַטירליך, אַז דיעזע שטאַמען האָבען זיך פון געוואוינהייט צוזאַמענגעהאַלטען כדי זיך צו בעשיצען געגען די מענשען, פון וועלכע זיי האָבען דאָס לאַנד צוגענומען. דיעזע צוז־אַמענהאַלטונג פון געוואוינהייט האָט זיך ענטוויקעלט צו אַן „אייביגען בונד", אַן אייד־גענאָסענשאַפט (ווי עס רופט זיך דער בונד פון די קאַנטאָנען אין דער שווייץ). אַזאַ פעסטען בונד האָבען דיעזע פינף שטאַמען שוין געהאַט שפּעטסטענס אין אָנפאַנג פון דעם 15טען יאָהרהונדערט. פיהלענדיג זיך שטאַרק, האָבען זיי זיך באַלד גענומען

צו אַנגרייפענדע מלחמות. געגען דעם יאָהר 1675 זיינען זיי געווען אויף די העכסטע שטופע פון זייער מאַכט און האָבען איינגענומען גרויסע שטיקער לאַנד אַרום זיך. די פריהעריגע בעוואוינער האָבען זיי א טייל פערטריבען, א טייל געמאַכט אונטערוואָרפען אונטער זיך און זיי געצוואונגען זיי צו צאָהלען מכס.

דיעזער בונד פון די איראָקעזען איז די פאָרטגעשריטענסטע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע די אינדיאַנער האָבען ענט־וויקעלט, אַזוי וויט ווי זיי זיינען ניט אַריבער די אונטערשטופע פון באַרבאַריי, דאָס הייסט אַלזאָ חוץ די מעקסיקאַנער, ניי־מעקסיקאַנער און פערואַנער.

די גרונד־אויפגאַבען פון דעם בונד פון די פינף שטאַמען זיינען געווען די פאָלגענדע:

1) אייביגער בונד פון די פינף בלוט־פערוואַנדטע שטאַמען. יעדער שטאַם איז געווען פאָלקאָמען זעלבסטשטענדיג אין אַלע זיינע אינערליכע אנגעלעגענהייטען און אַלע שטאַמען האָבען געהאַט גלייכע רעכטע. זייער בלוטס־פערוואַנדשאַפט איז געווען דער אמת׳ער פונ־דאַמענט פון דעם בונד. פון די פינף שטאַמען האָבען דריי געהייסען פאָטער־שטאַמען און זיי זיינען געווען ברידער איינע מיט די אַנדערע. די איבריגע צוויי זיינען געווען זוהן־שטאַמען און אויך זיי זיינען גע־ווען ברודער־שטאַמען מיט אַנאַנדער. דריי גענטעס, די עלטעסטע, זיינען געווען אין אַלע פינף שטאַמען; אַנדערע גענטעס זיינען נאָך געווען אין דריי שטאַמען. די מיטגליעדער פון יעדער גענס זיינען געווען ברידער דורך אַלע פינף שטאַמען. אַלע פינף שטאַמען האָבען גערעדט איין שפּראַך, בלויז אין פערשיעדענע דיאַלעקטען. דאָס איז געווען א בעווייז, אַז זיי זיינען אַלע אַרויסגעקומען פון איין אָב־שטאַמונג.

2) דער פאָרשטעהער פון דעם בונד איז געווען א בונדעס־ראַטה פון 50 סעטשעמס, אַלע גלייך אין ראַנג און אָנזעהען. דיעזער ראַטה האָט געהאַט צו בעשליסען וועגען אַלע אנגעלעגענהייטען פון דעם בונד און אַזוי איז עס געבליבען.

3) דיעזע 50 סעטשעמס זיינען אָנגעשטעלט געוואָרען בשעת דער בונד איז געגרינדעט געוואָרען, יעדער פון זיי איז געשטעלט גע־וואָרען אַלס סעטשעם איבער אַן אַנדער שטאַם אָדער גענס. זייער

אמט איז געווען א נייער, געגרינדעט אויסדריקליך פאַר דעם בונד. געוועהלט זיינען זיי געוואָרען פון זייער גענס, ביי יעדער געלעגענהייט ווען א נייער סעטשעם האָט געדאַרפט געוועהלט ווערען. און צו יעדער צייט האָט די גענס געקענט איהר סעטשעם אראָבזעצען. דאָס רעכט אָבער איינצופיהרען א סעטשעם אין זיין אמט האָט געהערט צו דער בונדעסראַטה.

4) דיעזע בונדעס־סעטשעמס זיינען אויך געווען סעטשעמס יעדער אין זיין שטאַם און האָבען געהאַט זיץ און שטימע אין דעם שטאַם־ראַטה.

5) אַלע בעשליסע פון דעם בונדעס־ראַטה האָבען געמוזט אָנגענומען ווערען איינשטימיג.

6) די אבשטימונג איז גענומען געוואָרען נאָך די שטאַמען: אום אז א בעשלוס זאָל זיין גילטיג, האָט צו איהם געמוזט צושטימען יעדער שטאַם און אין יעדען שטאַם אַלע מיטגליעדער פון דעם שטאַם־ראַטה.

7) יעדער פון די פינף שטאַם־ראַטהען האָט געקענט איינבערופען דעם בונדעס־ראַטה צו א זיצונג. דער בונדעס־ראַטה האָט זיך אליין ניט געקענט איינבערופען.

8) די זיצונגען פון דעם בונדעס־ראַטה זיינען פאָרגעקומען אָפען, פאַר'ן פערזאַמעלטען פאָלק. יעדער איראָקעז האָט געקענט ארייניזאָגען א וואָרט. א בעשלוס אָבער האָט נאָר דער ראַטה אליין געקענט פאַסען.

9) דער בונד האָט ניט געהאַט קיין איינציגען אויבערהויפּט, קיין בעל הבית איבער די אויספיהרענדע געוואַלט.

10) ער האָט אָבער געהאַט צוויי אויבערשטע קריעגס־פיהרער, מיט גלייכע רעכטע און גלייכע מאַכט. (פונקט ווי פּאַרצייטענס אין ספּאַרטאַ זיינען געווען צוויי „קעניגע" און אין רוים צוויי קאָנזולן).

דאָס איז געווען די גאַנצע איינריכטונג פון די איראָקעזען, אונטער וועלכע זיי האָבען געלעבט 400 יאָהר און לעבען נאָך.

פאַרוואָס האָב איך זיך אָבגעשטעלט אויסצומאָהלען דיעזע איינריכטונג (לויט ווי מאָרגאַן שילדערט דאָס) אזוי גענוי? — ווייל דאָ קען מען זעהען, ווי עס האָט אויסגעזעהען א מענשליכע געזעלשאַפט איידער זי האָט נאָך געהאַט א שטאַאט (א מלוכה־מאַכט). דאָ קען

מען זעהען, ווי שטאאט און מענשליכע געזעלשאפט איז ניט דיזעלבע זאך. א שטאאט ווערט ערשט, ווען עס איז דא אן עפענטליכע גע־וואלט, וואס איז אבגעשיידט פון פאלק און הערשט איבער'ן פאלק. אין אנפאנג זיינען געווען געזעלשאפטליכע איינריכטונגען אהן א שטאאט, ניט נאר ביי די אינדיאנער אין אמעריקא. אויך ביי די פאר־צייטיגע דייטשען געפינען מיר גאנצע געזעלשאפטליכע איינריכטונגען פון „מארקען", דערפער, הויפען און שטעדט אהן א שטאאט. דער פארשער מוירער, ווען ער אונטערזוכט ווי דער שטאאט האט זיך ביסלעכווייז ענטוויקעלט ביי די פארצייטיגע דייטשען, זוכט די ענט־וויקלונג פון דעם שטאאט אלס עטוואס בעזונדערעס פון דיעזע גע־זעלשאפטליכע איינריכטונגען. ער צייגט, ווי דער שטאאט האט זיך ערשט ענטוויקעלט ארויס פון דיעזע איינריכטונגען און לעבען זיי. דיעזער פארשער בעווייזט דערמיט, אז ער האט ריכטיג געפיהלט (כאטש אפשר נאך ניט גאנץ קלאר געוואוסט), אז די ערשטע מארק־איינריכטונגען פון די פארצייטיגע דייטשען (מארק — „געמארק" — ארט־געמיינשאפט פון מעהרערע דערפער צוזאמען אין איין געגענד) זיינען נאך געווען גאנץ וואס אנדערעס ווי דער שפעטערער שטאאט, כאטש דער שטאאט איז שפעטער ארויסגעקומען טאקי פון דיעזע איינריכטונגען. אליין איז די איינריכטונג פון די מארק־געזעלשאפט א. ז. וו. נאר געווען א ריין געזעלשאפטליכע איינריכטונג, ניט קיין שטאאטליכע.

(אנמערקונג פון דעם איבערזעצער: — וועגען ענגעלס'עס מיינונגען איבער דעם „שטאאט" פלאנטערען זיך א סך אנארכיסטען, און אויך סאציאליסטען. איך האלט עס דעריבער פאר וויכטיג באלד דא, וואו עס הייבט זיך אן צו רעדען וועגען דעם שטאאט, אויפמערק־זאם צו מאכען דעם לעזער אויף דעם, וואס ענגעלס וויל דא ארויס־ברענגען: ער וויל בעווייזען, אז שטאאט און געזעלשאפטס־ארדנונג זיינען ניט דיזעלבע זאך, נאר צוויי גאנץ פערשיעדענע זאכען. גע־וועהנליך פערשטעהט מען אונטער דעם ווארט „שטאאט" אלץ איינס וועלכע ארדנונג אין דעם צוזאמען־לעבען פון מענשען, אויב אין דער ארדנונג זיינען נאר דא געזעצע און מאיאריטעטס־בעשלוס און פאר־שטעהער און הויפטלייט און אז. וו. ענגעלס וויל אבער ווייזען, אז דאס איז ניט ריכטיג; אז שטאאט הייסט נאר א בעזונדערע מלוכה־

געוואַלט פון אַ בעזונדערען קלאַס הערשער, וואָס רעגירען איבער דעם פאָלק דורך די מאַכט פון פּאָליציי, סאָלדאַטען, תפיסה א. ז. וו., סיי מיט אַ קעניג, סיי אָהן אַ קעניג. דאָס, און נאָר דאָס, וויל ענגעלס האָבען, הייסט שטאַאַט. אָבער אַן איינריכטונג, אין וועלכער קיין קלאַס רעגיערט ניט איבער קיינעם נאָר דאָס פאָלק אליין פיהרט זיך די געמיינשאַפטליכע בעדירפניסע, דורך אויסגעקליבענע רעפּרעזענ־טאַנטען, הייסט ניט קיין שטאַאַט, נאָר דאָס הייסט געזעלשאַפטליכע אָרדנונג. און ער צייגט דאָס דאָ, אַז פריהער האָבען די מענשען געלעבט אין אַ געזעלשאַפטליכע אָרדנונג אָהן אַ שטאַאַט, נאָר ערשט שפּעטער איז דער שטאַאַט ענטשטאַנען. ער איז ענטשטאַנען, ווען עס איז אויפגעקומען אַ בעזונדערע מאַכט, וואָס איז ניט געווען דאָס פאָלק אליין, נאָר אַ געוואַלט איבער'ן פאָלק. צייגענדיג, אַז נאָר דאָס הייסט שטאַאַט, קומט דער פערפאַסער ווייטער צו דעם שלוס, אַז אונטער'ן סאָציאַליזמוס וועט דער שטאַאַט אָבשטאַרבען. דאָס מיינט, אַז בלייבען וועט אַ געזעלשאַפטליכע איינריכטונג; אָבער די געזעלשאַפטליכע איינריכטונג וועט אויך האָבען אויסגעקליעבענע פערטרעטער, געזעצע וועגען געזעלשאַפטליכע אַנגעלעגענהייטען און אַזוי ווייטער. די אַנאַרכיסטען אָבער רופען אַזאַ איינריכטונג אויך „שטאַאַט" און זיי ווילען דאָס אויך ניט האָבען. און אויך אַנדערע מענשען רופען יעדע געזעלשאַפטליכע איינריכטונג „שטאַאַט". און ווען זיי זעהען, אַז ענגעלס זאָגט, דאָס אונטער'ן סאָציאַליזמוס וועט שטאַאַט אָבשטאַרבען, מיינען זיי, אַז דאָס איז אַנאַרכיזמוס. דאָס איז אָבער פאַלש. דען, ווי מען זעהט דאָ באַלד פון אָנפאַנג, ערקלערט ענגעלס, אַז אַזאַ געזעלשאַפטליכע אָרדנונג ווי ביי די אינדיאַנער איז ניט קיין שטאַאַט, כאָטש זיי האָבען פאָרשטעהער און הויפּטלייטע און בעשליסע און פערבינדונגען. נאַטירליך, וועלען אין אַ הויך־ציוויליזירטער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט מוזען זיין זעהר אַ סך מעהר פערבינדונגען, בעשליסע, אָבמאַכונגען, פערטרעטער און פאָר־שטעהער, ווי אין אַ געזעלשאַפט פון ווילדע אינדיאַנער. נאָר ווייל עס וועט ניט זיין קיין בעזונדערע הערשענדע קלאַסע און ניט קיין געוואַלט־הערשונג איבער מענשען, מיט געוואַלט־איינריכטונגען, נאָר אַ פערוואַלטונג פון געזעלשאַפטליכע אַנגעלעגענהייטען, רופט ענגעלס דאָס ניט שטאַאַט, נאָר געזעלשאַפטס־אָרדנונג. אָבער לויט נאָך דעם

געוועהנליכען בעגריף פון מענשען, וועלכע רופען יעדע פעסטע אָרד־נונג „שטאאט", וועט א סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, ווי דער פער־פאסער שטעלט זיך פאָר, זיין א סאָציאַליסטישער „שטאאט".. דאָס דארף מען גוט געדענקען. דען וועגען דעם קומען פאָר פיעל טעות'ען.

עס איז מערקווירדיג, אז נאָך מיט 140 יאהר צוריק האָט טהאָמאס פעין (אין זיין „קאממאן סענס") געטענה'ט וועגען דעם טעות, וואָס מענשען מאכען אין דעם, וואָס זיי פערמישען שטאאט מיט געזעלשאַפט, אזוי ווי דאָס וואָלט געווען דיזעלבע זאַך, וועהרענד דאָס זיינען צוויי גאַנץ פערשיעדענע זאכען. איך האַלט עס פאר וויכטיג איבערצוגעבען דאָ די ווערטער פון דיזען דענקער, פון אזא לאַנגע צייט צוריק, איידער עס זיינען נאָך געווען סאָציאַליסטען און אנאַר־כיסטען אויף דער וועלט. ווען נאָך היינט פּלאָנטערען זיך מענשען אין דער זאַך, איז וויכטיג צו הערען, ווי פעין האָט אזוי לאַנג צוריק שוין געזוכט פונאנדערצוערהמען דעם פּלאָנטער. ער שרייבט:

„מאנכע שרייבער האָבען אזוי צונויפגעמישט געזעלשאַפט מיט רעגיערונג (שטאאט), אז זיי לאָזען וועניג אָדער גאָר קיין אונטער־שיעד ניט צווישען זיי. אין אמת'ען זיינען די צוויי זאכען ניט נאָר פערשיעדענע, נאָר זיי קומען אויך ארויס פון פערשיעדענע וואָרצלען. געזעלשאַפט קומט ארויס פון אונזערע בעדירפניסע, רעגיערונג קומט ארויס פון אונזער שלעכטקייט (דאָס איז פריהער געווען דער טעות פון אַלע דענקער, אז רעגיערונג איז געמאכט געוואָרען אכטונג צו געבען, אז מענשען זאָלען ניט טהאָן קיין שלעכטס). . . . . .

. . . געזעלשאַפט איז א בעשיצער, רעגיערונג איז א שטראָפער. געזעלשאַפט איז אין יעדען צושטאנד א ברכה, אָבער רעגיערונג, אפילו אין איהר בעסטען צושטאנד, איז נאָר א נויטווענדיגע צרה"... און ער געהט ווייטער און גיט א ביישפּיעל, ווי א געזעלשאַפט וואָלט אויס־געזעהען אָהן א רעגיערונג, אָהן א שטאאט, הייסט עס. פון דעם ביישפיעל איז דייטליך, אז געזעלשאַפט רופט ער אָן יעדע מענשליכע פערבינדונג און איינריכטונג וואָס איהר צוועק איז צו פערזאָרגען בעדירפניסע פון די מענשען. און רעגיערונג — אלזאָ שטאאט — רופט ער די איינריכטונגען, וואָס זייער צוועק איז צו פערבאָטען און בעפעהלען און בעשטראָפען און געוועלטיגען. די געזעלשאַפט, אלזאָ, מעג אויך זיין א פעסטע אָרגאַניזאַציאָן, מיט פערטרעטער, אָבגע־

אָרדענטע, מאַיאָריטעטס־אָבשטימונגען, געזעצע א. ז. וו. — אַזוי לאַנג ווי דאָס איז בלויז וועגען די איינריכטונגען פון ארבייט און גענוס, און ניט וועגען הערשונג און געוואַלט, איז עס אַלץ געזעלשאַפט און ניט שטאַאַט, ניט רעגיערונג. אויך אַזאַ אופן איז אַ היינטיגע רע־גיערונג אַ צוזאַמענמישונג פון שטאַאַט און געזעלשאַפט צוזאַמען: אַזוי ווייט ווי די רעגיערונג פאַרזאָרגט קאַנאַלען, שאָסעען, בריקען, אייזענבאַהנען, פּאַרקס, שולען, סאַנאַטאַריומס, שפּיטעלער, געזונד־הייטס־בעהערדען, סטאַטיסטישע בעהערדען, פאָרשונגס־בעהערדען אין פערשיעדענע וויסענשאַפטען, און אַזוי ווייטער און ווייטער, — איז זי אַ געזעלשאַפט (און אין אַ סאָציאַליסטישע וועלט וועלען זיין טוי־זענד מאָהל מעהר אויפגאַבען אַזעלכע). אַזוי ווייט אָבער ווי די רע־גיערונג הערשט איבער מענשען, געוועלטיגט און בעשטראָפט, איז זי אַ שטאַאַט. טהאָמאַס פּעין ברייננגט ארויס, אַז דאָס הערשען איבער מענשען איז אַ „נויטווענדיגע צרה“, כדי איינצוהאַלטען די מענשליכע שלעכטקייט. דאָס איז געווען דער אַלטפרענקישער בעגריף וועגען די אָבשטאַמונג פון שטאַאַט: דער שטאַאַט איז געגרינדעט געוואָרען, האָט מען געמיינט, אלס אַן איינהאַלטונג פאַר די מענשליכע שלעכט־קייט. ענגעלס בעווייזט דאָ דאַגעגען, אַז פּונקט פערקעהרט, רעגיע־רונג און שטאַאַט זיינען גאָר געגרינדעט געוואָרען כדי צו געבען דער שלעכטקייט פון די הערשענדע קלאַסען אַ געזעצליכע מאַכט. דאַרום קומט ענגעלס צום שלוס, אַז אין אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט וועט דאָס ניט זיין; אַלזאָ, וועט די סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָרדנונג ניט זיין קיין שטאַאַט, נאָר אַ געזעלשאַפט. — איבערזעצער).

מיר זעהען ביי די נאָרד־אַמעריקאַנישע אינדיאַנער ווי אַזוי עס ענטוויקלען זיך שטאַמען און פעלקער. אַ פאָלקס שטאַם, וועלכער איז אין אָנהייב געווען איינהייטליך, צושפּרייט זיך ביסלעכווייז איבער אַן אונגעהייערען קאָנטינענט; שטאַמען צושפּאַלטען זיך און עס ווערען פון זיי פעלקער, גאַנצע גרופּען פון פעלקער; די שפּראַכען פערענדע־רען זיך, ביז זיי ווערען ניט בלויז אונפערשטענדליך איינע פאַר די אַנדערע, נאָר זיי פערליערען אויך כמעט יעדען שפּור פון אַן עהנ־ליכקייט. און לעבען דיעזען פאָרגאַנג זעהען מיר, ווי אַ י ן די שטאַ־מען ווידער שפּאַלטען זיך די איינצעלנע גענטעס און עס ווערען פון זיי מעהרערע, און די אַלטע מוטער־גענס, נאָכדעם ווי זי ווערט צו־

שפּאַלטען אין מעהרערע גענטעס, בלייבט בעשטעהן אַלס פראַטהריע, אַלס פעראייניגונג פון גענטעס. און דאָך בלייבען די נעמען פון דיעזע עלטסטע גענטעס גלייך ביי פערשיעדענע שטאַמען, וואָס זיינען שוין שטאַרק דערווייטערט און לאַנג פונאַנדערגעשיידט, — וואָלף־גענטעס און בער־גענטעס געפינט מען ביי אַ מאַיאָריטעט פון אַלע אינדיאַנישע שטאַמען. און די גאַנצע איינריכטונג, וואָס מיר האָבען אויבען געשילדערט, געפינט מען ביי זיי אַלע, — נאָר אַ סך פון זיי האָבען עס נאָך ניט געבראַכט ביז צו אַ בונד פון פערוואַנדטע שטאַמען.

דיעזע גאַנצע איינריכטונג פון גענטעס, פראַטהריען און שטאַם ענטוויקעלט זיך פון די גענס אַזוי נאַטירליך, אַז עס קען כמעט גאָר אַנדערש ניט זיין. קוים האָבען מיר די גענס אַלס גזעלשאַפטליכע איינהייט, מוז זיך שוין דיעזע גאַנצע איינריכטונג פון איהר אַרויס ענטוויקלען מיט נאַטירליכער נויטווענדיגקייט. אַלע דריי, די גענס, די פראַטהריע און דער שטאַם, זיינען פערשיעדענע גראַדען פון בלוטס־פערוואַנדשאַפט. יעדע פון זיי איז אין זיך אָבגעשלאָסען, יעדע פערזאָרגט איהרע אייגענע אנגעלעגענהייטען, און וואָס עס געהערט ניט צו איינע צו פערזאָרגען, דאָס פילט אויס די אַנדערע. דיעזע דריי פעראייניגונגען צוזאַמען פערזאָרגען אַלע עפענטליכע אַנגעלעגענהייטען, וואָס געפינען זיך נאָר ביי אַזעלכע מענשען, אויף דער מדרגה פון דער אונטערשטופע פון באַרבאַריי.

אויף אַזאַ אופן מעג מען זיכער זיין, אַז וואו נאָר מיר בעגעגענען אין דער וועלט אַ סאָרט מענשען ביי וועלכע עס איז דאָ אַ גענס אַלס געזעלשאַפטליכע איינהייט, מעגען מיר ביי זיי זוכען אַן עהנליכע איינריכטונג פון דעם שטאַם, ווי די, וואָס מיר האָבען דאָ געשילדערט. און עס איז אַ פאַקט, אַז מען וועט דאָס אימער געפינען, אויב עס זיינען נאָר דאָ גענוג קוועלען פון וואַנען צו שעפּען ידיעות פון די איינריכטונגען פון דיעזע מענשען. ביי די פאַרצייטיגע גריכען און רוימער זיינען דאָ אַזעלכע קוועלען, געפינט מען טאַקי פונקט אַזעלכע איינריכטונגען. און וואו אין די קוועלען פעהלען אויס פונקטען און עס בלייבט עפּעס ניט קלאָר און רעטהזעלהאַפט, קען מען דאָס געפינען אויפגעקלערט, ווען מען פערגלייכט דערצו די געזעלשאַפטס־איינריכטונג פון די אינדיאַנער פון אַמעריקאַ. דאָס מאַכט קלאָר אפילו די

שווערסטע צווייפעל און רעטהעגישען אין דער געשיכטע פון פאַר־צייטיגע פעלקער.

און א וואונדערבארע געזעלשאַפטליכע איינריכטונג איז דאָס, דיעזע געגטיל־אָרדנונג, כאָטש זי איז אַזוי קינדיש און אַזוי איינפאַך. אָהן סאָלדאַטען, זשאַנדאַרען, אָדער פּאָליציסטען, אָהן אַדעל, קעניגע, גובערנאַטאָרס, פּאָליצמייסטערס אָדער ריכטער, אָהן תפיסות, אָהן פּראָצעסען, געהט פון דעסטוועגען אַלעס א רעגעלמעסיגען גאַנג. יעדען שטרייט, יעדען סכסוך, פערגלייכט די געמיינשאַפט פון אַלע די, וועמען דאָס געהט אָן, די געגס, אָדער דער שטאַם, אָדער די איינציגע געגטעס צווישען זיך. נאָר זעלטען סטראַשעט די בלוט־ראַכע, וועןעס איז שוין קיין אַנדערע בערוהיגונג ניטאָ. די בלוט־ראַכע איז נאַטירליך זעהר ווילד, אָבער אונזער ציוויליזירטע טויט־שטראָף איז אויך ניט מעהר ווי בלוט־ראַכע, נאָר א ציוויליזירטע פאָרמע דערפון, מיט אַלע מעלות און חסרונות פון ציוויליזאַציאָן.

זיי ברויכען ניט קיין שפּור פון אונזער פערפּלאָנטערטע מאַשינעריע פון פערוואַלטונג און רעגיערונג, כאָטש זיי האָבען א סך מעהר שותפות'דיגע אנגעלעגענהייטען ווי מיר האָבען היינט — דען די הויזהאַלטונג איז בשותפות און קאָמוניסטיש פאַר מעהרערע פאַמיליען, די ערד איז שותפות־אייגענטהום, נאָר די קליינע גערטענדלעך געהערען פאַרלויפיג צו די הויזהאַלטונגען. ווי די דאָזיגע אַלע שותפות'דיגע זאַכען זאָלען זיך פיהרען, ענטשיידען די בעטהייליגטע אַליין. און ס'רוב קומט גאָר קיין שאלה ניט פאָר, דען אַלעס פיהרט זיך ווי דער מנהג פון הונדערטער יאָהרען האָט שוין גערעגעלט.

קיין אָרימעלייט און קיין נויטליידענדע קען ניט זיין ביי זיי. די קאָמוניסטישע הויזהאַלטונג און די געגס האַלטען טריי זייערע פערפּליכטונגען צו אַלטע, קראַנקע און אַזעלכע, וואָס זייגען געוואָרען קאַליקעס אין קריעג.

אַלע זיינען גלייך און פריי, אויך די ווייבער. פאַר שקלאַפען איז נאָך קיין פּלאַץ ניטאָ, אויך ניט פאַר די אונטעריאָכונג פון פרעמדע שבטים, סיידען אמאָל אין אן אויסנאַהמע.

אין יאָהר 1651 האָבען די איראָקעזען־אינדיאַנער בעזיעגט אין קריעג די איריי־אינדיאַנער און די „נייטראַלע נאַציאָן", האָבען זיי די איינגענומענע שונאים ניט אויסגעקוילעט און ניט געמאַכט פאַר

זייערע אונטערגעוואָרפענע, נאָר זיי האָבען זיי אָנגעבאָטען אַריינצוטרעטען אין זייער בונד אַלס גלייכבערעכטיגטע. און ערשט ווען די בעזיעגטע האָבען דאָס ניט געוואָלט אָננעהמען, זיינען זיי פֿערטריבען געוואָרען פֿון זייער לאַנד.

און וואָס'ערע סאָרט מענשען, מענער און פֿרויען, עס קומען אַרויס אין אַזאַ געזעלשאַפֿט, בעווייזט דער פֿאַקט, דאָס אַלע ווייסע מענשען, וואָס האָבען געהאַט די געלעגענהייט צוזאַמענצוקומען מיט אונפֿערדאָרבענע אינדיאַנער, קענען זיך ניט אויסוואונדערען איבער די פֿערזענליכע ווירדע, עהרליכקייט, כאַראַקטער־שטאַרקייט און טאַפּפֿערקייט פֿון דיעזע באַרבאַרען.

פֿון די טאַפּפֿערקייט פֿון אַזעלכע נאַטור־מענשען האָבען מיר ערשט די לעצטע יאָהרען געזעהען ביישפּיעלע אין אַפֿריקאַ. די קאַפֿערן־נעגער פֿון זולו־לאַנד און די נוביער פֿון אַביסיניען זיינען ביידע שטאַמען, ביי וועלכע די גענטיל־פֿיהרונגען זיינען נאָך ניט אויסגעשטאָרבען, און זיי האָבען ערשט די לעצטע צייטען בעוויעזען אין מלחמות אַזאַ טאַפּפֿערקייט, וואָס קיין אַרמעע פֿון ציוויליזירטע אייראָפּעער קען ניט בעווייזען. בעוואָפֿענט נאָר מיט שפּיעזען און וואַרף־פֿיילען, אָהן פֿייער־געוועהר, זיינען זיי אַנטקעגען געגאַנגען אין אַ האָגעל פֿון שיסענדע ביקס־קוילען, — אַנטקעגען די ענגלישע אינפֿאַנטעריע, וואָס יעדער אַנערקענט זי פֿאַר די ערשטע אויף דער וועלט אין אַ געשלאָסענע שלאַכט. ביז צו זייערע באַיאָנעטען (שפּיעזען פֿון די ביקסען) זיינען די אַפֿריקאַנער זיי אַנטקעגען געגאַנגען. און מעהר ווי איין מאָל האָבען זיי געבראַכט די ענגלישע סאָלדאַטען אין אונאָרדנונג און אַפֿילו זיי אומגעוואָרפֿען, כאָטש זייער געוועהר איז געווען אַזוי געוואַלדיג אונגלייך און כאָטש די אַפֿריקאַנער דיענען ניט אין מיליטער און ווייסען ניט וואָס מושטירען זיך איז אַזוינס. וואָס זיי קענען אויסהאַלטען און אויפֿטהאָן בעווייזט דער פֿאַקט, דאָס די ענגלענדער האָבען זיך בעקלאָגט, אַז דער קאַפֿפֿער־נעגער קען אין 24 שטונדען אָבלויפֿען אַ גרעסערען וועג ווי אַ פֿערד. אַן ענגלישער מאָלער בעשרייבט, ווי ביי דעם לויפֿען קומט ביי דעם נעגער אַרויס בולט דער קלענסטער מוסקעל און ווערט האַרט און שטאַרק, ווי דער שטריק פֿון אַ בייטש.

אַזוי האָבען אויסגעזעהען די מענשען און די מענשליכע געזעל־

שאפט, איידער זיי זיינען צושיידט געוואָרען אין פערשיעדענע קלאַ־סען. און ווען מיר פערגלייכען זייער לאגע מיט דער לאגע פון די אונגעהייערע מעהרהייט פון די היינטיגע ציוויליזירטע מענשען, געפינט מען, אַז די לאגע פון דעם היינטיגען פראָלעטאריער און אָרימען פויער איז אַ סך ערגער ווי די לאגע פון דעם פרייען מיטגליעד פון די אלטע גענטיל־געזעלשאפט.

דאָס איז איין זייט. מען דאַרף אָבער ניט פערגעסען, אַז דיעזע גענטיל־אָרגאַניזאַציאָן האָט ניט געקענט בלייבען עקזיסטירען. זי האָט ניט געקענט געהן ווייטער ווי ביז די אָרגאַניזאַציאָן אין אַ שטאַם. ווען מעהרערע שטאַמען זיינען פערבונדען געוואָרען אין איין פער־באַנד פון שטאַמען, איז דאָס שוין געווען דער אָנפאַנג פון דעם אונ־טערגאַנג פון די גענטיל־אָרדנונג, ווי מיר וועלען זעהען ווייטער און ווי מיר האָבען שוין געזעהען אין דעם, וואָס די איראָקעזען האָבען געזוכט צו אונטערוואַרפען אונטער זיך אַנדערע שטאַמען. די מענ־שען, וואָס האָבען ניט געהערט צום שטאַם, האָבען ניט געהאַט קיין שום רעכט ביי דעם שטאַם. וואו די פערשיעדענע שטאַמען האָבען ניט אויסדריקליך אָבגעמאַכט צווישען זיך צו לעבען אין פריעדען, האָט געהערשט קריעג צווישען שטאַם און שטאַם. און דער קריעג איז געפיהרט געוואָרען מיט דער גרויזאַמקייט, וועלכע איז ביי די מענ־שען נאָך שטאַרקער ווי ביי חיות. די ספּעציעל מענשליכע גרויזאַמ־קייט איז ערשט שפּעטער מילדער געוואָרען, דורך די אינטערעסען.

די גענטיל־אָרדנונג אין איהר פולער בליהונג, ווי ביי די אינ־דיאַנער אין אַמעריקא, איז נאָר מעגליך געווען ביי אַ זעהר אונענט־וויקעלטע פּראָדוקציאָן. אלזאָ איז אַ קליינע צאָהל מענשען נאָך געווען פערשפּרייט, זעהר ניט־געדיכט, איבער אַ גרויסע שטרעקע לאַנד. אין אַזאַ צושטאַנד זיינען די מענשען כמעט פאָלשטענדיג בעהערשט פון די אויסערליכע נאַטור, וועלכע זיי פערשטעהען ניט, וועלכע שטעהט געגען זיי ווי פרעמדע, אונבעגרייפליכע זאַכען. דאָס ווידער שפּיעגעלט זיך אָב אין קינדליכע רעליגיעזע פאַנטאַזיעס. דיעזע פאַנטאַזיעס האָבען זיי געמאַכט אָננעהמען, אַז מענשען זיינען נאָר די פון אייגענעם שטאַם. מענשען פון אַן אַנדערען שטאַם זיי־נען ביי זיי שוין געווען חיות. דער אייגענער שטאַם און די איי־גענע גענס און זייערע איינריכטונגען זיינען געווען הייליג; זיי

טאָר מען ניט אָנריהרען. זיי האָט מען בעטראכט ווי א געטליכע מאכט און דער איינצעלנער מענש איז געווען זייער אונבעדינגטער אונטערטהאַן אין זיין פיהלען, אין זיין דענקען, אין זיין טהאָן. א מערקווירדיגען איינדרוק מאכען אויף אונז די מענשען פון דיזער עפּאָכע, אָבער זיי זיינען אַלע גלייך, אָהן אונטערשיעד. זיי זיי־נען נאָך „צוגעבונדען צו דעם נאָבעל־שנור פון דעם נאַטירליכען גע־זעלשאפטס־לעבען", ווי מארקס דריקט זיך אויס. די מאכט פון דיע־זען נאַטירליכען געזעלשאפטס לעבען האָט געמוזט געבראָכען ווערען. זי איז געבראָכען געווארען. אָבער געבראָכען איז זי געוואָרען דורך שלעכטע אייגענשאפטען פון די מענשען, אייגענשאפטען וואָס בע־דייטען פאַר אונז א פערדאָרבענהייט. אין זינדיגקייט זיינען זיי אריינגעפאלען, אראָבפאלענדיג פון די איינפאכע מאָראלישע הויכ־קייט פון די אַלטע גענטיל אָרדנונג. עס איז אָנגעקומען די ציווי־ליזירטע קלאַסען־געזעלשאפט, אָבער איהר וועג איז געגאַנגען דורך די ניעדעריגסטע אינטערעסען — געמיינע האבזוכט, ברוטאַלע תאוה, שמוציגע גאוה, עגאאיסטישער רויב פון דעם געמיינשאפט־ליכען אייגענטהום. די אַלטע קלאַסישע געַנטיל־געזעלשאפט איז אונטערגראָבען געוואָרען און געבראכט געוואָרען צום פאַל דורך די שענדליכסטע מיטלען — דורך גנבה, פערגוואַלטיגונג, ביטרע שווינ־דעל, פערראטה. און די נייע געזעלשאפט זעלבסט איז אין פער־לויף פון די גאַנצע דריטהאַלבען טויזענד יאָהר פון איהר בעשטעהן קיין מאָל ניט געווען עטוואָס אַנדערעס ווי די ענטוויקלונג פון א קליינעם טייל מענשען אויף די קאָסטען פון די אויסגערויבטע און אונטערדריקטע גרויסע מעהרצאָהל, און אויך היינט איז דיעזע גע־זעלשאפטס־אָרדנונג ניט מעהר ווי דאָס. זי איז היינט נאָך ווייניגער א געזעלשאפט פאַר אַלע מענשען, ווי ווען עס איז פריהער.

# 4. — ביי די פארצייטיגע גריכען.

עהנליכע איינריכטונגען געפינען מיר ביי די פארצייטיגע פעלקער. די גריכען, ווי די פעטאסגער (אזא פאלק) און אנדערע פעלקער וואס זיינען געווען פערוואנדעט מיט זיי פון איין שטאם, זיינען שוין פאר די געשיכטליכע צייט געווען איינגעארדענט אויף דעם אופן ווי די אינדיאנער אין אמעריקא: גענס, פראטהריע, שטאם, בונד פון שטאמען. ביי א טהייל פעלקער האט די פראטהריע געקענט פעהלען, ווי למשל ביי די דאריער. און ניט ביי אלע פעלקער איז געווען אויסגעבילדעט א בונד פון שטאמען. אבער ביי אלע איז די גענס געווען די איינהייט.

ווען די גריכען בעוויזען זיך אין דער וועלט־געשיכטע, זיינען זיי שוין ענטוויקעלט ביז צו דעם צושטאנד פון אנפאנג פון ציוויליזאציאן. לויט ווי די גריכען פון די העראען־צייט מאהלען זיך, זיינען זיי שוין מיט צוויי גאנצע גרויסע ענטוויקלונגס־פעריאדען ווייטער אוועק ווי די איראקעזען־אינדיאנער, פון וועלכע מיר האבען נאר וואס גערעדט. די גענס פון די גריכען איז אבער אויך אויף קיין פאל ניט מעהר די גאר־אלטע גענס וואס מיר האבען געזעהען ביי די איראקעזען. ביי די גריכען הייבט שוין אן צו פערשווינדען די גרופען־עהע. דאס מוטער־רעכט איז ביי זיי שוין פערשוואונדען און פאטער־רעכט איז געקומען אויף דעם ארט. דערמיט האט אנגעהויבען אויפצוקומען פריוואט־רייכטהום און דאס האט שוין געמאכט די ערשטע אונטערגראבונג אונטער די גענטיל־ארדנונג. מיר האבען דאך געזעהען, אז די גענטיל־ארדנונג איז בעשטאנען נאר אויף שותפות־אייגענטהום פון די גענס. פון דיעזע ערשטע אונטערגראבונג איז מיט נאטירליכקייט ארויסגעקומען א צווייטע. דען ווען עס איז שוין געווען פריוואט־רייכטהום, האט דער פאטער דאך געוואלט אז זיין קינד זאל ירשה'נען זיין פערמעגען. ווי איז אבער געווען, אז ער האט געהאט א טאכטער און זי האט איהם גע'ירשה'נט? ווען זי וואלט חתונה געהאט אין אן אנדערע גענס, ווי זי האט גע־

מוזט טהון ביי די געגטיל־פיהרונגען, וואָלט זי דאָך איהר פאָטער׳ס פערמעגען אוועקגעפיהרט צו פרעמדע. דעריבער איז געווען נאַטירליך, אַז די איינפיהרונג, דאָס יעדער מוז חתונה האָבען נאָר פון אַ פרעמדע גענס, איז אָבגעשאפט געוואָרען און עס איז געוואָרען פערקעהרט, עס איז גאָר געוואָרען אַ געבאָט, אַז מיידלעך מוזען חתונה האָבען נאָר פון די אייגענע גענס, כדי אַז דאָס פערמעגען זאָל בלייבען אין דער „משפחה“, אין דער גענס.*)

אין די גריכישע געשיכטע פון גראָטע איז בעשריעבען די גריכישע גענס און וואָס עס האָט זי צוזאַמענגעהאַלטען. ער ערקלערט, אַז פאָלגענדע אויפגאַבען האָבען אַ גענס צוזאַמענגעהאַלטען:

1. די מיטגליעדער פון די גענס האָבען צוזאַמען אָבגעהאַלטען רעליגיעזע פייערליכקייטען. זיי האָבען אויך געהאַט אַ בעזונדערן גאָט פון די גענס; מען האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דיעזער גאָט איז געווען דער ערשטער פאָטער פון די גענס; און קיינער האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו דיענען דיעזען גאָט, נאָר די פריסטערס פון דיעזע גענס. דיעזער גאָט האָט געהאַט אַ בעזונדערן ביינאָמען, וואָס האָט אויסגעדריקט זיין פאָטערשאַפט פון די גענס.

2. די גענס האָט געהאַט אַן אייגענעם בית עולם.

3. די מיטגליעדער פון די גענס האָבען געהאַט דאָס רעכט צו ירשה׳נען איינע פון די אַנדערע.

4. זיי זיינען געווען פערפליכטעט צו העלפען איינע די אַנדערע, צו שיצען און אונטערשטיצען זיך, ווען פרעמדע האָבען זיי שלעכטס געטהאָן.

---

*) דאָס דערמאָנט אָן די געשיכטע פון חומש מיט די טעכטער פון צלפחד, וואָס האָבען גע׳ירשה׳נט אייגענטהום פון זייער פאָטער, זיינען די הויפטלייט פון זייער גענס („ראשי האָבות“) געקומען צו משה׳ן און גע׳טענה׳ט: „ווען דיעזע טעכטער ווערען נעהמען מענער פון אַנדערע שטאַמען, וועלען זיי דאָך אַריבערפיהרען זייער אייגענטהום פון אונזער שטאַם אין פרעמדע שטאַמען אריין.“ האָט משה זיי רעכט געגעבען און האָט געבאָטען, אַז ווען אַ טאָכטער ירשה׳נט אייגענטהום, מוז זי נעהמען אַ מאַן נאָר פון איהר פאָטער׳ס שטאַם, „כדי אַז די נחלה זאָל בלייבען אין דער משפחה און זאָל ניט אַריבערגעפיהרט ווערען אין אַן אַנדערע משפחה“. (סוף במדבר.) — איבערזעצער.

5. זיי האָבען געהאַט רעכט און פליכט צו הייראַטהען אין די גענס, אין געוויסע פעלע, בעזאָנדערס יתומות אָדער יורש'טעס.

6. אין מאַנכע פעלע, ווייניגסטענס, האָבען זיי געהאַט שותפות איינגענטהום און אַן ארכאָן (פאָרשטעהער) און קאַסירער.

מעהרערע גענטעס צוזאַמען זיינען דאַן געווען פערבונדען אין אַ פראַטהריע, אָבער שוין ווייניגער ענג פערבונדען. אָבער אויך אין דער פראַטהריע געפינען מיר געגענזייטיגע רעכטע און פליכטען, עהנ־ליך ווי אין דער גענס. בעזאָנדערס האָט די פראַטהריע געהאַט בשותפות געוויסע רעליגיעזע צערעמאָניעס און ווען אַ פראַטאָר, אַ ברודער פון דער פראַטהריע, איז געטויטעט געוואָרען, האָבען אַלע פראַטהריע־ברידער געהאַט דאָס רעכט צו פערפאָלגען דעם מערדער. און אַלע פראַטהריען פון אַ שטאַם האָבען וויעדער געהאַט געוויסע ימים טובים פון גאַנצען שטאַם, הייליגע טעג, רעגעלמעסיג אין גע־וויסע טעג פון יאָהר. דער אָנפיהרער פון די צערעמאָניעס דערביי איז געווען אַ שטאַם־פאָרשטעהער, וואָס איז אָנגערופען געוואָרען פילאָבאַזילעאוס. ער איז געוועהלט געוואָרען פון די אדעליגע (איי פאַטרידען).

אזוי ערקלערט דער היסטאָריקער גראָטע. און מארקס זאָגט דער־צו: „דורך די גריכישע גענס קוקט דורך דער ווילדער (איראָקעז צום ביישפיעל) און מען קען איהם דייטליך דערקענען". דאָס הייסט, אַז עס איז לייכט צו דערקענען אין דיעזע איינריכטונגען פון די פערצייטיגע גריכען דיזעלבע איינריכטונגען פון די ווילדע אינדיאַנער אין אַמעריקא. און נאָך דייטליכער זעהט זיך אָן די גלייכקייט ווען מיר אונטערזוכען אביסעל וויטער און געפינען, אַז חוץ די אויס־גערעכענטע 6 זאַכען, האָבען די גריכישע גענטעס נאָך געהאַט פאָל־גענדע זאַכען געמיינשאַפטליך:

7. אַלע מיטגליעדער פון די גענס האָבען זיך גערעכענט פון איין אָבשטאַמונג נאָך פאָטער־רעכט.

8. עס איז געווען פערבאָטען צו הייראַטהען אין די גענס, סיי־דען אין פאַל פון יורש'טעס. דאָס וואָס דיעזע אויסנאַהמע איז גע־וועזען אוועקגעשטעלט אַלס געבאָט, בעווייזט, אַז חוץ ביי אַזאַ אויסנאַה־מע — ביי אַ יורש'טע — איז וויטער בעשטאַנען דער אַלטער רע־געל, אַז מען האָט חתונה געהאַט נאָר פון אַ פרעמדע גענס. אויך

קען מען דאָס זעהען פון דעם, וואָס עס איז געווען ביי די גריכען א כלל, אז ווען א פרוי הייראטה, קומט איהר שוין ניט צו האלטען די רעליגיעזע ריטוסען פון איהר גענס נאָר זי געהט אריבער אין די רע־ליגיעזע געמיינשאפט פון איהר מאַן. אין זיין פראטהריע איז זי אויך איינגעשריעבען געוואָרען. דאָס צייגט, אז אין רעגעל האָט מען גע־הייראטה פון אויסערהאלב די אייגענע גענס. אויך זעהט מען דאָס ארויס פון א געוויסען בעריהמטען אָרט אין די שריפטען פון דיקע־אַרקוס. און דער גריכישער קענער בעקער נעהמט נאָך גאָר אָן, אז עס איז געווען יעדען פערבאָטען צו הייראטען אין די אייגענע גענס, סיי־דען פאר יורש'טעס.

9. יעדע גענס האָט געהאט דאָס רעכט אָנצונעהמען א פרעמ־דען און צו מאַכען איהם פאר א גענס־מיטגליעד. דאָס איז געשעהען דורך דעם וואָס א פאמיליע פון די גענס האָט איהם אויפגענומען אין זיך, אָבער נאָר מיט עפענטליכע פאָרמאליטעטען. און געטראָפען האָט דאָס זעלטען, אלס אַן אויסנאַהמע.

10. די מיטגליעדער פון דער גענס האָבען געהאט דאָס רעכט צו וועהלען און אראָבצוזעצען די פאָרשטעהער. אז יעדע גענס האָט געהאט איהר אַרכאָן, ווייסען מיר. אז דער אַרכאָן זאָל האָבען גע־ירשה'ט זיין אַמט, געפינט מען אין ערגעץ ניט. אז אַן אַמט פון א הערשער זאָל איבערגעהן בירושה און דער יורש זאָל געבאָרען ווערען מיט דעם רעכט צו הערשען, — דאָס, מעג מען אָננעהמען, האָט ניט עקזיסטירט ביז נאָהענט צו די ענדע פון באַרבאַריי. ביי די צושטענדע וואו רייכע און אָרעמע האָבען געהאט אין דער גענס פאָלקאָמען גלייכע רעכטע, איז געווען גאַנץ אונמעגליך, אז עס זאָלען זיין הערשער פון געבורט.

אלע ביזאהעריגע שרייבער פון פארצייטיגע גריכישע געשיכטע האָבען געהאט א טעות וועגען דעם, וואָס די גענס איז אזוינס געווען. א טייל פון איהרע אייגענשאפטען האָבען זיי ריכטיג בעשריעבען, אָבער זיי האָבען זיך אלע איינגערעדט, אז א גענס איז געווען א **ג ר ו פ ע פ ו ן פ א מ י ל י ע ן**. דערמיט האָבען זיי זיך אונ־מעגליך געמאַכט צו פערשטעהן די נאַטור און די אָבשטאַמונג פון די גענס. דעם טעות האָט געמאַכט ניט נאָר גראָטע, נאָר אויך ניעהבור, מאָמזען און אלע שרייבער איבער די קלאַסישע געשיכטע

פון אלטערטהום. דער אמת איז, אז די פאמיליע איז אונטער די געגטיל־איינריכטונגען קיינמאל ניט געווען קיין ארגאניזאציאנס־איינ־היים. זי האט דאס ניט געקענט זיין, ווייל מאן און ווייב האבען גע־מוזט געהערען צו צוויי פערשיעדענע גענטס. די גענס איז אין גאנצען אריינגעגאנגען אין דער פראטהריע, די פראטהריע אין דעם שטאם, אבער די פאמיליע איז ניט אין גאנצען אריינגעגאנגען אין די גענס, דען זי האט געהערט האלב אין די גענס פון די פרוי און האלב אין די גענס פון דעם מאן.

די מיינונג, אלזא, אז די איינצעלנע פאמיליע פון איין מאן מיט איין ווייב איז די קערנדיל, די יאדרע, פון די גאנצע מענשליכע גע־זעלשאפט און דעם שטאאט, וועלכע האבען זיך ארומגעקליבען ארום דעם קערענדיל — דיעזע מיינונג איז אבזורד (אן אונזין). כאטש די גאנצע ביז־אהעריגע געשיכטס־שרייבונג איז בעגרינדעט אויף אזא מיינונג. מען האט זיך איינגערעדט, אז וועגען דיעזער מיינונג איז שוין גאר ניטא וואס צו קלערען. בעזאנדערס האט מען זיך אזוי איינגערעדט אין 18טען יאהרהונדערט. ווי אזוי קען די מאנאגאמע איינצעלפאמיליע זיין דער קערענדיל פון דער געזעלשאפט, ווען אזא סארט פאמיליע האט ערשט אנגעהויבען צו זיין אין דער ציוויליזא־ציאן, קוים עטוואס פריהער, א געזעלשאפט אבער האבען מענשען שוין געהאט א סך פריהער. ניין, די איינצעלנע מאנאגאמע פאמיליע איז ניט געווען די איינהייט פון דער געזעלשאפט. דער פאקט איז, אז דער שטאאט אנערקענט אויך ניט די פאמיליע אין עפענטליכען רעכט אלס א בעזונדערע אבטהיילונג פון שטאאט. ביז׳ן היינטיגען טאג עקזיסטירט די פאמיליע נאר פאר דעם פריוואט־רעכט. („אין עפענטליכען רעכט" מיינט מען דא אין די מלוכה־איינריכטונג. די רעגיערונג רעכענט זיך, למשל, מיט די גובערניע, אויעזד (פאוויאט, אין אמעריקא קאונטי) און געמיינדע, ד. ה. די שטאדט אדער דארף, אלס אבטהיילונגען פון די מלוכה. די געמיינדע איז שוין די לעצטע איינהייט פון די מלוכה. די פאמיליע איז ניט ווי אן ארט בעזונדערע „גובערניעלע" אין שטאדט. די שטאדט רעכענט זיך ניט מיט פא־מיליען, נאר מיט איינצעלנע דערוואקסענע מענשען. דער פאמיליען־פאטער איז ניט קיין קליינער „גובערנאטאריל", מיט וועמען די רע־גיערונג זאל זיך רעכענען, אלס דעם פארשטעהער פון דער פאמיליע.

אַט דאָס מיינט מען, אַז „אין עפּענטליכען רעכט“ עקזיסטירט די פאַ־מיליע פאַר די מלוכה ניט. אין פּריוואַט־רעכט יא, דאָס הייסט, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען פאַמיליען־אייגענטהום אָדער אַנדערע פּרי־וואַט־זאַכען. — איבערז.)

דער קערענדיל פון דער מענשליכער געזעלשאַפט איז געווען, ניט די איינצעל־פאַמיליע, נאָר די גענס.

פון וואַנען האָט זיך אָבער די גענס גענומען? אין די גריכישע גענטעס זיינען די מיטגליעדער קיין בלוטס־פערוואַנדטע שוין ניט גע־ווען, זיי האָבען זיך בלויז גע׳יחסנ׳ט, אַז זיי שטאַמען פון איין „גאָט“, וועלכער איז געווען זייער ערשטער פאָטער. די פאָרשער אין די אַלטע גריכישע געשיכטע האָבען דארום זיך געפּלאָנטערט און ניט געקענט ריכטיג פערשטעהן, פון וואַנען האָט זיך אין אמת׳ן גענומען אַ גענס. נאַטירליך בעטראַכטען זיי דאָך די אָבשטאַמונג פון איין „גאָט“ אַלס אַ מיטהאָלאָגישע פאַנטאַזיע, אַלזאָ ווייסען זיי ניט ריכ־טיג צו ערקלערען, ווי אַזוי האָט פון ניט־פערוואַנדטע פאַמיליעס גע־קענט ווערען איין גענס. אָבער מאָרגאַן׳ס אויספאָרשונגען אין די איינריכטונגען פון די אינדיאַנער האָבען דאָס ערקלערט. ווי מיר האָבען געזעהען, איז ביי די אינדיאַנער געוואָרען איינגעפיהרט אַז די גאַנצע משפחה פון אַלע וואָס זיינען ארויסגעקומען פון איין מוטער האָבען זיך געמוזט היטען ניט חתונה צו האָבען אין דיזעלבע משפחה. צו דעם צוועק האָבען זיי זיך געמוזט האַלטען אַלס אַ בעזונדערער פאַמיליען־קרוזשאָק. דערפון איז דאָס געוואָרען די גענס, בעהויפּטעט מאָרגאַן. פריהער האָבען די מיטגליעדער פון דיעזען קרוזשאָק זיך פּשוט אַלע גערופען ברידער און שוועסטער, וואָס זיי זיינען אַמאָל ווירקליך געווען, ווייל אַלע מאַמעס אין דער גענס זיינען אַמאָל גע־ווען די ווייבער פון אַלע טאַטעס. ווען דאָס איז אונטערגעגאַנגען, האָבען זיך נאָך אַלץ די געשוועסטער־קינדער פון דער מוטער׳ס צד גערופען שוועסטער און ברידער אין דיעזער פערוואַנדשאַפט. פון קינדרוויים אויף האָבען אַלזאָ די קינדער פון איין גענס געלערנט וויסען, ווער עס געהערט צו זייער גענס. זיי האָבען דאָך געהערט ווען זייערע עלטערען רופען ברידער און שוועסטער. ווען עס האָט זיך ענטוויקעלט די מאָנאָגאַמישע פאַמיליע, איז פערגעסען געוואָרען די געוואוינהייט אַז געשוועסטער־קינדער זאָלען זיך רופען שוועסטער־

און ברידער. אָבער געבליבען איז אַ נאָמען פון יעדע גענס. יעדער מענש האָט געהאַט, אַ חוץ זיין אייגענעם נאָמען, אַ גענס־נאָמען, אַזוי ווי היינט אַ פאַמיליען־נאָמען. מיט דער צייט האָבען זיך פון דער ערשטער גענס אָבגעצווייגט ווייטע פאַמיליען־צווייגען און מען האָט ניט מעהר געקענט בעווייזען, אַז ווען מען איז פון איין גענס איז מען בלוטס־פערוואַנדטע, חוץ אין זעלטענע פעלע. בלויז דער גענס־נאָמען אַליין איז געבליבען דער בעווייז, און דער זיכערער בע־ווייז, אַז מען שטאַמט פון איין אָבשטאַמונג. חוץ וואָס מען האָט אַמאָל אָנגענומען אַ פרעמדען און איהם געמאַכט פאַר אַ מיטגליעד פון די גענס.

די פאָרשער אין די גריכישע היסטאָריע, ווי דער אויבען־דער־מאָנטער גראָטע, האָבען אַלזאָ ניט פערשטאַנען וואָס דאָ איז. זע־הענדיג אַז עס זיינען געווען גענס, וואָס זיינען אין אמת'ן ניט געווען קיין פערוואַנדטע צווישען זיך, נאָר זיי האָבען זיך גע'יחסן'ט אַז זיי קומען אַרויס פון איין גאָט, האָבען דיעזע פאָרשער געמיינט, אַז דיעזע גענס זיינען אויסגעטראַכטע פעראייניגונגען, לויט מיטהאָלאָגי־שע פאַנטאַזיעס. עס וואָלט אַלזאָ אויסגעקומען, אַז אַ געזעלשאַפט־ליכע איינריכטונג איז דאָ ענטשטאַנען פון דעם גלויבען. אַזאַ מיי־נונג, זאָגט מאַרקס, פּאַסט ריכטיג פאַר די „אידעאַלע“ געלערנטע, דאָס הייסט אַזעלכע, וואָס נעהמען זייערע געדאַנקען ניט פון דער ווירקליכקייט, נאָר פון זייער קאָפּ, לויט ווי עס קומט זיי פאַר זיצענ־דיג צווישען די פיער ווענט פון זייער שטודיר־שטוב. אין אמת'ן אָבער איז עס אין דער וועלט ניט אַזוי: די איינריכטונגען פון די מענשען קומען ניט אַרויס פון זייערע גלויבערייען און פאַנטאַזיעס, נאָר פערקעהרט, זייערע גלויבערייען און פאַנטאַזיעס קומען אַרויס פון זייערע איינריכטונגען. און זייערע איינריכטונגען קומען אַרויס פון ווירקליכע מאַטעריעלע בעדירפניסע. אַזוי איז עס אויך מיט די גענטעס. זיי זיינען אַרויסגעקומען פון ווירקליכע פערוואַנדשאַפט, אונטער אַזעלכע אומשטענדען, וואו אַזאַ פערוואַנדשאַפטס־קרייז איז געווען אַ נויטווענדיגקייט. נאָר מיט דער צייט, בעזאָנדערס ווען מאָנאָגאַמיע האָט זיך ענטוויקעלט, איז די פערוואַנדשאַפט פערמישט געוואָרען און די געמיינשאַפטליכע אָבשטאַמונג פון די מענשען פון איין גענס איז געוואָרען אַ לאַנג־פערגאַנגענע זאַך, האָט עס אויסגע־

זעהען, אז א גענס איז ניט מעהר ווי א מיטהאָלאָגישע זאַך, וואָס קומט פון גלויבענס־פאַנטאַזיעס.

(א גוטען ביישפּיעל דערצו האָבען מיר ביי אידען מיט דער „כהונה“. היינט זיינען אַלע כהנים שוין לאַנג ניט מעהר קיין קרובים. א כהן קען האָבען כמעט בלויז ניט־כהנים פאַר קרובים און זעהר וועניג כהנים פערוואַנדטע. דאָך, אין וועלכע משפחה א כהן זאָל זיך ניט געפינען, רעכענט ער זיך נאָך אַלץ פאַר איינעם וואָס געהער צו די כהנים. היינט איז דאָס שוין ניט מעהר ווי א רעליגיעזע זאַך, פערבונדען מט אבערגלויבען. דאָס איז דערפאַר, ווייל די ווירקליכע פערוואַנדשאַפט פון די כהנים צווישען זיך, אַלס די וואָס קומען אַרויס פון איין משפחה, איז שוין זעהר א וויטע פערגאַנגענהייט און שוין לאַנג פערגעסען. און זיי יחס'ענען זיך אַלס קינדער פון איין געטליכען מאַן, אהרן הכהן. אָבער עס איז זיכער, אז אַמאָל זיינען אַלע כהנים ווירקליך געוועזען איין משפחה. די כהנים־געמיינשאַפט היינט ביי אידען איז א ביסעל עהנליך צו די גענס ביי די פּאַרציי־טיגע גריכען. זיי האָבען דאָך אויך אייגענע רעליגיעזע צערעמאָ־ניעס, ווי דוכענען, אויסהיטען זיך פון מתים, א. ז. וו. די גענטס האָבען אָבער געהאַט א סך וועלטליכע געמיינשאַפטליכקייטען אויך, ווי מיר האָבען אויבען געזעהען. — איבערז.)

די פראַטהריע ווידער, ביי די פּאַרצייטיגע גריכען, איז געוועזען אַן אַלטע גענס, וואָס איז מיט דער צייט צושפּאָלטען געוואָרען אין מעהרערע נייע גענטעס, אויך פּונקט ווי ביי די אינדיאַנער אין אַמע־ריקא. די נייע גענטעס זיינען געוואָרען קלענערע און זיי אַלע צו־זאַמען זיינען איין פראַטריע. די גאַנצע פראַטריע האָט זיך אָפּט נאָך גע'יחסן'ט אַלס שטאַמענדיג פון איין פאָטער. מיט דער צייט איז דיעזער ערשטער פאָטער פון דער פראַטריע אויך געוואָרען א גאָט. דער טייטש פון דעם וואָרט פראַטריע איז ברודערשאַפט. שטאַמענדיג פון איין פאָטער זיינען אַלע גענטעס פון איין פראַטריע ווירקליך געוועזען ברודער־גענטעס.

אַמאָל איז א פראַטריע געוועזען א מיליטערישע איינהייט. דאָס הייסט, ווען זיי זיינען געגאַנגען אין מלחמה, איז די פראַטריע געגאַנ־גען אַלס א בעזאָנדערער פאָלק. נאָך אין די ליעדער פון האָמער קומט פאַר די פראַטריע אַלס מיליטערישע איינהייט. דאָס איז אויך דעם

בעריהמטען פּלאַץ, וואו נעסטאָר ראטה אַגאַמעמנאָן: „שטעל אויס די מענער נאָך שטאַמען און נאָך פראַטריען, אַז איין פראַטריע זאָל בײשטעהן די אַנדערע און איין שטאַם דעם אַנדערן". (דאָס דערמאָנט אָן די וואַנדערונגען פון די אידען אין דער מדבר, וואו זיי זיינען אויך אויך אויסגעשטעלט געוואָרען און האָבען מאַרשירט לויט נאָך משפּחות, „בתי אבות (גענטס?) און שבטים, יעדע מיט אַ בעזונדערע פאָהן. במדבר א'. — איבערז.) וויטער האָט די פראַטריע דאָס רעכט און די פליכט צו נעהמען ראַכע פאַר דעם בלוט פון אַ פראַטאָר, וואָס איז פערגאָסען געוואָרען (אויך ביי אידען. דער קרוב פון דעם ערמאָרדעטען איז געווען זיין „גואל הדם", דער אויסלייזער פון זיין בלוט, דער ראַכע-נעהמער. דברים י"ט. — איבערז.) פריהער האָט די פראַטריע געמוזט נעהמען ראַכע. זי האָט עס ניט געטאָרט שענקען.

וויטער האָט אויך די פראַטריע געהאַט געמיינשאַפטליכע הייליגטהימער און פעסטליכקייטען. די גאַנצע גריכישע מיטהאָלאָגיע האָט זיך נאָר דורך די גענטעס און פראַטריען, און אין זיי, געקענט ענטוויקלען פון די אַלט-אַרישע נאַטור-רעליגיאָן, וועלכע די עלטערן פון די גריכען האָבען מיטגעבראַכט ביי זייער איינוואַנדערונג אין גריכענלאַנד. וויטער האָט די פראַטריע געהאַט אַ פאָרשטעהער, „פראַטריאַרכאָס". און אַ טהייל געשיכטספאָרשער ערקלערען, אַז די פראַטריע האָט אויך געהאַט פערזאַמלונגען און בעשליסע, וואָס אַלע האָבען געמוזט האַלטען, און געריכטען און פערוואַלטונג. ווען דער שטאַאַט איז שפּעטער אויפגעקומען, האָט ער זיך מיט די גענטעס גאָר ניט מעהר גערעכענט, אָבער די פראַטריע האָט ער געלאָזט בעשטעהן און בעזאָרגען געוויסע רעגיערונגס-אַמטען.

פון מעהרערע פערוואַנדטע פראַטריען בעשטעהט דער שטאַם.

אין אַטיקאַ (אַ פּראָווינץ פון גריכענלאַנד) זיינען געווען פיער שטאַמען, יעדער שטאַם פון דריי פראַטריען, יעדע פראַטריע פון דרייסיג גענטעס. אַזאַ פּינקטליכע איינטהיילונג צייגט, אַז דאָס איז איינגעפיהרט געוואָרען מיט אַ פּלאַן און מיט אויסרעכענונג. די אַלגעמיינע איינריכטונג פון אַזאַ איינטהיילונג, איז, ווי מיר האָבען געזעהען, ענטשטאַנען אינסטינקטיוו, פון דער נאַטור, נאָר אין דיעזע נאַטירליכע אָרדנונג האָבען מענשען דערנאָך אַריינגעגעבען זייער פּלאַנ-

מעסיגע איינטיילונג. ווי אזוי און ווען און פאר וואס דאס איז געשעהען, וועגען דעם געפינט מען גאר ניט אין די גריכישע געשיכטע. די גריכען אליין האבען גאר ניט מעהר געוואוסט פון זייער געשיכטע פריהער ווי זייער העראען־צייט.

ביי די אמעריקאנער אינדיאנער האבען זיך ענטוויקעלט מיט דער צייט פערשיעדענע דיאלעקטען פון דער שפראך ביי פערשיעדענע שבטים. ביי די גריכען איז דאס ווייניגער געשעהען, ווייל זיי זיינען געווען צוזאמענגעפרעסט אין א קליינעם שטיקעל לאנד, פערהעלטניס־מעסיג, וועהרענד די אינדיאנער זיינען געווען צושפרייט אין ווייטע וועלדער. דאך אויך ביי די גריכען געפינען מיר פערשיעדענע דיאלעקטען פון דער שפראך. און פעראייניגט צו א גרעסערע פערבינדונג פון שטאמען געפינען מיר נאר אזעלכע שטאמען, וואס רעדען א גלייכען דיאלעקט. און אפילו אין די קליינע פראווינץ אטיקא געפינען מיר א בעזאנדערן דיאלעקט, וועלכער איז שפעטער געווארען אין גריכענלאנד די הערשענדע הויפט־שפראכע פאר פראזא.

יעצט קומען מיר צו די פעראייניגונג פון שטאמען און פ ע ל ־ ק ע ר.

אין די ליעדער פון האמער געפינען מיר שוין די גריכישע שטאמען ס'רוב פעראייניגט צו קליינע פעלקערשאפטען; אבער אין דיעזע פעלקער זיינען נאך געבליבען גאנץ זעלבסטשטענדיג די גענטעס, פראטריען און שטאמען. זיי האבען דעמאלט שוין געוואוינט אין שטעדט בעפעסטיגט מיט מויערען. די צאהל נפשות איז ביי זיי געוואקסען צוזאמען מיט דער פערמעהרונג פון די סטאדעס בהמות, מיט דער אויסברייטונג פון פעלד־ארבייט און מיט די אנפאנגען פון האנדארבייט. דערמיט איז אויפגעקומען רייכקייט ביי א טייל מענשען און ביי אנדערע ארימקייט. דערפון האט זיך גענומען ענטוויקלען אן אריסטאקראטיע אין די פריהעריגע נאטירליכע דעמאקראטיע. די איינצעלנע פעלקערלעך האבען כסדר געפיהרט מלחמות איבער דעם בעזיץ פון די בעסטע שטיקער לאנד און מסתמא אויך כדי צו ראבעווען איינע ביי די אנדערע פון דעם אנגעקליבענעם רייכטום. אז די קריעגס־געפאנגענע זאלען ווערען שקלאפען איז דעמאלט שוין געווען אן אנערקענטע איינריכטונג.

די געזעלשאפטליכע איינריכטונג פון דיעזע שטאמען און קליינע פעלקעלעך איז אט אזעלכע:

1. די שטענדיגע בעהערדע (אנפיהרענדע בעאמטע) איז געווען דער ר א ט ה, „בולע" אויף גריכיש. אין אנפאנג איז דיעזער ראטה מסתמא געווען צוזאמענגעזעצט פון די גענטעס. שפעטער, ווען עס איז געווארען צו פיעל גענטעס, זיינען די מיטגליעדער פון דעם ראטה געווארען אויסגעוועהלט. דיעזע וואהל האט געגעבען געלעגענהייט עס זאל זיך אויסבילדען און שטארקען אן אריסטאקראטישער עלעמענט. מען געפינט אין די שריפטען פון דאניזיוס, פון יענער צייט, אז דער ראטה פון די העראען־צייט איז געווען צוזאמען־געזעצט פון די מיוחסים, „קראטיסטאי" האבען זיי זיך גערופען. איבער אלע פראגען פון וויכטיגע אנגעלעגענהייטען האט דיעזער ראטה ענטשיעדען און ווי זיי האבען גע'פסק'ענט האט שוין געמוזט בלייבען. מען געפינט, צום ביישפיעל, ביי עסקילאס, אז דער ראטה פון טהעבען בעשליסט צו געבען עטעאקלעס'ן אן עהרענפאלע קבורה, אבער דעם טויטען קערפער פון פאליניקעס ארויסצואווארפען פאר די הינט. ביי די אומשטענדען, ביי וועלכע דאס קומט פאר, איז דער בעשלוס ענטשיידענד.

ווען דער שטאאט איז נעגרינדעט געווארען, איז דיעזער ראטה איבערגעגאנגען אין דעם שפעטערען סענאט.

2. די פאלקס־פערזאמלונג („אגארא" אויף גריכיש) איז געווען אן אנדערער טהייל פון דיעזער איינריכטונג. ביי די איראקעזען האבען מיר געזעהען, ווי דאס פאלק, מענער און ווייבער, שטעהען ארום די ראטה־פערזאמלונג, רופען זיך אב אין ארדנונג און זאגען א מיינונג, און אויף אזא אופן האבען זיי איינפלוס אויף די בעשליסע פון דעם ראטה. ביי די גריכען פון האמער'ס צייט האט זיך דיעזער „אומשטאנד" (ווי אן אלט־דייטשער געריכטס־אויסדרוק רופט אן די מאסע מענשען וואס שטעהען ארום די פערזאמעלטע ריכטער) ענטוויקעלט צו א פאלשטענדיגע פאלקס־פערזאמלונג. אזוי איז עס אויך געווען ביי די דייטשען פון דער אור־צייט. דער ראטה אליין האט איינבערופען א פאלקס־פערזאמלונג, ווען עס איז נויטיג געווען צו ענטשיידען וויכטיגע אנגעלעגענהייטען. יעדער איינער האט געקענט נעהמען דאס ווארט ביי דער פאלקס־פערזאמלונג. די אבשטימונג

איז געשעהען דורך אויפהויבען די הענד (ווי מען געפינט אין די שריפט „שוץ־בעטערס“ פון עקילעס) אָדער דורך צורופען. ווי דאָס פאָלק האָט אָבגעשטימט, אזוי האָט שוין געמוזט בלייבען. „אויב נאָר עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען אַ זאך, וואָס האָט געמוזט האָבען די מיטווירקונג פון פאָלק אז עס זאָל אויסגעפיהרט ווערען, איז ניט געווען קיין מיטעל מיט וואָס צו צווינגען דאָס פאָלק איבער געוואָלט דערצו; אין די שריפטען פון האָמער געפינט מען ניט דער־מאָנט קיין געוואַלט־מיטעל פון דער רעגיערונג איבער׳ן פאָלק“. אזוי בעמערקט שעמאַן אין זיין בוך „גריכישע אלטערטהימער“. דען אין דיעזער צייט, ווען יעדער דערוואקסענער מאנספערשוין אין שטאַם איז געווען אַ קריעגער, איז נאָך ניט געווען קיין עפענטליכע געוואַלט, אָבגעשיידעט פון פאָלק, וואָס זאָל קענען געשטעלט ווערען געגען דעם פאָלקס־ווילען. די איינפאכע דעמאָקראַטיע, ווי זיי איז ארויסגעוואַק־סען פון נאַטור, איז נאָך דעמאָלט געשטאַנען אין פולער בליהונג. דאָס מוז מען האָבען אין זינען, ווען מען וויל ריכטיג פערשטעהן די מאכט פון דעם ראַטה און אויך פון דעם „באַזילעאוס“.

3. דער באַזילעוס איז געווען נאָך אַ טייל פון יענער געזעלשאַפטליכער איינריכטונג. אין די אַלטע גריכישע שריפטען ווערט אָפט גערעדט פון אַ באַזילעוס. די פאָרשער און די אַלטע גריכישע געשיכטע האָבען דאָס פערטייטשט — קעניג. אַלזאָ, קומט אויס, אַז מענשען האָבען אַלע מאָל געהאַט אַ קעניג. אָבער דאָס איז זעהר פאַלש. קיין קעניג איז דעמאָלט נאָך לאַנג ניט געווען. קאַרל מאַרקס זאָגט וועגען דעם: „די אייראָפּעאישע געלעהרטע, כ׳רוב געבוירענע בעדיענטע פון די פירשטען, מאַכען פון דעם באַזי־לעאוס אַ מאָנאַרך (קעניג) אין דעם היינטיגען זין. ראַגעגען דער יענקי־רעפּובליקאַנער מאָרגאַן בעווייזט די פאַלשקייט דערפון. ער זאָגט זעהר איראָניש, אָבער ריכטיג וועגען דעם, וואָס גלעדסטאָן שרייבט אין זיין „וועלט־יוגענד“: „מיסטער גלעדסטאָן שטעלט אונז פאָר די גריכישע הויפּטלינגע פון די העראָען־צייט אַלס קעניגע און פירשטען, מיט דעם צוגאָב, אַז זיי זיינען אויך דזשענטעלליים. אָבער אַליין מוז ער צוגעבען, אַז מען געפינט ניט דייטליך אין די אַלטע גריכישע שריפטען, אַז דער עלטסטער זוהן פון אַ באַזילעאוס זאָל האָ־

בען געהאט בירושה דאס רעכט צו זיין א באזילעאוס נאכ'ן פאטער'ס טויט."

דער אמת איז, אז דער באזילעאוס איז ניט מעהר געווען ווי דער אנפיהרער פון די מחנות אין קריעג. ביי די אינדיאנער האבען מיר געזעהען, ווי ווייט די פארשטעהערס האבען געהאט בירושה זייער רעכט אלס פארשטעהערס. אלע אמטען, האבען מיר געזעהען, זיינען געווען ביי די אינדיאנער וואהל־אמטען, ס'רוב האט מען די בעאמטע אימער אויסגעקליעבען פון איין געוויסע גענס. אזוי ווייט ווי איין געוויסע גענס האט אימער אויסגעקליעבען געוויסע בעאמטע, איז דאס רעכט אויף דיעזען אמט געווען א ירושה־רעכט פון דער גענס. ביס־לעכווייז איז עס געווארען אלץ מעהר א מנהג, אז ביי די וואהל פון א נייעם פארשטעהער האט מען פארגעצויגען דעם נאהענטסטען גענטיל־פערוואנדעטען לויט מוטער־רעכט — דעם ברודער אדער שוועסטערס־זוהן — פון דעם פריהערדיגען פארשטעהער, אין פאל עס זיינען ניט געווען קיין גוטע אורזאכען אויסצוקלייבען אן אנדערען. ביי די גרי־כען האט שוין געהערשט דאס פאטער־רעכט, דעריבער, ווען מען האט געוועהלט א נייעם פארשטעהער, האט מען אפט אויסגעקליעבען דעם זוהן אדער איינעם פון די זיהן פון דעם פריהערדיגען. אבער דאס ציינט נאר, אז דער זוהן האט געהאט בעסערע אויסזיכט געוועהלט צו ווערען, ניט אבער אז ער איז צו זיין אמט געקומען בירושה אהן פאלקס־וואהל. דאס וואס מען האט פארגעצויגען אויסצוקלייבען דעם נאהענטסטען קרוב פון דעם פריהעריגען פארשטעהער איז בלויז גע־זוען די ערשטע ארויסשפראצונג פון אדעלס־פאמיליען אינערהאלב פון די גענטעס. און ביי די גריכען איז דערפון שפעטער ארויסגעוואק־סען די איינפיהרונג, אז דער אנפיהרער האט גע'ירשה'נט זיין אמט, אדער די מאנארכיע. עס איז דארום וואהרשיינליך אנצונעהמען, אז ביי די גריכען איז דער באזילעאוס געווען ערוועהלט פון פאלק אדער וועניגסטענס בעשטעטיגט פון דעם ראטה, אדער פון די אגארא, ווי דאס איז געווען מיט די רוימישע ר ע ק ס, וועלכע מען פערטייטשט אויף פאלש קעניגע.

אין דעם האמערישען ליעד איליאס איז גערעדט פון א מענער־בעהערשער אגאמעמנאן, אבער ער איז ניט געמאהלען ווי דער אויי־בערשטער קעניג פון די גריכען, נאר אלס דער אויבערשטער בעפעהל־

האָבער פון די מיליטער פון די פערבינדעטע שטאַמען פאַר אַ בעלאַ־נערטע שטאָדט. דאָרט ווערט פאַרגעשטעלט, ווי אַ שטרייט ברעכט אויס צווישען די גריכען און אַדיסעאוס זאָגט זיי מוסר מיט די בעריהמטע ווערטער: „עס איז ניט גוט אַ סך זאָלען קאָמאַנדירען, אייגער דאַרף זיין דער, וואָס האָט צו בעפעהלען" א. ז. וו. דאָס מיינט אָבער אויך ניט, אז דער איינער, וואָס האָט צו בעפעהלען, איז אַ קעניג: די רייד איז פון דעם מיליטער־קאָמאַנדיר. (ווייטער קומט דאָרטען אפילו דער בעליעבטער פערז וועגען דעם ס צ ע פ ט ע ר, אָבער דאָס איז שפּעטער צוגעשריעבען געוואָרען). מאַרקס זאָגט צו דעם: „אַדיסעאוס האלט דאָ ניט קיין לעקטשור וועגען די בעסטע פאָרמע פון רעגיערונג, נאָר ער פערלאַנגט געהאָרכזאַמקייט צו דעם אויבערשטען קאָמאַנדיר אין קריעג. די גריכען זיינען דאָ נאָר פאָר־געשטעלט אלס מיליטער־מחנה פאר די שטאָדט טראָיא. דאָך געהט עס ביי זיי צו דעמאָקראַטיש געגוג אין דער אגאָרא. ווען עקילעס רעדט פון מתנות, דאָס הייסט וועגען פערטיילונג פון די קריעגסרויב, שטעלט ער קיינמאָל ניט פאָר, אז דער פערטיילער איז אגאַמעמנאָן אָדער אָן אַנדערער באזילעאוס, נאָר אימער „די זיהן פון די אַקעער", דאָס הייסט דאָס פאָלק. ער זאָגט אפילו דערביי: „די זיהן פון די אַקעער וואָס זיינען געבוירען פון צעאוס און געהאָדעוועט פון צעאוס" (דעם אויבער גאָט). אָבער דאָס בעווייזט ניט, אז ער רעדט דאָ בלויז פון ג ע ק ל י ע ב ע נ ע זיהן פון די אַקעער, פון קעניגע אָדער פירשטען, ווייל ער זאָגט אז זיי זיינען געבוירען און געהאָדעוועט פון דעם אויבערגאָט — דען יעדע געגס האָט אָבגעשטאַמט פון אַ „גאָט", און די געגס פון דעם הויפּטמאַן פון דעם שטאַם איז ארויסגעקומען פון אַ „פאָרנעהמערען" גאָט, איז עס דאָ געווען צעאוס. — קורץ, דאָס וואָרט „באזילעיא" בעדייטעט ניט קעניגטהום, ווי די גריכישע שריפטשטעלער ווילען האָבען, ווייל דער באזילעאוס איז דער פיהרער פון די מחנות, נאָר דאָס בעדייטעט — מיליטערישע דעמאָקראַטיע". (מאַרקס).

עטהימאָלאָגיש (לויט נאָך די אָבשטאַמונג פון דעם וואָרט אין דער שפּראַך) איז אפילו גאַנץ ריכטיג איבערצוזעצען דאָס וואָרט באַזילעאוס — קעניג. דען קעניג שטאַמט פון דעם אלט־דייטשען וואָרט ק ו נ י נ ג, וואָס דאָס קומט פון ק ו נ י י ק י נ נ ע, דאָס הייסט

(לויט די אַמאָליגע בעדייטונג פון דעם וואָרט) פאַרשטעהער פון אַ געגנט. און דאָס זעלבע איז אויך געווען דער באַזילעאוס ביי די גריכען. אָבער וואָס היינט הייסט אַ קעניג איז קיין שום עהנליכקייט ניט צו דעם פּאַרציייטיגען באַזילעאוס. דער באַזילעאוס איז נאָר געווען דער אָנפיהרער פון די מחנה אין קריעג. ווייטער האָט ער געהאַט דעם אַמט פון אַ פּריסטער און פון אַ ריכטער. ווי ווייט און ביי וועלכע געלעגענהייטען ער איז געווען ריכטער, איז ניט גענוי בעשטימט. און פּריסטער איז ער געווען אלס דער אויבערשטער פערטרעטער פון דעם שטאַם, אָדער פון דעם בונד פון שטאַמען. אַז ער זאָל האָבען געהאַט דאָס רעכט צו בעפעהלען איבער בירגערליכע פערוואַלטענדע אַנגעלעגענהייטען, געפינט מען אין ערגעץ ניט. עס שיינט אָבער, אַז דורך זיין אַמט איז ער געווען מיטגליעד פון דעם ראַטה.

אויך אַריסטאָטעלעס זאָגט, אַז די באַזילעיא פון די העראָען־צייט איז געווען אַן אָנפיהרערשאַפט איבער פרייע און דער באַזילעאוס איז געווען אַ מחנה־פיהרער, ריכטער און אָבער־פּריסטער. רעגיערונגס־געוואַלט אין דעם זין פון שפּעטערע איינריכטונגען האָט ער אַלזאָ ניט געהאַט.

ביי די אַזטעקען, די מענשען וואָס מען האָט געפונען אין מעקסיקאָ ווען אַמעריקאַ איז ענטדעקט געוואָרען, איז אויך געווען אַ מחנה־פיהרער און אויך איהם וויל מען פערגלייכען צו אַ קעניג ווי אין הייבטיגע צייטען. די בעשרייבונגען וועגען די אַזטעקען קומען פון די שפּאַניער, וועלכע האָבען זיי איינגענומען. זייערע בעריכטען וועגען יענע מענשען זיינען פריהער געווען איבערטריעבען און ניט פערשטאַנען און שפּעטער גלאַט ליגענס. מאָרגאַן האָט צום ערשטען מאָל אונטערוואָרפען דיעזע בעריכטען אונטער היסטאָרישע קריטיק. ער בעווייזט, אַז די אַזטעקען זיינען געשטאַנען אויף די מיטעל־שטופע פון באַרבאַריי און אַז זייערע איינריכטונגען — אַזוי ווייט ווי מען קען זיי אַרויסזעהען פון די שפּאַנישע געפעלשטע בעריכטען, — זיינען געווען געפּאַסט צו אַזאַ צושטאַנד. זיי האָבען געהאַט אַ בונד פון דריי שטאַמען, איינינע פרעמדע שטאַמען זיינען געווען צו דעם בונד אונטערוואָרפען, און דיעזער בונד איז רעגיערט געוואָרען פון אַ בונדעס־ראַטה און אַן אויבערשטען אָנפיהרער פון די מחנות פון בונד

אין צייט פון קריעג. פון דיזען אויבערשטען אָנפיהרער פון די מחנות האָבען די שפּאַניער געמאַכט א „קייסער".

אַלזאָ, צוריקקעהרענדיג זיך צו די גריכען: מיר זעהען אין די איינריכטונגען פון דער גריכישער העראָען־צייט די אַלטע גענטיל־אָרגאַניזאַציאָן נאָך אין לעבעדיגער קראַפט, אָבער אויך שוין דעם אָנפאַנג פון איהר אונטערגראָבונג: דאָרט איז שוין דאָ פאַטער־רעכט מיט דער איינפיהרונג, אז דעם פאַטער'ס פערמעגען געהט איבער בירושה צו די קינדער. דאָס גיט דער פאַמיליע א גוטע געלעגענהייט אָנצוקלייבען עשירות פאר זיך, ניט מעהר אלס שותפות־אייגענטהום פון די גענס, און דורך דעם קריעגט די פאַמיליע א מאַכט געגען די גענס. און דאָ זעהען מיר שוין אויך, ווי די פערשיעדענהייט אין רייכטהום ווירקט, אז די גאַנצע געזעלשאַפטליכע איינריכטונג הייבט זיך אָן צו פערענדערען, דען עס ציינען זיך די ערשטע ארויסשפּראָ־צונגען פון א ירושה־אדעל און קעניגטהום. עס צייגט זיך שוין אויך שקלאַפעריי, קודם נאָך בלויז פון קריעגס־געפאַנגענע, אָבער שוין עפּענט דאָס אָן אויסזיכט אויף פערשקלאַפונג פון מענשען פון אייגע־נעם שטאַם און אפילו פון דער אייגענער גענס. דער אַלטער קריעג פון שטאַם געגען שטאַם ווערט שוין דאָ פערוואַנדעלט אין א סיסטע־מאַטישע רויבעריי אויף דער יבשה און אויפ'ן ים אום צו כאַפּען בהמות, שקלאַפען, אוצרות, אַלס א רעגעלמעסיגע בעשעפטיגונג. קורץ, עשירות ווערט שוין געשעצט און געאַכטעט אַלס דאָס העכסטע און די אַלטע גענטיל־אָרדנונגען ווערען מיסברויכט אום צו רעכטפערטיגען דעם געוואַלטזאַמען רויב פון רייכטהימער.

און דאָ האָט שוין נאָר געפעהלט נאָך איין זאַך: עס האָט גע־פעהלט אן איינריכטונג, וואָס זאָל בעשיצען די נאָר־וואָס אָנגעקליע־בענע עשירות'ן פון די איינצעלנע. פון אַלטע געוואוינהייט זיינען די מענשען ניט געווען געניינט צו האָבען דרך־ארץ פאר פּריוואַט־אייגענטהומס־רעכט. פון אַלטע צייטען זיינען זיי געוואוינט געווען מיט קאָמוניסטישע שותפות־אייגענטהום פון דער גענס. אַלזאָ, איז דער נייער פּריוואַט־אייגענטהימער ניט זיכער געווען מיט זיין פער־מעגען, אז די מענשען זאָלען ניט, אוים אַלטער קאָמוניסטישער גע־וואוינהייט, זיך וועלען נעהמען דערפון וויפיעל זיי האָבען חשק. דעריי־בער האָט דער אייגענטהימער געדאַרפט האָבען א נייע איינריכטונג.

וואָס זאָל זיין אייגענטהום בעשיצען און ערקלערען פאַר קודש קדשים דאָס פריוואט־אייגענטהום, וואָס איז פריהער אַזוי ווענינ געשעצט געווען. עס איז יעצט נייטיג געוואָרען אַ נייע איינריכטונג, וואָס זאָל ערקלערען דאָס הייליגע פריוואט־אייגענטהום פאַר דעם צוועק פון די גאַנצע מענשליכע געזעלשאַפט. און ניט נאָר דאָס אַליין; עס איז אויך נויטיג געוואָרען אַזאַ נייע איינריכטונג, וואָס זאָל אַרויפלייגען דעם שטעמפּעל פון אַלגעמיינע מענשליכע אַנערקענונג אויף אַלעס וואָס מענשען האָבען גענומען טהאָן אום אָנצוקלייבען עשירות פאַר זיך. וואָס ווייטער זיינען אַלץ אויפגעקומען נייע וועגען דערצו און דער פריוואט־רייכטהום ביי די רייכע האָט זיך אַלץ געשווינדער און געשווינדער פערמעהרט און די רייכע האָבען דעריבער נויטיג בעדאַרפט אַן איינריכטונג, וואָס זאָל זייער אייגענטהומס־רעכט פעסטיגען. זיי האָבען נייטיג געהאַט, אַז די נייע איינריכטונג זאָל פעסט איינשטע־לען די צוטהיילונג אין קלאַסען, רייכע און אָרימע, אַלס אַן אייביגע זאַך, און נאָך מעהר — עס זאָל אויך פעסטגעשטעלט ווערען דאָס רעכט פון די רייכע, פון די אייגענטהום־בעזיצענדע, אויסצונוצען און אויסצוזויגען די אָרימע, די ניט־בעזיצענדע, און זיי צו בעהערשען.

און אַזאַ איינריכטונג איז אויפגעקומען. דער שטאַאַט איז ערפונדען געוואָרען*).

*) דאָ זעהט דער לעזער דייטליך, וואס ענגעלס רופט אָן שטאַאַט. זיין גאַנצע בעמיהונג אין דיעזען קאַפּיטעל ציעלט צו מאַכען קלאָר, אַז די איינריכטונגען פון די גריכישע געזעלשאַפט אין די העראָען־צייט איז ניט געווען קיין שטאַאַט. אַלזאָ, כאָטש אין דיעזע איינריכטונגען זיי־נען געווען אויסגעקליעבענע פערטרעטער, אַ ראַטה וואָס האָט פערוואַלטעט קהל'שע זאַכען און ריכטער און געוויסע געזעצע א. ז. וו. — ווי ענגעלס ערקלעהרט אַליין — דאָך זאָגט ער, אַז דאָס איז אַלעס נאָך ניט געווען קיין שטאַאַט. פאַר וואָס? ווייל עס איז ניט געווען קיין בעזונדערע שטענ־דיגע הערשענדע קלאַסע, וואָס זאָל אונטערדריקען דאָס פאָלק. ערשט ווען אַזאַ געוואַלט־הערשונג איז איינגעפיהרט געוואָרען, ווי אויס־געדריקט אין די לעצטע שורות, הייסט דאָס ביי דעם פּראָפעסער אַ שטאַאַט. אָט אַזאַ שטאַאַט, פיהרט ער אויס ווייטער, וועט אין אַ סאָציאַליסטישע גע־זעלשאַפט „אָבשטאַרבען". אָבער בלייבען וועט אַ געזעלשאַפטס־אָרדנונג מיט פאָרשטעהער, מיט מאַיאָריטעטס־בעשלוס, מיט אויסגעוועהלטע פערטרעטער, מיט געזעצע וועגען געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען א. ז. וו. אַזוי ווי עס זיינען געווען אַזעלכע זאַכען — ווי מיר האָבען געזעהען — איידער עס איז אויפגעקומען דאָס, וואָס דער פּראָפעסער רופט שטאַאַט.

## 5. — ווי דער שטאַאַט איז אויפגעקומען.

אין די געשיכטען פון די פּאַרציימיגע אַטהען (אַן אבטהיילונג פון גריכענלאַנד) קענען מיר אַם בעסטען בעטראַכטען ווי עס איז ענטשטאַנען דער שטאַאַט, וויינינגסטענס זיין ערשטער אַנפאַנג. אין יענע געשיכטען קען מען אויסגעפינען, ווי דער שטאַאַט האָט זיך ענטוויקעלט מיט דעם, וואָס עס זיינען ביסלעכווייז אַבגעשאַפט געוואָרען די בעאַמטע און איינריכטונגען פון די גענטיל־אָרדנונג. אין אַנהייב זיינען זיי אַ טייל פערענדערט געוואָרען, אַ טייל ארויסגעשטופּט דורך נייע בעאַמטע און איינריכטונגען. און צום סוף זיינען דיעזע אַלטע גענטיל־איינריכטונגען אין גאַנצען אַוועק און ווירקליכע שטאַאַטס־רעגיערונגען האָבען פערנומען זייער פּלאַץ. פריהער איז דאָס פּאָלק אליין געווען אַ ווירקליכעס „פּאָלק אין וואָפען" און האָט זיך אַליין געשיצט אין זיינע גענטעס, פראַטריען און שטאַמען. אַנשטאַט דעם איז שפּעטער אויפגעקומען אַן „עפענטליכע געוואַלט", אַ מאַכט־איינריכטונג, וועלכע איז געווען אונטערוואָרפען אונטער די שטאַאַטס־רעגיערונג. דיעזע נייע מאַכט האָט אַלזאָ געקענט בענוצט ווערען אויך געגען דאָס פּאָלק אַליין. דאָס קען מען אַלעס ארויסזעהן פון די אַלטע געשיכטען פון אַטהען.

ווי די פאָרמען פון די איינריכטונגען האָבען זיך אומגעוואַנדעלט פון די גענטיל־אָרדנונגען אויף דעם שטאַאַט, דאָס האָט אין דער הויפּטזאַך מאָרגאַן אויסגעמאָלען. איך מוז אָבער דאָ צוגעבען אַ בעטראַכטונג, ווי דיעזע אומוואַנדלונגען אין די פאָרמען פון די געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען זיינען ארויסגעקומען פון עקאָנאָמישע ענדערונגען.

די אַטהענער זיינען געווען אַ פאָלק פון פיער שטאַמען. זיי האָבען געוואוינט אין דעם לאַנד אַטטיקאַ. אין די העראָען־צייט זיינען די פיער שטאַמען נאָך געזעסען אין פיער בעזונדערע געגענדען, אַבגעזונדערט איינע פון די אַנדערע. די פיער שטאַמען האָבען געהאַט צוזאַמען צוועלף פראַטריען. די פראַטריען זיינען געווען צושפּרייט

איבער אלע שטאמען. דאך האבען זיי, ווי עס שיינט, געהאט זייערע זיץ־פלעצער אין צוועלף בעזונדערע שטעדט פון קעקראפס. די איינריכטונג פון דער געזעלשאפט איז געוועזען די פון דער העראען־צייט: אלעס איז געפיהרט געווארען פון די פאלקס־פערזאמלונג, דעם פאלקס־ראטה און דעם באזילעאוס.

אזוי ווייט ווי די געשריבענע געשיכטע געהט, זיינען די פעלדער שוין געוועזען פערטיילט און איבערגעגאנגען אין פריוואט־אייגענטהום. דאס איז נאטירליך אזוי ארום דער ענדע פון די אויבערשטופע פון בארבאריי, ווען די מענשען ארבייטען שוין אויס סחורות צום פערקויפען, ניט בלויז פאר'ן אייגענעם געברויך און עס איז שוין דא מסחר, ווי עס איז נאטירליך ביי אזא צושטאנד. חוץ תבואה, האט מען דעמאלט שוין אויסגעארבייט פון די פעלדער וויין און אייל. איבערן עגעאישען ים האבען שוין די פעניציער (כנענים) פריהער געפיהרט א ים־האנדעל. פון זייערע הענד האבען די גריכען פון אטהען דיעזען האנדעל אלץ מעהר און מעהר ארויסגענומען און אליין דאס איבערגענומען.

דאס האט מיט דער צייט געמוזט צואווארפען די קרובים־פעראייניגונגען, די געגטעס, פראטריען און שטאמען.

ווארים ווען פעלדער זיינען געקויפט און פערקויפט געווארען, זיינען אין דעם לאנד פון איין געגס, פראטריע אדער שטאם אריינגעקומען פרעמדע מענשען צו וואוינען, — פרעמדע פון די געגס, פראטריע אדער שטאם, כאטש ניט פרעמדע פון פאלק. צו דיעזע פערמישונג האט אויך מיטגעהאלפען די פערטהיילונג פון ארבייט, דאס הייסט דאס, וואס א טייל מענשען האבען זיך גענומען בעשעפטיגען מיט בעזונדערע סארטען ארבייט פאר אלע אנדערע. ווען אלע האבען נאר געארבייט אויפ'ן פעלד פאר אייגענעם געברויך, האבען די קרובים געקענט זיין צוזאמען. ווען אבער א טייל זיינען געווארען האנדווערקער, האבען זיי שוין געמוזט געהן וואוינען וואו נאר זיי האבען געקענט געפינען ארבייט. א סך האבען אויך דער האנדעל און דאס פאהרען מיט שיפען צואווארפען די קרובים־פעראייניגונגען. מענשען האבען זיך אלץ מעהר בעזעצט צווישען „פרעמדע“, דאס הייסט ניט זייערע קרובים, ניט זייער געגס, פראטריע אדער שטאם. דערמיט איז אזא „פרעמדער“, ביי די אלטע געגטיל־איינריכטונגען, געבליבען

אַהן אַן אנטהייל, אַהן אַ דעה אין די גזעלשאַפטליכע פיהרונגען, וועלכע זיינען פריהער געלעגען אין גאַנצען אין די הענד פון די פראַטריע און שטאַם. בלויז אין צייט פון קריעג האָבען זיי געשיקט פערטרעטער קיין אטהען צום פאָלקס־ראַטה אָדער באַזילעאוס. אין פריעדענס צייטען האָבען זיי זיך אַלעס אליין געפיהרט, און פון דיעזע פיהרונגען זיינען די "פרעמדע" געווען אויסגעשלאָסען.

דורך דעם איז אַרויסגעקומען אַן אונאָרדנונג אין די אַלטע גענטיל־איינריכטונגען. די פערוואַלטונג האָט ניט מעהר געקענט צוגעהן רעגעלמעסיג. און מיר געפינען, אַז שוין אין דער העראָען־צייט איז נויטיג געווען צו זוכען עצות דאַגעגען. עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אַ נייע איינריכטונג. טהעזעאוס, ווערט דערצעהלט, האָט די נייע איינריכטונג פערפאַסט.

די נייעס איז בעשטאַנען דער עיקר אין דעם, דאָס עס איז איינגעריכטעט געוואָרען אַ צענטראַל־פערוואַלטונג אין די שטאָדט אטהען. דאָס הייסט, אַז אַ טהייל פון די אנגעלעגענהייטען, וואָס זיינען פריהער פערוואַלטעט געוואָרען פון די שטאַמען אליין, זעלבסטשטענדיג, זיינען יעצט ערקלעהרט געוואָרען פאַר געמיינשאַפטליכע אנגעלעגענהייטען פון גאַנצען פאָלק צוזאַמען און דאָס אָנצופיהרען איז איבערגעגעבען געוואָרען דעם געמיינשאַפטליכען ראַטה, וועלכער איז געזעסען אין אטהען. מיט דעם זיינען די אַטהענער שוין געגאַנגען איין שריט ווייטער ווי אַלע אינדיאַנער־פעלקער אין אַמעריקאַ. ביי די אינדיאַנער איז עס העכסטענס נאָר געווען געקומען צו אַ בלויזען בונד פון שטאַמען, וואָס האָבען געוואוינט לעבען אַנאַנדער. די אַטהענער אָבער האָבען שוין אַלע זייערע שטאַמען צוזאַמענגעשמאָלצען צו איין איינציגעם פאָלק. דערמיט איז אַרויסגעקומען איין געמיינשאַפטליכעס פאָלקסרעכט פון דעם אַטהענישען פאָלק, וואָס איז געשטאַנען העכער איבער די בעזונדערע רעכטס־מנהגים פון די שטאַמען און די גענטעס. דער אַטהענישער בירגער האָט געקראָגען אַלגעמיינע רעכטע אַלס אַטהענישער בירגער, און נייעם שוץ פאַר זיינע רעכטע, אפילו ווען ער האָט געוואוינט צווישען אַ פרעמדען שטאַם. דערמיט אָבער איז געשעהען דער ערשטער שריט צו אונטערגראָבען די גענטיל־איינריכטונגען; דען דאָס איז געווען דער ערשטער שריט צו די שפעטערע איינפיהרונג, אַז אפילו גאַנץ פרעמדע, וואָס האָבען ניט געהערט צו

קיין איינציגען שטאַם פון גאַנץ אַטטיקאַ, זיינען אויך געוואָרען אַטהע־נישע בירגער. אַזעלכע זיינען אַלזאָ שוין געווען גאָר אין גאַנצען אויסערהאַלב די קרובים־געמיינשאַפט פון די גענטיל־איינריכטונגען און זיי זיינען געבליעבען פרעמדע אַלס קרובים, און דאָך בירגער. דאָס האָט אַלזאָ גאָר שטאַרק צובראָכען די קרובים־געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען.

אַ צווייטע נייע איינריכטונג, וואָס עס ווערט דערצעהלט, אַז טהעזעאוס האָט זי איינגעפיהרט, איז געווען די איינטיילונג פון גאַנ־צען פאָלק אין דריי קלאַסען: אַדעליגע, פויערען און האַנדווערקער,— אויף גריכיש: אויפּאַטרידען, געאָמאָרען און דעמיורגען. דאָ האָט שוין אַ מענש גאָר ניט מעהר צוגעהערט צו זיין שטאַם אָדער פראַטריע אָדער גענס, נאָר צו זיין קלאַס. איז ער געווען אַ האַנדווערקער, אַלץ איינס פון וועלכע קרובים'שאַפט, האָט ער געהערט צו דעם קלאַס דעמיורגען א. ז. וו., און דאָס רעכט צו בעזעצען אַן אַמט איז איבער־געגעבען געוואָרען אין גאַנצען צו די אויפּאַטרידען, צו די אַדעליגע. עס איז אפילו אמת, אַז דיעזע איינטיילונג איז געבליעבען אָהן שום ווירקונג — חוץ נאָר דאָס, וואָס דאָס רעכט צו בעזעצען אַמטען איז איבערגעגעבען געוואָרען נאָר צום אַדעל. ווייטער אָבער איז די איינ־טיילונג געבליעבען אָהן ווירקונג, ווייל זי האָט ניט געגעבען די פער־שיעדענע קלאַסען קיין שום פערשיעדענע רעכטע. אָבער דאָך איז דיעזע איינטיילונג וויכטיג, ווייל זי ציינט אונז די נייע געזעלשאַפט־ליכע עלעמענטען, וואָס האָבען זיך אין דער שטיל ענטוויקעלט. מען זעהט פון דיעזער איינטהיילונג, ווי עס איז אויפגעקומען אַן אַדעל־קלאַס. פריהער האָט מען גלאַט פון געוואוינהייט אויסגעקליבען גענטיל־בעאַמטע אַלע מאָל פון די אייגענע פאַמיליען. דערפון איז ארויסגעקומען, אַז די דאָזיגע פאַמיליען האָבען עס שוין געהאַלטען פאַר זייער רעכט, אַז נאָר זיי קומט צו קריעגען דיעזע אַמטען, און זעלטען ווער עס האָט געזאָגט אַז ניט.

ווייטער זעהט מען פון דעם, אַז אַזעלכע פאַמיליען, וועלכע זיי־נען חוץ דעם געווען מעכטיג דורך רייכטהום, האָבען אָנגעהויבען זיך צו בילדען אַלס איין קלאַס, אַלץ איינס פון וועלכע גענס, — אַלס איין קלאַס מענשען וואָס האָבען בעזאָנדערע פאַר־רעכטע. אויך זעהט מען פון דעם, ווי דער נאָר וואָס ארויסגעשפּראָצטער שטאַאַט ערקלערט

שוין פאַר הייליג דיזע פאַר־רעכטע, וואָס א טהייל מענשען האָבען זיך גענומען. און נאָך ווייטער זעהט מען פון דיזער איינטהיילונג אין קלאַסען, ווי ווייט עס האָט שוין געהאַלטען מיט די טהיילונג פון ארבייט צווישען פעלד־ארבייטער און האַנדווערקער: די מענשען האָבען זיך שוין אַזוי ווייט געטהיילט נאָך די בעשעפטיגונג, אז דיזע צוטהיילונג האָט שוין געשפּיעלט מעהר ראָלע אין דער געזעלשאַפט, ווי די אַלטע צוטהיילונג נאָך גענטעס און שטאַמען.

און ענדליך זעהט מען אַרויס פון דיזע איינטהיילונג אין דריי קלאַסען, אז דער שטאַאַט קען זיך בשום אופן ניט פערטראָגען מיט דער גענטיל־איינריכטונג. מיר זעהען דאָ די ערשטע פּראָבע צו בילדען א שטאַאַט; בעשטעהט באַלד די ערשטע פּראָבע אין דעם, דאָס די גענטעס ווערען צוריסען, מיט דעם וואָס אין יעדער גענס ווערען די מיטגליעדער איינגעטהיילט אין מיוחסים און פּראָסטע, און די פּראָסטע ווערען געטיילט אין צוויי קלאַסען לויט זייער ארבייט, אין פעלד־ארבייטער און האַנדווערקער, און דיזע קלאַסען ווערען זיך אויף אַזאַ אופן געגנער, ניט קוקענדיג מעהר אויף גענטעס, פראַטריען און שטאַמען.

די ווייטערע פּאָליטישע געשיכטע פון אַטהען ביז צו די צייט פון דעם געזעצגעבער סאָלאָן איז נאָר אונפאָלקאָמען בעקאַנט. דאָס אַמט פון דעם באַזילעאוס איז אונטערגעגאַנגען. עס זיינען אויפגעקומען „ארכאָנטען“ אלס די אויבערשטע הערשער פון גאַנצען שטאַאַט. זיי זיינען געוועהלט געוואָרען פון די אַדעליגע. די הערשאַפט פון דעם אַדעל איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער, ביז זי איז געוואָרען אַן אונערטרעגליכע טיראַניי. דאָס איז געווען אַרום 600 יאָהר פאַר די קריסטליכע צייט־רעכנונג. דאָס הויפּט מיטעל צו אונטערדריקען די פרייהייט פון פאָלק איז געווען דאָס געלד און די וואוכעריי (פּראָצענט־נעהמען). דער הויפּט־פּלאַץ וואו דער אַדעל האָט געוואוינט, איז געווען אַטהען און אַרום, וואו ער האָט געשעפּט עשירות פון האַנדעל איבער׳ן ים און ביי געלעגענהייט אויך נאָך פון ים־רויב. פון דעם האָט זיך אָנגעקליבען אַלץ מעהר געלד־רייכטהום אין די הענד פון די אַדעליגע. די געמיינדען פון די דערפער זיינען נאָך לענגער געבליבען ביי זייער אַלטען אַרט לעבען, א לעבען פון א נאַטוראַל־ווירטשאַפט, א לעבען אָהן מסחר, אָהן געלד, יעדע געמיינדע האָט אויסגעאַרבייט

די לעבענסמיטלען, וואס זי האט אליין פערברויכט. אבער די געלד־ווירטשאפט פון אמהען האט זיך אלץ מעהר ענטוויקעלט און אויסגעברייט אויף איבער די לאנד־געמיינדען און זי האט צופרעסען די נאטוראל־ווירטשאפט אזוי ווי שיידוואסער צופרעסט קופער. די געלד־ווירטשאפט קען מיט די גענטיל־איינריכטונג בשום אופן ניט עקזיסטירען צוזאמען. די גענטיל־איינריכטונג האט פריהער ארומגענומען און בעשיצט די מענשען וואס האבען געהאט יעדער זיין שטיקעל פעלד צו בעארבייטען. אין די גריכישע געשיכטע געפינען מיר, ווי די דאזיגע קליינע בויערען זיינען אין א געוויסע צייט בדלות געווארען. דאס איז געשעהען אין דער צייט, ווען די גענטיל־איינריכטונגען זיינען צופאלען. די קליינע בויערען זיינען געווארען בעל חובות צו די רייכע און האבען צו זיי שוין פער׳משכנ׳ט זייערע פעלדער. ווען א רייכער האט געהאט א וועקסעל אויף א פויער׳ס פעלד, האט ער שוין ניט געקוקט אויף דעם, פון וועלכע גענס אדער פראטריע זיין בעל חוב איז געוועזן. ביי די אלטע גענטיל־איינריכטונג איז ניט געוועזן קיין געלד, קיין בארגען, קיין חובות. די נייע געלד־ווירטשאפט אבער האט צוריסען די גענטיל־איינריכטונג. און דאן איז אויפגעקומען א נייע איינריכטונג צו זיכערען דעם מלוה געגען דעם בעל חוב, צו בעשטעטיגען דאס רעכט פון דעם געלד־בעזיצער אויסצוראבעווען דעם קליינעם בויער. די נייע איינריכטונג איז בעשטאנען אין דעם, דאס סלופעס זיינען אריינגעשלאגען געווארען אין דר׳ערד ארום די פעלדער, פאר א צייכען, אז דיעזע פעלדער זיינען פער׳משכונ׳ט צו דעם־און־דעם פאר אזוי־פיעל־און־אזוי־פיעל געלד. דאס איז געשטאנען אויף די סלופעס אויפגעשריעבען. אלע פעלדער פון אטטיקא זיינען געוועזן פול מיט אזעלכע משכון־סלופעס. די פעלדער, וואס האבען אזעלכע סלופעס ניט געהאט, זיינען ס׳רוב שוין געוועזן פערקויפט פאר חובות אדער צינזען און שוין דאס אייגענטהום פון אדעליגע וואוכערניקעס. דער בויער האט דאן געקענט צופריעדען זיין, ווען עס איז איהם ערלויבט געוועזן צו בלייבען זיצען אויף זיין פעלד אלס פאכטער און צו לעבען פון א זעקסטעל פון די תבואה וואס ער האט מיט זיין בראצע ארויסגעבראכט פון זיין פעלד. פינף זעקסטעל האט ער געמוזט אבצאהלען זיין נייעם הארר אלס פאכט־צינז.

דאָס האָט אַלץ אַזוי איינגעפיהרט דער אדעל, וועלכער האָט זיך מיט זיין געלד־הערשונג אַלץ מעהר און מעהר אויסגעברייט.

נאָך מעהר: אין פאַל ווען דער פערקויף פון דעם בעל חוב'ס פעלד האָט ניט איינגעבראַכט גענוג צו בעצאָהלען זיין חוב, אָדער ווען די הלואה איז געווען גענומען אָהן א משכון, האָט דער בעל־חוב גע־מוזט פערקויפען זיינע קינדער פאַר שקלאַפען קיין אויסלאַנד, כדי צו קענען בעצאָהלען זיין חוב. אָט דאָס איז געווען די ערשטע פרוכט פון פאָטער־רעכט און פון מאָנאָגאַמיע: אַז דער פאָטער האָט געקענט פערקויפען זיינע קינדער פאַר שקלאַפען!

און איז דער בלוט־זויגער נאָך ניט געווען בעפריעדיגט, האָט ער געקענט דעם בעל חוב אליין פערקויפען פאַר א שקלאַף. דאָס איז געווען די ליעבליכע אויפשיינונג פון דעם מאָרגען־שטערען פון ציוויל־ליזאַציאָן ביים אטהענישען פאָלק.

אָט אַזוי איז געקומען אויף די מענשען א נייע סאָרט צרה. פריה־ער האָבען אויך זיי געקענט קומען צרות פון דער נאַטור. אין דעם האָבען זיי ניט געוואוסט ווי צו העלפען זיך. אָבער איבער זייער איי־גענעם געזעלשאַפטליכען לעבען זיינען זיי זיך אליין געווען די בעלי־בתים. ווי זיי האָבען זיך געמאַכט, אַזוי האָבען זיי געהאַט. די פראָדוקטען, וואָס זיי אליין האָבען בעשאַפען, זיינען געווען אין זייערע אייגענע הענד, וואָס זיי האָבען געוואָלט, האָבען זיי געמאַכט מיט זיי. זיי האָבען בעהערשט זייערע פראָדוקטען, ניט די פראָדוקטען זיי. אליין האָבען זיי זיך געקענט מאַכען עס זאָל ארויסקומען פון זייער אַרבייט, פון זייער בעשאַפען פראָדוקטען, וואָס זיי האָבען גע־וואָלט. דאָ אָבער זיינען זייערע אייגענע פראָדוקטען געוואָרען די עשירות פון א טייל מענשען און די דאָזיגע עשירות איז געוואָרען א דריקענדע און אויסזויגענדע מאַכט איבער זיי. א מאַכט איבער וועל־כער די מענשען האָבען קיין קאָנטראָל ניט מעהר געהאַט. זיי האָבען געאַרבייט און בעשאַפען גוטס און דערפון האָט זיך פערשטאַרקט די אויסזויגענדע מאַכט איבער זיי. און זיי האָבען דערצו גאָר ניט געקענט מאַכען. א צרה איז אַראָפּגעפאַלען אויף זיי עפּעס ווי פון הימעל אַראָב, וואָס זיי האָבען אליין זיך ניט גענומען, זאָ צו זאָגען, זיכער איז דאָס געווען געגען זייער ווילען.

פריהער, ווען דאָס פאָלק האָט נאָך געפיהרט אַזאַ לעבען ווי ביי

די גענטיל־איינריכטונגען, וואלט אזא איבערקעהרעניש אונמעגליך גע־וועזען, ווייל עס איז נאך ניט געוועזען קיין בעזונדערער טייל פון פאלק וואס האט זיך אבגעשיידט אלס הערשער און דריקער איבער'ן פאלק. אלע זיינען געוועזען גלייך. זייערע פיהרונגען האבען זיי זיך אליין געמאכט, ווער האט אויף זיי געזאלט אנווארפען אזא צרה עפעס ווי פון הימעל אראבגעפאלען, אהן זייער צו־טהאן?

אט לאמיר זיך ווידער אומקעהרען צו אונזערע איראקעזען־אינדיאנער: ביי זיי איז אזעלכעס ניט מעגליך געוועזען, ווייל זיי האבען זייערע לעבענס־מיטלען אויסגעארבייט אלע אויף דעם זעלבען אופן, יאהר־איין, יאהר־אויס, אהן פערענדערונגען. דעריבער איז ביי זיי ניט אויפגעקומען קיין אונטערשיעד פון ארים און רייך, פון אויס־בויטער און אויסגעבויטעטע, און דארום איז ניט מעגליך געוועזען עס זאלען זיך צווישען זיי בעווייזען אזעלכע געגען־אינטערעסען עפעס ווי פון הימעל אראבגעפאלען, וואס זיי האבען זיך אליין ניט גענומען. די איראקעזען האבען זיך זייערע איינפיהרונגען אליין בעהערשט. ווי זיי האבען זיך געמאכט, אזוי האבען זיי געהאט. אמת, פון בעהערשען די נאטור זיינען זיי נאך געוועזען זעהר וויט, אבער זייערע אייגענע געזעלשאפטליכע אנגעלעגענהייטען, אינערהאלב די גרענעצען פון דער נאטור אונטער וועלכע זיי זיינען געוועזען אונטערווארפען, זיינען זיי געוועזען זייערע אייגענע בעלי־בתים איבער די בעשאפונג פון זייערע לעבענסמיטלען. זיי זיינען געוועזען אונטערווארפען אונטער א שלעכ־טער גערעטהעניש אויף זייערע גערטענדלעך, זיי האט געקענט טרעפען א צרה, אז עס זאל זיין ווייניג פיש אין זייערע טייכען, ווייניג חיות אין זייערע וועלדער צו פאנגען; אבער ווייטער, חוץ דעם, האבען זיי גאנץ גוט געוואוסט, וואס זייער ארבייט קען זיי ברענגען ביי דעם אופן ווי זיי האבען זיך זייער לעבענסמיטעל בעשאפען. זיי האבען גע־וואוסט, אז פון זייער ארבייט מוז ארויסקומען זייער לעבענסאונטער־האלטונג; צו קארגליך, צו בהרחבה, האבען וועלען זיי, וואס זיי ווע־לען ארויסברענגען. זיי האבען אבער ניט געהאט וואס מורא צו הא־בען, אז עס זאלען זיך מאכען אונערווארטעטע געזעלשאפט־ליכע איבערקעהרענישען, וועלכע זיי האבען אליין ניט געוואלט מאכען; עס איז ניט מעגליך געוועזען צו ערווארטען, אז די גענטיל־פערבינדונגען זאלען צוריסען ווערען, אז א טייל מענשען פון זייער

אייגענע נענס און פון זייער אייגענעם שטאם זאָלען ווערען אַן אַנ־דערער קלאַס מענשען, זייערע שונאים, וואָס זאָלען ביי זיי אוועק־רויבען זייער פּראָצע. אַזאַ אָנשיקעניש האָט ביי זיי ניט געקענט קומען.

זייער פּראָדוקציאָן האָט נאָך זעהר ווייניג געקענט בעשאַפען, אָבער וואָס זיי האָבען בעשאַפען איז געווען זייער אייגענס. די פּראָ־דוצענטען האָבען בעהערשט זייער אייגענעם פּראָדוקט.

דיעזע זעהר גרויסע מעלה האָט געהאַט דער אַרט לעבען און אַר־בייטען ביי די באַרבאַרישע מדרגה פון ענטוויקלונג. ווען די ציווי־ליזאַציאָן איז געקומען, איז דאָס פערשוואונדען געוואָרען. און דאָס צוריק צו ברענגען איז די אויפגאַבע פון די היינטיגע דורות. זיי וועלען צוריק איינפיהרען אַזאַ צושטאַנד, וואו די מענשען וועלען וויע־דער אַליין בעהערשען זייער פּראָדוקציאָן און אַליין האָבען וואָס זיי בעשאַפען. אָבער היינט וועט דאָס שוין געשעהען אויף די הויכע מדרגה פון די היינטיגע ציוויליזאַציאָן. היינט האָט די מענשהייט דערגרייכט אַ שטופע, וואו זי בעהערשט די נאַטור אויף אַ געוואַלדיגען אופן. און היינט איז מעגליך געוואָרען, אַז די מענשען זאָלען זיך פריי פעראייניגען, אום געמיינשאַפטליך צו בעהערשען די היינטיגע געוואַלטיגע פּראָדוקציאָן. אַזוי וועט עס היינט צוריק קומען דער אַלטער צושטאַנד אָבער אויף אַ נייעם, פיעל־פיעל העכערען אַרט (אַזוי איז עס אַלע מאָל, אין דער נאַטור ווי אין דער מענשליכער היסטאָריע: דאָס אַלטע קומט צוריק, נאָר אויף אַ נייעם פיעל העכערען און בע־סערען אַרט. דאָס איז לויט די „דיאַלעקטישע פילאָזאָפיע“ פון העגעל, וועלכע מאַרקס און ענגעלס האָבען אויפגענומען, אויף אַ פערענדער־טען אופן, אין זייער געדאַנקען־סיסטעם. — איבערזעצער).

אַלזאָ, די ציוויליזאַציאָן האָט יענעם אַלטען נאַטירליכען צושטאַנד צושטערט. ביי די גריכען זעהט מען ווי אַזוי דאָס איז געקומען. דאָס האָט זיך אָנגעהויבען מיט דעם אויפקומען פון פּריוואַט־אייגענטהום. סטאַדעס בהמות און לוקסוס־זאַכען זיינען געוואָרען דאָס פּריוואַט־אייגענטהום פון איינצעלנע מענשען. דאָס האָט געפיהרט צום א ו י ס ט ו י ש (פערבייטען איין זאַך פאַר די אַנדערע) צווישען איינצעלנע מענשען. דאָס האָט פערוואַנדעלט די פּראָדוקטען אין ס ח ו ר ו ת. ווען אַלצדינג איז געווען בשותפות פאַר אַלעמען, זייי־

נען די פראָדוקטען געוועזן ל ע ב ע נ ס מ י ט ל ע ן צום געברויך, ניט קיין ס ח ו ר ו ת צום פערקויף. ווען אָבער א טייל זאכען זיי־נען געוואָרען „מיין" און א טייל „דיין" און מיר האָבען זיך דערנאָך געביטען, זיינען שוין די זאכען געוואָרען סחורות, — ניט פאר דעם אייגענעם געברויך פאר דעם אייגענטהימער, נאָר צום פערקויף אָדער אויסטויש פאר אנדערע. און דאָ ליעגט דער וואָרצעל פון די גאַנצע איבערקעהרעניש וואָס איז נאָכדעם געקומען: אזוי באַלד ווי די בעשאַפער פון לעבענסמיטלען האָבען ניט מעהר אליין פערברויכט די פראָדוקטען, וואָס זיי האָבען בעשאַפען, נאָר האָבען עס ארויס־געגעבען פון זייער האַנד אין אויסטויש פאר אנדערע פראָדוקטען, האָבען זיי פערלוירען די הערשונג איבער זייערע אייגענע פראָדוקטען. זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס עס איז דערמיט געוואָרען. און דאָ איז געוואָרען א מעגליכקייט, אז די אייגענע פראָדוקטען, וואָס א מענש האָט בעשאַפען, זאָלען ווערען פרעמדע רייכקייטען, אין די הענד פון אנדערע מענשען, און די דאָזיגע פרעמדע רייכקייטען זאָלען דערנאָך זייער בעשאַפער אליין אויסזויגען און אונטערדריקען.

ווען א מענשען-געזעלשאַפט זאָל זיין פריי, מוז זי בעהערשען איהר אייגענע פראָדוקציאָן. דאָס הייסט די גאַנצע געזעלשאַפט דאַרף זיין די אייגענטהימערין פון די רייכקייטען, וואָס די מענשען בעשאַפען. און זיי מוזען קענען קאָנטראָלירען וואָס עס וועט ארויסקומען פאר זיי אַלע פון דעם גאַנצען פראָדוקציאָנס-פּראָצעס. ווען ניט, ווען די בעשאַפענע רייכקייטען געהען ארויס פון זייערע רשות און זיי האָבען איבער זיי קיין קאָנטראָל ניט, ווערט די עשירות א בעזונדערע מאַכט איבער די געזעלשאַפט און בעהערשט זי ווי א גרויסע טיראַניי. די געזעלשאַפט ווייסט דאַן ניט וואָס זי קען ערוואַרטען פון דיעזע מאַכט, וואָס עס קען פון איהר ארויסקומען און זי קען אין דעם גאָר ניט טהאָן. און אזוי מוז עס זיין, ווי נאָר עס איז דאָ פריוואַט אייגענ־טהום און אויסטויש (אָדער קויף און פערקויף) צווישען איינציגע מענשען.

דעריבער קען מען אָננעהמען פאר א כלל דאָס פאָלגענדע: ווען א געזעלשאַפט וויל זי זאָל בלייבען אליין בעל-הבית איבער איהר אייגענע פראָדוקציאָן און זי זאָל קענען אליין קאָנטראָלירען די ווירקונג וואָס איהר בעשאַפונגס-סיסטעם מאַכט אויף דער געזעלשאַפט, מוז זי

דורכאוים אָבשאַפען דעם אויסטויש צווישען איינצעלנע מענשען. וואו זי שאַפט דאָס ניט אָב, מוז זי סוף כל סוף פערליערען איהר קאָנטראָל איבער די פּראָדוקציאָן און איבער איהרווירקונג.

אזוי געשווינד ווי עס קומט אויף אויסטויש צווישען איינצעלנע מענשען און די פּראָדוקטען ווערען פערוואַנדעלט אין סחורות, ווערען די פּראָדוקטען די אויבער־הערשער איבער זייערע אייגענע בעשאַפער. און ווי שנעל דאָס ווערט אזוי, האָט מען געקענט זעהען אין אַטהען. ווי נאָר עס איז אויפגעקומען קויפען און פערקויפען און מען האָט אָנ־געהויבען צו בעשאַפען זאכען אלס סחורה, ניט אלס לעבענסמיטעל פאַר אייגענעם געברויך, האָבען שוין מענשען גענומען בעארבייטען שטיקלעך פעלד פאַר זיך, פאַר אייגענע רעכנונג, און דערמיט איז באַלד אויפגעקומען פעלד־אייגענטהום פון איינצעלנע. ווייטער איז דערמיט אויך אויפגעקומען דאָס געלד, די אלגעמיינע סחורה, פאַר וועלכע מען קען לייכט אויסטוישען אלע סחורות. אָבער ווען די מענ־שען האָבען אויסגעטראַכט געלד, איז זיי ניט איינגעפאַלען, אז זיי האָבען דערמיט בעשאַפען א נייע געזעלשאַפטליכע מאַכט, אַן אַלגע־מיינע מאַכט, פאַר וועלכע די גאַנצע געזעלשאַפט מוז זיך בויגען. און אָט דיעזע נייע מאַכט, וואָס איז פּלוצלונג ארויסגעשפּרונגען, אָהן וויסען און ווילען פון איהרע אייגענע בעשאַפער, האָט געגעבען די אַטהענער צו פיהלען איהר הערשונג און די גאַנצע ברוטאַליטעט פון איהר יוגענדליכקייט.

וואָס איז אָבער יעזוּוען צו מאַכען ? דאָס געלד האָט זיך אריינ־געריסען ווי א קריעגס־העלד, וואָס נעהמט איין א פעסטונג. די גענ־טיל־איינריכטונגען האָבען קיין כוח ניט געהאַט זיך צו שטעלען דאַ־געגען. די גענטיל־איינריכטונגען האָבען אָבער אויך בשום אופן ניט געקענט געבען קיין פּלאַץ, אין זייערע ראַמקעס, פאַר אַזאַ זאַך ווי געלד, שולדען, מלוות און בעל־חובות. אָבער די נייע געזעלשאַפטליכע מאַכט איז שוין איינמאָל געווען, און מיט פרומע ווינשען, מיט בענ־קעניש צוריק צו די אַלטע גוטע צייטען האָט מען ניט מעהר געקענט פאַרטרייבען געלד און וואוכעריי. און חוץ דעם זיינען אין די גענטיל־איינריכטונגען אויסגעריסען געוואָרען נאָך אַנדערע לעכער, קלענערע. די גענס־ברידער און פראַטאָרען זיינען פערמישט געוואָרען, פון דור צו דור אלץ מעהר און מעהר. אזוי איז עס געווען אין גאַנץ אַטטיקאַ,

בעזאָנדערס אין די שטאָדט אַטהען. כאָטש אביסעל איז נאָך געבליבען פון די גענטעס, דען אפילו אין אַטהען האָט אַ מענש ניט געטאָרט פערקויפען זיין הויז צו קיין אַנדערען ווי צו אַן אייגענעם גענס־ברודער. אָבער פעלדער האָט מען שוין געקענט פערקויפען צו פרעמדע. ווייטער זיינען די גענטעס צושלאָגען געוואָרען דורך דעם וואָס עס זיינען אויפגעקומען פערשיעדענע מלאכות און די מענשען האָבען זיך שוין מעהר צוטיילט לויט נאָך זייער בעשעפטיגונג: פעלד־ארבייט, האַנדווערק, פערשיעדענע סאָרטען האַנדעל, שיף־פאָהרען א. ז. וו. די מענשען פון יעדע מלאכה און בעשעפטיגונג האָבען געהאַט צוזאַמען אַ רייהע געמיינשאַפטליכע אינטערעסען, פאַר וועלכע עס איז קיין פּלאַץ ניט געווען אין דער גענס אָדער פראַטריע און עס האָבען געמוזט אויפקומען נייע עמטער צו בעזאָרגען דיעזע אינטערעסען. ווייטער האָט זיך די צאָהל פון שקלאַפען שטאַרק פערמעהרט. עס האָבען דעמאָלט שוין געמוזט זיין מעהר שקלאַפען ווי פרייע אַטהענער. אין די גענטיל־איינריכטונגען איז פריהער ניט געווען קיין שקלאַפעריי, אלזא, איז ניט געווען אין זיי קיין מיטעל ווי צו האַלטען דיעזע מאַסע אונפרייע אין צוים. און ענדליך האָט דער האַנדעל געבראַכט אַ מאַסע פרעמדע קיין אַטהען, וועלכע האָבען זיך דאָרטען בעזעצט ווייל עס איז געווען לייכטער דאָרטען געלד צו פערדיענען. נאָך די גענטיל־איינריכטונגען זיינען זיי געווען אָהן רעכט און אָהן שוץ. מען האָט זיי געדולדעט, לויט די געוואָהנהייט פון די אַטהענער, אָבער אין אַ גענטיל־אָרדנונג, וואו די מענשען צוטיילען זיך לויט משפחות, זיינען די פרעמדע געווען אַ שטערענדעס פרעמדעס עלעמענט אין פאָלק.

קורץ, צו די גענטיל־איינריכטונג איז געקומען אַ סוף. די געזעלשאַפט איז טעגליך מעהר אויסגעוואַקסען פון איהר אַרוים. זי האָט ניט מעהר געקענט פערהאַלטען אָדער אָבשאַפען אפילו די ערגסטע צרות וואָס זיינען ענטשטאַנען אונטער איהרע אויגען.

דערווייל האָט זיך אונטער דער צייט דער שטאַאַט ענטוויקעלט שטילערהייט. די נייע פערטהיילונג פון די מענשען לויט נאָך זייערע מלאכות און בעשעפטיגונגען האָט בעשאַפען נייע גרופּען, די נייע גרופען האָבען געדאַרפט האָבען נייע פאָרשטעהער צו בעזאָרגען זייערע אינטערעסען. דערצו זיינען איינגעריכטעט געוואָרען אַלערהאַנד עמטער.

און דאן האט דער יונגער שטאאט דער עיקר געדארפט האבען א מאכט צו פיהרען איינצעלנע קליינע מלחמות און צום שוץ פון די האנדעלס־שיפען. דיעזע מאכט האט ביי די אטהענער, די ים־פאהרער, קודם נאר געקענט זיין א ים־מאכט. דאס לאנד איז איינגעטיילט געווארען אין קליינע טיילען, וואס זיינען גערופען געווארען „נויקראריען", צוועלף אין יעדען שטאם, און יעדע נויקראריע האט געמוזט צושטעלען א קריעגס־שיף, מיט די מענשען און אלעס וואס מען דארף דערצו, און אויסערדעם נאך צוויי רייטער. דיעזע איינריכטונג האט ווייטער צורודערט די גענטיל־ארדנונג אויף צוויי וועגען: ערשטענס, מיט דעם וואס זי האט בעשאפען א געוואלט איבער'ן פאלק, א געוואלט וואס איז שוין ניט מעהר געווען דאס פאלק אליין אין בעוואפנונג; און צווייטענס איז דא צום ערשטען מאל דאס פאלק איינגעטהיילט געווארען ניט נאך קרובים'שאפט, נאר נ א ך ד י ע ר ט ע ר וואו זיי וואוינען צוזאמען. וואס דאס האט געהאט צו בעדייטען וועלען מיר באלד זעהען.

די געגטיל־ארדנונג האט דעם אויסגעבויטעטען פאלק קיין הילף ברענגען ניט געקענט. איז אלזא נאר געבליעבען דער ענטשטעהענדער שטאאט. און דער שטאאט האט געבראכט הילף אין דער געזעצגעבונג פון ס א ל א ן.

סאלאן איז געווען א גריכישער געזעץ־געבער, וועלכער האט איינגעפיהרט א נייע פערפאסונג אין יאהר 594 פאר די קריסטליכע צייטרעכנונג. (דאס איז געווען ביי אידען אין די צייט פון ירמיה הנביא, עטליכע יאהר פאר'ן ערשטען חורבן). סאלאן האט געבראכט דערלייכטערונג פאר'ן פאלק, און פאר איין גאנג האט ער דערמיט אויך געשטארקט דעם שטאאט און נאך מעהר אבגעשוואכט די אלטע איינריכטונגען. אויף וועלכען אופן סאלאן האט דורכגעפיהרט זיין רעפארם, געהט אונז דא ניט אן. ער האט געמאכט דעם ערשטען אנפאנג מיט די רייהע פון זאגענאנטע פאליטישע רעוואלוציאנען. און געמאכט האט ער זיין רעוואלוציאן מיט אן אנגריף אין אייגענטהום.

אלע ביז־אהעריגע רעוואלוציאנען זיינען געווען רעוואלוציאנען צום שוץ פון איין ארט אייגענטהום געגען אן אנדערע ארט אייגענטהום. זיי קענען איין סארט אייגענטהום ניט שיצען אהן אנצוריהרען און צו שעדיגען דעם אנדערען סארט אייגענטהום. אין דער גרויסער

פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן האָט מען אוועקגענומען דאָס פעאָדאַלע אייגענטהום (די גיטער פון די אַדעליגע פּריצים) כּדי צו רעטען דאָס בירגערליכע אייגענטהום (דאָס פערמעגען פון די פּראָסטע בירגער. די פּריצים האָבען פריהער געשטערט, מיט זייערע פיהרונגען, די בירגער אין זייער אָנקלייבען אייגענטהום. די רעוואָלוציאָן האָט אוועקגענומען ביי די פּריצים זייערע גיטער און דערמיט געבראָכען זייער מאַכט און געראַטעוועט דאָס אייגענטהום פון בירגער). אין דער רעוואָלוציאָן פון סאָלאָן ווידער איז אוועקגענומען געוואָרען דאָס אייגענטהום פון די מלוות צו רעטען דאָס אייגענטהום פון די בעל־חובות.

די חובות זיינען פּשוט ערקלערט געוואָרען פאַר אונגילטיג, פאַר פאַרפאַלענע. די איינצעלהייטען זיינען ניט גענוי בעקאַנט. אָבער סאָלאָן ריהמט זיך אין זיינע געדיכטע, אַז ער האָט אַרויסגעריסען די משכון־סלופּעס פון די פעלדער און האָט צוריק געבראַכט די מענשען, וואָס זיינען פערקויפט געוואָרען פאַר חובות אַלס שקלאַפען קיין אויסלאַנד. דאָס איז נאָר מעגליך געווען דורך אָפענעם שעדיגען אייגענטהומס־רעכט. און דער פאַקט איז, אַז דאָס איז געשעהען אין אַלע רעוואָלוציאָנען, פון דער ערשטער ביז דער לעצטער: כאָטש רופען מען זיי פּאָליטישע רעוואָלוציאָנען, דאָס הייסט בלויז איבערקעהרענישען אין די פאָרמע פון דער רעגיערונג, דאָך זיינען זיי אין אמת'ן אַלע געמאַכט געוואָרען צו בעשיצען אייגענטהום — פון איין סאָרט, דורך אוועקנעהמען אייגענטהום — פון אַן אַנדער סאָרט, וואָס מען רופט אויך „גנבה'. דאָס איז אַזוי ווייט אמת, אַז מען קען אוועקשטעלען אַ כּלל, דאָס זייט דריטהאַלבען טויזענד יאָהר האָט דאָס פּריוואַט־אייגענטהום נאָר געקענט אויפגעהאַלטען ווערען דורך אוועקנעהמען אייגענטהום.

ווען סאָלאָן האָט אָבגעשאַפט די חובות, האָט מען ערשט געדאַרפט זעהען צו טהאָן עפּעס, וואָס זאָל ניט דערלאָזען צוריק קומען צו אַזאַ פערשקלאַפונג פון די פּרייע אַטהענער. דאָס איז געשעהען דורך אַלגעמיינע געזעצע. עס איז צום ביישפּיעל געמאַכט געוואָרען אַ געזעץ, וואָס האָט פערבאָטען צו נעהמען דעם בעל חוב אַליין אַלס אַ משכון פאַר'ן חוב, דאָס הייסט איהם צו מאַכען פאַר אַ שקלאַף, ווען ער בעצאָהלט ניט. ווייטער איז דורך אַ געזעץ פעסטגעשטעלט געוואָרען די גרעסטע מאָס פעלדער וואָס איין מענש מעג בעזיצען.

מעהר האָט קיינער ניט געקענט האָבען זיין אייגענס. דאָס איז גע־
מאַכט געוואָרען, כדי אַז דער הייסער הונגער פון דעם אַדעל איינצו־
שלינגען די פעלדער פון די פויערען זאָל באַטש אביסעל איינגעהאַל־
טען ווערען. און ווייטער זיינען געמאַכט געוואָרען ענדערונגען אין
די גרונדגעזעצע. פאַר אונז זיינען די וויכטיגסטע די:

דער ראטה (פון לאַנד־פיהרער), איז בעשטימט געוואָרען, זאָל
האָבען פיער הונדערט מיטגליעדער, הונדערט פון יעדען שטאַם. דאָ
איז אַלזאָ נאָך געבליעבען דער שטאַם דער יסוד. אָבער דאָס איז גע־
ווען די איינציגע זאַך, וואו די אַלטע קרובים־איינריכטונגען זיינען
אריינגעצויגען געוואָרען אין דעם נייעם שטאַאטס־קערפּער. דען ווייַ־
טער האָט סאָלאָן צוטיילט די בירגער אין פיער קלאַסען, לויט נאָך
זייער פעלד־איינענטהום און וויפיעל תבואה עס האָט זיי געבראַכט:
די ערשטע קלאַסע זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זייער פעלד האָט זיי
געבראַכט 500 מעדימנען תבואה. (א מעדימנוס איז געווען אַזוי פיעל,
לערך, ווי 100 קוואַרט). די צווייטע קלאַסע 300, די דריטע — 150.
ווער עס האָט געהאַט ווייניגער גרונדבעזיץ ווי דאָס, אָדער גאָר ניט,
דער האָט צוגעהערט צו די פיערטע קלאַסע. צו די העכסטע עמטער
האָבען נאָר געקענט אויסגעקליעבען ווערען מענשען פון די ערשטע
קלאַסע, צו אַנדערע עמטער אויך מענשען פון די אַנדערע צוויי. די
פיערטע קלאַסע האָט נאָר געהאַט דאָס רעכט צו רעדען און צו שטימען
אין די פאָלקס־פערזאַמלונג. אָבער דערמיט האָט די פיערטע קלאַסע
געהאַט די גאַנצע מאַכט, דען ביי די פאָלקס־פערזאַמלונג זיינען אַלע
בעאַמטע ערוועהלט געוואָרען, צו דיעזע פערזאַמלונג האָבען זיי גע־
האַט אָבצוגעבען רעכענשאַפט און ביי דיעזע פערזאַמלונג זיינען אַלע
געזעצע געמאַכט געוואָרען, און די פיערטע קלאַסע האָט דאָ געהאַט
די מאַיאָריטעט (רוב דעות). די נייע איינריכטונגען האָבען אַלזאָ אין
גרונד אָבגעשאַפט די פאַר־רעכטע פון די אַריסטאָקראַטען. זיי האָבען
זיי טהיילוויז ערנייערט אין די פאָרמע פון פאָררעכטע פון רייכטהום
— דאָס הייסט דערמיט, דאָס די וואָס האָבען געהאַט מעהר פעלד,
האָבען געהאַט מעהר רעכטע צו קריעגען עמטער; אָבער דאָך, די
ענטשיידענע מאַכט האָט געקראָגען דאָס פאָלק. ווייטער איז דאָס
מיליטער איינגעטיילט געוואָרען נאָך די נייע פיער קלאַסען; די ביידע
ערשטע קלאַסען האָבען צוגעשטעלט קאַוואַלעריע, די דריטע קלאַסע

האָט געמוזט דיענען אין די שווערע אינפאַנטעריע, די פיערטע — אין די לייכטע פיעבאָטע אָהן פּאַנצערן, אָדער אויף די קריעגס־שיפען, און זיי האָבען מסתמא געקראָגען בעצאָהלט.

דאָ ווערט אַלזאָ איינגעפיהרט אַ גאַנץ נייער פונדאַמענט פון בירגער־רעכט אין די גרונד־געזעצע: דאָס פּריוואַט־אייגענטהום. די בירגער'ס רעכטע און פפליכטען ווערען אָבגעמאָסטען לויט די גרויס פון זייער פעלד־בעזיץ. און אַזוי ווייט ווי די צוטיילונג לויט פערמעגענס־קלאַסען ווערט איינגעוואָרצעלט, אַזוי ווייט ווערט פערשטופּט די אַלטע איינטיילונג לויט בלוטס־פערוואַנדשאַפט. פון דיעזע איינריכטונג האָט אַלזאָ די אַלטע גענטיל־אָרדנונג אַ נייעם קלאַפּ געקראָגען.

עס האָט אָבער ניט געמוזט בלייבען אַזוי, אַז די פּאָליטישע רעכטע זאָלען יעדען בירגער צוגעמאָסטען ווערען לויט נאָך זיין פערמעגען. דער שטאַאַט האָט געקענט אַ קיום האָבען אָהן דעם אויך. אמת, דיעזע איינפיהרונג — צו צוטהיילען יעדען זיין רעכט לויט נאָך דעם ווי רייך ער איז — האָט געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין דער געשיכטע פון די גרונד־געזעצע פון מלוכות, אָבער דאָך האָבען זעהר אַ סך שטאַאַטען דאָס ניט בעדאַרפט, און גראָד די, וואָס זיינען געווען אַם פאָלשטענדיגסטען ענטוויקעלט. אויך אין אַטהען האָט דאָס נאָר געשפּיעלט אַ פאָרבייגעהענדע ראָלע. פון אַריסטידעס צייטען אָן האָט יעדער בירגער געקענט קריעגען יעדען אַמט.

אין די אַכציג יאָהר נאָך דיעזער צייט האָט זיך אין די אַטהענישע געזעלשאַפט ביסלעכווייז איינגעשטעלט דער גאַנג, אויף וועלכען זי האָט זיך אין די נאָכקומענדע יאָהרהונדערטע ווייטער ענטוויקעלט. דאָס איז געווען דער גאַנג פון זוכען רייכקייט דורך האַנדעל און שקלאַפעריי. איינשלינגען אַ סך פעלדער דורך וואוכעריי, ווי פאַר סאָלאָנ'ס צייט, האָט מען שוין ניט מעהר געקענט. אויך אויף אַנדערע אַרטען האָט מען ניט מעהר געקענט אָנקלייבען אָהן אַ שיעור פעלד־אייגענטהום אין איין האַנד. האָט מען זיך אַלץ מעהר און מעהר גענומען צום האַנדעל און צום האַנדווערק און קונסט־האַנדווערק, בעטריעבען אויף גרויסען פוס, דורך די אַרבייט פון שקלאַפען. מען איז געוואָרען אויפגעקלערטער. אַנשטאָט וואָס פריהער האָט מען אויף אַ ברוטאַלען אופן אויסגעזויגט אייגענע מיט־בירגער, האָט מען גענומען אויסבייטען הויפּטזעכליך שקלאַפען און די מענשען פון אַנדערע לענדער, מיט וועל־

כע מען האָט געפיהרט האנדעל. דער עשירות אין בעוועגליכע זאכען (מטלטלין, זאכען וואָס קענען איבערגעהן פון איין אָרט אויפ'ן אנדערן) און דער רייכטהום אין געלד און אין שקלאַפען און שיפען איז געוואקסען אלץ מעהר און מעהר. אָבער יעצט איז דאָס שוין ניט געווען מעהר, ווי אמאָל, בלויז א מיטעל איינצוקויפען א סך פעלדער. ניין, צו האָבען א סך געלד און אנדערע בעוועגליכע עשירות איז געוואָרען א צוועק פאר זיך אליין. דערמיט איז אויפגעקומען א קאָנקורענץ־מאכט געגען די אלטע מאכט פון אדעל. א נייע רייכע קלאסע איז אויפגעקומען, רייכע סוחרים און בעלי־בתים פון ווארשטאטען. זיי האָבען געוואונען די אויבערהאנד איבער דעם אדעל. דערמיט איז אָבער אויך אוועקגענומען געוואָרען דער לעצטער רעשט פון דעם פונדאמענט פון די אלטע גענטיל־אָרדנונג. די מיטגליעדער פון אלע גענטעס, פראטריען און שטאמען זיינען יעצט געווען צושפרייט איבער גאנץ אטטיקא און פאָלשטענדיג דורכאנאנדער־געמישט. די פערוואנדערשאפטס־איינטיילונג האָט אלזאָ שוין ניט געטויגט פאר פאָליטישע קערפערשאפטען. זעהר א סך אטהענישע בירגער האָבען איבערהויפט ניט געהערט צו קיין שום גענס. זיי זיינען געווען איינגעוואנדערטע. זיי זיינען אויפגענומען געוואָרען אין דעם אטהענישען בירגעררעכט, אָבער ניט אין קיין אלטען משפחה־פערבאנד. חוץ דעם איז אלץ מעהר און מעהר געוואקסען די צאָהל פון פרעמדע איינוואנדערער, וואָס זיינען קיין בירגער אויך ניט געוואָרען, נאָר האָבען בלויז געקראָגען דאָס רעכט פון שוץ אין לאנד.

אין דער צייט זיינען פאָרגעקומען די שטרייטען צווישען די פארטייען. דער אדעל האָט געוואָלט צוריק געווינען זיינע פריהעריגע פאָררעכטע. א געוויסע צייט האָט דער אדעל צוריקגעקראָגען די אויבער־הערשונג. די רעוואָלוציאָן פון קלייסטהענעס (509 פאר די קריסטליכע צייטרעכנונג) האָט זי ווידער אומגעוואָרפען, דאָס מאָל שוין אויף אייביג. מיט דעם איז שוין אונטערגעגאנגען דער לעצטער רעשט פון די גענטיל־איינריכטונגען.

קלייסטהענעס האָט אין זיין נייעם גרונדגעזעץ שוין גאָר ניט גענומען אין בעטראכט די פיער אלטע שטאמען, וואָס זיינען געווען געגרינדעט אויף גענטעס און פראטריען. אויף דעם ארט זיינען די בירגער איינגעטהיילט געוואָרען בלויז נאָך זייער וואוין־פלאץ, וואָס אן

אנהויב פון דיזער איינטהיילונג איז שוין געווען געמאכט אין די אויבענדערמאהנטע „נויקראריען“. א מענש האט שוין אלזא ניט געהאט זיינע געזעלשאפטליכע רעכטע צווישען זיינע בלוטס־פערוואנדטע, אין זיין משפחה, נאר צווישען זיינע שכנים. (עס האט, הייסט עס, גענומען גילטען דער געדאנק, וואס ליעגט אין דעם אלטען פסוק פון משלי „טוב שכן קרוב מאה רחוק“, — בעסער א נאהנטער שכן איידער א וויטער ברודער. דיזער פסוק איז מסתמא אויך דער אויסדרוק פון אזא ענדערונג אין דעם אידישען פאלק. — איבערזעצער). ניט דאס פאלק איז געווארען איינגעטהיילט, נאר דאס לאנד, די גע־גענדען. די איינוואהנער זיינען פאליטיש געווארען ניט מעהר ווי צוגעהעריגע צו דער געגענד.

גאנץ אטטיקא איז געווארען איינגעטיילט אין הונדערט געמיינ־דע־געגענדען, „דעמאס“ האט זיך גערופען אזא געגענד. יעדע דעמאס האט זיך אליין פערוואלטעט. די „דעמאטען“, דאס הייסט די בירגער פון יעדען דעמאס האבען ערוועהלט זייער אייגענעם פארשטעהער (דעמארך) און שאץ־מייסטער, און אויך דרייסיג ריכטער מיט דעם רעכט צו פסק'ענען קליינע פראצעסען. זיי האבען אויך געקראגען צוגעוויעזען אן אייגענעם טעמפעל און אן אייגענעם שוץ־גאט, אדער העראס, און זיי האבען אליין אויסגעקליעבען זיין פריסטער. די העכסטע מאכט אין דעם דעמאס איז געלעגען אין האנד פון די פער־זאמלונג פון די דעמאטען. מארגאן בעמערקט ריכטיג: די זעלבסט־שטענדיגע שטאדט־געמיינדע היינט אין אמעריקא איז אין די פארמע פון יענע גריכישע דעמאס. אין אמעריקא איז דאס היינט די העכסטע אויסבילדונג פון דעם מאדערנעם שטאאט — אט דאס וואס זיין איינ־הייט איז די שטאדט־געמיינדע, מיט דעם רעכט צו רעגיערען די איי־גענע אנגעלעגענהייטען נאכ'ן אייגענעם ווילען. און אנגעהויבען האט זיך דער שטאאט ענטוויקלען אין אטהען, אין אזא פארמע, מיט די זעלבסטשטענדיגע דעמאס אלס איינהייט. (איז ווידער א פאקט, ווי די געשיכטליכע ענטוויקלונג קומט צוריק, אויף א העכערע מדרגה, צו די אנפאנגליכע איינריכטונגען).

צעהן אזעלכע איינהייטען, דעמען (דעמאסען), זיינען געווען א שטאם. דאס איז אבער שוין ניט געווען דער אלטער שטאם פון קרובים, נאר אן א ר ט ס־שטאם. דער ארטס־שטאם איז געווען

א זעלבסטשטענדיגע פּאָליטישע קערפּערשאַפט, דאָס הייסט ער האָט זיך אַליין רעגירט זיינע אַנגעלעגענהייטען. אויך איז ער געווען א מיליטערישע קערפּערשאַפט. די איינוואָהנער פון דער שטאַם־געגענד האָבען זיך אויסגעקליבען פאָלגענדע פאָרשטעהער: א „פּהאַ־לארך", דאָס איז געווען דער שטאַם־פאָרשטעהער; ער האָט געהאַט צו בעפעהלען די קאַוואַלעריע; א „טאַקסיאַרך", וואָס האָט געהאַט צו בעפעהלען איבער די פיעכאָטע און א „סטראַטעג", דעם אויבער־שטען בעפעהל־האָבער איבער דאָס גאַנצע מיליטער פון די שטאַם־געגענד. יעדע שטאַם־געגענד האָט געמוזט צושטעלען פינף קריעגס־שיפען מיט מאַנשאַפט און קאָמענדאַנטען. און ווייטער האָט יעדער שטאַם געהאַט א בעזאָנדערען „גאָט", אָדער העראָס, אלס אייגענעם בעשיצער. דער שטאַם האָט זיך גערופען אויף דעם נאָמען פון דעם גאָט זיינעם. ענדליך האָט יעדער שטאַם אויסגעקליבען פופציג ראַטהס־לייט אין דעם אַטהענישען ראַטה.

און איבער די אַלע איינריכטונגען איז געווען דער אַטהענישער שטאַאַט. די רעגירונג זיינע איז געפיהרט געוואָרען פון א ראַטה פון 500 ערוועהלטע ראַטהסלייט פון די 10 שטאַמען, 50 פון יעדען שטאַם. די העכסטע דעה אָבער האָט געהאַט די פאָלקס־פערזאַמלונג, צו וועלכער יעדער אַטהענישער בירגער האָט געקענט צוקומען און שטימען. לעבען דעם האָבען די „אַרכאָנטען" און אַנדערע בעאַמטע בעזאָרגט די פערשיעדענע פערוואַלטונגס־צווייגען און גע'פסק'ענט דין־תורות. אַן אויבערשטער בעאַמטער איבער די עקזעקוטיוו־געוואַלט — דאָס הייסט א קעניג אָדער א פּרעזידענט — איז אין אַטהען ניט געווען.

מיט דיעזער נייער איינריכטונג — די איינטהיילונג לויט דעם אָרט וואו מען וואוינט — און מיט דעם וואָס מען האָט צוגעלאָזען זעהר א גרויסע צאָהל שוץ־פערוואַנדטע (פרעמדע וואָס האָבען גע־קראָגען יעדען שוץ ווי אייגענע, נאָר קיין בירגער־רעכט ניט) — דאָס זיינען געווען א טייל איינגעוואַנדערטע, א טייל פריינעלאָזענע שקלא־פען — מיט דעם זיינען די אַלטע קרובים־פערבאַנדען ארויסגעשטופּט געוואָרען פון די אָפיציעלע איינריכטונגען פון פאָלק. זיי זיינען גע־בליעבען ניט מעהר ווי פּריוואַטס־פעראיינען און רעליגיעזע קהילות. דאָך איז דער מאָראַלישער איינפלוס פון די גענטיל־צייט נאָך בים־

לעכווייז אָבגעשטאָרבען. די אַלטע אַרט געדאַנקען און בעגריפען זיי־נען נאָך אַ לאַנגע צייט געבליעבען. דאָס האָט זיך געצייגט ביי נאָך איין שטאַאַטליכע איינריכטונג, פון וועלכע מיר ווע‍לען יעצט רעדען:

מיר האָבען שוין אויבען געזעהען, אַז דער עיקר, וואָס עס מאַכט אַ שטאַאַט, איז אַן עפענטליכע געוואַלט, וועלכע בעשטעהט ניט די מאַסע פון פאָלק גופא, נאָר איז אַ בעזאָנדערע מאַכט. אַטהען האָט דעמאָלט נאָך בלויז געהאַט אַ פאָלקס־מיליטער און אַ פלאָט קריעגס־שיפען, וואָס זיינען דירעקט פון פאָלק געשטעלט געוואָרען. דיעזע איינריכטונגען האָבען געדיענט צו בעשיצען דאָס פאָלק פון אַן אויסער־ליכען שונא און צו האַלטען אין צוים די שקלאַפען. שקלאַפען זיינען שוין דעמאָלט געווען אין אַטהען מעהר ווי פרייע. אַלס אַ מאַכט געגען די בירגער איז דעמאָלט נאָך קודם די עפענטליכע געוואַלט בעשטאַנען אין די פּאָליציי. די פּאָליציי איז אַזוי אַלט ווי דער שטאַאַט. (דאָ־רום האָבען די נאַאיווע פראַנצויזען פון 18טען יאָהרהונדערט גערופען די ציוויליזירטע פעלקער „פּאָליצירטע פעלקער"). די אַטהענער האָ־בען אַלזאָ צוזאַמען מיט זייער שטאַאַט געגרינדעט אַ פּאָליציי. דאָס איז געווען אַ וואהרע זשאַנדאַרמעריע פון שיסערס מיט'ן פייל־בויגען, צו פוס און אויף פערד. דאָס זיינען געווען אַזעלכע ווי די, וואָס מען רופט לאַנדיעגער אין זיד־דייטשלאַנד און אין דער שווייץ. דיעזע פּאָליציי אָבער איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון — שקלאַפען. דער פרייער אַטהענער האָט אַלזאָ בעטראַכט די ראָלע פון דיעזע בעדיענטע פון אונטערדריקונג פאַר אַזוי שענדליך, אַז ליעבערשט האָט ער זיך געלאָזט אַרעסטירען פון בעוואַפענטע שקלאַפען, איידער ער זאָל זיך אַליין איבערגעבען צו אַזאַ שענדליכע זאַך, — איידער, הייסט עס, ער זאָל אַליין דיענען אין דער פּאָליציי. אָט אין דעם האָבען זיך דאָס געצייגט נאָך די אַלטע בעגריפען פון די גענטיל־צייטען. דער שטאַאַט האָט אָהן די פּאָליציי ניט געקענט עקזיסטירען. אָבער ער איז נאָך געווען יונג און האָט נאָך ניט געהאַט גענוג מאָראַלישען רעספּעקט ביי דעם פאָלק, אַז זיי זאָלען האַלטען פאַר אַכטענסווערט צו דיענען אין זיין פּאָליציי. אַזאַ בעשעפטיגונג ווי די פּאָליציייסקע האָט נאַטירליך ביי די אַלטע גענטיל־בריִדער אויס־געזעהען שענדליך.

יעצט איז דער שטאַאַט געווען פערטיג אין זיינע הויפּט־שטריכען.

און ווי זעהר ער האט זיך געפאסט צו די נייע געזעלשאפטליכע לאגע פון די אטהענער, האט זיך געצייגט אין דעם שנעלען אויפבליהען פון רייכטהום, פון האנדעל, פון דער אינדוסטריע. די געזעלשאפטליכע און פאליטישע איינריכטונגען זיינען געווען בעגרינדעט אויף א געגענזאץ פון קלאסען, — ניט מעהר דער געגענזאץ פון אדעל אין פראסטען פאלק, נאר פון שקלאפען און פרייע, פון שוץ־פערוואנדעטע און בירגער. אין דער צייט פון איהר העכסטע בליהונג איז די גאנצע פרייע בירגערשאפט פון אטהען בעשטאנען פון 90,000 נפשות, שוין אריינגערעכענט ווייבער און קינדער; דאגעגען זיינען געווען 365,000 שקלאפען, מענליכע און ווייבליכע, און 45,000 שוץ־פערוואנדעטע, פרעמדע און פרייגעלאזענע שקלאפען. אלזא, אויף יעדען דערוואקסענעם מענליכען בירגער זיינען געווען ווייניגסטענס 18 שקלאפען און איבער 2 שוץ־פערוואנדעטע. די גרויסע צאהל שקלאפען האט זיך גענומען פון דעם, וואס א סך פון זיי האבען געארבייט צוזאמען אין גרויסע צימערען ביי האנד־ארבייט, אונטער אויפזעהער.

די ענטוויקלונג פון האנדעל און אינדוסטריע האט געפיהרט דערצו, אז די עשירות'ן האבען זיך אנגעקליעבען מאסענווייז אין ווייניג הענד, די מאסע פון די פרייע בירגער איז געווארען ארים. זיי איז נאר געבליעבען די ברירה — אדער צו געהן קאנקורירען מיט די שקלאפען־ארבייט און זוכען ארבייט ביי האנדווערק, וואס דאס איז בעטראכט געווען פאר א גרויסע חרפה, און עס וואלט אויך ווענינ געקענט איינברענגען — אדער צו ווערען לומפען. און זיי זיינען געווארען לומפען, דאס איינציגע וואס זיי האבען געמוזט טהון אונטער די אומשטענדען. און אזוי ווי זיי זיינען געווען די גרויסע מאסע, האבען זיי דערמיט געבראכט א חורבן אויפ'ן גאנצען אטהענישען שטאאט.

אין די שקלאפען אין איירפא, ווען מען לערנט מיט די שילער די אלטע גריכישע געשיכטע, ערקלערען די פראפעסארען געוועהנליך, אז דער אלטער גריכישער שטאאט איז געגאנגען אין דר'ערד אריין דורך די דעמאקראטיע, דורך די פאלקס־רעגיערונג, דורך דעם וואס עס איז ניט געווען קיין קייסער אדער קעניג. די פראפעסארען, וואס לערנען אזוי, זיינען אונטערלעקערס פון די הערשער. דער אמת איז, אז ניט די דעמאקראטיע האט געבראכט אטהען צו חורבן, נאר די

שקלאַפעריי, וועלכע האָט געבראַכט דערצו, אַז פאַר אַ פרייען בירגער איז געווען אַ חרפה צו אַרבייטען.

די ענטשטעהונג פון דעם שטאַאַט ביי די אַטהענער איז אַ בעזונדערעס טיפּישער ביישפּיעל פון דעם, ווי שטאַאַטען זיינען געוואָרען אין אַלגעמיינען; ערשטענס, ווייל דאָרטען איז דער שטאַאַט ארויסגעקומען ריין פון זיך, אָהן אריינמישונג פון פרעמדע ערָאבערער, אָדער איינענע געוואַלט־הערשער; (עס איז נאָר פאָרגעקומען איין פאַל פון געוואַלט־פערכאַפּונג, דורך פּיזיסטראַטוס, אָבער דאָס האָט ניט לאַנג געדויערט און האָט קיין שום שפּור ניט איבערגעלאָזט); צווייטענס, ווייל דאָרטען איז גלייך פון די געגטיל־אָרדנונג ארויסגעקומען אַ שטאַאַט פון אַ זעהר הויך ענטוויקעלטער פאָרמע, די דעמאָקראַטישע רעפּובליק; און דריטענס, ענדליך, ווייל **עס זיינען גענוג בעקאַנט אַלע וויכטיגע איינצעלהייטען דערפון.**

## 6. — גענס און שטאַט אין רוים.

די זאַגע וועגען די גרינדונג פון רוים דערצעהלט, אַז די ערשטע מענשען, וואָס האָבען זיך בעזעצט אין רוים, זיינען געווען לאַטיינישע גענטעס (הונדערט גענטעס, דערצעהלט די זאַגע), פעראייניגט אין איין שטאַם. צו זיי איז באַלד צוגעקומען אַ שטאַם סאַבעלען, אויך הונ־דערט גענטעס, און צום סוף אַ דריטער שטאַם, פון פערשיעדענע סאָר־טען מענשען, וויעדער פון הונדערט גענטעס. די גאַנצע ערצעהלונג צייגט אויף דעם ערשטען בליק, אַז אין איהר ווערען שוין פאָרגע־שטעלט וועניג נאַטירליכע איינריכטונגען, מעהר קינסטליך־געמאַכטע. אַלץ וואָס דאָ איז פאַרהאַנען נאַטירליכעס זיינען די גענטעס. אָבער אויך די גענטעס, וואָס ווערען דאָ פאָרגעשטעלט, זיינען שוין אין מאַנכע פעלע ניט מעהר די גענטעס, וואָס זיינען ענטשטאַנען פון נאַטור, נאָר איבערגעבראַכטע פון די אַלטע היים פון דיעזע מענשען, פון וואַנען זיי האָבען אויסגעוואַנדערט קיין רוים. אין יענער אַלטער היים איז דעמאָלט נאָך בעשטאַנען די מוטער־גענס און זיי האָבען דיע־זע איינריכטונג מיטגעבראַכט קיין רוים. די שטאַמען אָבער, פון וועל־כע די לעגענדע דערצעהלט דאָ, זיינען פאָרגעשטעלט ווי געמאַכטע, קינסטליך צוזאַמענגעשטעלטע, נאָר ס׳רוב פון קרובים־גענטעס און נאָך דעם מוסטער פון די אַלטע שטאַמען, וועלכע זיינען ארויסגע־וואַקסען פון נאַטור. עס איז לייכט צו דערקענען, לויט ווי דיעזע שטאַמען ווערען דאָ געשילדערט, אַז דאָס זיינען געווען געמאַכטע; עס איז אָבער ניט אונמעגליך, אַז אַ טייל פון יעדען פון די דריי שטאַ־מען איז געווען אַווירקליכער, נאַטירליכער אַלטער שטאַם פון קרובים; דאָס האָט געקענט זיין דער קערן און צו דעם האָט מען, קען זיין, צוגעזעצט קינסטליך נייע גענטעס. דאָס מיטעלגליעד צווישען די גענס און דעם שטאַם, די פראַטריע, האָט זיך ביי די רוימער גערופען „קוריע". יעדע 10 גענטעס זיינען געווען אַ קוריע. אַלזאָ, זיינען געווען 10 קוריעס אין גאַנצען.

די רוימישע גענס איז געווען דיזעלבע איינריכטונג וואָס די גרי־

בישע. דאָס לייקענט קיינער נים. די גריכישע גענס, האָבען מיר געזעהען, איז געווען א וויטערדיגע ענטוויקלונג פון די יעניגע געזעל־שאַפטליכע איינהייט, וואָס איהר גאַר ערשטע פאָרמע געפינען מיר ביי די אינדיאַנער אין אַמעריקא. דאָס זעלבע, אלזאָ, גילט וועגען די גענטעס אין רוים. וועגען דעם איז ניטאָ מעהר וואָס צו רעדען. מיר קענען עס אַלזאָ דאָ מאַכען קירצער.

די רוימישע גענס האָט געהאַט פאָלגענדע איינריכטונג, וויינינגס־טענס אין די גאַר אַלטע ערשטע צייטען פון דער שטאָדט רוים:

1. די מיטגליעדער פון איין גענס האָבען גע׳ירשה׳נט איינע פון די אַנדערע; דאָס פערמעגען איז געבליעבען אין די גענס. אין די רוימישע גענס, ווי אין די גריכישע, האָט זיך שוין געפיהרט נאָך פאַטער־רעכט, אַלזאָ, זיינען די קינדער פון די טעכטער פון די גענ־טעס געווען אויסגעשלאָסען.

דאָס עלטסטע געשריעבענע געזעץ אין רוים, וואָס איז בעקאַנט, איז „דאָס געזעץ פון די צוועלף טאַבליצעס". לויט דיעזען געזעץ, זיינען די ערשטע יורשים פון אַ מענשען זיינע אייגענע קינדער: ווען עס זיינען ניטאָ קיין קינדער, ירשה׳נען די קרובים פון מענליכען צד; „אגנאַטען" האָבען געהייסען אזעלכע קרובים; און ווען עס זיינען ניטאָ קיין אגנאַטען, געהט די ירושה איבער צו די גענס־ברידער. אין אַלע פעלע איז דאָס אייגענטהום געבליעבען אין די גענס — צו ביי איינצעלנע מיטגליעדער פון דיזעלבע גענס, צו ביי אַלע.

מיר זעהען דאָ, ווי ביסלעכווייז רייסען זיך אריין נייע דינים אין די מנהגים אריין פון די גענטיל־אָרדנונג. דאָס קומט דורך דעם, וואָס די עשירות פערמעהרט זיך און עס פערשפּרייט זיך מאָנאָגאַמיע: דער אַלטער מנהג איז געווען, אז די ירושה פון אַ פערשטאָרבענעם איז צוגעפאַלען צו אַלע זיינע גענס־ברידער גלייך; דאָס ווערט די ערשטע זאַך געענדערט דערמיט, וואָס אין פּראַקטיק נעהמען עס צו נאָר די אגנאַטען — דיעזע ענדערונג איז מסתמא געוואָרען שוין גאָר אין די אַלטע צייטען, ווי אויבען דערמאָנט. ענדליך ווערט דער דין, אז די ירושה געהט נאָר צו די אייגענע קינדער און צו די קינדס קינדער פון מענליכען שטאַם. אויף די צוועלף טאַבליצעס שטעהט דאָס זעלבסטפערשטענדליך אין אומגעקעהרטער אָרדנונג, — פריהער קרי־גען עס די קינדער, נאָר ווען עס זיינען קיין קינדער ניטאָ, פאַלט די

ירושה צו די אגנאטען. דאס איז פערשריעבען געוואָרען, ווען עס איז שוין געוועזען איינגעפיהרט, אז די קינדער אליין ירשה'נען, ווען עס זיינען דאָ קינדער; ווען עס איז שוין אזוי איינגעפיהרט, זיינען שוין זעלבסטפערשטענדליך פריהער די קינדער און דערנאָך ווייטערע קרובים. אָבער איינגעפיהרט איז געוואָרען פריהער, אז די ירושה זאָל צופאלען אלע קרובים צוזאמען, דערנאָך צו די קינדער אליין, אויב עס זיינען דאָ קינדער. אזוי איז דאס אייגענטהומס־רעכט געוואָרען ביסלעכווייז אלץ וועניגער געמיינשאפטליך און אלץ מעהר פריוואט. פון די פריהעריגע איינריכטונג, אז די ירושה איז געבליעבען אין גאנ־צען שותפות־אייגענטהום פון די גענס, איז ביסלעכווייז געבליעבען בלויז דאס, אז די ירושה האט געמוזט „בלייבען אין די גענס", אָבער אלס דאס פריוואט־אייגענטהום פון גענס־ברידער, דעם פערשטאָרבע־נעם'ס קינדער אָדער זיינע אגנאטען. סיי ווי סיי, דאס איז געווען פונקט 1 פון די אויפגאבען פון די גענס, וואו מיר געפינען זי נאָך ביי די גרינדונג פון די שטאָדט רוים.

2. די גענס האָט געהאט צוזאמען אן אייגענעם בית הקברות. עס געפינט זיך צום ביישפיעל בעריכטעט, אז ווען די גענס קלאודיא, א גענס פון פאטריציער (רייכע), האָט איינגעוואנדערט קיין רוים פון רעגיללי, האָבען זיי געקראָגען צוגעוויזען פאר זיך א שטיק לאנד און דערצו אין דער שטאָדט א געמיינזאמען בעגרעבנים־פלאץ. נאָך אין פיעל שפּעטערע יאָהרען, אין די צייטען פון אויגוסטוס, ווערט בע־ריכטעט, אז מען האָט געבראכט קיין רוים דעם קאָפּ פון דעם קריעגס־העלד וואַרוס, וועלכער איז געפאלען אין טייטאָבורגער וואלד, האָט מען דעם קאָפּ בעגראָבען „אויף דעם קברות־בערגיל פון זיין גענס, די קווינקטיליא". אלזא, זעהט מען, אז נאָך דעמאָלט האָט די גענס געהאט א בעזאָנדערען בית עולם.

3. די גענס האָט געהאט אייגענע געמיינזאמע רעליגיעזע פייער־ליכקייטען, די „סאקרא גענטילוטיא". דאס איז גענוג בעקאנט פאַר יעדען וואָס ווייסט עפּעס פון די רוימישע געשיכטע.

4. אלע גענס־מיטגליעדער האָבען אויף זיך געהאט א פפליכט ניט צו הייראטהען פון די אייגענע גענס. דאס איז אין רוים, ווי עס שיינט, קיין מאָל ניט געוואָרען קיין געשריעבענעם געזעץ, אָבער עס איז געבליעבען א מנהג. עס זיינען געבליעבען פערצייכענט אין אלטע

רוימישע שריפטען אַ מאַסע נעמען פון מאַן־און־ווייב און אין קיין איינציגע פאַר פאַלק האָבען ניט ביידע דעם אייגענעם געַנטיל־נאָמען. די דינים וועגען ירושה בעווייזען דאָס אויך. דער דין איז, נעמליך, ביי די רוימער, אַז ווען אַ פרוי הייראַטה, פערליהרט זי דאָס רעכט אַלס אַגנאַט צו קריעגען אַ חלק ירושה פון איהר פערשטאָרבענעם גענס־קרוב. זי טרעט אַרויס פון די גענס. ניט זי, ניט איהרע קינדער קענען ירשה־נען פון איהר פאָטער אָדער פון איהר פאָטער׳ס ברידער, ווייל ווען זי וואָלט גע׳ירשה׳נט פון זיי, וואָלט דאָס אייגענטהום אַרויס פון זייער גענס און ניט מעהר געבליעבען אין דער „משפחה“. דאָס בעווייזט דאָך, אַז די פרוי האָט ניט געהייראַטה מיט אַ מאַן פון איהר פאָטערס גענס, אַז ניט וואָלטען דאָך זי און איהרע קינדער פון דעם מאַן אויך געווען פון דיזעלבע גענס.

5. די גענס האָט געהאַט פעלדער בשותפות. אין דער ערשטער צייט איז דאָס שטענדיג געווען דער פאַל, אַזוי באַלד ווי דאָס לאַנד פון׳ם שטאַם האָט אָנגעהויבען צוטיילט צו ווערען. ביי די לאַטינישע שטאַמען געפינען מיר, אַז די ערד איז אַ טייל שטאַם־אייגענטהום, אַ טייל דאָס אייגענטהום פון די גענס, אַ טייל פון דער הויזהאַלטונג. די הויזהאַלטונג איז אויך זעהר וואהרשיינליך דעמאָלט ניט געווען קיין איינצעלנע פאַמיליע. ראָמולוס זאָל זיין געווען דער ערשטער, וואָס האָט צוגעטיילט לאַנד צו איינציגע מענשען, צוויי יוגערא (אַזאַ לאַנד־מאָס) יעדען. דאָך געפינען מיר נאָך שפּעטער אויך לאַנד־בעזיץ אין די הענד פון גענטעס. אַז אַ סך ערד איז געווען שטאַאַטס־אייגענטהום איז דאָך געוויס ניטאָ וואָס צו רעדען; די גאַנצע אינערליכע געשיכטע פון די רוימישע רעפּובליק דרעהט זיך אַרום דעם.

6. די גענטיל־ברידער זיינען געווען פערפליכטעט זיך איינע די אַנדערע צו בעשיצען און בייצושטעהן. פון דעם געפינען מיר אין די געשריעבענע געשיכטע בלויז נאָך בלאַסע שפּורען. דער רוימישער שטאַאַט איז פון אָנהויב אָן אויפגעטרעטען מיט אַזאַ איבערמאַכט, אַז דאָס רעכט צו בעשיצען בירגער געגען עולות האָט באַלד דער שטאַאַט איבערגענומען. דאָך געפינט מען סמנים דערפון, אַז אַמאָל האָט זיך די גאַנצע גענס אָנגענומען פאַר יעדען פון איהרע מיטגליעדער. מען געפינט, צום ביישפּיעל, אַז ווען אַפּיוס קלאַודיוס איז אַרעסטירט געוואָרען, האָט זיך זיין גאַנצע גענס אָנגעטהאָן אין טרויער, אפילו די

וואָס זיינען געווען זיינע פערזענליכע שונאים. אין דער צייט פון דעם פונישען קריעג האָבען זיך די גענטעס פערבונדען, אַז זיי זאָלען אויס־לייזען זייערע קריעגס־געפאַנגענע גענס־ברידער. דער סענאַט האָט דאָס זיי פ ע ר ב אָ ט ע ן.

7. יעדער מיטגליעד פון אַ גענס האָט געהאַט דאָס רעכט צו טראָגען דעם נאָמען פון די גענס. פרייגעלאָזענע שקלאַפען האָט מען ערלויבט אָנצונעהמען דעם גענטיל־נאָמען פון זייערע פריהערדיגע בעלי־בתים, אָבער אָהן אַנדערע גענטיל־רעכטע.

8. די גענס האָט געהאַט דאָס רעכט אָנצונעהמען (צו אַדאָפּטי־רען) פרעמדע אין זיך. דאָס איז געשעהען דורך דעם, וואָס דער פרעמ־דער איז אַדאָפּטירט געוואָרען אין אַ פאַמיליע פון די גענס. דערמיט איז ער שוין געוואָרען אַ מיטגליעד פון די גאַנצע גענס (פונקט ווי ביי די אינדיאַנער).

9. דאָס רעכט פון די גענס זיך אויסצוקלייבען און אַראָבצוזעצען איהר פאָרשטעהער ווערט אין ערגעץ ניט דערמאָנט. מען געפינט אָבער, אַז יעדע גענס האָט געהאַט איהר „פרינסיפּע" — פאָרשטעהער. נו, מעג זיין, אַז עס איז געוואָרען אַ רעגעל, דאָס דער פרינסיפּע איז אַלע מאָל אויסגעקליעבען געוואָרען פון דערזעלבער פאַמיליע, אָבער דאָך קענען מיר אָננעהמען פאַר זיכער, אַז ער איז ניט געבוירען גע־וואָרען מיט דעם רעכט צו זיין פרינסיפּע, נאָר די מיטגליעדער פון די גענס האָבען איהם אויסגעקליעבען. דען מען זעהט דאָך, אַז אַלע אַמטען האָט מען בעזעצט דורך וואהל אָדער אָנשטעלונג אין די ערשטע צייט פון רוים, פון דעם וואהל־קעניג ביז אַראָב צו דעם ניעדע־ריגסטען בעאַמטען, און אויך די פּריסטער פון די קוריען האָבען די קוריען אליין געוועהלט. אַלזאָ, מעג מען זיכער אָננעהמען, אַז אויך די גענס־פאָרשטעהער זיינען פון די גענס אליין געוועהלט געוואָרען.

דאָס זיינען געווען די רעכטע און אויפגאַבען פון אַ רוימישע גענס. ווי מען זעהט, איז דאָס אַ געטרייע אָבשפּיגלונג פון די איראָ־קעזישע גענס, מיט דעם איינעם אונטערשיעד, וואָס ביי די איראָקע־זען פיהרט זיך נאָך אַ סך נאָך מוטער־רעכט, ווערהרענד ביי די רוימער איז דער איבערגאַנג צו פאָטער־רעכט שוין געווען אין גאַנצען אויסגע־פיהרט. אויך דאָ „איז לייכט צו דערקענען דעם איראָקעז, וואָס קוקט דורך דורך דיעזע איינריכטונגען".

(דאָ קומט אין דעם אָריגינאַל אַ דיסקוסיאָן מיט דעם רוימישען היסטאָריקער פּראָפעסאָר מאָמזען איבער די אויסלייגונג פון געוויסע ווערטער אין אַן אַלטען רוימישען בוך פון ליוויוס. לויט ווי מאָמזען לייגט דאָס אויס, קומט אויס, אַז יענע איינריכטונגען זיינען געווען אַביסעל אַנדערש ווי דאָ ערקלערט. דער פּערפאָסער בעווייזט אָבער מיט אַ שכל, אַז מאָמזענ'ס טייטש אין יענע ווערטער קען ניט זיין ריכטיג, און אַז יענע שטיק אין דעם בוך פון ליוויוס בעווייזט דאָרום גאָר ניט געגען די ערקלערונגען וואָס זיינען דאָ געגעבען וועגען די גענטיל־איינריכטונגען ביי די פאָרצייטיגע רוימער. מיר האָבען דיזע דיסקוסיאָן ניט איבערזעצט, ווייל עס איז אונפּערשטענדליך פאַר דעם, וואָס קען ניט קיין לאַטייניש און איבערהויפּט נאָר וויכטיג פאַר „למדנים" אין רוימישער היסטאָריע. — איבערזעצער).

די גענטיל־איינריכטונגען אין פאָרצייטיגע רוים האָבען לאַנג עקזיסטירט. כמעט 300 יאָהר נאָך די גרינדונג פון רוים זיינען די גענטעס געווען אַזוי שטאַרק, אַז אַ גענס איז נאָך אַליין אַרויס אויף מלחמה. מיר געפינען, צום ביישפּיעל, אַז די פּאַטריצישע (אַדעליגע) גענס פון די פאַביער האָט אַליין אונטערנומען אַ קריעגס־צוג אויף די נאַכבאַר־שטאָדט וועאי, מיט ערלויבנים פון דעם סענאַט. 306 פאַביער זיינען אַרויס אין די מלחמה און אויסגע'הרג'עט געוואָרען. עס איז געבליעבען פון זיי איין איינציגער אינגעל, און פון איהם איז צוריק אַרויסגעקומען די פאַביער־גענס, — אַזוי ווערט געמעלדעט.

צעהן גענטעס, ווי געזאָגט, האָבען צוזאַמענגעשטעלט אַ פראַטריע, וואָס האָט אין רוים געהייסען קוריע. די קוריע אין רוים האָט געהאַט וויכטיגערע קהל'שע אויפגאַבען ווי די פראַטריע אין גריכענלאַנד. יעדע קוריע האָט געהאַט איהרע אייגענע רעליגיאָנס־צערעמאָניעס, אייגענע הייליגטהימער און אייגענע פּריסטערס. אַלע קוריען־פּריסטערס צוזאַמען זיינען געווען אַ פּריסטער־קאָלעגיום. אַזעלכע פּריסטער־קאָלעגיען זיינען געווען אין רוים מעהרערע. צעהן קוריען זיינען געווען אַ שטאַם. יעדער שטאַם האָט מסתמא אין אָנהויב געהאַט אַן אויסגעוועהלטען פאָרשטעהער — אָנפיהרער פון די מחנות אין קריעג און אויבער־פּריסטער. אַזעלכע שטאַמען זיינען געווען, ווי געזאָגט, דריי, וועלכע זיינען צוזאַמען געווען דאָס „פּאָפּולוס ראָמאַנוס", דאָס רוימישע פאָלק.

אלזא, האָט צום רוימישען פּאָלק נאָר געקענט געהערען אזא איי־נער, וואָס איז געווען א מיטגליעד פון א גענס און דורך איהר — א מיטגליעד פון א קוריע און פון א שטאַם.

די ערשטע פערפאַסונג (פּאָלקס איינריכטונג) פון דעם רוימישען גאַנצען פּאָלק איז געווען פּאָלגענדע:

די עפענטליכע אנגעלעגענהייטען זיינען בעזאָרגט געוואָרען די ערשטע זאַך דורך דעם סענאַט. דער סענאַט איז געווען צוזאַמענגע־זעצט פון די פּאָרשטעהער פון די 300 גענטעס. (דער פּאָרשער ניעבוהר איז געווען דער ערשטער וואָס האָט דאָס ריכטיג אויסגעפונען.) די סענאַטאָרען האָבען זיך גערופען „פּאַטרעס“, פּאָטערס. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל זיי זיינען געווען די גענטיל־עלטסטע. דאָס וואָרט סענאַט הייסט דער ראטה פון די זקנים. (פון ס ע נ ע ק ס, אלט.) מיט דער צייט איז עס געוואָרען א געוואוינהייט, אז די סענאַטאָרען זיינען אויסגעקליבען געוואָרען אימער פון דיזעלבע פאמיליען. אויף אזא אופן זיינען דיעזע פאמיליען געוואָרען א שטאַם־אדעל. פונקט ווי מיר האָבען עס אויך געזעהען אין גריכענלאַנד. דיעזע פאמיליען האָבען זיך גערופען פּאַטריציער. זיי האָבען זיך גענומען דאָס רעכט, אז נאָר זיי זאָלען קענען זיין סענאַטאָרען און בעקליידען אלע אנדערע אמטען. דאָס פּאָלק האָט מיט דער צייט זיך צוגעוואוינט צו בעשטעהן דארויף און דיעזער מנהג איז געוואָרען א ווירקליכעס רעכט, א חזקה. דאָס איז אויסגעדריקט אין די זאַגע (לעגענדע, אלטע געשיכטע), אז ראָמולוס האָט דאָס געגעבען דיעזעס רעכט צו די ערשטע סענאַטאָרען און צו זייערע קינדער און קינדס־קינדער. דיעזעס רעכט האָט זיך גע־רופען פּאַטריציאַט. (ראָמולוס איז לויט די אלטע רוימישע זאַגע גע־ווען דער גרינדער פון רוים, א זוהן פון דעם גאָט מארס און די פּרינ־טערין רהעא סילוויא.)

דער סענאַט, ווי די בולע אין אטהען, האָט געהאַט צו זאָגען אלעם אין א סך אנגעלעגענהייטען. אין וויכטיגערע פראַגען האָט ער געהאַט דאָס רעכט פּאָראויס צו בעראַטען די זאַך, בעזאָנדערס ביי נייע געזע־צע. די געזעצע אליין האָט אָבער אָנגענומען די פערזאַמלונג פון פּאָלק. דאָס איז אָנגערופען געוואָרען „קאָמטיא קוריאַטא“, די אסיפה פון די קוריעס. דאָס פּאָלק איז זיך צוזאַמענגעקומען, גרופּירט אין קוריען, אין יעדער קוריע וואהרשיינליך לויט נאָך גענטעס. ביי דער אָבשטי־

מונג האָט יעדע פון די 30 קוריען געהאַט איין שטימע. די אַסיפה פון די קוריען האָט אָנגענומען אָדער פערוואָרפען אַלע געזעצע, האָט אויסגעקליבען אַלע העכערע בעאַמטע, אויך דעם „רעקס“, (וואָס מען פערטייטשט קעניג, וואָס עס איז פאַלש, ווי מיר וועלען ווייטער זעהן); דיזע אסיפה האָט ערקלערט קריעג (שליסען פריעדען האָט געהערט צום סענאַט) און אויך איז די קוריען־פערזאַמלונג געווען דאָס העכסטע געריכט, צו וועמען מען האָט אַפּעלירט, ווען אַנדערע געריכטען האָבען אָבגעגעבען אַ טויט־פּסק געגען אַ רוימישען בירגער.

חוץ דעם סענאַט און די פאָלקס־פערזאַמלונג איז אויך געווען דער „רעקס“. וואָס איז געווען דער „רעקס“? ער איז געווען גענוי דאָס זעלבע וואָס דער גריכישער באַזילעאוס. מאָמזען מאַהלט דעם רעקס ווי אַ קעניג, כמעט מיט סאַמאָדערזשאַווגע געוואַלט. דאָס איז פאַלש. דאָס וואָרט רעקס אויף לאַטייניש איז דאָסזעלבע, וואָס דאָס וואָרט רייקס אויף גאָטהיש און דאָס וואָרט ריגה אויף קעלטיש־איריש. דאָס האָט אַלץ בעדייטעט אין אָנפאַנג ניט מעהר ווי דער פאָרשטעהער פון שטאַם אָדער פון דער גענס. דאָס זעלבע האָט אויך בעדייטעט דאָס דייטשע וואָרט פירשט ווי דאָס ענגלישע וואָרט פירסט (פוירסט), — דער ערשטער. אויף דעניש איז אויך פערסטע דער ערשטער. אז דאָס וואָרט רייקס ביי די גאָטהען האָט ניט בעדייטעט קעניג, קען מען זעהן פון דעם, דאָס פאַר דעם שפּעטערען קעניג, דעם מחנה־אָנפיהרער פון אַ גאַנצען פאָלק, האָבען זיי געהאַט אַן אַנדער וואָרט: טהיודאַנס. שוין אין 4טען יאהרהונדערט האָבען זיי געהאַט דאָס וואָרט פאַר קעניג. אין זייער איבערזעצונג פון די ביבעל זיינען די קעניגע ניט אָנגערופען „רעיקס“ נאָר „טהיודאַנס“.

דער רעקס ביי די רוימער איז, פּונקט ווי דער באַזילעאוס ביי די גריכען, געווען דער מחנה־פיהרער, אויבער־פּריסטער און פּאָרזיצער אין געוויסע געריכטען. קיין רעכט צו רעגיערען אין ציווילנעם לעבען אָדער מאַכט איבער לעבען, פרייהייט און אייגענטהום פון די בירגער האָט ער דורכאויס ניט געהאַט. סיידען וואו דאָס איז ארויסגעקומען פון זיין דיסציפּלינאַר־געוואַלט אַלס דער מיליטער־פיהרער אָדער פון זיין מאַכט אַלס פּאָרזיצער פון געריכט, אויסצופיהרען דעם אורטהייל. דאָס אַמט פון דעם רעקס איז ניט איבערגעגאַנגען בירושה. ער איז געוועהלט געוואָרען. וואהרשיינליך האָט דער פריהערדיגער רעקס

פאַרגעשלאָגען ווענען מען זאָל מאַכען פאַר זיין נאָכפאָלגער. געוועהלט האָט איהם אַ פערזאַמלונג פון די קוריען און אַ צווייטע פערזאַמלונג האָט איהם דאַן מיט פאַראַד איינגעפיהרט. און דאָס פאָלק האָט איהם געקענט אראָבזעצען, ווי עס ציינט דאָס שיקזאַל פון טאַרקוויניוס סופערבוס.

די רוימער האָבען אַלזאָ געלעבט אין אַנהייב אין אַ מיליטערישע דעמאָקראַטיע. בעגרינדעט אויף געגטעס, פראַטריען און שטאַמען און פון זיי אַרויס ענטוויקעלט — פונקט ווי ביי די גריכען אין זייער העראָען־צייט. כאָטש מען רופט יענע צייט פון די רוימער די צייט פון די „קעניגע“. דאָס זיינען קיין קעניגע ניט געווען.

די קוריען און די שטאַמען האָבען געמעגט דאַרטען זיין, צום טייל, אויסגעטראַכטע, קינסטליך געמאַכטע, אָבער זיי זיינען געווען נאָכגעמאַכט נאָך די עכטע, נאַטירליכע מוסטערן, פון וועלכע זיי זיינען אַרויסגעקומען און וועלכע האָבען זיי נאָך פון אַלע זייטען אַרומגערינגעלט. אויך מעג זיין. אַז דער פּאַטריציִשער אַדעל איז שוין געווען אַ רעכטע ביסעל איינגעוואָרצעלט, און אויך די רעקס'ן האָבען אויך געמעגט האָבען אויסגעברייט זייערע רעכטע ביסלעכווייז — דאָס אַלץ נעהמט אָבער ניט אַוועק דעם פאַקט, אַז דער גרונד־כאַראַקטער פון דער פערפאַסונג איז נאָך געווען דאַרטען ווי ער איז אומעדום אין אָנפאַנג פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג, און דאָס איז עס פון וואָס מיר רעדען דאָ.

דערוויייל אָבער האָט זיך פערגרעסערט די בעפעלקערונג פון דער שטאָדט רוים און פון דעם לאַנד אַרום, וואָס האָט זיך אויסגעברייט דורך עראָבערונגען. די בעפעלקערונג האָט זיך פערגרעסערט אַ טייל דורך איינוואַנדערונג, אַ טייל דורך די בעוואוינער פון די אונטערוואָרפענע געגענדען, ס'רוב לאַטינישע. אַלע דיעזע נייע צוגעהעריגע צום רוימישען שטאַאַט זיינען געווען ניט קיין מיטגליעדער פון די אַלטע געגטעס, קוריען, שטאַמען. אַלזאָ זיינען זיי ניט געווען קיין טייל פון די פּאָפּולוס ראָמאַנוס, דעם ריכטיגען רוימישען פאָלק. זיי זיינען געווען פערזענליך פרייע לייטע, האָבען געקענט בעזיצען גרונד־אייגענטהום, האָבען געמוזט בעצאָהלען שטייערען און דיענען אין מיליטער. אָבער זיי האָבען ניט געקענט בעקליידען קיין עמטער און ניט אַנטיילנעהמען אין די פערזאַמלונגען פון די קוריען, און אויך האָבען זיי

ניט געקראָגען קיין חלק ווען עס זיינען צוטיילט געוואָרען איינגענומענע לענדער. זיי זיינען געווען די „פּ ל ע ב ס", ווי זיי זיינען דאָרטען גערופען געוואָרען. פון אלע עפענטליכע רעכטע זיינען זיי געווען אויסגעשלאָסען. דורך זייער שטענדיגער וואקסענדע צאָהל, דורך זייער מיליטערישע אויסבילדונג און בעוואפנונג זיינען דיזע פּלעבס געוואָרען אַ געפעהרליכע מאכט געגען דעם אלטען פּאָפּולוס, וועלכער איז געווען פעסט אָבגעשלאָסען און האָט ניט צוגעלאָזט קיין צוואוואקס פון אויסען. דערצו זיינען די פעלדער געווען במעט גלייך צוטיילט צווישען פּאָפּולוס און פּלעבס, ווי עס שיינט. און דער עשירות פון האנדעל און אינדוסטריע איז מסתמא געווען ׳סרוב ביי די פּלעבס אין האנד. דיעזער רייכטהום איז, אמת טאקי, נאָך ניט געווען זעהר ענטוויקעלט, אָבער ער האָט שוין געשפּיעלט אַ ראָלע.

דאן איז געקומען אַ רעוואָלוציאָן, וואָס האָט געמאכט אַ סוף צו די אלטע גענטיל־איינריכטונג. ווען דאָס איז געשעהען, און ווי אזוי און וואָס האָט געבראכט דערצו — וועגען דעם איז אונמעגליך צו דערגעהן עטוואָס בעשטימטעס, ווייל די אָנפאנגס־געשיכטע פון רוים איז איינגעהילט אין דונקעלהייט. זי איז אין גאנצען זאגענהאפט. אַ סך דערפון איז נאָך פיעל מעהר צופלאָנטערט און דונקעל געמאכט געוואָרען דורך שפּעטערע שרייבער, וועלכע האָבען אליין אויסגעטראכט געשיכטען, לויט ווי זיי האָבען אויסגעטייטשט די אלטע לעגענדען אויף אַ נייעם ראציאָנאליסטישען שטייגער.

זיי אליין זיינען געווען יוריסטיש געבילדעט, און די געזעצע פון זייער צייט, האָבען זיי ארייננעטייטשט אין די אלטע לעגענדען אריין. אלזאָ, איז אונמעגליך צו דערגעהן אַ טאָלק, וואָס דאָרטען איז געשעהען. זיכער איז נאָר אזוי פיעל, אז די רעוואָלוציאָן איז ארויסגעקומען פון די קעמפּפע צווישען פּלעבס און פּאָפּולוס.

די נייע פערפאסונג (גרונד־געזעץ), ווערט פאָרגעשטעלט, האָט איינגעפיהרט דער רעקס סערוויוס טוליוס. זי איז נאָכגעמאכט נאָך'ן גריכישען מוסטער, בעזאָנדערס נאָך סאָלאָן׳ס געזעץ־געבונג. זי האָט איינגעפיהרט אַ נייע סאָרט פאָלקס־פערזאמלונג, וועלכע האָט ארייננענומען אלע די, וואָס האָבען געדיענט אין קריעג, סיי פון פּאָפּולוס, סיי פון פּלעבס, און ניט צוגעלאָזען די וואָס האָבען ניט געדיענט. די גאנצע בעפעלקערונג, וואָס איז געווען פערפליכטעט צו דיענען אין

מיליטער, איז געוואָרען איינגעטיילט אין זעקס קלאַסען, לויט נאָך דעם פערמעגען נאָך. ד ערשטע קלאַסע זיינען געווען די, וואָס האָבען געהאַט 100,000 „אַס“. (לויט ווי דע לאַמאַל רעכענט אויס, זיינען אונגעפעהר 29 אַס אַזוי פיעל ווי איין דאָלאַר.) די צווייטע קלאַס 75,000, די דריטע 50,000, די פיערטע 25,000, די פינפטע 11,000. די זעקסטע קלאַס זיינען געווען די פּראָלעטאַריער, די ווייניג פערמעג־ ליכע, וועלכע זיינען געווען פריי פון דיענסט און פון שטייער. יעדע קלאַס איז איינגעטיילט געוואָרען אין „סענטוריען“, דאָס הייסט הונ־ דערטשאַפטען — הונדערט בירגער אין איין סענטוריע. די נייע פאָלקס־פערזאַמלונג איז אָנגערופען געוואָרען סענטוריען־פערזאַמלונג— „קאָמיטיא סענטוריאַטא“. די בירגער האָבען מאַרשירט צו דער פער־ זאַמלונג מיליטעריש אין זייערע סענטוריען; און יעדע סענטוריע האָט געהאַט איין שטימע. אָבער ניט יעדע קלאַסע האָט געהאַט אַ גלייכע צאָהל סענטוריען. די ערשטע קלאַסע האָט געהאַט 80 סענטוריען, די 2טע 22, די 3טע 20, די פיערטע 22, די פינפטע 30 און די זעק־ סטע, פון יוצא וועגען, אויך איינע. חוץ דעם האָבען די רייכסטע נאָך געהאַט זייערע 18 סענטוריען רייטער. צוזאַמען אַלזאָ 193 סענטוריען אין גאַנצען. אַ מאַיאָריטעט שטימען איז אַלזאָ געווען די גרעסערע העלפט דערפון, 97. אַזוי ווי די רייטער און די ערשטע קלאַסע האָבען געהאַט אַליין 98 שטימען, האָבען זיי אימער געקענט האָבען די מאַיאָריטעט און אַלעס אויספיהרען. ווען זיי זיינען געווען איינינג, האָט מען ביי די איבריגע גאָר ניט געפרעגט; ווי זיי האָבען בעשלאָ־ סען, אַז שוין געווען גילטיג.

דיעזע נייע פערזאַמלונגען פון די סענטוריען האָבען יעצט איבער־ גענומען אַלע פּאָליטישע רעכטע וואָס פריהער האָבען געהאַט די פער־ זאַמלונגען פון די קוריען, חוץ נאָר אייניגע רעכטע, בלויז נאָכ׳ן נאָמען נאָך, זיינען נאָך ביי די קוריען געבליבען. אויף אַזאַ אופן איז דאָ געשעהען פונקט ווי אין אַטהען: די קוריען און די גענטעס, פון וועלכע זיי זיינען געווען צוזאַמענגעזעצט, זיינען דורך די נייע איינריכטונגען געוואָרען בלויזע פריוואַטע און רעליגיעזע געזעלשאַפטען און זיי זיינען נאָך לאַנג געבליבען זיפיען אַלס אַזעלכע. די פערזאַמלונגען פון די קוריען זיינען באַלד אין גאַנצען איינגעשלאָפען. אויך די שטאַמען, די אַלטע דריי שטאַמען לויט קרובים׳שאַפט, זיינען אַרויסגעשטופּט

געוואָרען פון שטאַאַט, דורך דעם וואָס עס זיינען איינגעפיהרט גע־וואָרען פיער אָרטס־שטאַמען, אַלע איינוואויהנער פון אַ פירטעל־שטאָדט זיינען געוואָרען אַזאַ אָרטס־שטאַם, מיט געוויסע פּאָליטישע רעכטע.

אַלזאָ זעהען מיר אַז אויך אין רוים איז שוין פאַר די אָבשאַפונג פון דעם זאָגענאַנטען קעניגטהום אונטערגעגאַנגען די אַלטע געזעל־שאַפטס־אָרדנונג, וואָס איז געווען געגרינדעט אויף בלוט־פערוואַנד־שאַפט און אויף איהר פּלאַץ איז איינגעפיהרט געוואָרען אַ נייע איינ־ריכטונג פון אַ ווירקליכען שטאַאַט, בעגרינדעט אויף איינטיילונג פון דעם לאַנד וואו מען וואוינט און אויף אונטערשיעד אין פערמעגען. די געוואַלט פון דער רעגיערונג איז געלעגען אין די הענד פון די בירגער וואָס האָבען געמוזט דיענען אין מיליטער. זיי האָבען בע־הערשט די איבריגע מענשען, — ניט בלויז די שקלאַפען, נאָר אויך די פרייע אָרימע לייט, די וואָס מען האָט גערופען פּראָלעטאַריער (פון דאָרטען שטאַמט דאָס וואָרט), וואָס זיי האָט מען ניט אריינגענומען אין מיליטער־דיענסט און ניט געגעבען קיין געוועהר צו טראָגען.

אויפ'ן גרונד פון דיעזע נייע איינריכטונג שפּיעלט זיך שוין אָב די גאַנצע געשיכטע פון די רוימישע רעפּובליק, מיט אַלע איהרע קעמפּפע צווישען די פּאַטריציער און פּלעביער, וואָס האָבען זיך ארומגעריסען ווער עס זאָל קריגען די אַמטען און ווער עס זאָל האָבען אַ חלק אין די שטיקער לאַנד וואָס האָבען געהערט צום שטאַאַט. דיעזע גאַנצע געשיכטע שפּיעלט זיך אָב אויף דעם פונדאַמענט פון אָט דיעזע נייע איינריכטונג פון שטאַאַט. זי איז די גאַנצע צייט געבליבען אין גרונד דיזעלבע. זי איז שפּעטער נאָר ווייטער אויסגעבילדעט געוואָרען. זי האָט בלויז פערטריבען דעם רעקס טאַרקוויניוס סופּערבוס, דעם לעצטען רעקס, וואָס האָט פערכאַפּט ווירקליכע קעניגס־געוואַלט, און אנשטאַט דעם רעקס זיינען אָנגעשטעלט געוואָרען צוויי קאָנזולן, מי־ליטער־פיהרער, מיט גלייכער אַמטס־געוואַלט (ווי ביי די איראָקעזען). אין גרונד, אַלזאָ, איז געבליבען די זעלביגע שטאַאַטס־איינריכטונג. אויף איהר פונדאַמענט זיינען דאָס געפיהרט געוואָרען די אַלע שטרייטיג־קייטען צווישען פּאַטריציער און פּלעביער, ביז דער אַדעל פון די פּאַט־ריציער איז פערשוואונדען און איז פערמישט געוואָרען אין די נייע קלאַסע פון גרויסע פעלד־בעזיצער און געלד־אייגענטהימער. זיי האָ־

בען פערכאפּט די פעלדער פון די פויערין, וואָס זיינען בדיל הדל גע־
וואָרען דורך דעם מיליטער־דיענסט. די פערכאפּטע פעלדער האָבען
זיי געלאָזט בעארבייטען דורך שקלאַפען. די פעלקער פון איטאַליען
האָבען זיי ביסלעכווייז אויסגעראָטעט. דערמיט האָבען זיי געעפענט
די טהיר פריהער פאַר דעם קייזערטהום און דערנאָך פאַר די בארבא־
רען, די גערמאנען, וועלכע האָבען שפּעטער די רוימישע מלוכה חרוב
געמאַכט.

## 7. — די גענטס ביי די קעלטען און דייטשען.

מיר זעהען, אלזא, אז די משפחה־געזעלשאפט, די גענטיל־ארד־נונג, די פעראייניגונג פון די מענשען לויט בלוט־פערוואנדשאפט, איז געווען דער אנפאנג פון די מענשליכע ארדנונג אויך ביי די צוויי גרויסע פעלקער פון דער וועלט־געשיכטע, די רוימער און די גריכען. און אונטערגעגאנגען איז דיעזע איינריכטונג ביי זיי אויף א גלייכען אופן, דורך די ענטוויקלונג פון אייגענטהום.

איז דאס ביי אנדערע פעלקער אויך אזוי געווען, אין אנפאנג פון זייער ענטוויקלונג?

שפורען פון אזעלכע איינריכטונגען געפינט מען אויך אין די עלטערע געשיכטען פון אזיאטישע קולטור־פעלקער. און אויך ביי די פערשיעדענסטע ווילדע און בארבארישע פעלקער געפינען זיך שפורען פון אזעלכע איינריכטונגען, אמאל גאנץ דייטליכע, אמאל שוין פערמישטע מיט אנדערע איינריכטונגען. אומעדום, ביי אלע פעלקער, געפינען זיך אזעלכע שפורען, אין איין פארמע אדער אן אנדערע. דער פלאץ ערלויבט אונז ניט דא צו רעדען דערפון אויספיהרליך. מעקלעננאן, וועלכער האט זיך געגעבען די גרעסטע מיהע ניט צו פערשטעהן דיעזע איינריכטונג, האט שוין אליין אויפגעצייגט שפורען ביי די טשערקעסען, קאלמיקען, סאמאיעדען און ביי דריי אינדישע פעלקער, די מאראלים, די מאגארס און די מוניפורים. ביי די טשאַוועז סוואנעטען און אנדערע שבטים אין קאווקאז האט ניט לאנג צוריק דער פארשער קאוואלעווסקי אויפגעוויזען אזעלכע איינריכטונגען.

דא וועלען מיר נאר קורץ רעדען וועגען דעם, ווי די גענס־איינריכטונגען קומען פאר ביי די קעלטען און גערמאנען. (די קעלטען זיינען געווען פארצייטענס א פאלק וואס האט בעוואוינט מערב־אייראפא. פון זיי שטאמען ארויס די סקאטלענדער, די אירלענדער, די וואליזער, די נארמאנדיער אין פראנקרייך א. ז. וו. פון די פארצייטיגע גערמאנען שטאמען ארויס די דייטשען, די ענגלענדער, די האלענדער, די שוועדען, דענען א. ז. וו.)

די עלטסטע געזעצע פון די קעלטען, די געזעצע וואס א שפור פון

זיי איז ביז היינט געבליבען, צייגען אונז די געגטס נאָך אין פולען לעבען. אין אירלאַנד לעבט די גענס אין דעם בעוואוסטזיין פון פאָלק, וועניגסטענס אינסטינקטיוו, נאָך היינט, ווען די ענגלענדער האָבען זי מיט גוואַלט צוריסען. אין סקאָטלאַנד איז נאָך מיט אַ יאָהר הונדערט צוריק געווען אַזאַ משפחה־איינריכטונג אין פולער בליהונג און איז ערשט אונטערגעגאַנגען, אויך דאָ, דורך די גוואַלט־זאַמע אונטערדריקונג פון די ענגלענדער דורך זייער געוועהר, זייערע געזעצע און זייערע ריכטער.

די וואַליזער (איינוואָהנער פון וועלס, יעצט אַ טייל פון ענגלאַנד) האָבען געהאַט אַלטע געזעצע, וואָס זיינען געשריבען געוואָרען שפּעטסטענס אין עלפטען יאָהרהונדערט (900 יאָהר צוריק), אַלזאָ עטליכע הונדערט יאָהר איידער ענגלאַנד האָט זיי איינגענומען. אין יענע געזעצע איז נאָך גערעדט וועגען שותפות׳ע פעלד־אַרבייט פון גאַנצע דערפער, כאָטש שוין אַלס אַן אויסנאַהמע, אַלס אַן איבערבליי־בונג פון אַ פריהעריגע אַלגעמיינע פיהרונג אַזעלכע. יעדע פאַמיליע האָט געהאַט 5 אַקער פאַר זיך אַליין צו בעאַרבייטען און חוץ דעם איז איין שטיק לאַנד בשותפות בעאַרבייט געוואָרען און די תבואה דערפון איז פערטיילט געוואָרען צווישען אַלע מיטגליעדער פון די דאָרף־געמיינדע. אַזאַ דאָרף־געמיינדע איז געווען אַ גענס. אין דעם קען קיין שום ספק ניט זיין. מען קען דאָס זעהען פון אַ פערגלייך מיט אירלאַנד און סקאָטלאַנד, — אפילו ווען אַ נייע אונטערזוכונג פון די וואַליזישע געזעצע, וואָס דערצו האָב איך קיין צייט ניט (מיינע אויסציגע זיינען פון 1869) זאָל דאָס ניט דירעקט בעווייזען.

איין זאַך זעהט מען אָבער יאָ אַרויס דירעקט פון די וואַליזישע געזעצע, און דאָס זעלבע אויך פון די איירישע: אַז ביי די קעלטען איז נאָך די פּאָארונגס־עהע ניט געווען אָבגעשאַפט און די מאָנאָגאַמיע ניט איינגעפיהרט אפילו אין עלפטען יאָהרהונדערט.

אין וועלס האָבען מאַן און פרוי צו יעדע צייט געקענט אָבזאָגען איינע די אַנדערע און זיך פריי פונאַנדערגעהן. ערשט נאָך זיבען יאָהר צוזאַמענוואוינען האָבען זיי ניט מעהר געקענט זיך אָבזאָגען. ווען אין די זיבען יאָהר האָבען זיי נאָר דריי נעכט פערפעהלט צו־זאַמען צו זיין, האָבען זיי געקענט זיך פריי צושיידען. זייער פערמעגען האָבען זיי דאַן צוטיילט צווישען זיך. די פרוי האָט צוטיילט

און דער מאן האט זיך אויסגעקליבען וועלכען טייל ער זאל נעהמען. די מעבעל איז געווארען צוטיילט נאך געוויסע רעגלען, זעהר קאמישע.

ווען דער מאן איז געוועז דער וואס האט זיך אבגעזאגט פון צוזאמען־לעבען, האט ער איהר געמוזט אבגעבען איהר נדן און נאך צוגעבען עפעס מעהר. האט די פרוי דעם מאן אבגעזאגט, האט זי געקראגען פון זייער פערמעגען ווייניגער. פון די קינדער האט דער מאן געקראגען צוויי און די פרוי איינס, דאס מיטעלסטע. ווען די פרוי האט נאך דער שיידונג גענומען אן אנדערען מאן, איז דער דין געוועזען, אז ווען זי איז אין דעם אנדערן מאנ'ס בעט נאך ניט אריין מעהר ווי מיט איין פוס, האט דער ערשטער מאן זי נאך געקענט צוריק נעהמען.

ווען מאן און ווייב האבען אבער אבגעוואוינט צוזאמען גאנצע זיעבען יאהר, זיינען זיי שוין געבליעבען מאן און ווייב אפילו ווען זיי האבען ניט פריהער פארמאלנע געהייראטה.

אז די מיידלעך זאלען זיין צניעות פאר די חתונה האט מען דורכאויס ניט שטרענג אבגעהיט אדער געפאדערט. די געזעצע ווע־גען דעם זיינען זעהר ניט קיין שטרענגע און שטארק ניט נאך די בירגערליכע מאראל.

ווען א פערהייראטהע פרוי האט געזינדיגט מיט אן אנדערן, האט דער מאן געמעגט איהר געבען קלעפ פאר א שטראף (דאס איז געוועזן איינער פון דריי פעלע, ווען דער מאן האט געמעגט שלאגען זיין ווייב. ווען ער האט זי געשלאגען ניט ביי אזא פאל, איז איהם געקומען שטראף). ווען ער האט זי געשלאגען, האט ער שוין מעהר קיין רעכט ניט געהאט צו פאדערען קיין בעפריעדיגונג. דען דאס געזעץ האט גע־זאגט, אז „פאר איין פערברעכען קען מען פערלאנגען נאר איינס פון דיביידע, אדער שטראף אדער ראכע, ביידע אבער ניט".

שיידונג האט א פרוי געקענט פערלאנגען אפילו בלויז צוליעב א שלעכטען גערוך פון דעם מאנ'ס מויל, און נאך אזעלכע זאכען. אזא אורזאכע איז געוועזן גענוג, אז זי זאל האבען דאס רעכט צו שיידען זיך און ניט דארפען פערליערען דערביי וואס עס קומט איהר.

ביז די חתונה האט דער חתן געמוזט אויסקויפען „דאס רעכט פון די ערשטע נאכט" פון דעם הויפטמאן פון דעם שטאם אדער פון דעם קעניג (אין זייער קעלט'ישען לשון האט דאס רעכט פון די ערשטע

נאכט געהייסען „גאַבר מערק“. פון דעם קומט דער מיטעלאַלטער־ליכער נאָמען מארכעטא, פראַנצויזיש מארקעט). אין דעם געזעץ־בוך שפּיעלען א גרויסע ראָלע די פּאַרשריפטען וועגען דעם, וואָס דער חתן דאַרף צאָהלען פאַר דעם רעכט פון די ערשטע נאַכט.

די ווייבער האָבען געהאַט שטימרעכט אין די פאָלקס־פערזאַמ־לונגען.

עהנליכע פערהעלטניסע זיינען געווען ביי די אירלענדער (איירי־שע). דאָרט איז אויך געווען שטאַרק דער מנהג חתונה צו האָבען אויף א צייט. און ביי דער שיידונג האָט די פרוי געהאַט גרויסע רעכטע, געגוי גערעגעלט. זי האָט אפילו געהאַט רעכט צו פאָדערען בעצאָהלט פאַר איהר הויז־ארבייט. אין די אַלטע געזעצע פון אירלאנד איז גע־רעדט וועגען „די ערשטע פרוי“ פון א מאַן וואָס האָט נאָך אנדערע פרויען. און א חלק אין דער ירושה פון פאָטער האָבען אונגעזעצליכע קינדער געהאַט פּונקט אזוי גוט ווי געזעצליכע. דאָס אַלעס צייגט, אז אין עלפטען יאָהרהונדערט איז ביי די קעלטישע פעלקער נאָך געווען א גאַנץ לויזע פּאָאַרונגס־עהע; די פּאָאַרונגס־עהע ביי די אינ־דיאַנער אין אַמעריקאַ זעהט נאָך אויס שטרענג אנטקעגען דעם. און עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אין עלפטען יאָהרהונדערט איז ביי די קעלטען נאָך געווען פּאַארונגס־עהע, דען מיט א 1200 יאָהר פריי־ער, אין צעזאַר׳ס צייטען, איז ביי זיי נאָך געווען גרופּען־עהע.

אויך גענס־איינריכטונגען זיינען ביי זיי געווען. ביי די איר־לענדער האָט א גענס געהייסען „סעפּט“. דער שטאַם האָט געהייסען קלעינן, קלאַן. אז ביי זיי איז געווען גענס, ווערט בעשטעטיגט ניט בלויז אין זייערע אַלטע רעכטס־ביכער. די איירישע גענטעס זיינען נאָך בעשטעטיגט און בעשריעבען געוואָרען פון ענגלישע יוריסטען (אַדוואָקאַטען) אין 17טען יאָהרהונדערט, וועלכע זיינען אהין געשיקט געוואָרען אוועקצונעהמען די פעלדער וואָס זיינען געווען דאָס שותפות־אייגענטהום פון די קלאַנס און דאָס צו מאַכען פאַר קרוין־אייגענטהום פון דעם ענגלישען קעניג. די פעלדער זיינען געווען ביז צו דיעזער לעצטער צייט שותפות־אייגענטהום פון קלאַן אָדער פון דער גענס, אזוי ווייט ווי די הויפּטלייט האָבען דאָס ניט פערוואַנדעלט אין זייער פּריוואַט־אייגענטהום. ווען א מיטגליעד פון די גענס איז געשטאָרבען און זיין הויזהאַלטונג איז אונטערגעגאַנגען, האָט דער הויפּטמאַן

פונאנדערגעטהיילט אויפ׳ם נייע דאס גאנצע לאנד צווישען די איב־ריגע הויזהאלטונגען. נאך מיט 40 אדער 50 יאהר צוריק זיינען גע־ווען אין איירלאנד זעהר א סך שטיקער לאנד, וואס זיינען געווען דאס אייגענטהום פון גאנצען דארף. נאך היינט זיינען דא איינינע דארף־לענדער אין זאגענאנטען „ראנדייל". דאס בעדייטעט, אז די פויערען פעראייניגען אלע זייערע שטיקער פעלד און צוטיילען עס דערנאך צווישען זיך לויט די לאגע פון די פעלדער און די גוטסקייט פון די ערד. דאס איז אפילו היינט, ווען די ענגלישע רויבער האבען צוגע־רויבט די שטיקער לאנד, וואס זיינען פריהער געווען דאס שותפות־אייגענטהום פון די געמטעס. דער ענגלישער לענדלארד פערפאכטעט היינט די ערד צו איירישע פויערען. יעדער פויער פאכטעט א שטיק און בעצאהלט דאפיר. אבער די אלע שטיקער פעראייניגען די פויערים צוזאמען, לויט זייער פארצייטיגען מנהג, און דערנאך צוטהיילען זיי עס, נאך די לאגע און אייגענשאפט פון די שטיקער ערד, אין חלקים און גיבען יעדען א חלק. דאס איז אין דייטשלאנד ביי דעם טייך מאזעל אויך אזוי. דארטען רופט מען אזא שטיק ערד „געוואנן". (מסתמא ווייל דאס פלעגט מען  ג ע ו ו י נ ע ן  ווען מען האט די שטיקער צוטהיילט מיט א גורל. עס איז מערקווירדיג, אז אין זעהר פיעל שפראכען ווערט א שטיק ערד־אייגענטהום אנגערופען מיט א ווארט, וואס שטאמט פון גורל־ווארפען. אויף לשון קודש איז „חבל" א גורל און אויך א נחלה. אויף גריכיש איז דאסזעלבע „קלעראס". אויף ענגליש „לאט" א. ז. וו. דאס ציינט, אז אומעדום איז ערד־אייגענטהום געווען פאלקס־שותפות און די צוטיילטע שטיקער האט מען קיינעם ניט אבגעגעבען אין אייביגע פריוואט־אייגענטהום, נאר צוגעטהיילט מיט א גורל אויף דערווייל. — איבערזעצער).

פאשע־לאנד און סטעפעס ווערען נאך היינט בענוצט בשותפות אין איירלאנד.

נאך מיט 50 יאהר צוריק פלעגט מען די פעלדער פון צייט צו צייט אויפ׳ם ניי פונאנדערטיילען, מאנכע מאל יעדעס יאהר. די לאנד־קארטע פון אזא דארף אין איירלאנד — א „ראנדייל" דארף — זעהט אוים פונקט ווי די לאנדקארטע פון א דייטשע „געהעפערשאפט" אין די געגענד פון האכוואלד אדער ביי דעם טייך מאזעל. דאס ציינט, אז אומעדום זיינען געווען אזעלכע איינריכטונגען.

נאָך אַן איינריכטונג געפינט זיך אין איירלאַנד, וואָס איז אַן איבערבלייבונג פון די גענטעס. דאָס איז דער מנהג זיך צו צוטהיילען אין „פעקשאַנס“. פעקשאַנס זיינען אַזעלכע פּאַרטיעס, אין וועלכע די פּויערען אין איירלאַנד טהיילען זיך איין; די פּאַרטיעס שלאָגען זיך אַרום איינע מיט די אַנדערע. וואָס איז דער אונטערשיעד פון איין „פעקשאַן“ ביז די אַנדערע? מיט וואָס געהערט איין מענש צו איין פעקשאַן און דער אַנדערער צו אַן אַנדערע? מיט גאַר ניט! זייער אונטערשיעד זעהט אויס משוגע אָדער אָהן שום זין און די ענגלענדער וואונדערען זיך דעריבער און פערשטעהען ניט וואָס פאַר אַ זין דאָס האָט, אַז גלייכע מענשען פון איין סאָרט זאָלען זיך איינטהיילען אין פּאַרטיעס און זיך אַרומשלאָגען איינע מיט די אַנדערע. אָבער דאָס איז אַן איבערבלייבונג פון אַמאָליגע גענטעס, וועלכע זיינען אונטערגעגאַנגען. דער אינסטינקט איינצוטהיילען זיך אין גענטעס איז געבליעבען בירושה איינגעבוירען אין דער נאַטור פון די מענשען, ווירקט דיעזע איינגעבוירענע נאַטור, אַז זיי זאָלען זיך צוריק אָבלעבען אין עהנליכע איינטהיילונגען, קינסטליכע.

איבריגענס, אין אַ טייל געגענדען אין איירלאַנד וואוינען נאָך היינט צוזאַמען די אַמאָליגע גענטיל־קרובים כמעט אויף דעם זעלבען שטיק לאַנד אויף וועלכען זיי האָבען אַמאָל צוזאַמען געוואוינט. דער פאַקט איז, אַז נאָך אין די דרייסיגער יאָהרען פון 19טען יאָהרהונדערט האָבען זיך אין די גאַנצע קאָונטי (אַן ארט גובערניע) מאַנאַגהאַן ניט מעהר געפונען ווי פיער פאַמיליען־נעמען. דאָס צייגט, אַז אַלע מענשען פון דיעזע גאַנצע קאָונטי האָבען געשטאַמט פון פיער גענטעס, אָדער קלאַנס*).

*) אַנמערקונג צו די פיערטע אויסגאַבע: איך האָב פערבראַכט עטליכע טעג אין איירלאַנד, האָב איך בעמערקט, ווי עס זיינען נאָך דאָרטען מנהגים, וואָס צייגען, אַז די פּויערען לעבען נאָך היינט אין די בעגריפען פון זייער גענטיל־צייט. יעדער פּריץ ווערט נאָך היינט בעטראַכט ווי אַן אַרט הויפּטמאַן פון דעם קלאַן פון זיינע פּויערען, וואָס האַלטען זיינע פעלדער אין פּאַכט. דער פּריץ פערוואַלטעט די גיטער פאַר דעם אינטערעס פון אַלע פּויערען. דער פּויער צאָהלט איהם פּאַכט־צינז, דערפאַר אָבער קריעגט ער פון דעם פּריץ אונטערשטיצונג אין אַ נויט. יעדער רייכער מאַן איז אויך מחויב צו אונטערשטיצען זיינע אָרימערע שכנים אין נויט. אַזאַ אונטערשטיצונג איז ניט קיין נדבות, דאָס קומט

אין סקאָטלאַנד איז די גענטיל־אָרדנונג ערשט אונטערגעגאַנגען אין 1745, ווען דער אויפשטאַנד איז אונטערדריקט געוואָרען. אין סקאָטלאַנד זיינען געווען משפחה־פעראייניגונגען וואָס האָבען זיך גע־רופען קלאַן. עס דאַרף נאָך אויסגעפאָרשט ווערען, וואָס אַ קלאַן איז אייגענטליך געווען, דאָס הייסט, וועלכעס גליעד פון די גענטיל־אָרדנונג האָט געהייסען קלאַן — צי אַ גענס, צי אַ פראַטריע, צי אַ שטאַם. אָבער אַזוי פיעל איז קיין שום ספק ניט, אַז דער קלאַן איז געווען אַ גליעד פון אַ גענטיל־אָרדנונג.

אין וואַלטער סקאָט'ס ראָמאַנען זעהען מיר דיעזען קלאַן פון די בערג פון סקאָטלאַנד לעבעדיג פאַר אונז. מאָרגאַן זאָגט, אַז דער סקאָ־טישער קלאַן, ווי ער ווערט געמאָהלען אין דיעזע ראָמאַנען, איז אַן אויסגעצייכענטעס מוסטער־בילד פון די גענס: די פאָרמע ווי דער קלאַן איז אָרגאַניזירט, ווי אויך דער כאַראַקטער און דער בעגריף פון די מענשען, וואָס לעבען אונטער איהם, צייגען אַ שטאַרקען ביישפיעל פון דעם איינדרוק וואָס דאָס גענטיל־לעבען מאַכט אויף די מענשען, וועלכע לעבען אין איהם... מיר געפינען אין דעם קלאַן־לעבען פון די סקאָטלענדער, ווי איין קלאַן מיט'ן אַנדערען פיהרען בלוטיגע מחלוקות; ווי יעדער קלאַן רוהט ניט ביז ער נעהמט בלוט־ראַכע פון דעם אַנדערען קלאַן דערפאַר וואָס אַ מיטגליעד פון יענעם האָט גע־טויטעט אַ מיטגליעד פון דעם; ווי די מיטגליעדער פון יעדען קלאַן

---

די אָרימע פון די רייכערע קלאַן־קרובים אָדער פון דעם קלאַן־הויפטמאַן אַלס זייער רעכט. די פּאָליטישע עקאָנאָמען און די יוריסטען בעקלאָגען זיך, אַז די אירישע פויערען קען מען בשום אופן ניט אַריינברייגען דעם בעגריף פון היינטיגען בירגערליכען אייגענטהום פון דעם פריץ; אַן אייגענטהום וואָס האָט נאָר רעכטע און קיין שום פליכטען ניט וויל דעם איי־רישען בשום אופן ניט אַריין אין קאָפּ. פון דעם קומט עס, אַז ווען די איי־רישע פויערען קומען אין די גרויסע שטעדט פון ענגלאַנד אָדער אַמערי־קאַ, ווערען אַזוי פיעל פון זיי פערברעכער געגען די היינטיגע מאָראַל און געזעצע פון אייגענטהום: אין דער היים זיינען זיי ערצויגען אין אַזעלכע נאַאיווע בעגריפען פון גענטיל־רעכט, נאָך וועלכען וואָס „מיין" איז ניט אין גאַנצען „מיין"; ווען דו דאַרפסט, איז עס דיין אויך; און ווען זיי ווערען פלוצלונג פערוואָרפען אין אַזאַ וועלט, וואו „מיין" איז שטרענג „מיין" און דו מעגסט אַפילו שטאַרבען פון הונגער איז ניט מיין עסק — ווערען זיי צומישט אין דער מאָראַל און פערליערען יעדען מאָראַלישען באָדען אונטער זייערע פיס.

האָבען בעאַרבייט זייערע פעלדער בשותפות; ווי יעדער מיטגליעד פון א קלאַן איז געווען געטריי איבערגעבען דעם הויפּטמאַן פון זיין קלאַן און צו אַלע אַנדערע קלאַן־ברידער — דאָס זיינען אַלע דיזעלבע אייגענשאַפטען און געוואוינהייטען, וואָס מען געפינט אין דער גענ־טיל־אָרדנונג ביי אַלע פעלקער פון דער וועלט... די אָבשטאַמונג האָט זיך גערעכענט נאָך פאָטער־רעכט, אַזוי אַז די קינדער פון די מענער זיינען געבליבען אין דעם קלאַן, די קינדער פון די ווייבער זיינען אַי־בערגעגאַנגען אין דעם קלאַן פון זייערע מענער".

אָבער דאָס איז אויך אין סקאָטלאַנד ניט אַלע מאָל אַזוי געווען. פריהער האָט זיך אויך דאָרטען מסתמא געפיהרט מוטער־רעכט. דאָס קען מען נאָך זעהען פון דעם, דאָס אין די קעניגליכע פאַמיליע פון די פּיקטען האָט דער יורש גע׳ירשה׳נט דעם טהראָן פון דער מוטער׳ס צד. אפילו אַ שטיק פּונאַלוא־פאַמיליע איז נאָך געבליעבען ביי די סקאָטען — ווי אויך ביי די וואַליזען — ביז אריין אין מיטעלאַלטער: דאָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם מנהג פון דעם „רעכט פון די ערשטע נאַכט", דאָס הייסט, אַז דער קלאַן־הויפּטמאַן אָדער דער קעניג האָט געהאַט דאָס רעכט צו זיין מיט יעדע מיידעל פון קלאַן די ערשטע נאַכט איידער זי ווערט עמיצענס ווייב, אָדער מען האָט געמוזט דאָס רעכט ביי איהם אויסקויפען. דאָס שטאַמט פון דער צייט, ווען עס איז געווען איינגעפיהרט, אַז אַלע מענער פון דער גענס זיינען גע־ווען צוזאַמען די מענער פון אַלע ווייבער פון דער געגס. איז געבלי־בען דאָס רעכט ביי דעם הויפּטמאַן אָדער קעניג, אַלס לעצטער פאָר־שטעהער פון אַלע מענער.

---

אויך די דייטשען זיינען אמאָל געווען אָרגאַניזירט אין גענס, — ביז צו די פעלקער־וואַנדערונג. אין דעם איז קיין שום ספק ניט. ניט פון אייביג אָן האָבען זיי געוואוינט אין היינטיגען דייטשלאַנד, אין דעם שטיק לאַנד צווישען די טייכען דאָנוי, רהיין, ווייסעל און די צפון־ימים. לויט ווי מען קען זעהען פון היסטאָרישע סמנים, האָבען זיי זיך דאָרט ערשט געקענט האָבען בעזעצט עטליכע יאָהרהונדערט פאַר די קריסטליכע צייטרעכנונג. די פעלקער צימבערן און טייטאָנען (אויך עלטערען פון די היינטיגע דייטשען) האָבען אין יענע צייטען נאָך אין גאַנצען געהאַלטען אין ארומוואַנדערען און די סועווען האָבען

ערשט אין צערזאַרס צייטען זיך פעסט בעזעצט אויף אַן אָרט. פון דיזע זאָגט צעזאַר אויסדריקליך, אז זיי האָבען זיך בעזעצט נאָך גענטעס און פערוואַנדשאַפטען. ער רופט דאָס אויסדריקליך מיט דעם לאַטיינישען וואָרט „גענטיבוס". און מען דאַרף ניט פערגעסען, אז יוליוס צעזאַר אליין, דער רוימישער קייזער, וועלכער שרייבט דאָס, האָט נאָך געהערט צו א גענס, די „גענס יוליא". ער האָט אלזאָ ניט געקענט מיינען מיט דעם וואָרט גענטיבוס עפּעס אנדערש ווי די עכטע רוימישע גענס. וואָס ער זאָגט, גילט פאַר אַלע דייטשען. אפילו די וואָס האָבען זיך בעזעצט אין די איינגענומענע רוימישע פּראָווינצען האָבען זיך נאָך דאָרטען — זעהט אויס — בעזעצט נאָך גענטעס. אין די אַלע פאָלקס־געזעצע פון די אַלעמאַנען (אויך א פאָטער־פאָלק פון די דייטשען) ווערט בעשטעטיגט, אז דאָס פאָלק האָט זיך בעזעצט אויף דעם איינגענומענעם לאַנד (אויף דרום־זייט פון טייך דאָנוי) נאָך „גענעאַלאָגיען". דאָס מיינט מען אויך געשלעכטער, ווי די גענס. דער פאָרשער קאָוואַלעווסקי האָט דאָ ניט לאַנג אויסגעדריקט א מיי־נונג, אז מיט גענעאַלאָגיען האָט מען געמיינט גרויסע הויז־געמיינ־שאַפטען — א קופּע מענשען, וואָס האָבען געוואוינט צוזאַמען אין איין גרויסען הויז און די פעלדער ארום זיינען צווישען זיי פערטהיילט געוואָרען. פון אזא הויז האָט זיך דערנאָך ענטוויקעלט א דאָרף. ביי די בורגונדער און לאַנגאָבאַרדען (אַנדערע פּאַרצייטיגע פעלקער פון דיזעלבע אָבשטאַמונג ווי די דייטשען) איז וויעדער דאָ א וואָרט „פאַר־ראַ", וואָס דריקט אויס דאָסזעלבע, וואָס גענעאַלאָגיען ביי די אַלעמאַ־נען. אויב מיט די „גענעאַלאָגיען" ביי די אַלעמאַנען האָט מען גע־מיינט הויז־געמיינשאַפטען, דאַן זיינען די „פאַראַ" ביי די בורגונדער און לאַנגאָבאַרדען אויך דאָס געוועזען. צי האָט דאָס געמיינט אַזעלכע הויז־געמיינשאַפטען אָדער טאַקי גענטעס, מוז נאָך אויסגעפאָרשט ווערען.

צי האָבען אַלע דייטשע פעלקער געהאַט איין וואָרט וואָס האָט בעדייטעט דאָס אייגענע וואָס גענס ביי די רוימער? און וועלכעס וואָרט איז דאָס געוועזען? דאָס קען מען ניט אַרויסזעהען פון די אי־בערבלייבונגען פון די אַלטע דייטשע שפּראַכען. עטהימאָלאָגיש (לויט שפּראַך־אָבשטאַמונג) איז דאָס גריכישע וואָרט „גענאָס" דאָסזעלבע וואָס דאָס לאַטיינישע וואָרט „גענס" און דאָס גאָטהישע וואָרט „קוני"

אין מיטעלהויך־דייטש „קיננע". די אַלע ווערען אויך געברויכט אין דעם זעלבען זין — דאָס הייסט אַלץ אַ געמיינשאַפט פון מענשען פון איין משפחה. אינטערעסאַנט איז, אַז אין פיעלע שפּראַכען איז דאָס וואָרט וואָס בעדייטעט פרוי אויך פון דעמזעלבען וואָרצעל: גריכיש ג י נ ע, סלאַוויש ז ש ע נ אַ, גאָטהיש ק ו ו י נ אַ, אַלט־נאָרדיש ק אָ נ אַ, ק ו נ אַ. דאָס ציינט, אַז עס איז אַמאָל אומעדום געווען אַ צייט פון מוטער־רעכט, ווען די פערוואַנדשאַפט האָט זיך גערעכענט נאָך דער פרוי׳ס צד.

ביי די לאַנגאָבאַרדען און בורגונדער געפינען מיר, ווי געזאָגט, אַ וואָרט פאַרא, וואָס בעדייטעט אַ מענשען־געמיינשאַפט פון איין משפחה. גרים זאָגט אַ סברה, אַז דאָס שטאַמט פון דעם וואָרצעל „פיזאַן", וואָס עס מיינט האָבען קינדער. מיר דוכט זיך, אַז גיכער לעגט זיך אויפ׳ן שכל, אַז דאָס וואָרט שטאַמט פון דעם זעהר ענד־ליכען וואָרט פאַראַן, וואָס דאָס האָט געהייסען פאָהרען, וואַנדערען. עס איז דאָך כמעט זעלבסטפערשטענדליך, אַז בשעת גאַנצע מחנות פון אַ פאָלק האָבען געוואַנדערט, האָבען די נאָהנטע קרובים געוואַנ־דערט צוזאַמען אין איין אבטהיילונג. דערפון איז עס געקומען, דענק איך, וואָס אַזאַ אבטהיילונג האָט זיך גערופען פאַרא, דאָס הייסט צוזאַמען־פ אָ ה ר ע נ ד ע גרופּע. הונדערטער יאָהרען האָבען די זעלבע סאָרטען מענשען ארומגעוואַנדערט, פריהער צו מזרח, נאָכדעם צו מערב. דערביי האָט זיך ביי זיי איינגעוואָרצעלט דאָס וואָרט פאַרא צו מיינען אַ משפחה־געמיינשאַפט אין אַלגעמיין, אפילו ווען זי בעזעצט זיך אויף אַן אָרט.

אויף גאָטהיש ווידער איז געווען אויף דעם דאָס וואָרט „סיביא". אויף אנגלאָזאַקסיש „סיב". אַלט־הויך־דייטש „סיפּפּיא", „סיפּפּאַ", היינטיג דייטש ז י פּ פּ ע. דאָס אַלץ בעדייטעט אַ מענשען־גע־מיינשאַפט פון איין משפחה אָדער געשלעכט. אין אַלט־נאָרדיש קומט נאָר פאָר אַן ענליך וואָרט בלשון רבים: „סיפּיאַר" הייסט קרובים. בלשון יחיד איז נאָר דאָ דאָס וואָרט „סיף", וואָס עס איז דער נאָמען פון אַ געטין.

אַזוי לאַנג ווי עס איז געווען איין ענליך וואָרט ביי אַלע דייטשע פעלקער, וואָס האָט בעדייטעט געגס, איז עס וואָהרשיינליך געווען דאָס גאָטהישע וואָרט „קוני". דאָס איז אַרויסצוזעהען פון דעם, וואָס

אין די פערוואנדטע שפראכען איז דא אן עהנליכער אויסדרוק, און אויך פון דעם פאקט, אז פון דיזען ווארט שטאמט דאס ווארט קוניג, קעניג, וואס האט אין אנפאנג בעדייטעט דער פארשטעהער פון די גענס, אדער פון דעם שטאם. דאס ווארט סיביא, זיפפע, דוכט זיך, איז ניט בענוצט געווארען אויף דעם. סיפיאר אויף אלט-נארדיש בע־דייטעט ניט בלויז בלוטס-פערוואנדטע, נאר אויך מחותנים, אלזא נעהמט דאס ארום די אנגעהעריגע פון וויינינגסטענס צוויי גענס. דעריי־בער איז ניט וואהרשיינליך, אז „סיפ" זאל זיין געוועזן דער אויסדרוק פאר גענס.

ווען מען איז געגאנגען אין מלחמה אריין, זיינען די מחנות געוועזן צוטיילט לויט נאך גענטעס. אזוי איז עס געוועזן ביי די מעקסיקאנער, אזוי ביי די גריכען און אזוי אויך ביי די דייטשען. סיי די רייטער (קאוואלעריע), סיי די פיס-געהער (פיעכאטע) זיינען געוועזן איינגע־טיילט אין גענטעס. טאציטוס, דער פארצייטיגער רוימישער היסטא־ריקער, זאגט, אז ביי די דייטשען זיינען זייערע קריעגער-מחנות געוועזן איינגעטיילט „לויט נאך פאמיליען און פערוואנדשאפטען". דאס איז אן אונבעשטימטער אויסדרוק. פאר וואס ער געברויכט אזא אויס־דרוק ערקלערט זיך פון דעם, וואס אין זיין צייט האט די גענס אין רוים שוין לאנג געהאט אויפגעהערט צו זיין א לעבעדיגע פעראייני־גונג. דארום געברויכט ער ניט אויף די מחנות-אבטיילונגען דאס ריכ־טיגע ווארט — גענטעס.

דעם שטארקסטען בעווייז דארויף, אז ביי די פארצייטיגע דיי־טשען איז געוועזן איינגעפיהרט א גענס-סיסטעם מיט מוטער-רעכט — אזעלכע גענטס ווי גאר די ערשטע זיינען געוועזן ביי אלע פעלקער — דעם שטארקסטען בעווייז דעם געפינט מען אויף איין ארט אין די בעשרייבונגען פון דעם רוימישען היסטאריקער טאציטוס, וואו ער דערצעהלט דאס פאלגענדע: ביי די דייטשען פיהרט זיך, אז דער מוטער'ס ברודער בעטראכט זיין פלימעניק ווי זיין זוהן. א טייל פון זיי האלטען די בלוט-פערוואנדטשאפט פון דעם אנקעל פון דער מו־טער'ס צד מיט דעם פלימעניק נאך הייליגער און שטארקער צוגעבונ־דען ווי צווישען דעם פאטער און דעם זוהן. ווען עס איז א קריעג און דער געגנער פאדערט א מענשען פאר א משכן, פאר א פערזיכע־רונג, אז מען וועט האלטען א געוויסען אבמאך, וויל מען ליעבער הא־

בען פאַר אַ משכן דעם פּלימעניק פון דעם, וועמען מען וויל מיט דעם משכן צובינדען, איידער זיין זוהן. ווייל מען ווייסט, אז דעם פּלי־מעניק (די שוועסטער׳ס זוהן) וועט ער גיכער ניט לאָזען פערפאַלען ווערען, איידער זיין אייגענעם זוהן. דאָס שטעלט פאַר אַ לעבעדיגע שטיק געגס־איינריכטונג, אַ שטיק פון גאָר די ערשטע גענס, וואָס איז אָרגאַניזירט נאָך מוטער־רעכט. און דאָס ווערט דאָ פאַרגעשטעלט אַלס עטוואָס, מיט וואָס די דייטשען צייכנען זיך בעזונדערס אויס*). וויבאַלד אַ פאָטער האָט געגעבען פאַר אַ משכן זיין אייגענעם זוהן און ער האָט ניט געהאַלטען זיין אָבמאַך און די שונאים האָבען דאַן דעם זוהן ערמאָרדעט, האָט זיך זיין גאַנצע גענס ניט געמישט. וויבאַלד אָבער איינער האָט געגעבען פאַר אַ משכן זיין שוועסטער׳ס זוהן און האָט זיין אָבמאַך ניט געהאַלטען און האָט דערמיט געבראַכט דערצו, אַז מען האָט דעם פער׳משכנ׳טען פּלימעניק ערמאָרדעט, האָט די גאַנצע גענס זיינע זיך אָנגענומען זיין קריוודע. דען דערמיט איז בעשעדיגט געוואָרען דאָס הייליגסטע גענטיל־רעכט. לויט דיעזען רעכט איז דער נאָהענטסטער קרוב דער ברודער פון דער מוטער. ער איז מעהר ווי אַנדערע גענטיל־פערוואַנדטע פערפליכטעט צו בעשי־צען זיין פּלימעניק. און ער איז דאָ געווען שולדיג, וואָס זיין פּלימע־ניק איז געטויטעט געוואָרען. ער האָט איהם ניט געזאָלען געבען פאַר קיין משכן. האָט ער איהם יאָ געגעבען, האָט ער געדאַרפט האַלטען זיין אָבמאַך, כדי ער זאָל איהם צוריק קריגען לעבענדיג. אלזאָ, האָט די גאַנצע גענס זיך אָנגענומען און דעם אָנקעל שטרענג בעשטראָפט.

*) ביי א סך פעלקער קומט פאַר אַזאַ פּיהרונג, אז דער אָנקעל פון די מוטער׳ס צד איז בעזאָנדערס צוגעבונדען צו זיין פּלימעניק. דאָס שטאַמט, ווי געזאָגט, פון דער צייט פון מוטער־רעכט. ביי די גריכען גע־פינט מען אזעלכעס נאָר אין זייערע לעגענדען פון די העראָען־צייט. דיאָ־דאָר, צום ביישפּיעל (אין בוך 4, קאַפּיטעל 34) דערצעהלט, אַז מעלעאַגער ערמאָרדעט זיין מוטער׳ס ברידער, די זיהן פון טהעסטיוס, האַלט דאָס זיין מוטער, אַלטהעאַ, פאַר אַזאַ פערברעכען, וואָס קען אויף קיין אופן ניט פער־געבען ווערען. זי פערפלוכט דעם מערדער, איהר אייגענעם זוהן און ווינשט איהם דעם טויט. „די געטער דערהערען איהר וואונש און געבען מעלעאַגער דעם טויט". אויף אַן אַנדער אָרט (בוך 4, קאַפּ. 44) בעשרייבט ער, ווי קלעאָפּאַטראַ׳ס ברידער נעהמען זיך אָן פאַר איהרע זיהן און בע־פרייען זיי פון זייער פאָטער, וועלכער האַלט זיי געפאַנגען.

דיעזע בעשרייבונג אליין, פון דעם לעבען פון די פארצייטיגע דויי־טשען, וואלט גענוג געווען צו צייגען, אז ביי זיי איז געווען א גענטיל־אָרדנונג אפילו ווען קיין אנדערע שפור דערפון וואלט ניט געבליעבען אין דער היסטאריע.

נאך שטארקער איז דאס ארויסצוזעהען פון דעם אלט־נאָרדישען ליעד פון דער געטער־דעמערונג און דעם וועלט־אונטערגאנג — די „פעלוספא“. דאס איז א שטארקערער בעוויז, ווייל דאס שטאמט פון לערך 800 יאהר שפעטער ווי טאציטוס. דאס ליעד ווערט אָנגערופען א „זעהונג פון א נבואה׳טע“. דארט איז פארגעשטעלט די צייט ווען די וועלט וועט אמאל אונטערגעהן. איידער דאס וועט קומען, וועלען אלע מענשען זיין זעהר שלעכט און פערדארבען. שטעהט דארטען:

„ברידער וועלען זיך ארומקריעגען און מארדען איינע די אנדערע. אפילו קינדער פון אן אייגענע שוועסטער וועלען ברעכען די צובינדונ־גען פון דער משפחה“.

דא זעהט מען, אז ברעכען די משפחה־פערבינדונגען צווישען אן אָנקעל און א שוועסטער זוהן איז ביי דעם דיכטער נאך א שרעק־ליכערע זאך, ווי א ברודער מארד. ער רעדט אויסדריקליך פון א שוועסטערס קינד. עס שטעהט דא ניט אזא ווארט, וואס בעדייטעט א פלימעניק אין אלגעמיינען, אלץ איינס צי א ברו־דער׳ס א קינד, צי א שוועסטער׳ס. דאס וואלט ניט געווען קיין שרעקליכערע זאך ווי ברודער־מארד. שרעקליכער איז דאס נאר, ווען עס איז א שוועסטער׳ס קינד. פון דעם זעהט מען, אז אפילו נאך ווען דיעזעס געדיכט איז ענטשטאנען, אין דער צייט פון די וויקינגער, הונדערטער יאהרען אין די קריסטליכע צייטרעכנונג, איז אין סקאנ־דינאוויען נאך ניט געווען פערגעסען די עראינערונג פון מוטער־רעכט, — דאס הייסט פון דער צייט, ווען די שטארקסטע בלוט־פערוואנד־שאפט האט זיך גערעכענט פון דער מוטער׳ס צד.

געווען איז אָבער דעמאלט נאר בלויז די עראינערונג. אין דער ווירקליכקייט אָבער איז שוין געווען דאס מוטער־רעכט אָבגעשאפט און פאטער־רעכט איינגעפיהרט ביי די דייטשען נאך אין טאציטוס׳עס צייטען. וויינינגסטענס איז דאס געווען אזוי ביי די יעניגע דייטשען, מיט וועלכע ער איז נאהענט בעקאנט געווארען. דען ער בעשרייבט, אז ביי די דייטשען פיהרט זיך, דאס די קינדער ירשה׳נען פון דעם

פּאַטער; ווען איינער האָט ניט קיין קינדער, געהט זיין ירושה איבער צו זיינע ברידער און צו די אָנקעלס פון פּאַטער׳ס און מוטער׳ס צד. איינענטליך, לויט דעם פּאַטער־רעכט, וואָלט דער מוטער׳ס ברודער שוין ניט געדאַרפט ירשה־נען. אָבער דאָס וואָס דער מוטער׳ס ברודער איז אויך נאָך געקומען א חלק בעווייזט, אז עס איז נאָך ניט געווען לאַנג ווי דאָס מוטער־רעכט איז געווען אונטערגעגאַנגען און דאָס פּאַטער־רעכט איינגעפיהרט.

שפּורען פון מוטער־רעכט געפינען זיך ביי די דייטשען נאָך ביז א טויזענד יאָהר שפּעטער, ביז טיעף אין דעם מיטעלאַלטער אריין. מען געפינט, צוםביישפּיעל, אין איינינע דייטשע שטעדט אזא געזעץ: ווען א פּאַנטשיזניק איז אנטלאָפען פון זיין פריץ אין א שטאָדט אריין און דער פריץ האָט געפאָדערט פון דער שטאָדט זי זאָל איהם זיין פּאַדאַנעם ארויסגעבען, האָט דער פריץ געמוזט ברענגען זעקס נאָהענטע קרובים פון דעם אנטלאָפענעם — קרובים דוקא פון זיין מוטער׳ס צד — וואָס זאָלען שווערען, אז דער אנטלאָפענער איז דעם פריץ׳ס פּאַדאַננע. פון דעם שיינט עס, זעהט מען, אז צו די פּאַטערשאַפט האָט מען נאָך דעמאָלט קיין פולען צוטרויען ניט געהאַט, וויינינסטענס ניט ביי די פּאַנטשיזניקעס.

די רוימישע שרייבער, וואָס האָבען בעזוכט די דייטשען פון צוויי טויזענד יאָהר צוריק, בעשרייבען אויך, אז די דייטשען האָבען געהאַט א גרויסע אכטונג פאַר די פרויען. מען קען זעהען פון די בעשריי־בונגען, אז די רוימער געפינען דאָס כמעט אונבעגרייפליך. אָבער דאָס איז אויך אן איבערבלייבונג פון דעם מוטער־רעכט, וואָס האָט ערשט געהאַלטען אין אָבשטאַרבען דעמאָלט. ווען די רוימער האָבען געמאַכט וועלכען־עס־איז אָבמאַך מיט א דייטשען שבט און די דיי־טשען האָבען געגעבען פאַר א משכן, אז זיי וועלען האַלטען דעם אָב־מאַך, מיידלעך פון עדלער פאַמיליע, איז דאָס געווען די בעסטע פער־זיכערונג, אז זיי וועלען דעם אָבמאַך געטרוי האַלטען. דער געדאַנק, אז זייערע פרויען און טעכטער קענען אריינפאַלען אין געפאַנגשאַפט און אין שקלאַפעריי, איז ביי זיי געווען שרעקליך. דאָס, מעהר ווי יעדע אנדערע זאַך, האָט זיי איינגעגעבען היץ און מוטה אין מלחמה. פאַר זיי, שרייבען די רוימער, איז די פרוי עטוואָס הייליגעס און פּראָ־פעטישעס. זיי פאָלגען די עצות פון די פרויען אויך אין די וויכטיג־

סטע אנגעלעגענהייטען. אין יאהר 70 נאך די קריסטליכע צייט־רעכנונג האבען די באטאווער (איינוואהנער פון א טייל פון היינטיגען האלאנד) געמאכט אן אויפשטאנד געגען די רוימישע אויבער־הערשונג. אין דיעזען אויפשטאנד האט דער העלד סיווילים, אנפיהרענדיג די דייטשען און בעלגיער, שטארק צוטרייסעלט די ממשלה פון די רוימער אין יענע געגענדען (גאליען). האט אין דיעזע מעכטיגע רעוואלוציע די הויפט ראלע געשפיעלט א פרוי, א פריסטערין פון דעם ברוקטערי־שען פאלק, מיט'ן נאמען װ ע ל ע ד א. זי איז געווען דער גאנצער טרייבענדער גייסט פון דעם אויפשטאנד.

אין הויז איז די פרוי, ביי די פארצייטיגע דייטשען, געווען די גאנצע באלהאבאסטע. אזוי זעהט עס אויס זיכער לויט די רוימישע בעשרייבונגען. עס איז אמת, אז לויט ווי די רוימער בעשרייבען, האבען די פרויען, די אלטע לייט און די קינדער געמוזט פערזארגען אלע ארבייטען. דער מאן, זאגט טאציטוס, נעהט אויף דער יאגד, טרינקט און פוילט זיך. אבער ער זאגט ניט ווער עס טהוט די פעלד־ארבייט, אלזא, האבען דאך מסתמא ס'רוב דערוואקסענע מענער געמוזט טהון די ארבייט אויף די פעלדער. עס איז אפילו געווען דעמאלט גאר ווייניג פעלד־ארבייט, אבער דאך איז געווען. די שקלאפען האבען דאס ניט געטהאן. טאציטוס ערקלערט בעשטימט, אז די שקלאפען ביי די פארצייטיגע דייטשען האבען נאר געמוזט געבען אבצאהלונגען, אבער ניט טהון דיענסט־ארבייט.

דאס פאמיליען־לעבען איז דעמאלט ביי די דייטשען געווען, ווי שוין געזאגט, א פאארונגס־עהע, וואס האט זיך ביסלעכווייז צוגערוקט צו מאנאגאמיע. אין גאנצען מאנאגאמיע איז ביי זיי נאך ניט געווען, דען די אנגעזעהנע לייט צווישען זיי האבען נאך געמעגט האבען א סך ווייבער. די מיידלעך האבען, בסך הכל, געמוזט שטרענג היטען צניעות (פערקעהרט ווי ביי די קעלטישע פעלקער). טאציטוס רעדט אויך מיט בעזונדערע ווארימקייט וועגען דעם, ווי די הייראטהס־פער־בינדונג קען ביי די דייטשען ניט צוריסען ווערען. שיידונג קען מען נאר קריגען פאר איין זאך, — ווען די פרוי פערזינדיגט זיך מיט אן אנדערען. אזוי מעלדעט טאציטוס. אבער אין זיין בעריכט בלייבט דאך א סך ניט קלאר. און חוץ דעם, איז אן דעם בעריכט גאנץ לייכט צו דערקענען, אז טאציטוס וויל דא געבען א מוסר זיינע אויסגעלאַ־

סענע רוימער און זיי ווייזען, אז אנדערע פעלקער פיהרען זיך אזוי פיין.

אזוי פיעל איז זיכער: אויב די דייטשען, וואס האבען געלעבט אין די וועלדער, זיינען ווירקליך געווען אט אזעלכע צניעות'דיגע מענ־שען, האבען זיי אבער נאר געדארפט קומען אין בעריהרונג מיט די אויסערליכע וועלט, אז זיי זאלען אראבקומען אויף די מדרגה פון די איבריגע אייראפעאישע דורכשניטס־מענשען. ווען זיי זיינען אריינ־געקומען אין מיטען פון די רוימער־וועלט, איז די לעצטע שפור פון זייער צניעות'דיגקייט פערשוואונדען, — נאך געשווינדער ווי זייער דייטשע שפראך איז פערשוואונדען. מען דארף נאר לעזען די בע־שרייבונגען פון גרעגאר פאן טורס.

עס איז נאריש צו גלויבען, אז פונקט די פארצייטיגע דייטשען זיינען געווען אזוי שטארק איינגעהאלטען אין די פליישליכע לוסט (תאות בשרים) ווי עס איז קיינמאל און אין ערגעץ ניט געווען דער פאל מיט א גאנץ פאלק. נאטירליך, האבענדיג געלעבט אין די גע־דיכטע וועלדער, האבען זיי ניט געקענט זיין אריינגעלאזען אין אזא הולטאיסקען וואוילטאג, ווי די רייכע רוימער אין רוים. מיט דעם אליין האבען שוין די פארצייטיגע דייטשען געהאט א מעלה, וואס די רוימער האבען ניט געהאט, און מען דארף זיך ניט דערצו איינצוזערען (ווי די דייטשע פאטריאטען רעדען זיך איין), אז די רוימישע בעשריי־בונגען צייגען, דאס זיי זיינען געווען זעהר גרויסע צדיקים.

פון די גענטיל־ארדנונג איז אויך ארויסגעקומען דער מנהג, אז דער זוהן נעהמט איבער בירושה פון זיין פאטער און דער קרוב פון זיינע פערוואנדטע אלע זייערע שנאות ווי אויך זייערע פריינד־שאפטען. אויך שטאמט פון די גענטיל־ארדנונג דער מנהג, אז ווען איינער איז ניט־ווילענדיג דער'הרג'עט געווארען אדער קאלעטשעט געווארען, זאל די פאמיליע פון דעם גע'הרג'עטען אדער קאלעטשע־טען אבנעהמען ביי דער פאמיליע פון דעם, וואס האט דאס גע־טהאן, קנס, שטראף־געלד, — „ווערגעלד" האט דאס געהייסען אויף דייטש. דאס איז געווען אנשטאט די בלוטראכע. נאך גאר ניט־לאנג צוריק, האבען פארשער געמיינט, אז דיעזער מנהג פון נעהמען „ווערגעלד" איז געווען נאר ביי די פארצייטיגע דייטשען. היינט איז בעוויעזען געווארען, אז דער זעלבער מנהג איז צו געפינען ביי

**הונדערטער פעלקער**, אלס א מילדערע פאָרמע פון די בלוט־ראַכע, וואָס איז ארויסגעקומען פון די געגטיל־אָרדנונג. מיר געפינען דעמ־זעלבען מנהג ביי די אינדיאַנער פון אמעריקא און ביי פיעלע אַנ־דערע נאַטור־פעלקער.

עהנליך איז עס אויך מיט דעם מנהג פון גאַסט־פריינדשאַפט, וואָס טאַציטוס בעשרייבט וועגען די פאַרצייטיגע דייטשען. אויך דאָס האָט מען געהאַלטען פאַר א ספּעציעל דייטשע זאַך. דער פאַקט איז אָבער, אז מאָרגאַן בעשרייבט פּונקט אזא גאַסט־פריינדשאַפט ביי זיינע אינדיאַנער, כמעט מיט אַלע איינצעלהייטען דיזעלבע.

עס פלעגען זיין צווישען די פאָרשער הייסע ויכוחים אָהן א שיעור, איבער דער פראַגע, אויב ביי די פאַרצייטיגע דייטשען, וועל־כע טאַציטוס בעשרייבט, זיינען די פעלדער שוין געווען צוטיילט אין שטענדיגען פּריוואַט־אייגענטהום. די ויכוחים זיינען געווען וועגען דעם ריכטיגען מיין פון זיינע ווערטער, וואו ער, טאַציטוס, רעדט וועגען דעם. דיעזע ויכוחים געהערען שוין היינט צו דער פער־גאַנגענהייט. היינט איז בעוויזען געוואָרען, אז כמעט ביי אַלע פעלקער האָט פריהער די גאַנצע געגס בעאַרבייט די שותפות'ע פעל־דער אין שותפות'ער ארבייט, און שפּעטער האָבען דאָסזעלבע גע־טהאָן די קאָמוניסטישע פאַמיליען־געמיינדען, ווי צעזאר בעשרייבט דאָס נאָך וועגען די סועווען. נאָכדעם האָט מען יעדער פאַמיליע צוגעטהיילט א בעזונדערע שטיק לאַנד, ניט אויף אייביג פּריוואַט־אייגענטהום, נאָר פון צייט צו צייט איז עס אויפ'ס נייע פונאַנדער־געטיילט געוואָרען מיט'ן גורל. אזוי, איז היינט בעוויזען, איז גע־ווען כמעט ביי אַלע פעלקער. אויך איז היינט בעוויזען געוואָרען, אז אויף מאַנכע ערטער פיהרט זיך ביי די דייטשען נאָך ביז'ן היינטי־גען טאָג, אז פון צייט צו צייט טיילט מען אויפ'ס נייע פונאַנדער די פעלדער. זינט מען ווייסט דאָס אַלעס, איז שוין ניטאָ קיין וואָרט צו פערליערען אין די ויכוחים וועגען דעם, ווי עס איז צוגעגאַנגען אין דער זאַך ביי די דייטשען אין טאַציטוס'עם צייט. צעזאר האָט בעשריבען דאָס לעבען פון די סועווען 150 יאָהר פאַר טאַציטוס'ן. און ער, צעזאר, בעשרייבט אויסדריקליך אז די סועווען האָבען זייערע פעלדער בשותפות און בעאַרבייטען זיי בשותפות. צוטהיילטע פעל־דער, אין פּריוואַט־אייגענטהום, זאָגט ער, גיבט עס ביי זיי דורכאויס

ניט. עס איז דעריבער ניט מעגליך אָנצונעהמען, אַז אין די 150 יאָהר, פון צעזאַר ביז טאַציטוס, זאָל זיך דאָס האָבען געענדערט אויף פאָלשטענדיגען פריוואַט־אייגענטהום, — עס איז איינפאַך אונמעגליך, אַז אין אַזאַ קורצע צייט זאָל זיין געשעהען אַזאַ ווייטער שפרונג, אָהן יעדען אַריינמישען זיך פון פרעמדען איינפלוס. עס איז דעריבער קיין צווייפעל ניט, אַז טאַציטוס מיינט ניט, אַז ביי די דייטשען, וועלכע ער בעשרייבט, איז געוועזען די ערד צוטיילט אין שטענדיגען פריוואַט־אייגענטהום, נאָר אַז מען האָט די פעלדער יעדעם יאהר אויפ'ס נייע צוטיילט. דאָס איז געוויס אויך גענוג פאַרטשריט אין די 150 יאהר. און דער פאקט איז, אַז טאַציטוס זאָגט דאָס גאַנץ בפרוש: זיי (די דייטשען) בייטען איבער (אָדער טיילען איין אויפ'ס נייע) דאָס בעאַקערטע לאַנד יעדעס יאָהר און אַ סך לאַנד בלייבט נאָך שותפות־אייגענטהום פון דער געמיינדע. דאָס איז די שטופע פון פעלד־אַרבייט און פון גרונד־אייגענטהום, וואָס פאַסט זיך גענוי צו די דעמאָלטיגע געגטיל־אָרדנונג פון די דייטשען.

דאָס האָב איך געשריעבען אין יאהר 1884, אין די ערשטע אַרויסגאַבע פון דעם בוך. דעמאָלט האָט מען נאָך געמיינט, אַז שותפות־אייגענטהום אין פעלדער איז נאָר געוועזען ביי די געגס־געזעלשאַפט. היינט (1892) אין די לעצטע אויסגאַבע, לאָז איך דאָס אונפערענדערט. אָבער דערווייל זיינען בעוויעזען געוואָרען נייע פאַקטען, וועלכע שטעלען די פראַגע אַנדערש. מאַקסים קאָוואַלעווסקי האָט נעמליך בעוויעזען (ווי עס איז שוין אויבען געוועזען דערמאָנט), אַז ביי זעהר פיעל פעלקער, אויב ניט ביי אַלע, איז פאָרגעקומען נאָך אַן אַנדער סאָרט איינריכטונג, וואָס איז שוין ניט די אַלטע גענס און נאָך ניט די היינטיגע איינצעל־פאַמיליע. דיעזע איינריכטונג איז אַ גרויסע פאַמיליע, באָבעס און זיידעס און פאָטערס און מוטערס און קינדער און אייניקלעך אין איין הויז און דער עלטסטער איז דער האַרר, דער פאַטריאַרך פון דער הויז־געמיינשאַפט. און זיי האָבען אויך שותפות־אייגענטהום אין פעלדער. אַזאַ גרויסע הויז־געמיינשאַפט איז נאָך היינט די „זאַדרוגאַ“ אָדער „בראַטסטוואַ“ ביי די סערבען און בולגאַרען. דיעזע הויז־געמיינשאַפט, בעווייזט קאָוואַלעווסקי, איז געוועזען אַ צווישען־שטופע צווישען די אַלטע גענס, וואָס האָט זיך געפיהרט לויט נאָך מוטער־רעכט, און צווישען די היינטיגע איינצעל־פאַמיליע.

לויט נאָך דיזע נייע ענטדעקונג, איז שוין די פראַגע ניט מעהר, צי איז ביי די פּאַרצייטיגע דייטשען געווען שותפות־איינענטהום אָדער פּריוואַט־אייגענטהום אין די פעלדער, נאָר די פראַגע איז, וועלכע פאָרמע שותפות־אייגענטהום איז געוועזן — צי פון אַ גענס, ווי ביי די אינדיאַנער, אָדער פון אַ הויז־געמיינשאַפט, ווי די זאַדרוגאַ ביי די בולגאַרען. פון פּריוואַט־אייגענטהום פון איין איינצעלנעם איז שוין אָבגערעדט.

אז אין צעזאַר'ס צייט איז ביי די סועווען געווען ניט בלויז שותפות־אייגענטהום פון אַלע פעלדער, נאָר אויך שותפות'ע בעאַר־בייטונג, אויף קהל'שען חשבון, איז אָהן שום ספק. וועד „קהל" איז דעמאָלט געווען, צי איז עס געווען אַ גענס, ווי ביי די אינדיאַנער אַמאָל, צי שוין אַ הויז־געמיינשאַפט, אָדער אַן אַנדערע קאָמוניסטישע גרופּע פון פערוואַנדטע, וואָס איז אַ צווישען־שטופע צווישען די ביי־דע; אָדער צי זיינען געווען די אַלע דריי גרופּען, ביי אַ טייל די, ביי אַ טייל יענע, לויט נאָך די פערהעלטניסע פון די פעלדער — וועגען דעם וועט זיך נאָך לאַנג לאָזען שטרייטען. אָבער וועגען דעם צושטאַנד, וועלכען טאַציטוס שילדערט, 150 יאָהר שפּעטער, זאָגט קאָוואַלעווסקי, אז ער מיינט ניט קיין געמיינדע פון אַ גאַנץ דאָרף אָדער פון אַ „מאַרק", נאָר ער מיינט אַזאַ הויז־געמיינדע, ווי די „זאַדרוגאַ". די דאָרף־געמיינדע האָט זיך ערשט פיעל שפּעטער ענטוויקעלט פון דער הויז־געמיינדע אַרויס, ווען די בעפעלקערונג האָט זיך פערמעהרט.

נאָך דעם נאָך וואָלט אויסגעקומען, אז דער ישוב פון די פּאַר־צייטיגע דייטשען, אין זייער לאַנד אין דער צייט פון די רוימער און שפּעטער אין די לענדער, וואָס די דייטשען האָבען אָבגענומען ביי די רוימער — אז דיזער ישוב איז ניט בעשטאַנען פון דערפער, נאָר פון גרויסע פאַמיליען־געמיינשאַפטען, וואָס זיינען בעשטאַנען פון מעהרערע דורות. יעדע פאַמיליען־געמיינשאַפט האָט פערנומען אַ שטיק לאַנד, אַזוי גרויס ווי זי האָט בעדאַרפט, צו בעאַרבייטען, און דאָס ליידיגע לאַנד אַרום דיזע פעלדער האָבען זיי בעגוצט צוזאַמען מיט זייערע שכנים אלס שותפות'ע מאַרק. און וואָס טאַציטוס שרייבט וועגען בייטען יעהרליך די בעאַרבייטע פעלדער, וואָלט הפּנים גע־מיינט פּשוט, אז יעדעס יאָהר בעאַרבייט די געמיינשאַפט אַן אַנדער שטיק ערד און לאָזט די פּאַר־אַ־יאָהריגע שטיק אונבעאַרבייט, אָדער

ווילד וואקסען. דאָך, אַזוי ווי די בעפעלקערונג איז געווען זעהר ניט קיין געדיכטע, איז אַלץ נאָך געבליעבען גענוג ליידיגע לאַנד, אַז מען זאָל זיך ניט דארפען ארומרייסען איבער דעם בעזיץ פון פעלדער. ערשט נאָך הונדערטער יאָהרען, ווען די צאָהל קעפּ פון די הויז־געמיינדע האָט זיך אַזוי שטארק פערמעהרט, אַז זיי האָבען ניט מעהר געקענט צוזאַמען בעאַרבייטען די ערד, ביי די אונענטוויקעלטע פעלד־ארבייט פון דעמאָלט, האָבען זיך דיעזע הויז־געמיינדען אויפגעלעזט. און די פעלדער און לאַנקעס, וואָס זיי האָבען ביז דעמאָלט בשותפות געהאַט, זיינען אויף דעם בעוואוסטען אופן פערטיילט געוואָרען צווישען די איינצעלנע הויז־האַלטונגען, וואָס האָבען זיך יעצט געפאָרמעוועט; פערטיילט געוואָרען אין אָנפאַנג בלויז אויף אַ צייט, שפּעטער אויף אימער. וואַלד אָבער און סטעפּעס און וואַסער זיינען ווייטער געבלי־בען שותפות־אייגענטהום.

אז אין רוסלאַנד איז די ענטוויקלונג אַזוי צוגעגאַנגען, איז, דאַכט זיך, בעוויעזען אויף זיכער. וועגען דייטשלאַנד, און אין צווייטער לי־ניע די איבריגע גערמאַנישע לענדער, קען מען ניט לייקענען, אַז ווען מען זאָל אָננעהמען, אַז דאָרטען איז אויך די ענטוויקלונג אַזוי צוגע־גאַנגען, וואָלט דאָס די בעשרייבונגען פון די פּאַרצייטיגע רוימישע שרייבער בעסער ערקלערט און אַלעס וואָס עס איז אין זיי ניט צו פערשטעהן לייכטער פערענטפערט, איידער די מיינונג, וואָס מען האָט געהאַט ביז אַהער, אַז שוין אין די צייטען פון טאַציטוס האָבען די דייטשען געהאַט דאָרף־געמיינדען. פון דער אַנדערער זייט אָבער, ווען מען זאָל אָננעהמען קאָוואַלעווסקי׳ס מיינונג, אַז אין טאַציטוס׳עס צייטען האָבען די דייטשען געלעבט ניט אין דאָרף געמיינדען, נאָר אין הויז־געמיינשאַפטען, וואָלטען ווידער געווען נייע אונפערשטענד־ליכע פּונקטען אין יענע בעשרייבונגען, וואָס פּאַסען זיך ניט צו דיעזע מיינונג. מען וואָלט, אַלזאָ, ערשט געמוזט די זאַך אויפ׳ן ניי אויס־פאָרשען. איך מוז אָבער צוגעבען, אַז עס איז זעהר וואַהרשיינליך, דאָס אויך אין דייטשלאַנד, סקאַנדינאַוויען און ענגלאַנד איז געווען אין דער ענטוויקלונג די צווישען־שטופע פון הויז־געמיינשאַפטען צווי־שען די גענס און די דאָרף־געמיינדע.

לאָמיר יעצט ווייטער בעטראַכטען וואָס פאַר אַ סאָרט לעבען יענע פּאַרצייטיגע דייטשען האָבען געפיהרט.

אין צעזאר׳ס בעשרייבונגען וועגען די דייטשען געפינט מען, אז זיי, די דייטשען, האבען זיך א טייל ערשט נאר־וואס בעזעצט אין פעסטע וואוין־ערטער, א טייל וואנדערען זיי נאך ארום זוכענדיג פלעצער וואו זיך אויף שטענדיג צו בעזעצען. אין די בעשרייבונגען אבער פון טאציטוס, 150 יאהר שפעטער, געפינט מען, אז זיי זיינען שוין פעסט בעזעצט זייט א פולען יאהרהונדערט. דארום איז אויך דייטליך צו דערקענען אין דיעזע בעשרייבונגען, אז זיי האבען דעמאלט שוין געהאט געמאכט פארטשריט אין אויסארבייטען לעבענסמיטלען. זיי וואוינען אין הילצערנע הייזער געבויט פון דרענגער. זייער קליידונג איז נאך זעהר פראסט, ווי ביי מענשען וואס זיינען נאך ניט ארויס פון די וועלדער: גראבע וואלל־מאנטלען, פעללען פון חיות, און פרויען און גרויסע לייט טראגען אונטערקליידער פון ליינוואנד. זייער שפייז איז מילך, פלייש, ווילדע פרוכטען, און, ווי פליניוס לייגט צו, א ברייי פון האבער. אזא ברייי איז נאך היינט די נאציאנאל־שפייז פון די קעלטישע פעלקער אין אירלאנד און סקאטלאנד. זייער רייכטהום בעשטעהט אין בהמות. אבער דאס זיינען אונגראטענע בעשעפענישען, די אקסען קליין, שוואך און אהן הערנער; די פערד קליינע פאניעס און זיי קענען ניט לויפען. געלד איז ביי יענע דייטשען וועניג און זעלטען געברויכט געווארען, און נאר רוימישעס געלד.

גאלד און זילבער בעארבייטען זיי ניט און עס האט ביי זיי קיין ווערדע ניט. אייזען איז געווען זעלטען און עס זעהט אויס, אז וויפיעל זיי האבען געהאט אייזען, האבען זיי דאס ניט אליין פראדוצירט, נאר אריינגעבראכט פון אנדערע לענדער. אזוי וויינינגסטענס איז עס געווען ביי די שטאמען וואס האבען געוואוינט ביי די טייכען רהיין און דאנוי.

געשריעבען האט מען ביי זיי מיט א מין כתב, וואס איז אנגערופען געווארען רונען־שריפט. דאס איז געווען נאכגעמאכטע רוימישע און לאטיינישע בוכשטאבען. אבער בעקאנט איז דער כתב געווען נאר אלס געהיים־שריפט און מען האט עס נאר בענוצט צו רעליגיעזער צויבעריי.

מענשען האט מען נאך מקריב געווען אלס קרבנות.

קורץ, אלע דיעזע בעשרייבונגען צייגען, אז די פארצייטיגע דייטשען, וועלכע ווערען דא געשילדערט, זיינען געווען נאר וואס ארויס

פון די מיטטעלשטופע פון בארבאריי און ערהויבען אויף די אויבער־שטופע.

די שטאמען זייערע, וואס האבען זיך געגרענעצט מיט די רוימער, האבען אליין ניט ענטוויקעלט קיין איינענע אינדוסטריען פון מעטאל און וועבעריי, ווייל עס איז געווען לייכט אריינצובריינגען דיעזע סחורות פון די רוימער. דאס האט זיי געשטערט אליין צו ענטוויקלען די מלאכות. דערפאר אבער האבען זיך דיעזע מלאכות אהן שום ספק אויסגעבילדעט ביי די גערמאנישע שטאמען פון ווייטער אוועק, אין מזרח־צפון, לעבען דעם מזרח־ים. דאס קען מען זעהען פון שטיקער געוועהר וואס מען האט געפונען אין די זומפען פון שלעזוויג — א לאנגען אייזערנעם שווערד, א פאנצער פון קייטען, א זילבערנע קאס־קע און נאך אזעלכע זאכען, צוזאמען מיט רוימישע מטבעות פון ענדע פון 2טען יאהרהונדערט — און די דייטשע מעטאלענע זאכען, וואס זיינען פערברייטעט געווארען דורך די פעלקער־וואנדערונג, צייגען א גאנץ בעזונדערען גערמאנישען סארט ארבייט, ניט וועניג אויסגעביל־דעט, אפילו, וואו זיי זיינען נאכגעמאכט נאך רוימישע מוסטער. ווען יענע פעלקער האבען אויסגעוואנדערט אין דעם ציוויליזירטען רייך פון די רוימער, איז ביי זיי דיעזע אייגענע אינדוסטריע פון זייער היים אונטערגעגאנגען, אויסער אין ענגלאנד. עס איז מערקווירדיג, ווי דיעזע אינדוסטריע איז געווען אין ווייט־פערשפרייטע לענדער אי־בעראל דיזעלבע. דאס קען מען זעהען פון בראנזענע שנאללען, וואס מען האט געפונען אין בורגונד און אין רומעניען און ביים אזאווסקען ים, און וועלכע זיינען אזוי עהנליך צו די וואס מען האט געפונען אין שוועדען און אין ענגלאנד, אז מען קען גלויבען, דאס זיי זיינען אין איין פאבריק געמאכט. זיי קומען אלע זיכער ארויס פון גערמאנישער אבשטאמונג.

דאס אלעס צייגט, אז יענע מענשען זיינען שוין געווען אויף די אויבערשטופע פון בארבאריי. און צו דיעזער שטופע פון ענטוויק־לונג פאסט זיך אויך זייער געזעלשאפטליכע איינריכטונג. ווי טאצי־טוס בעשרייבט, איז ביי אלע שטאמען זייערע געווען א ראטה פון פארשטעהער — „פרינציפעס“ רופט ער זיי. דיעזער ראטה האט אליין בעשלאסען ווי צו טהאן אין קליינע פראגען. וויכטיגערע פרא־גען אבער האט דיעזער ראטה צוגעגרייט פארצולייגען פאר די פאלקס־

פערזאמלונג צו ענטשיידען. פאלקס־פערזאמלונגען האבען, אויף די אונטערשטופע פון בארבאריי, נאר די גענטעס. דער גאנצער שטאם, אדער דער בונד פון שטאמען, האט אויף דיעזער שטופע נאך ניט קיין פאלקספערזאמלונגען. אזוי איז עס וועניגסטענס ביי די פעלקער וואס לעבען נאך היינט אויף דיעזע שטופע, ביי די אינדיאנער אין אמעריקא.

די פארשטעהער זיינען בעזונדערע און די קריעגס־פיהרער זיינען בעזונדערע. די ערשטע, ווי געזאגט, רופט טאציטוס „פרינציפעס", די צווייטע — „דוקס". ביי די איהאקעזען־אינדיאנער אין אמעריקא זיינען אויך דא בעזונדערע אנפיהרער פון פרידליכען לעבען און בעזונדערע פיהרער אין קריעג. די פריעדענס־פארשטעהער לעבען שוין א טייל פון די עהרען־געשענקע וואס זיי קריעגען פון די מענשען פון זייער שטאם; זיי קריעגען בהמות, תבואה א. ז. וו. זיי ווערען ס'רוב אויסגעקליעבען אימער פון דיזעלבע פא־מיליע; אזוי איז עס ביי די אינדיאנער אין אמעריקא. ווען עס פיהרט זיך ביסלעכווייז איין פאטטערעכט אויפ'ן ארט פון פריהעריגען מוטער־רעכט, העלפט דאס צו, אז אויפ'ן ארט פון אויסקלייבען די פארשטע־הער, קומט עס שוין בירושה דעם זוהן פון א פארשטעהער, דאס צו בלייבען נאך זיין פאטער'ס טויט. פון דעם קומט ארויס אן אדעלס־פאמיליע אין יעדער גענס, ווי עס איז פארגעקומען אין רוים און גריי־כענלאנד. דיעזער אלטער אדעל איז ס'רוב אונטערגעגאנגען אין דער פעלקער־וואנדערונג, אדער יעדענפאלס באלד נאך די פעלקער־וואנ־דערונג.

פאר אנפיהרער פון די מחנות אין מלחמות האט מען אויסגעקלי־בען די, וואס האבען זיך אם בעסטען געטויגט דערצו און מען האט ניט געקוקט אויף יחוס פון געבורט. זיי האבען געהאט וויייניג צו בעפעהלען. זיי האבען געמוזט ווירקען אויף די מחנות דורך זייער ביישפיעל. דעם אמת'ן בעפעהל איבער די קריעגס־מחנות, זיי צו האלטען אין דיסציפלין, האבען געהאט די פריסטער. אזוי זאגט טאציטוס אויסדריקליך. די ווירקליכע מאכט אבער איז געלעגען ביי די פאלקס־פערזאמלונג. ביי אזא אסיפה פון פאלק איז דער קעניג אדער שטאם־פארשטעהער געווען פארזיצענדער. דאס פאלק ענט־שיידעט. ווען זיי ווילען אויסדריקען „ניין", מורמלען זיי. ווען זיי

ווילען זאָגען „יא“, שרייען זיי אויס צושטימענד און מאַכען אַ ליאַרם מיט די געוועהר.

די פאָלקס־אסיפה איז אויך אַ געריכטס־פערזאַמלונג. קלאַגען און משפטים ווערען פאַר דיזע אסיפה פאָרגעבראַכט און אַ פסק ווערט ארויסגעגעבען. ווען איינער ווערט געפונען שולדיג אין פייגהייט (טרוסאַסט) אָדער פאָלקס־פערראַטה אָדער אין נאָכגעבען זיך אַן אונ־נאַטירליכע תאוה, ווערט ער פון די פאָלקס־אסיפה פער׳משפט צום טויט. אויך אין די גענטעס און אַנדערע אונטער־אבטהיילונגען משפט די אסיפה פון אַלע מיטגליעדער. דער פאָרשטעהער איז נאָר דער פאָרזיצענדער. ער האָט נאָר געקענט פיהרען די פערהאַנדלונגען און שטעלען פראַגען. אַזוי איז עס געווען ביי די דייטשען ביי יעדען סאָרט געריכט די ערשטע צייטען. דעם פסק האָט אימער און אומע־דום ביי די דייטשען ארויסגעגעבען די גאַנצע אסיפה פון פאָלק.

פערבאַנדען פון אַ סך שטאַמען מיט אַנאַנדער האָבען זיך ביי די דייטשען אויסגעבילדעט פון צעזאַר׳ס צייטען אָן. ביי אַ טייל פון זיי זיינען שוין געווען קעניגע. דער אויבערשטער פיהרער פון די מחנות אין קריעג האָט שוין געזוכט צו זיין אַן ארט געוועלטיגער, אַזוי ווי ביי די גריכען און רוימער. און מאַנכע פון זיי זיינען דאָס גע־וואָרען. אַזאַ הערשער, וואָס האָט געהאַט גליק אין פערכאַפּען די הערשונגס־געוואַלט, איז אפילו נאָך אויף קיין פאַל ניט געווען קיין סאַמאָדערזשעץ, וואָס האָט אַליין אַלעס צו בעפעהלען. אָבער ער האָט שוין אָנגעפאַנגען צו צוברעכען די גענטיל־אָרדנונג.

איינער פון די ביישפּיעלע, ווי די אויפגעקומענע הערשער האָבען צובראָכען די פריהעריגע גענטיל־פיהרונגען, איז דער: פריהער, ווען אַ שקלאַף איז בעפרייט געוואָרען, איז ער אַלץ געבליבען אַ גאָר נישט, ווייל ער האָט ניט געהערט צו קיין שום גענס, און יעדער רעכטער מענש האָט געמוזט געהערען צו אַ גענס. ווען אָבער עס זיינען אויפגעקומען די הערשער, די קעניגע, פלעגען זיי שוין אַמאָל אַ בעפרייטען שקלאַף געבען אַ גרויסען ראַנג און עשירות און עהרען. דאָס איז געשעהען פריהער, אין די מלוכה פון די רוימער. און עהנליכעס איז אויך גע־שעהען שפּעטער, ווען די וואַנדערנדע דייטשען און אַנדערע זיינען אריינגעפאַלען אין רוים און זייערע מחנות־אָנפיהרער זיינען דערנאָך געוואָרען קעניגע פון גרויסע לענדער. ביי די פראַנקען, צום ביי־

שפיעל, (א דייטשעם פאלק, וואס האט דערנאך איינגענומען א שטיק לאנד פון די רוימער און דערפון איז געווארען פראנקרייך, פראנקען־רייך) האבען שקלאפען און פרייגעלאזענע פון קעניג געשפיעלט א גרויסע ראלע, פריהער אין קעניגליכען הויף, דערנאך אין דער מלוכה. פון אזעלכע געוועזענע שקלאפען שטאמט א גרויסער טייל פון דעם נייעם אדעל.

נאך איין איינריכטונג איז געווען, וואס האט צוגעהאלפען אויפ־קומען דאס קעניגטהום. דאס זיינען געווען פריוואט־פעראייניגונגען פון מענשען וואס האבען זיך פעראייניגט צו פיהרען קריעג אליין, אהן זייער גאנצען שטאם. ביי די דייטשען האט מען אזעלכע פריוואט־פעראייניגונגען פון קריעגער גערופען „געפאלגעשאפטען“. ביי די אינדיאנער אין אמעריקא האבען מיר שוין געזעהען, ווי עס האבען זיך געגרינדעט אזעלכע פריוואט־פעראייניגונגען לעבען די גענטיל־ארדנונג. ביי די דייטשען זיינען אזעלכע שוין געווארען שטענדיגע פעראייניגונגען. דער קריעגס־פיהרער, וועלכער האט זיך געמאכט א נאמען אלס גרויסער העלד, האט צוזאמען גענומען ארום זיך א מחנה יונגע חברה, וואס האבען געהאט ארויסצוגעהן שלאגען זיך און ראבעווען. דער העלד האט זיי געשווארען טרייהייט, און זיי איהם. דער פיהרער האט זיי גענעבען צו עסען און צו טרינקען און האט זיי ארגאניזירט שטופען־וויין. איין טייל איז געווען זיין אייגענע לייב־גווארדיע און שלאגפערטיגע טרופען פאר קליינע אונטערנעהמונגען; און אנדער טייל האט ער געשטעלט אונטער אפיצירען פאר גרעסערע אונטערנעהמונגען. שוואך ווי דיעזע געפאלגעשאפטען האבען געמוזט זיין, האבען זיי דאך שוין געטראגען אין זיך דעם ווארצעל פון פער־ניכטונג פאר די אלטע פאלקס־פרייהייט און זיי האבען דאס אויס־געפיהרט אין דער פעלקערוואנדערונג און נאך איהר. דען ערשטענס, האבען דיעזע געפאלגעשאפטען בעשאפען פאר זייערע הויפטלייט א מאכט, וואס האט זיי פערהאלפען צו קעניגליכע געוואלט. צווייטענס, האבען זיי נאר געקענט צוזאמענגעהאלטען ווערען דורך שטענדיגע קריעגע און רויב־אנפאלונגען, ווי טאציטוס בעמערקט דאס שוין. רויב איז געווארען זייער צוועק. ווען דער אנפיהרער פון אזא געפאלגע־שאפט האט ניט געפונען אויף ווימען אנצופאלען און צו בערויבען אין זיין אייגענעם לאנד, האט ער אוועקגעוואנדערט מיט זיינע לייטע

צו אנדערע פעלקער, ביי וועלכע עס זיינען געווען מלחמות און גע־לעגענהייט אויף רויב. אזעלכע דייטשע געפאָלגעשאַפטען זיינען דער־נאָך טיילווייז געוואָרען די הילפס־פעלקער פון די רוימער, וואָס האָבען אין גרויסע מאסען זיי געהאָלפען אין זייערע מלחמות זאָגאר געגען דייטשע פעלקער. דיעזע געפאָלגעשאַפטען זיינען אויך געווען דער אָנ־פאנג פון אַן אנדערע שפּעטערע צרה — פון די „לאַנדקנעכט". דאָס זיינען געווען די פּריוואַט־מיליטער פון די דייטשע באַראָנען, מיט וועלכע דיעזע קליינע טיראַנעלעך האָבען געפיהרט זייערע טיראַנישע נידערטרעכטיגקייטען, — די שאַנדע און דער פלוך פון די דייטשען.

ווען די דייטשע פעלקער האָבען בעזיעגט די רוימער און אזעלכע הויפּטלייט פון געפאָלגעשאַפטען זיינען געוואָרען קעניגע, האָבען זיי געמאַכט זייערע טרייע דיענער פון דיעזע מחנות פאַר אדעליגע. דאָס איז געווען דער צווייטער הויפּט־טייל פון דעם שפּעטערען אדעל. דער ערשטער טייל איז געווען, ווי געזאָגט, די בעפרייטע שקלאַפען און די רוימישע האָף־בעדיענטע.

צוריקקומענדיג צו די פּאַרצייטיגע דייטשען: מיר זעהען ביי זיי אַלזאָ, אז בסך־הכל איז ביי זיי געווען דיזעלבע סאָרט פיהרונגען, די־זעלבע איינריכטונגען ווי עס זאָלען פערוואַלטעט ווערען די קהל'שע זאַכען — דיזעלבע „פ ע ר פ א ס ו נ ג", ווי מען רופט עס — ווי די, וואָס האָט זיך ענטוויקעלט ביי די גריכען אין די העראָען־צייט און ביי די רוימער אין די זאָגענאַנטע קייזער־צייט: פאָלקס־פערזאַמ־לונג, ראַטה פון די גענטיל־פאָרשטעהער, א קריעגס־פיהרער, וועלכער געהט שוין אויף דעם וועג פון אָננעהמען אווירקליכע קעניגליכע גע־וואַלט. ביי די גענטיל־אָרדנונג האָט זיך קיין אנדערע און קיין בעסערע פערפאַסונג גאָר ניט געקענט אויסבילדען. דאָס איז געווען די מוסטער־פערפאַסונג פון די אויבערשטופע פון בארבאריי. און ווען די געזעל־שאַפט האָט זיך ווייטער ענטוויקעלט אריבער די גרענעצען פון דעם צושטאַנד וואו דיעזע פערפאַסונג איז געניגענד געווען, דאַן איז געווען א סוף צו די גענטיל־אָרדנונג. זי איז צושפּרונגען געוואָרען ווי א רייף וואָס ווערט צו ענג, און אויף איהר אָרט איז געקומען — ד ע ר **ש ט א א ט.**

## 8. — ווי דער שטאַאַט איז ענטשטאַנען ביי די דייטשען.

ווי אַזוי איז ביי די דייטשען פּאַרצייטענס צושפּרונגען געוואָרען זייער אַלטע גענטיל־אָרדנונג און ענטשטאַנען אַ שטאַאַט? ביי זיי איז דאָס געשעהען, נאָכדעם ווי זיי, דיעזע באַרבאַרען, האָבען בע־זיעגט און חרוב געמאַכט די אַלטע מעכטיגע ציוויליזירטע מלכות רומא.

מיר וועלען דאָ בעטראַכטען, ווי אַזוי דאָס איז צוגעגאַנגען, — ווי אַזוי האָבען די באַרבאַרען געקענט גובר זיין אַזאַ מעכטיגע ציווי־ליזירטע מלוכה?

מיר האָבען געזעהען אויבען, ביי אַנדערע פעלקער, ווי די גענטיל־אָרדנונג ווערט צופלאַצט, טיילווייז, דורך די פערמעהרונג פון די מענשען. אויך ביי די פּאַרצייטיגע דייטשען איז זייער אַלטער אָרט לעבען זיי ענג געוואָרען דורך זייער שטאַרקער פערמעהרונג. און זיי זיינען אַרויסגעפּלאַצט אין מלחמות געגען די רוימער. און מיר וועלען זעהען, ווי דאָס האָט געפיהרט צו די פערניכטונג פון די גענטיל־איינ־ריכטונגען פון די דייטשען.

שוין אין טאַציטוס'עס צייטען זיינען די דייטשען געוועז אַ פאָלק מיט זעהר אַ סך מענשען. דאָס זעהט מען פון זיינע בעשרייבונגען.

אַן אונגעפעהרען בעגריף ווי גרויס עס זיינען געווען די איינ־צעלנע פעלקער פון די דייטשען, קען מען אויך שוין געפינען אין צעזאַר'ס בעשרייבונגען. ער מעלדעט, אַז די צוויי פעלקער אוזיפּע־טער און טענקטערער, וואָס האָבען געוואוינט אויפ'ן לינקען ברעג פון רהיין־טייך, האָבען געהאַט 180,000 נפשות, ווייבער און קינדער אריינגערעכענט. אַלזאָ, האָט אַן איינצעלעס פאָלק געהאַט לערך 100,000 מענשען. (אין די בעשרייבונג פון דיאָדאָר — אַן אַנדער פּאַרצייטיגער רוימישער שרייבער, — וועגען די גאַלישע פעלקער, גע־פינט מען דיעזע ווערטער: „אין גאַליען וואוינען פיעלע פעלקער פון אונגלייכע גרויס. די גרעסטע האָבען 200,000 נפשות, די קלענסטע

50,000“. אלזא דורכשניטליך 125,000 נפשות אין א פאלק. די גאליער זיינען געווען מעהר ענטוויקעלט ווי די דייטשען און עס איז זיכער אנצונעהמען, אז זיי זיינען געווען עטוואס צאהלרייכער. דאס בעשטעטיגט אלזא וואס מיר נעהמען דא אן, אז א דייטשעס פאלק האט דעמאלט געהאט לערך 100,000 נפשות). דאס איז שוין פיעל גרעסער ווי, צום ביישפיעל, די גאנצע צאהל פון די איראקעזען־אינ־דיאנער אין אמעריקא: זיי האבען אין זייערע בעסטע צייטען ניט געהאט קיין 20,000 נפשות און זיינען דאך געווען די שרעקעניש פון גאנצען לאנד, פון די גרויסע זעען ביז צו די טייכען אהייא און פא־טאמאק.

אזא פאלק פון 100,000 קעפ ביי די פארצייטיגע דייטשען פער־נעהמט, לויט געוויסע פונקטען אין יענע בעשרייבונגען, אן ערך פון 10,000 קוואדראט קילאמעטער ערד. גאנץ „גערמאניא מאגנא“ (גרויס־דייטשלאנד), פון וועלכע יענע רוימישע שרייבער רעדען, ביז צו די ווייסעל, פערנעהמט לערך א האלבען מיליאן קוואדראט־קילא־מעטער. אננעהמענדיג די צאהל 100,000 קעפ אין דורכשניט אין יעדען פאלק, וואלט אויסגעקומען, אז אין גאנץ „גערמאניא מאגנא“ זיינען געווען ארום פינף מיליאן מענשען. פאר א בארבארישע פעל־קער־גרופע איז דאס שוין א היבשע צאהל, כאטש פאר אונזערע היינ־טיגע פערהעלטניסע איז 10 קעפ אויף א קוואדראט קילאמעטער זעהר א קליינע צאהל. דאס זיינען אבער נאך ניט געווען אלע דייטשען, וואס האבען דאמאלס געלעבט. מיר געפינען אין די פארצייטיגע בע־שרייבונגען, אז ביי די קארפאטען בערג ביז צום אנפאנג פון דאנוי־טייך האבען אויך געוואוינט דייטשע פעלקער, פון גאטהישען שטאם; זיי ווערען אנגערופען באסטארנער, פייקינער און אנדערע. זיי זיינען געווען אזוי פיעל אין צאהל, אז פליניום ערקלערט זיי פאר דעם פינפ־טען הויפט־שטאם פון די דייטשען. נאך 180 יאהר פאר די קריסט־ליכע צייטרעכנונג געפינט מען זיי דיענען אלס סאלדאטען פאר גע־האלט ביי דעם מאקעדאנישען קעניג פערזעאוס. און ווי פליניוס מעל־דעט, האבען זיי נאך אין די ערשטע יאהרען פון אויגוסטוס זיך פער־שפרייט ביז אין די געגענד פון אדריאנאפאל. רעכענען מיר זייער צאהל נאר פאר איין מיליאן, קומט אויס, אז די וואהרשיינליכע צאהל

דייטשען אין אנפאנג פון די קריסטליכע צייט־רעכנונג איז געווען ווייניגסטענס זעקס מיליאן.

נאכדעם ווי זיי האבען זיך בעזעצט אין גערמאניען, מוז זיך די בעפעלקערונג האבען פערמעהרט מיט שטייגענדער געשווינדיגקייט. דאס שיינט שוין צו בעווייזען דער אויבען דערמאנטער אינדוסטריעלער פארטשריט אליין. די שטיקער אייזערנע געוועהר, וואס מען האט גע־פונען אין די זומפען פון שלעזוויג, שטאמען פון דריטען יאהרהונדערט. דאס קען מען זעהן פון די רוימישע מטבעות, וואס מען האט געפונען מיט זיי צוזאמען. אלזא, שוין אין דיזער צייט איז ביי דעם מזרח־ים געווען ענטוויקעלט א שטארקע אינדוסטריע פון מעטאל און וועבעריי, א גרויסער פערקעהר מיט דעם רוימישען רייך און א געוויסער לוקסוס ביי די רייכערע. דאס זיינען אלץ שפורען פון א געדיכטערע בעפעלקערונג.

ארום דיזעלבע צייט האבען די דייטשען אנגעהויבען ארויסצוגעהן אויף מלחמה געגען די רוימער אויף די גאנצע ליניע פון די רוימישע גרענעץ, דאס איז ביי די גאנצע לענג פון דעם טייך רהיין און ביי די גאנצע לענג פון דעם טייך דאנוי, פון דער נארד־זעע ביז צום שווארצען מעער. דאס איז א דירעקטער בעוויז, אז די בעפעלקערונג איז שטארק אנגעוואקסען און האט זיך ארויסגעפרעסט פון די גרענעצען.

דריי הונדערט יאהר האט געדויערט דער קאמפף. אין די דריי הונדערט יאהר האט דער גאנצער הויפט־שטאם פון גאטהישע פעלקער איבערגעוואנדערט קיין דרום־מזרח (חוץ די סקאנדינאווישע גאטהען און די בורגונדער). ז ייזיינען געווען דער לינקער טייל פון די גרויסע מחנה וואס איז אנגעפאלען די רוימער. דער מיטעלסטער טייל זיינען געווען די האך־דייטשען ביי דעם אויבער'ן טייל פון טייך דאנוי, און דער רעכטער טייל זיינען געווען די דייטשע פעלקער איזקעוואנען, וואס האבען זיך דערנאך גערופען פראנקען, לעבען דעם טייך רהיין. דאס דייטשע פאלק איינגעוואנען ווידער האבען איינגענומען בריטא־ניען. אם ענדע פון פינפטען יאהרהונדערט איז מלכות רומא געלעגען אבגעשוואכט, אהן בלוט און אהן הילף, אפען פאר די איינדרינגענדע דייטשען.

אויבען האבען מיר בעטראכט ווי די פארצייטיגע גריכישע און

רוימישע ציוויליזאציאָן איז געוואָרען. דאָרטען זיינען מיר געשטאנען ביי איהר וויגעלע. דאָ שטעהן מיר ביי איהר קבר.

מלכות רומא איז געווען אונגעהייער גרויס, אָבער דאָך האָט זי קיין כוח ניט געהאט אויסצוהאלטען דעם אָנגריף פון די דייטשע באַרבאַרען. אין די רוימישע מלוכה זיינען געווען אַ סך פעלקער, אָבער די אַלע פעלקער האָבען קיין כוח און קיין אינטערעס ניט געהאט צוריקצוהאַלטען דאָס איינדרינגען פון די דייטשען. די אַלע פעלקער זיינען שוין קיין פעלקער ניט מעהר געווען. אין פערלויף פון הונדערטער יאָהרען איז די רוימישע וועלט־הערשונג איבער זיי אריבערגעגאנגען מיט איהר הובעל און האָט זיי אַלע געמאכט גלייך, אַלע פאַר רוימער. אַלע נאַציאָנאַל־שפּראַכען פון יענע פעלקער זיינען פערשוואונדען געוואָרען און אַ פערדאָרבענע לאַטייניש האָבען די אַלע פעלקער גענומען רעדען. עס איז ניט מעהר געווען קיינע נאַציאָנאַל־אונטערשיעדען, קיינע גאַליער, איבערער, ליגורער, נאָריקער (די פאַרצייטיגע פעלקער אַרום דעם מיטעל־ים, וועלכע רוים האָט איינגעשלונגען). זיי זיינען אַלע געוואָרען רוימער. די רוימישע פערוואַלטונג און די רוימישע געזעצע האָבען אומעדום פונאַנדערגעבונדען די אַלטע געשלעכטס־פערבאַנדען און דערמיט געטויטעט דעם לעצטען רעשט פון לאָקאַלער און נאַציאָנאַלער זעלבסט־טהעטיגקייט פון דיזע אַלע פעלקער. זיי האָבען קיין שום געפיהל און קיין שום אינטערעס ניט מעהר געהאט צו פיהרען מלחמות געגען די איינדרינגענדע דייטשע באַרבאַרען. זיי זיינען אַלע געוואָרען רוימער, אָבער זייער ניי־געבאַקענעס רוימערטהום האָט זיי ניט געגעבען קיין נייע נאַציאָנאַלע קראַפט און אינטערעס אנשטאַט די אונטערגעגאַנגענע אייגענע נאַציאָנאַליטעט. דען זייער רוימערטהום איז ניט געווען ביי זיי קיין נאַציאָנאַל־געפיהל פאַר רוים, נאָר דאָס האָט בלויז אויסגעדריקט, אַז זיי האָבען ניט קיין שום נאַציאָנאַליטעט. זיי האָבען ניט געפיהלט, אַז זיי וועלען עפּעס פערליערען ווען די דייטשען וועלען זיי איינגעהמען.

אמת, עס זיינען געווען ביי די אַלע פעלקער עלעמענטען, פון וועלכע עס האָבען געקענט זיך ענטוויקלען נייע בעזונדערע נאַציאָנען. דען זיי האָבען ניט גערעדט אין גאַנצען איין שפּראַך. די לאַטיינישע שפּראַך איז געוואָרען אין יעדע פּראָווינץ אַן אַנדערע; און אַנדערער דיאַלעקט האָט זיך אומעדום פון איהר אַלץ מעהר און מעהר ענטווי־

קעלט. אויך זיינען דאך נאך צווישען די לענדער ווייטער געבליבען די נאטירליכע געאגראפישע גרענעצען, וועלכע האבען זיי פריהער גע־מאכט פאר זעלבסטשטענדיגע מדינות, — איטאליען, גאליען, שפאניען, אפריקא. דיעזע נאטירליכע גרענעצען האבען זיך נאך ווייטער געפיהלט און עס האבען זיך געקענט ענטוויקלען דורך זיי נייע נאציאנען. אבער די קראפט דערצו איז אין ערגעץ ניט געוועזען. אין ערגעץ איז נאך קיין שפור ניט געוועזען פון ענטוויקלונגס־פעהיגקייט, פון ווי־דערשטאנדס־קראפט, בפרט נאך פון כוחות צו בעשאפען עטוואס נייעס. די אונגעהייערע מענשען־מאסע פון דעם אונגעהייערען שטיק וועלט ארום דעם מיטעל־ים האט נאר געהאט איין באנד, וואס האט זיי צוזאמען געהאלטען — די רוימישע מלוכה. קיין אינטערעס אבער זיך צו שלאגען פיר איהר האבען זיי ניט געהאט, דען די רוימישע מלוכה איז מיט דער צייט געווארען זייער ערגסטער שונא און אונ־טערדריקער. און רוים אליין איז געווען פערניכטעט דורך דיעזע אלע פראווינצען. רוים אליין איז געווארען ניט מעהר ווי אויך א פראווינץ־שטאאט ווי די אלע אנדערע. זי האט געהאט געוויסע רעכטע, וואס זיי האבען ניט געהאט, אבער זי האט ניט מעהר געהאט די הערשונג איבער זיי, זי איז ניט מעהר געווען דער מיטעל־פונקט פון דעם רוימישען וועלט־רייך. זי איז אפילו ניט מעהר געווען די רעזידענץ פון דעם קייסער און אונטער־קייסער. זיי זיינען גאר געזעסען אין קאנסטאנטינאפאל, אין טריער, אין מאילאנד. די רוימישע מלוכה איז געווארען א ריעזיגע קאמפליצירטע מאשין, מיט דעם איינציגען צוועק אויסצוזויגען די אונטערטהאנען. שטייערן, מלוכה־שקלאפעריי און אלערליי פאראטקעס האבען אריינגעדריקט די מאסען פון דער בעפעלקערונג אין אלץ טיעפערע ארימקייט. דער דרוק אויף זיי פון די גובערנאטארען, מכס־קלייבער און סאלדאטען איז געווארען פאר זיי אונערטרעגליך. אט צו דעם האט עס געבראכט די רוימישע מלוכה מיט איהר וועלט־הערשונג. דאס רעכט פון איהר עקזיסטענץ האט זי געגרינדעט אויף דעם, דאס זי דארף אבהיטען עס זאל זיין ארדנונג אין די לענדער און זיי שיצען געגען די בארבארען פון אויסען. אבער איהר ארדנונג איז געווען ערגער ווי אונארדנונג און די בארבארען, וואס געגען זיי האט זי כלומרשט געזאלט די בירגער בעשיצען, האבען די בירגער גאר ניט געהאלטען מעהר פאר קיין שונאים, נאר אדרבה. פאר

רעטער. זיי האָבען געהאַפּט, זיי זאָלען קומען און זיי בעפרייען פון די אונטערדריקונגען פון זייער מלוכה. דאָס איז געווען די אורזאַכע, פאַר וואָס די באַרבאַרישע דייטשען האָבען געקענט חרוב מאַכען די מעכטיגע ציוויליזירטע רוימישע וועלט־מלוכה.

ניט ווייניגער פּערצווייפעלט איז געווען אין דער רוימישער מלוכה דער צושטאַנד פון דער געזעלשאַפט. די ציוויליזירטע רוים האָט ניט געזוכט צו פערשפּרייטען האַנדעל און אינדוסטריע אין די לענדער, וואָס זי האָט איינגענומען. דאָס איז קיינמאָל ניט געווען איהר זאַך; ניט פון דעם האָט זי געזוכט אַרויסצוקריגען רייכקייט, נאָר פון אויספּרעסען פּראָדוקטען און צינזען. אין דעם האָט זי אַרייַ־בערגעשטיגען אַלעס, וואָס עס איז געווען פאַר איהר און נאָך איהר. דאָס ביסעל האַנדעל, וואָס איז געווען פון פריהער אין די איינגענומענע לענדער, איז אונטערגעגאַנגען אונטער די שווערע פּאָדאַטקעס, וואָס די רוימישע בעאַמטע האָבען אויסגעפּרעסט פון די איינגענומענע לענ־דער. די רוימער־הערשונג האָט פון די עלטסטע צייטען אָן בענוצט די איינגענומענע פּראָווינצען נאָר אויף אויסזויגען זיי, ניט קוקענדיג וואָס זי האָט דערמיט געמאַכט א חורבן פון זיי. דאָס איז שוין געווען אַזוי, זינט די לעצטע צייטען, ווען רוים איז געווען א רעפּובליק. שפּעטער ווען רוים איז געוואָרען א קייזערטהום, האָט דאָס קייזער־טהום די אויסזויגונג ניט אָבגעשאַפט, נאָר פערקעהרט, זי גערעגעלט. וואָס מעהר די רוימישע מלוכה איז געוואָרען איבערגעפּיהרט און פער־דאָרבען, אַלץ העכער זיינען געשטיגען די שטייערען און אָבצאָהלונגען, אַלץ מעהר אונפערשעהמט האָבען די בעאַמטע בערויבט און געדריקט די פעלקער. און דער סוף וואָס איז אַרויסגעקומען פון די רוימישע וועלט־הערשונג איז געווען, דאָס אַלע פעלקער זיינען בדיל־הדל גע־וואָרען, דער פערקעהר צווישען די לענדער איז געוואָרען אַלץ שוואַ־כער און ווייניגער, פון האַנדווערק און קונסט איז געוואָרען גאָרניט, די בעפעלקערונג האָט זיך פערקלענערט, די שטעדט זיינען אונטערגע־גאַנגען; מען האָט זיך צוריקגעקעהרט צו פעלד־אַרבייט אויף א ניע־דעריגע שטופע.

פעלד־אַרבייט איז ווידער געוואָרען דער הויפּט־צווייג פון אינ־דוסטריע, נאָך מעהר ווי דאָס איז געווען אימער אין דער גאַנצער אַלטער וועלט. אָבער אין דיעזען שלעכטען צושטאַנד איז אויך פון

די פעלד־ארבייט געווארען א תל. גאנץ איטאליען איז, פון דער רוימישער רעפובליק אן, געווען צוטיילט אין ריעזיגע רייכע גיטער — „לאטיפונדיען" האט דאס געהייסען אויף לאטייניש —. בענוצט זיי־נען דיעזע גיטער געווארען אויף צוויי ארטען: א טייל איז בענוצט געווארען צו האדעווען אויף זיי ריעזיגע סטאדעס בהמות. אנשטאט מענשען, זיינען אויף דיעזע אונגעהייערע שטרעקען לאנד בעזעצט גע־ווארען אקסען און שעפסען, וועלכע האבען געברויכט נאר ווייניג שקלאפען אכטונג צו געבען אויף זיי. אן אנדערער טייל פון די לא־טיפונדיען איז בענוצט געווארען אלס ווילאס — רייכע וואוין־פאלא־צען און הויפען. אויף די פעלדער ארום האט מען געפלאנצט דיעזי־גע גערטנער, בעארבייט מיט מאסען שקלאפען. די פרוכטען פון די גערטנער זיינען א טייל בענוצט געווארען פאר דעם לוקסוס פון די בעזיצערס, א טייל האט מען זיי פערקויפט אויפ'ן מארק אין די שטעדט. וואס זשע איז געווארען מיט דיעזע רייכע גיטער אין דער צייט ווען פון די רוימישע מלוכה איז געווארען א תל? די גרויסע פאשע־פעלדער פאר סטאדעס בהמות זיינען אפילו געבליעבען און האבען זיך נאך אויסגעברייט. אבער די ווילא־גיטער און זייערע גערטנער זיינען געווארען חורבות, ווען זייערע איינגענטהימער זיינען ארים געווארען און ווען פון די שטעדט איז געווארען א תל. די גרוי־סע גיטער, וואו מען פלעגט דורך שקלאפען־ארבייט פראדוצירען פעלד־פראדוקטען, האבען זיך ניט מעהר געלוינט, ווייל די שקלאפען־ארבייט האט זיך ניט מעהר בעצאהלט. אבער צו פיהרען פארמעריי אויף גרויסען פוס איז דעמאלט ניט מעגליך געווען אויף קיין אנדערען אופן ווי דורך שקלאפען־ארבייט. ווען די שקלאפען־ארבייט האט זיך ניט מעהר בעצאהלט, איז צוריק די קליין־פערמעריי געבליבען די איינ־ציגע סארט פארם־ארבייט וואס איז מעגליך געווען. איין ווילא נאך דער אנדערער איז צופיצעלט געווארען אין קליינע טהיילען. א טייל אזעלכע קליינע פארמס זיינען אבגעגעבען געווארען צו קליינע פאכ־טערס (טענענט־פארמערס) און דאס איז איבערגעגאנגען פון זיי בירושה צו זייערע קינדער. זיי האבען בעצאהלט דערפאר א בע־שטימטע סומע. אן אנדערער טהייל אזעלכע קליינע פארמס זיינען איבערגעגאנגען צו א סארט פארמערס, וואס האבען זיך גערופען אין לאטייניש „פארטיאריאי", זיי זיינען שוין אייגענטליך גאר ניט געווען

קיין פאַכטערס, נאָר זיי האָבען געפיהרט די פאַרם פאַר'ן בעל־הבית'ס וועגען, דען זיי האָבען געמוזט אבגעבען דעם אייגענטהימער פון דעם פעלד די גאַנצע תבואה און זיך האָבען זיי נאָר געקענט נעהמען פאַר זייער אַרבייט אַ זעקסטעל אָדער גאָר אַ נייַנטיל פון דעם, וואס זייער אַרבייט האָט בעשאַפען. מעהר ווי אַלעם אָבער זיינען דיעזע קליי־נע שטיקלעך פעלד איבערגעגעבען געוואָרען צו פּויערען, וועלכע זיי־נען דערפאַר געוואָרען צוגעבונדען צו דער ערד, דאָס הייסט זיי האָבען ניט געטאָרט אוועק דערפון. ווען דער אייגענטהימער האָט פער־קויפט אזא פעלד, זיינען די פּויערען דערפון מיט־פערקויפט געוואָרען. וואָס זיי האָבען אויסגעאַרבייט אויפ'ן פעלד איז געווען זייערס, אָבער דערפון האָבען זיי געמוזט אָבגעבען דעם אייגענטהימער אַ געוויסע סומע יעהרליך. זיי זיינען אפילו ניט געווען קיין שקלאַפען, אָבער אויך ניט פריי. זיי האָבען ניט געקענט חתונה האָבען מיט קיין פרייע מענשען. זייער הייראַטהען צווישען זיך איז ניט געווען אנערקענט פאַר קיין ריכטיגע עהע, נאָר, ווי ביי די שקלאַפען, אלס „קאָנטובער־ניום", דאָס הייסט אַן אָבמאַך צו שלאָפען צוזאַמען. מיט איין וואָרט, דאָס איז געווען אַן אַרט פאַנטשיזנע, ווי עס איז שפּעטער, אין מיטעל־אַלטער, איינגעפיהרט געוואָרען אומעדום.

די שקלאַפעריי פון די אַלטע צייטען אין רוים איז געווען אָבגעשטאָרבען. זי האָט ניט מעהר איינגעטראָגען, — די אמאָליגע שקלאַ־פעריי, — ניט ביי די פעלד־אַרבייט אויף גרויסע פאַרמס און ניט אין די גרויסע ווארשטאַטען, מאַנופאַקטורען, אין די שטעדט — דער מאַרק וואו צו פערקויפען זייערע פּראָדוקטען איז געווען אויסגעגאַנגען. אין דער צייט ווען דאָס רוימישע רייך איז געווען אין דער שעהנסטער בליהונג, איז די אַרבייט געווען איינגעפיהרט אויף ריזיגען פוס, מיט שקלאַפען; איצט אָבער, איז די אַרבייט איינגעשרומפּפען געוואָרען אין קליינע פאַרמס און קליינע ווארשטאַטען און אין זיי איז קיין פּלאַץ ניט געווען פאַר אַ סך שקלאַפען. שקלאַפען זיינען אפילו נאָך געבליעבען, אָבער בלויז הויז־שקלאַפען און לוקסוס־שקלאַפען פון די רייכע. פון די אָבשטאַרבענדע שקלאַפעריי איז נאָר נאָך געבליעבען דאָס, אַז מען האָט ווייטער געהאַלטען יעדע אַרבייט פאַר אַ זאַך וואס פּאַסט נאָר פאַר שקלאַפען, וואס איז אונטער דעם כבוד פון פרייע רוימער — און פרייער רוימער איז יעצט געווען כמעט יעדער. אָבער

קיין עשירות האט מען פון די שקלאפען־ארבייט ניט מעהר געקענט ציהען. פון דעם איז דאס געקומען, וואס אין יענער צייט פלעגט מען א סך שקלאפען פריי לאזען; זיי זיינען געווארען נוצלאז, א לאסט פאר דעם אייגענטהימער; זיי האבען געקאסט עסען און איינברענגען האבען זיי שוין ניט געקענט. פון דער אנדערער זייט האבען זיך דארום דעמאלט פערמעהרט די האלב־פרייע פויערען — די „קאלאנען", ווי זיי האבען זיך גערופען. און אויך האבען זיך פערמעהרט די גאנצע ארימע פרייע מענשען (עהנליך צו די „פור ווהייט טהרעש", ווי מען האט גערופען די פרייע אבער גאנץ ארימע ווייסע אין די שקלאפען־שטאאטען פון אמעריקא).

די וואס הויבען ביז'ן הימעל די אויפטהואונגען פון די קריסטליכע רעליגיאן ווילען איינרעדען, אז דאס קריסטענטהום האט דאס אבגעשאפט די פארצייטיגע שקלאפעריי אין רוים. דאס הייבט זיך גאר ניט אן. דאס קריסטענטהום איז אין דעם גאנץ אונשולדיג. יאהרהונדערטע לאנג האט דאס קריסטענטהום מיטגעמאכט די שקלאפעריי אין אלטען רוים גופא; און שפעטער האבען אויך קריסטליכע פעלקער זיך געגוג בעשעפטיגט מיט שקלאפען־האנדעל — די דייטשען אין נארדען, די ווענעציאנער אין מיטעל־מערב, און שפעטער דער נעגער־האנדעל, — און דאס קריסטענטהום האט דאס אלץ קיינמאל ניט געשטערט. (ווי דער בישאף ליוּאיטפראנד פון קרעמאנא בעריכטעט, איז נאך אין צעהנטען יאהרהונדערט געווען א שטאדט אין דעם פרום־קריסטליכען דייטשען רייך, — די שטאדט ווערדון, — וואו דאס הויפט־געשעפט איז געווען די פאבריקאציע פון עוונוכען (סריסים, — מען האט דורך אן אפעראציע געמאכט מענער פאר אוים מענער) און מען האט זיי פערקויפט מיט גרויסען פראפיט קיין שפאניען, פאר די הארעמס פון די מורען, צו היטען זייערע ווייבער. די קריסטליכע רעליגיאן האט אלזא דיעזען האנדעל מיט מענשען אויך ניט געשטערט.)

ניין, ניט דאס קריסטענטהום האט אבגעשאפט די פארצייטיגע שקלאפעריי אין רוים. די שקלאפעריי האט זיך ניט מעהר בעצאהלט, דארום איז זי אבגעשטארבען. אבער די שטארבענדע שקלאפעריי האט איבערגעלאזט איהר גיפטיגען שטאך אין לעבען, דאס איז געווען דער געפיהל פון פעראכטונג פון פראדוקטיווע ארבייט פיר פרייע מענשען.

דערמיט איז די רוימישע וועלט דעמאָלט געווען אריינגעקראָכען אין א ווינקעל אָהן א וועג ארוים: שקלאַפען־ארבייט האָט זיך ניט מעהר געלוינט און אז די פרייע מענשען זאָלען ארבייטען איז געווען אונ־מאָראליש. די ארבייט פון שקלאַפען האָט ניט מעהר געקענט זיין די גרונד־פאָרמע פון דער געזעלשאַפט; די ארבייט פון פרייע האָט דאָס נאָך ניט געקענט זיין. וואס דאָ האָט געקענט העלפען, איז נאָר געווען א פאָלשטענדיגע רעוואָלוציאָן.

אין די פראָווינצען (דאָס הייסט אין די לענדער וואס רוים האָט געהאַט איינגענומען) איז עס אויך ניט בעסער געווען. די מייסטע נאַכריכטען פון יענער צייט האָבען מיר פון גאַליען (היינט איז עס פראַנקרייך, בעלגיען, טיילען פון איטאַליען א. ז. וו.). דאָרטען זיי־נען אויך די פעלדער בעאַרבייט געוואָרען פון קאָלאָנען. חוץ די קאָ־לאָנען, זיינען דאָרטען געווען אויך פרייע קליינע פאַרמערס. זיי פלעג־גען זיך אָפט שטעלען אונטער דעם שוץ פון א מעכטיגען, אז ער זאָל זיי בעשיצען געגען די רויבערייען און אונטערדריקונגען פון די רוי־מישע בעאַמטע, ריכטער און וואוכערער. ניט נאָר איינצעלנע בוי־ערען פלעגען זיך שטעלען אונטער דעם שוץ פון א שטאַרקען, נאָר אויך גאַנצע געמיינדען. אין 4טען יאָהרהונדערט האָט דער רוימישער קייסער אָפט ארויסגעלאָזען בעפעהלע וואָס האָבען דאָס פערבאָטען. דערפון זעהט מען, ווי אָפט דאָס איז געטהאָן געוואָרען. אָבער וואס האָט דער שוץ זיי געהאָלפען? דער בעשיצער האָט זיי געשטעלט די בעדינגונג, אז זיי זאָלען איהם מאַכען פאַר דעם איינגענטהימער פון די פעלדער און ער וועט זיי דערפאַר פערזיכערען זיי זאָלען די פעלדער בענוצען אויף זייער גאַנצען לעבען. דאָס איז געווען א כיטרער קונץ. דער בעשיצער, דער שטאַרקער, האָט די פויערען בלומר'שט בעשיצט און זייער פעלד איז דערווייל געוואָרען זיין. די הייליגע קירכע האָט זיך דאָס געמערקט און שפּעטער, אין 9טען און 10טען יאָהרהונדערט, האָט זי דאָס נאָכגעמאַכט, פערשטעהט זיך פון גאָט'ס כבוד וועגען, נאָר פאַר איין גאַנג אויך כדי צו פערמעהרען איהר אייגענעם בעזיץ. דאָס האָט די קירכע געטהאָן שפּעטער. אין אָנפאַנג אָבער, געפינען מיר, ווי דער בישאָף סאַלוויאַנוס פון מאַר־סייל האָט, אין יאָהר 475, זיך זעהר שטאַרק געבייזערט אויף די דאָ־זיגע רציחה און גנבה. ער דערצעהלט, אז די אונטערדריקונג פון

פאָלק דורך די רוימישע בעאַמטע און גרויסע פעלד־פּריצים איז גע־וואָרען אַזוי שרעקליך, אַז אַ סך „רוימער" זיינען אַנטלאָפן אין די געגענדען, וואָס זיינען שוין געווען בעזעצט פון באַרבאַרען, און די רוימישע בירגער, וואָס האָבען זיך דאָרט בעזעצט, האָבען פאַר קיין זאַך ניט אַזוי שטאַרק מורא געהאַט, ווי פאַר צוריקגעבראַכט ווערען אונטער רוימישער הערשונג.

אַ נעזעץ פון יענער צייט פערביט עלטערען צו פערקויפען זייערע קינדער אין שקלאַפעריי. דאָס בעווייזט, אַז דאָס איז אָפט פאָר־געקומען, אויס אָרימקייט.

אַלזאָ, האָבען די דייטשע באַרבאַרען בעפרייט די רוימער פון זייער אייגענעם שטאַאַט. דערפאַר האָבען זיי ביי זיי צוגענומען צוויי דריטעל פון די גאַנצע ערד און האָבען דאָס צוטיילט צווישען זיך.

ווי אַזוי־זשע איז צוגעגאַנגען מיט דעם אייגענטהום? די צוטיילטע פעלדער האָבען זיי צוטיילט נאָך דער געגנטיל־אָרדנונג. גרויסע שטי־קער לאַנד אָבער זיינען געבליבען ניט צוטיילט, — אַ טייל דערפון איז געבליבען אייגענטום פון גאַנצען פאָלק, אַ טייל פון די איינצעלנע שטאַמען אָדער געגטעס. דען דאָס לאַנד איז געווען זעהר גרויס און די צאָהל פון די דייטשען, וואָס האָבען עס איינגענומען, פערהעלט־ניסמעסיג קליין. אין יעדער געגנס איז דאָס אַקערלאַנד און די גראָז־פעלדער צוטיילט געוואָרען מיט'ן גורל צווישען די איינציגע הויז־האַלטונגען, אין גלייכע חלקים. צי פלעגט מען דעמאָלט נאָך פון צייט צו צייט דאָס לאַנד איבער־אַ־נייעם פונאַנדערטיילען, ווייסען מיר ניט; נאָר יעדענפאַלס אין די רוימישע פּראָווינצען האָט מען מיט דער צייט אויפגעהערט איבער־אַ־נייעם דאָס לאַנד פונאַנדערצוטיילען און עס איז געוואָרען דאָס אייביגע פּריוואַט־אייגענטהום פון די וואָס האָ־בען עס געקענט פערקויפען אָדער אַוועקשיינקען.

וואַלד און פאַשע־לאַנד איז געבליבען אונגעטהיילט, בענוצט צו ווערען פון אַלעמען בשותפות. ווי אַזוי דאָס זאָל בענוצט ווערען, אויף דעם זיינען געווען אַלטע מנהגים, און ווען עס איז געווען עפּעס אַ שאלה, האָט דאָס געוועגעלט אַ בעשלוס פון גאַנץ קהל. אַזוי איז אויך גערעגעלט געוואָרען די פראַגע, אויף וועלכען אָרט עס זאָלען בעאַר־בייט ווערען די צוטיילטע פעלדער.

ווען די דייטשען האָבען אַריינגעוואַנדערט אין די רוימישע לענ־

דער, האָבען זיי אָפט געוואַנדערט משפחות־ווייז צוזאַמען, און ווען זיי האָבען זיך דאָרט בעזעצט, זיינען נאָך אויך זייערע אַלטע היימישע בלוטס־פערוואַנדטע גענטעס געבליבען צוזאַמען. אָבער וואָס לענגער אַ גענס איז געזעסען אין איהר דאָרף און וואָס מעהר די דייטשען האָבען זיך פערמישט מיט רוימער, אַלץ מעהר איז פער־שוואונדען געוואָרען די קרובים'שאַפט פון דער געמיינדע און אַלץ מעהר איז די שייכות פון מענשען געוואָרען צוליעב זייער וואוינען צוזאַמען אויף איין אָרט, ניט מעהר צוליעב דעם וואָס זיי זיינען פון איין משפחה. (דיעזע ענדערונג פון די געמיינשאַפט פון קרובים אויף אַ געמיינשאַפט פון שכנים געפינט מען ביי אידען אויסגעדריקט אין דעם פסוק „טוב שכן קרוב מאח רחוק" — בעסער אַ נאָהענטער שכן איידער אַ וויטער ברודער. — איבערז.) אַזוי איז די גענס פער־שוואונדען געוואָרען און עס איז געוואָרען, אויף איהר אָרט, די „מאַרק־גענאָסענשאַפט", ווי דאָס האָט געהייסען אויף דייטש, — דאָס הייסט אַ געמיינשאַפט פון אַלע מענשען וואָס האָבען געוואוינט אין איין געגענד (מאַרק הייסט אַ געגענד, אַ שטיק מדינה פון אַ געוויסע גרויס. אין חדר־לשון: „געמאַרק"). אין דער מאַרק־גענאָסענשאַפט זיינען אָבער נאָך אָפט גענוג געבליבען סליאַדעס פון די אַמאָליגע קרובים־שאַפט.

אָט אַזוי איז ביסלעכווייז, אונבעמערקט, די פריהעריגע גענטיל־איינריכטונג איבערגעגאַנגען אין אַן אָרטס־געמיינשאַפט און דערמיט האָט די געמיינשאַפט געקראָגען די פעהיגקייט זיך אריינצופאַסען אין אַ שטאַאַט. וועניגסטענס איז עס אויף אַזאַ אופן צוגעגאַנגען אין די לענדער, וואו די מאַרק־גענאָסענשאַפט איז נאָך געווען געבליבען, אַזוי אין נאָרד־פראַנקרייך, ענגלאַנד, דייטשלאַנד און סקאַנדינאַוויען.

אָבער אין די נייע אָרטס־געמיינשאַפט איז נאָך אויך געבליבען דער אַלטער דעמאָקראַטישער כאַראַקטער, מיט וועלכען די גאַנצע גענטיל־פערפאַסונג האָט זיך אויסגעצייכענט. אויף אַזאַ אופן איז נאָך געבליבען אַ שטיק גענטיל־פערפאַסונג אין די נייע אָרטס־געמיינ־שאַפט אפילו שפּעטער, ווען מען האָט פון איהר איבער געוואַלט גע־מאַכט נאָר אַן אַנדערע זאַך. און די געבליבענע שטיק גענטיל־איינ־ריכטונגען, די דעמאָקראַטישע פיהרונגען, זיינען געבליבען אַ געוועהר אין די הענד פון די אונטערדריקטע, ביז אין די נייסטע צייט אריין.

(אפילו אין רוסלאַנד זיינען געווען „זעמסטוואָס" מיט עטוואָס דעמאָקראַטישע רעכטע און דיעזע זעמסטוואָס זיינען שטאַרק בענוצט געוואָרען אין דעם פרייהייטס־קאַמפּף. — איבערז.)

אַזוי איז די פערבינדונג פון בלוט־פערוואַנדשאַפט, ווי דאָס איז בעשטאַנען אין די גענטעס, באַלד פערלאָרען געגאַנגען. אין דעם שטאַאַם און אין דעם גאַנצען פאָלק איז שוין פריהער געווען אונטערגעגאַנגען די בלוט־פערוואַנדשאַפטליכע פערבינדונג, דען די בעאַמטע פון דיעזע אַמאָליגע פערבינדונגען זיינען פערשוואונדען און פערביטען געוואָרען אויף אַנדערע, דורך די עראָבערונג. מיר ווייסען, אַז וואו אַ פאָלק בעהערשט איינגענומענע פעלקער קען די גענטיל־אָרדנונג קיין קיום ניט האָבען. דאָ, ביי די דייטשען, וואָס האָבען איינגענומען די רוימישע לענדער, זעהען מיר דאָס אויף'ן גרויסען אופן. ווען די דייטשע פעלקער זיינען געוואָרען די בעהערשער פון די רוימישע פּראָווינצען, האָבען זיי געמוזט מאַכען אַן אָרדנונג אין זייער הערשונג. זיי האָבען אָבער ניט געקענט אַריינגעהמען די פרעמדע עראָבערטע רוימער אין זייערע בלוטס־פערוואַנדטע גענטעס אריין. זיי האָבען אויך ניט געקענט זיי בעהרשען דורך זייערע גענטס־איינריכטונגען, דורך זייערע אַמאָליגע ראַטהען און פאָלקס־פערזאַמלונגען, ווייל די אַנפיהרער פון זייערע גענטעס און זייערע גאַנצע איינריכטונגען זיינען ניט געווען דערצו געמאַכט, צו בעהערשען פרעמדע פעלקער. זיי האָבען געפונען אין זייער נייעם לאַנד רוימישע אָרטס־רעגירונגען; די ערשטע צייט זיינען דיעזע אָרטס־רעגירונגען ס'רוב געבליבען עקזיסטירען, אויך נאָכדעם ווי די דייטשען האָבען זיי איינגענומען; אָבער די רוימישע אויבער־רעגיערונג איבער דיעזע אָרטס־רעגירונגען האָבען די דייטשען צוקלאַפּט. האָבען זיי, די דייטשען, געמוזט איינשטעלען עפּעס אַנדערש אויף דעם אָרט, און דאָס האָט נאָר געקענט זיין אַן אַנדערע אויבער־רעגיערונג, אַ שטאַאַט. אַזוי האָבען די פאָרשטעהער פון די פריהערדיגע גענטיל־איינריכטונגען געמוזט ווערען שטאַאַטס־בעאַמטע, און דאָס זעהר געשווינד, ווייל די אומשטענדען האָבען געטריבען דערצו. דער ערשטער פאָרשטעהער פון די גענטיל־אָרדנונג פון די עראָבערער איז געווען דער אַנפיהרער פון די קריעגס־מחנות. ביי די גענטיל־אָרדנונג איז ער ניט געווען קיין הערשער, נאָר אַן אַנפיהרער בלויז אין קריעג. איצט אָבער, אַז זיי האָבען איינ־

געגומען פרעמדע לענדער און פעלקער, האָט זיך געפאָדערט, אַז זיין מאכט זאָל געשטאַרקט ווערן, כדי צו קענען האַלטען די פעלקער פון די עראָבערטע לענדער אין אונטערוואַרפונג און צו בעשיצען די איינגענומענע לענדער געגען פרעמדע פעלקער. דערמיט איז די צייט געקומען, אַז דער פיהרער פון די קריעגס־מחנות זאָל ווערן קעניג: און ער איז עס געוואָרען.

לאָמיר נעהמען פאַר אַ ביישפּיעל די מלוכה פון די פראַנקען. ווי אַזוי איז זי ענטשטאַנען? דאָס לאַנד, וואו דיעזע מלוכה איז געוואָרען, האָבען די סאַליער (אַ דייטשעס פאָלק) איינגענומען. דיעזעס פאָלק האָט דערמיט אַריינגעקראָגען אין זיין בעזיץ גרויסע שטרעקען לאַנד, וואָס זיינען פריהער געווען דאָס אייגענטום פון די רוימישע מלוכה, און דערצו נאָך די זעהר גרויסע שטיקער לאַנד, וואָס זיינען נאָך ניט געווען פערטהיילט צו די גרעסערע און קלענערע אָרט־געמיינ־שאַפטען, בעזאָנדערס אַלע גרעסערע שטיקער וואַלד־לאַנד. וועה זשע האָט די אַלע שטיקער לאַנד צוגענומען? דער איינפאַכער אויבערשטער אָנפיהרער פון די קריעגס־מחנות איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ לאַנדס־הערשער, ער איז געוואָרען „דער קעניג פון די פראַנקען”, און זיין ערשטע אַרבייט איז געווען, דאָס ער האָט דיעזע אַלע שטיקער פאָלקס־אייגענטום געמאַכט פאַר קעניגליכעס אייגענטום; ער האָט דאָס פּשוט פון דעם פאָלק גע׳גנב׳עט און דאָס געשיינקט אָדער איבער־געגעבען צו בענוצען צו זיינע לייב־מענשען. פריהער זיינען זיינע לייב־מענשען נאָר בעשטאַנען פון זיינע פּערזענליכע נאָכפאָלגער אין קריעג און אַנדערע אָנפיהרער פון די מחנות. שפּעטער האָט ער צו־געקראָגען נאָך אַנדערע אייגענע מענשען. ערשטענס די רוימער, דאָס הייסט די גאַליער, וואָס זיינען געווען געוואָרען רוימער, וואָס האָבען דעם נייעם קעניג גענוצט מיט זייער שרייב־קונסט, מיט זייער בילדונג, מיט זייער קענטניס פון די ראָמאַנישע לאַנדס־שפּראַך און לאַטיינישע שריפט און מיט זייער בעקאַנטשאַפט מיט די רעכטע פון לאַנד. אַהן זיי, האָט זיך דער קעניג באַלד ניט געקענט בעגעהן און זיי זיינען געוואָרען זיינע פּריצים. דערצו האָט ער זיך אויסגעקליבען זיינע בעליעבטעסטע שקלאַפען, פאַנטשיזניקעס און פריי־געלאָזענע, וועלכע האָבען אויסגעמאַכט זיין האָף־שמאַט. צו די אַלע האָט ער אוועק־געגעבען שטיקער פון דעם פאָלק׳ס לאַנד, פריהער ׳סרוב אין גאַנצען

פערשענקט, שפעטער אבגעגעבען צו בענוצען, אין אנפאנג אויף אזוי לאנג ווי דער קעניג וועט לעבען. אויף אזא אופן איז בעשאפען גע־ווארען א נייער אדעל, אויף דעם פאלקס־קאסטען.

דאס איז נאך ניט אלעס. דיעזע נייע פריצים זיינען איצט גע־ווארען די גאנצע רעגיערער אויך. די אלטע גענטיל־ארדנונג האט אונטער די נייע אומשטענדען ניט מעהר געקענט רעגיערען. דער ראטה פון די פארשטעהער איז שוין לאנג געווען אונטערגעגאנגען, און ווען ער וואלט נאך אפילו עקזיסטירט, וואלט ער זיך ניט געקענט פערזאמלען אין אזא ריעזיגע מדינה. איז אנשטאט דעם אלטען ראטה פון אויסגעקליבענע פארשטעהער פון די גענטעס זיינען געווארען דעם קעניגס פריצים די רעגיערער. די אמאליגע פערזאמלונג פון גאנצען פאלק איז נאך כלומרשט געבליבען בעשטעהן, אבער אנשטאט דאס גאנצע פאלק, זיינען צו דיעזע פערזאמלונגען שוין געקומען בלויז די אונטערשטע פיהרער פון די קריעגס־מחנות און די נייע אויפגעקומענע פריצים.

עס האט ניט לאנג געדויערט, זיינען די פרייע ערד־בעזיצענדע פויערים, די גרויסע מאסע פון דעם פרענקישען פאלק, געווארען פונקט אזוי בדיל־הדל און רואינירט, ווי פריהער די רוימישע פויערים אין דער לעצטער צייט פון די רוימישע רעפובליק. די אייביגע מלחמות צווישען די בירגער אליין און מיט פרעמדע פעלקער, וועלכע די פראנ־קישע מלוכה איז ארויס איינצונעהמען — די דאזיגע אייביגע מלחמות האבען דאס געמאכט א תל פון די פויערים. בעזאנדערס האבען דאס געטהאן די עראבערונגס־מלחמות אונטער דעם פראנקען־קעניג קארל דעם גרויסען. פריהער זיינען די פרייע פויערים געווען די גאנצע מחנה אין קריעג, און נאך די עראבערונג פון דעם פראנקען־רייך זיינען זיי געווען דער קערן, די יאדרע, דער עיקר טייל פון פאלק. אבער שוין אין אנפאנג פון נייניטען יאהרהונדערט זיינען זיי געווען אזוי זוייט ארונטערגעקומען, אז ווען מען האט געדארפט ארויס אויף א מלחמה, האט קוים איין מאן פון פינף געקענט מיטגעהן. פריהער, אז זיי פלעגען ארויס אויף מלחמה, פלעגט דער קעניג ארויסרופען א מחנה פון פרייע פויערען. איצט אבער איז דאס מיליטער געווארען צוזאמענגעזעצט פון בעדיענטע פון די ניי־אויפגעקומענע פריצים און שררות, צווישען זיי אויך פאנטשיזנע פויערים. די עלטערן פון דיעזע

פאנטשיזניקעס האָבען נאָר געהאַט איין האַר איבער זיך, דעם קעניג; נאָך פריהער — קיין קעניג אויך ניט. איצט זיינען זייערע קינדער געוועזן לייב־אייגענע פון די פריצים. און זיי זיינען דאָס איצט געוועזן אַ גרויסער טייל פון מיליטער.

און אונטער די קעניגע נאָך קאַרל דעם גרויסען איז דער פרייער פויערין־שטאַנד פון די פראַנקען שוין גאָר אין גאַנצען רואינירט גע־וואָרען. פון זיי איז געוואָרען אַ תל דורך אינערליכע קריעגע; ווייטער, דורך דעם וואָס די פריצים און שררות זיינען געוואָרען שטאַרקער, ווי דער קעניג און זיי האָבען בעראַבעוועט די פויערים וויפיעל זיי האָבען נאָר חשק געהאַט. דערצו האָט נאָך קעניג קאַרל איינגעזעצט אַ נייעם סאָרט פריצים, די גראַפען, וואָס האָבען אין זייער גראַפשאַפט רעגיערט ווי קעניגע. זיי האָבען געשטרעבט אַז זייער הערשונג זאָל איבערגעהן בירושה צו זייערע קינדער, אַזוי גוט ווי די הערשונג פון קעניג. און צום סוף איז פון דעם פרייען פראַנקישען פויערין־שטאַנד אין גאַנצען געוואָרען אַ תל דורך דעם וואָס דאָס פאָלק נאָרמאַנען זיינען בעפאַלען די פראַנקישע מלוכה. פופציג יאָהר נאָך קאַרל דעם גרויסען'ס טויט איז דאָס פראַנקען־רייך געלעגען פונקט אַזוי אונטערוואָרפען אונטער די פיס פון די נאָרמאַנען, ווי פיער הונדערט יאָהר פריהער איז דאָס רוימער־רייך געלעגען אונטער די פיס פון די פראַנקען.

אַזוי איז דאָס פראַנקען־רייך געוואָרען אָהנמעכטיג געגען אויס־לענדישע שונאים, פונקט ווי פריהער איז דאָס רוימער־רייך געוועזן אָהנמעכטיג געגען די פראַנקען. און אַזוי איז אויך די אינערליכע גע־זעלשאַפטס־אָרדנונג — ריכטיגער אונאָרדנונג — געוועזן איצט ביי די פראַנקען כמעט דיזעלבע ווי פריהער ביי די רוימער. די פרייע פראַנ־קישע פויערען זיינען געקומען אין אַן עהנליכע לאַגע, ווי זייערע פאָר־גענגער, די רוימישע קאָלאָנען. רואינירט דורך די מלחמות און פלינ־דערונגען, האָבען די פויערען זיך געשטעלט אונטער דעם שוץ פון די נייע־אויפגעקומענע שררות, אָדער אונטער דעם שוץ פון די קירכע, ווייל די קעניגליכע געוואַלט איז געוועזן צו שוואַך זיי צו בעשיצען. אָבער פאַר דיעזען שוץ האָבען זיי געמוזט צו טייער בעצאָהלען. אַזוי ווי פריהער די גאַללישע פויערען, אַזוי האָבען אויך איצט די פראַנקישע געמוזט אָבגעבען דאָס אייגענטהום פון זייערע פעלדער צו זייערע בעשיצענדע שררות און זיי האָבען די ערד צוריקגעקראָגען פון זיי

אין פאכט, אונטער פערשיעדענע און אלע מאל אנדערע בעדינגונגען; אבער שטענדיג איז די בעדינגונג געווען זיי זאלען אבצאהלען דעם פריץ מיט די פרוכטען פון זייער ארבייט אדער ארבייטען פאר איהם. און קוים זיינען זיי איינמאל אויף אזא אופן אונטערוואָרפען געוואָרען צו איהם, האבען זיי ביסלעכווייז שוין פערלוירען די פערזענליכע פרייהייט. נאך עטליכע דורות זיינען זיי ס'רוב שוין געווען לייב־אייגענע (פאנטשיזניקעם).

ווי שנעל דער פרייער פויערן־שטאנד איז אונטערגעגאנגען, קען מען זעהען פון איראמינאנ'ס בוך. דארט געפינט זיך די פערצייכנים פון גרונד־אייגענטהום פון דער אבטיי (קירכען־בעצירק) סענט זשערמען דע פרע, דעמאלט איז עס געווען לעבען פאריז, היינט איז עס אין פאריז. אין דיעזער פערצייכנים זעהט מען, אז אויף דעם גרויסען שטיק לאנד פון דיעזער אבטיי האבען זיך געפונען 2788 הויזהאלטונגען, כמעט בלויז פראנקען מיט דייטשע נעמען, זיינען צווישען זיי אין גאנצען 8 געווען פרייע! 2080 זיינען געווען קאלאנען, 220 שקלאפען און 35 ליטען. און דאס איז געווען אין דער צייט ווען קארל דער גרויסער האט נאך געלעבט (ער איז געשטארבען אין יאהר 814). מיט 300 יאהר פריהער, האט נאך דער פרומער סאליוואן געשריען, אז עס איז א גרויסע זינד געגען גאט, וואס דער פריץ, אונטער וועמעס שוץ דער פויער שטעלט זיך, נעהמט צו פאר זיך דעם פויער'ס פעלד און גיט עס איהם בלויז צו בענוצען אזוי לאנג ווי ער לעבט. איצט אבער האט דאס די קירכע אליין געטהאן.

איצט איז אלץ מעהר און מעהר איינגעפיהר'ט געוואָרען, אז דער פויער האט געמוזט אבגעבען א געוויסע צייט אין יאהר צו ארבייטען אויף די פעלדער פון דעם פריץ אומזיסט. פריהער פלעגט זיין אזא סארט איינפיהרונג אין די רוימישע מלוכה, וואו יעדער איז געווען געצוואונגען צו ארבייטען א געוויסע צאהל טעג אין יאהר פאר די מלוכה. אין די דייטשע מארק־געמיינשאפטען וויעדער איז געווען איינגעפיהרט, אז יעדער האט געמוזט אבגעבען א געוויסע צייט אין יאהר צו ארבייטען ביי בריקען, ביי שאסעען און ביי אנדערע זאכען, וואס די געמיינשאפט האט בעדארפט האבען. אויף דעמזעלבען שטייגער האט מען איצט געמוזט ארבייטען פאר דעם פריץ.

אלזא, ווי עס האט אויסגעזעהען, איז נאך א צייט פון פיער

הונדערט יאָהר די מאַסע פון פאָלק גענומען אין גאַנצען צוריק צו די אַלטע צושטענדע.

אָבער דאָס האָט האָט נאָר בעוויזען, אַז ביי יענע צושטענדע האָט עס אַנדערש ניט געקענט זיין. לויט ווי די אַרבייט איז דעמאָלט געווען נאָך ניט ענטוויקעלט, סיי די פעלד־אַרבייט סיי די אינדוסטריע, איז יענער אַרט פערטיילונג פון אייגענטהום און איינטיילונג פון די מענ־שען אין קלאַסען געווען ריכטיג צוגעפּאַסט. אויף די פעלדער האָט נאָר יעדער פויער געקענט אַרבייטען פאַר זיך און אָבגעבען זיין גאַנ־צע צייט צו דער אַרבייט. דאַרום האָבען די פויערען צוזאַמען ניט געקענט האָבען קיין מאַכט זיך צו בעשיצען; איז געווען נאַטירליך, אַז די קלאַסען, וואָס האָבען געהאַט אַזא מאַכט, זיינען געוואָרען זייע־רע בעשיצער און דורך דעם זייערע בעהערשענדע פּריצים. די אינ־דוסטריע־אַרבייט ווידער איז אויך ניט געווען ענטוויקעלט גענוג, אַז עס זאָלען זיין קלאַסען האַנדווערק־מייסטערס און סוחרים מיט אַ מאַכט געגען די פעלד־פּריצים. דאַרום האָט אַנדערש ניט געקענט זיין, ווי אַ וועלט פון פּריצים און פאַנטשיזניקעס. אָט דאָס זעהט מען, ערשטענס, דערפון, וואָס נאָך 400 יאָהר איז אין די רוימישע לענדער ביי די נייע בעפעלקערונג, די פראַנקען, ווידער צוריק געווען אַזא צושטאַנד ווי 400 יאָהר פריהער ביי די אַלטע בעפעלקערונג. צוויי־טענס, ווייזט דאָס, אַז אין די 400 יאָהר איז די מדרגה פון ענטוויק־לונג פון דער אַרבייט געבליעבען דיזעלבע, זי איז ניט אַראָבגעזונקען און האָט זיך ניט געהויבען אין קיין ממשות'דיגען גראַד; דאַרום האָ־בען צוליעב דיזעלבע אורזאַכען ווידער געמוזט אַרויסקומען דיזעלבע אייגענטהומס־פערטיילונג און דיזעלבע קלאַסען אין פאָלק.

די שטאָדט האָט אין די לעצטע יאָהרהונדערטע פון די רוימישע מלוכה פערלוירען איהר הערשונג איבער דאָס לאַנד און ווידער אין די ערשטע יאָהרהונדערטע פון די דייטשע הערשונג זיינען די שטעדט נאָך ניט געווען דערגאַנגען אַזוי ווייט צו קריגען די הערשונג איבער דאָס לאַנד. אויך דאָס צייגט אויף אַ ניעדעריגע ענטוויקלונגס־שטופע פון פעלד־אַרבייט אַזוי גוט ווי פון האַנד־אַרבייט. וואו די ביידע סאָרטען אַרבייט זיינען מעהר ענטוויקעלט, דאָרט קריעגט די שטאָדט אַ מאַכט. וואו די שטאָדט שפּיעלט קיין ראָלע ניט, איז אַ סימן, אַז די אַרבייט איז נאָך ניט ענטוויקעלט. דאָס אַלעס צוזאַמען האָט מיט

ווּיטוועגדיגקייט בעשאפען גרויסע הערשענדע פעלד־פריצים און אונ־טערוואַרפענע קליין־פויערען.

עס זיינען דאָ פאקטען, וואָס צייגען, אַז ביי די מדרגה פון דער ענטוויקלונג פון אַרבייט אין יענע צייטען האָט עס אַנדערש ניט גע־קענט זיין. די פאקטען זיינען די: מען האָט אין די ביידע צייטען, 400 יאָהר פריהער ביי די רוימער און 400 יאָהר שפּעטער ביי די פראַנקען, געפּרופט מיט קונצען איינצופיהרען צו בעאַרבייטען ריעזיג־גרויסע פעלדער דורך מאסען אַרבייטער צוזאַמען — און ווען דאָס וואָלט אויסגעהאַלטען, וואָלטען די אייגענטומס־פערהעלטניסע און די צוטיילונג פון די מענשען אין קלאַסען זיך ענטוויקעלט אויף אַנדערע אַרטען, ווי אין פריצים און פאַנטשיזניקעס, — האָט דאָס אָבער ניט געקענט אויסהאַלטען: ביי די רוימער פּאַרצייטענס זיינען דאָס געווען ריעזיגע „לאַטיפונדיען“ (פריצישע גיטער) בעאַרבייט דורך אַ סך שקלאַפען. ווידער ביי די נייע עראָבערער פון רוים, ביי די דייטשע פעלקער, האָט מען געפּרופט גרויסע פאַלווערקען צו בעאַרבייטען דורך די פרייע אַרבייט, וואָס די פויערען האָבען געמוזט טהאָן פאַר די פריצים. בעריהמט זיינען די אונגעהייער גרויסע קייזערליכע ווילאַס פון קאַרל דעם גרויסען, אויף וועלכע עס איז געמאַכט געוואָרען אַן עקספּערימענט מיט פעלד־אַרבייט אויף אַ גרויסען פוס. אָבער זיי זיינען אונטערגעגאַנגען און עס איז אפילו קיין סליאַד ניט געבליבען דערפון. ווייל די אַרבייט איז דעמאָלט נאָך ניט געווען ענטוויקעלט אַז מען זאָל קענען אַרבייטען צוזאַמען אין גרויסע איינריכטונגען. ריעזיגע אַרבייטס־איינריכטונגען זיינען נאָר געבליבען אין די קלויס־טערס (מאָנאַסטירען) און זיינען נאָר פאַר זיי געווען פּרוכטבאַר. אָבער די קלויסטערס זיינען געווען אַן אויסנאַהמע; זיי זיינען געווען אָב־נאָרמע (אומנאַטירליכע) געזעלשאַפטס־קערפּערס, דען זיי זיינען גע־ווען געגרינדעט אויף ניט־חתונה־האָבען. זיי האָבען געקענט אויפטהאָן וואָס די נאָרמאַלע געזעלשאַפט האָט ניט געקענט, אָבער טאַקי דאַרום גופא האָבען זיי געמוזט בלייבען נאָר אַן אויסנאַהמע. די נאָרמאַלע געזעלשאַפט האָט קיין גרויסע אַרבייטס־איינריכטונגען ניט געקענט פיהרען ביי דעם דעמאָלטדיגען צושטאַנד פון דער אַרבייט, און דאַרום האָט קיין אַנדערע קלאַסען איינטיילונג, ווי אין פריצים און פאַנטשיז־ניקעס, ניט געקאָנט זיין.

און דאָך זיינען אין די פיערהונדערט יאָהר געמאַכט געוואָרען פאָרטשריטע. כאָטש צום סוף פון דיעזע 400 יאָהר געפינען מיר במעט דיזעלבע הויפּט־קלאַסען ווי אין אָנפאַנג, זיינען אָבער דאָך די מענשען, וואָס האָבען געהערט צו דיעזע קלאַסען, געוואָרען אַנדערע. פערשוואונדען איז געווען די שקלאַפעריי פון די אַלטע צייטען, פערשוואונדען זיינען געווען די אָבגעריסענע אָרעמע פרייע, וועלכע האָבען בעטראַכט ארבייט פאַר א שאַנדע, וואָס פאַסט נאָר פאַר שקלאַפען. צווישען די אַלט־רוימישע קאָלאָנען און צווישען די נייע פאַנטשיזניקעס איז אַוועק א צייט, ווען עס האָט עקזיסטירט דער פרייער פרענקישער פויער, פון וועמען עס איז אַרויסגעקומען א נייער גייסט. דאָס אַלטע רוימערטהום איז געווען טויט און בעגראָבען און קיין סימן איז ניט געבליבען פון דעם ווידערשטאַנד פון די רוימער געגען זייערע ערָאָבעררער. די קלאַסען פון דער געזעלשאַפט אין ניינטען יאָהרהונדערט זייינען ענטשטאַנען אין גאַנץ אַנדערע אומשטענדען: ניט אין דער גסיסה פון אַן אונטערגעהענדער ציוויליזאַציאָן, נאָר אין די געבורטס־וועהען פון א נייע. דער נייער דור, אי די הארען אי די דיענער, זיינען געווען מוטהיגע מענער, אין פערגלייך מיט די אַלטע רוימער. ביי די אַלטע רוימער איז די שייכות פון מעכטיגע פעלד־פריצים מיט דיעגענדע פויערען געווען דער אָנפאַנג פון דעם אונטערגאַנג פון דער אַלטער וועלט. ביי דעם נייעם סאָרט מענשען איז דיעזע שייכות געווען דער אָנפאַנג פון א נייער ענטוויקלונג.

און נאָך א זאַך,—דיעזע פיער הונדערט יאָהר, וואָס האָבען, דאַכט זיך, גאָר קיין נייעס ניט געבראַכט, האָבען אָבער דאָך איין גרויסע זאַך אויפגעטהאָן: זיי האָבען בעשאַפען די היינטיגע נאַציאָנען; און זיי האָבען זיך אויסגעבילדעט די נייע גליעדער פון די וועסט־אייראָפּעאישע מענשהייט, ווי זיי זיינען שוין געבליבען פיר די היסטאָריע וואָס איז נאָכדעם געקומען. די דייטשען האָבען ווירקליך געבראַכט א נייעם לעבען אין אייראָפּאַ.

וואָס אָבער איז געווען דאָס געהיימע צויבער־מיטעל, דורך וועלכען די דייטשען האָבען אריינגעבלאָזען נייע לעבענס־קראַפט אין דער אָבשטאַרבענדער אייראָפּאַ? איז דאָס געווען א וואונדערמאַכט, אַן איינגעבוירענע אין די נאַטור פון די דייטשען? אַזוי דערצעהלען אונז די פּאַטריאָטיש־פאַנאַטישע געשיכטס־שרייבער. אָבער דאָס הייבט

זיך גאר ניט אן. אמת, דיעזער ארישער שטאם, די דייטשען, זיינען געווען, בעזאנדערס דעמאלט, בעשיינקט פון דער נאטור מיט גרויסע מעלות און האבען זיך געפונען אין פולער לעבעדיגער ענטוויקלונג. אבער ניט זייערע בעזונדערע נאציאנאלע אייגענשאפטען זיינען דאס געווען, וואס האבען אייראפא יונג געמאכט, נאר פשוט — זייער באר־בארײ, זייער גענטיל־איינריכטונג.

וואס איז דען געווען זייער פערזענליכע טיכטיגקייט און טאפפער־קייט, זייער פרייהייטס־זין און דעמאקראטישער אינסטינקט, וועלכער האט געמאכט, אז זיי האבען אלע אנגעלעגענהייטען פון דער מלוכה בעטראכט פאר זייערע אייגענע אנגעלעגענהייטען, קורץ, אלע די איי־גענשאפטען, וואס די רוימער האבען זיי פערלארען און וואס זיי נאר אליין, די דאזיגע אייגענשאפטען, זיינען געווען אים שטאנדע צו בילדען נייע שטאאטען און צו לאזען וואקסען נייע נאציאנאליטעטען פון דעם שלאם פון די רוימער־וועלט ארוים — וואס זיינען געווען די דאזיגע אלע אייגענעשאפטען אנדערש, ווי די כאראקטער־אייגענ־שאפטען פון מענשען, וועלכע געפינען זיך אויף די אויבערשטופע פון בארבארײ — פרוכטען פון א גענטיל־איינריכטונג?

זיי האבען אומגעענדערט די פארמע פון מאנאגאמיע פון אלטען רוים; זיי האבען געמילדערט די הערשונג פון די מענער אין דער פא־מיליע; זיי האבען דער פרוי געגעבען א העכערע שטעלונג ווי זי האט געהאט פריהער אין אלטען רוים; — וואס האט זיי געמאכט פעהיג דערצו, ווען ניט זייער בארבארײ, זייערע גענטיל־געוואהנהייטען, זייע־רע נאך לעבעדיגע ירושות אוים דער צייט פון מוטער־רעכט?

זיי האבען וועיניגסטענס אין דריי פון די וויכטיגסטע לענדער, דייטשלאנד, נארד־פראנקרייך און ענגלאנד, אריינגעבראכט א שטיק פון די עכטע גענטיל־ארדנונג אין דער פאנטשיזנע־ארדנונג אריין; נעמליך, אין דער צייט, ווען די פריצים זיינען געווען די סאמאדער־זשעצעס און די פויערים זיינען געווען טיעף אונטערדריקט אין די הארטסטע מיטעלאלטערליכע פאנטשיזנע, האבען דאך די פויערים גע־האט זייער ארגאניזאציאן, די „מארק־גענאסענשאפט“. דאס האט געגעבען — ווי מיר האבען געזעהען — די אונטערדריקטע קלאסע, די פויערים, א לאקאלען צוזאמענהאלט און א מיטעל זיך צו קענען שטעלען געגען אונטערדריקונג; דאס איז געווען אזא ניצליכע מאכט

פון אונטערדריקטע, ווי דאָס האָבען ניט געהאַט ניט די שקלאַפען פון פּאַרצייטענס אין רוים, ניט די פּראָלעטאַריער היינט. וואָס אָבער האָט מעגליך געמאַכט די דייטשען ארייגצובריינגען דיעזע איינריכטונג, די מארק־גענאָסענשאַפט, אויב ניט זייער באַרבאַריי, זייער געוואָהנ־הייט צו וואוינען צוזאַמען אין געשלעכטען, אַ געוואָהנהייט וואָס מען געפינט נאָר ביי באַרבאַרען?

און דאָס זעלבע איז, ענדליך, מיט דעם, וואָס זיי, די דייטשע פעלקער, האָבען געבראַכט אַ נייע, מילדערע סאָרט שקלאַפעריי, די פאַנטשיזנע. דיעזע מילדערע סאָרט קנעכטשאַפט האָבען די דייטשען שוין געהאַט פריהער אין זייער היים. אויך אין רוימישען רייך איז די שקלאַפעריי אַלץ מעהר און מעהר איבערגעגאַנגען אין דיעזער מיל־דערער פאָרמע אריין. ווען די דייטשען האָבען פערנומען די רוימישע לענדער, האָט זיך די דאָזיגע מילדערע פאָרמע שקלאַפעריי ענטוויקעלט און זי איז געוואָרען די איינציגע פאָרמע פון קנעכטשאַפט. איין מעלה פון דיעזע פאָרמע שקלאַפעריי איז, וואָס אין איהר האָבען די גע־קנעכטעטע אַ מיטעל זיך ביסלעכוויז צו בעפרייען אַ ל ס ק ל אַ ס ע (ווי פוריע האָט דאָס דער ערשטער בעוויעזען). ביי די אַלטע שקלאַ־פעריי האָט נאָר דער איינציגער שקלאַף געהאַט אַ האָפנונג פריי צו ווערען פאַר זיך. אַ האָפנונג אז אַלע שקלאַפען צוזאַמען זאָלען זיך בעפרייען דורך אַן אויפשטאַנד האָבען די פּאַרצייטיגע שקלאַפען ניט געקענט האָבען (אז שקלאַפעריי זאָל אָבגעשאַפט ווערען דורך אַ זיעג־רייכען אויפשטאַנד, דאָס איז אין אַלטערטהום קיינמאָל ניט פּאַרגע־קומען). אָבער די פאַנטשיזניקעס פון מיטעל־אַלטער האָבען ווירקליך ביסלעכוויז אויסגעפיהרט זייער בעפרייאונג אַלס קלאַסע. וועמען־זשע איז דאָס געווען צו פערדאַנקען, וואָס דיעזע נייע, מילדערע פאָר־מע קנעכטשאַפט האָט זיך איינגעפונדעוועט? אַלץ זייער באַרבאַריי! דען אין זייער באַרבאַריי האָבען זיי עס נאָך ניט געהאַט געבראַכט צו פאָלשטענדיגע שקלאַפעריי, ניט צו די אַרבייטס־שקלאַפעריי פון די אַלטע רוימער און ניט צו די הויז־שקלאַפעריי פון די אָריענטאַלישע פעלקער. דאַרום איז ביי זיי, ביי די דייטשען, געווען געבליעבען אַ מילדערע סאָרט קנעכטשאַפט, וועלכע זיי האָבען דערנאָך ענטוויקעלט.

קורץ, ניט קיין גייסטיגע אייגענשאַפט פון די דייטשען און ניט קיין רעליגיאָן האָבען געבראַכט די אַלע ענדערונגען אין די אייראָפּע־

אישע וועלט, נאָכדעם ווי די גערמאַנען האָבן אין איהר בעזיעגט די רוימער. זייער באַרבאַרענטהום איז דאָס געווען, וואָס האָט איינגעפּלאַנצט אזוי פיעל לעבענס־קרעפטיגעס און לעבען־ברייננגענדעס. אין דער ווירקליכקייט זיינען נאָר באַרבאַרען פעהיג צוריק יונג צו מאַכען אַ וועלט, וואָס ליידעט פון אַ ציוויליזאַציאָן, וועלכע האַלט שוין ביי איהר סוף. און די אויבערשטע שטופע פון באַרבאַריי, צו וועלכער די דייטשען האָבן זיך אַרויפגעאַרבייט אין דער פעלקער־וואַנדערונג, איז גראַדע געווען אם בעסטען פעהיג דערצו. דאָס ערקלערט אלעס.

(דער אויפמערקזאַמער לעזער וועט נאַטירליך פערשטעהן, אַז דער פערפאַסער מיינט ניט, דאָס עס איז גוט צוריקצוגעהן פון ציוויליזאַציאָן צו באַרבאַריי; ער מיינט, אַז ווען אַ וועלט איז פערקראָכען אין אַ זומפּ פון *פערדאָרבענע* ציוויליזאַציאָן, איז די בעסטע רפואה פאַר איהר, אַז אַ סאָרט מענשען, וואָס זיינען נאָך ניט פערדאָרבען, וואָס זיינען נאָך נאַטירליך, זאָלען צוריק אָנפאַנגען פון אָנהויב, בענוצענדיג, נאַטירליך, די גוטע אויפטהואונגען פון דער ציוויליזאַציאָן. אַז מיט „באַרבאַריי" מיינט מען דאָ ניט דאָס, וואָס מען מיינט דערמיט אין פּראָסטע שפּראַך, האָבען מיר שוין בעמערקט: מען מיינט דאָ ניט שלעכטקייט, אונדערבאַרמדיגקייט, גרויזאַמקייט — מען מיינט די מדרגה פון ענטוויקלונג, וועלכע איז אויבען בעשריבען געוואָרען אלס די שטופע, וואָס מאָרגאַן האָט בעצייכענט מיט דעם וואָרט „באַרבאַריי". — איבערזעצער).

## 9. — באַרבאַריי און ציוויליזאַציאָן.

מיר האָבען ביז אהער בעטראַכט, ווי די גענטיל־אָרדנונג איז אונטערגעגאַנגען, — מיר האָבען דאָס בעטראַכט ביי די דריי גרויסע איינצעלנע ביישפּיעלע, ביי די גריכען, ביי די רוימער און ביי די דייטשען. צום שלוס וועלען מיר דאָ בעטראַכטען, וועלכע עקאָנאָמישע אורזאַכען האָבען אונטערגעגראָבען די גענטילע אָרגאַניזאַציאָן פון דער געזעלשאַפט שוין אויף די אויבערשטופע פון דער באַרבאַריי און ווי דיעזע עקאָנאָמישע אורזאַכען האָבען די גענטילע פיהרונגען אין גאַנצען אָבגעשאַפט ווען די ציוויליזאַציאָן איז אָנגעקומען. ביי דיעזע געדאַנקען וועלען מיר מוזען בענוצען דאָס בוך פון קאַרל מאַרקס, „דאָס קאַפּיטאַל“, פּונקט אזוי נויטיג ווי מאָרגאַנ'ס בוך.

ווי מיר האָבען געזעהן, האָבען די מענשען, ביי אַלע פעלקער, זיך אָנגעהויבען צו אָרגאַניזירען אין גענטעס ווען זיי זיינען געשטאַנען אויף דער מיטעלשטופע פון ווילדהייט. אויף די אויבערשטופע פון ווילדהייט האָט די גענטיל־איינריכטונג זיך ווייטער ענטוויקעלט, און איהר העכסטע בליהונג האָט זי דערגרייכט אויף די אונטערשטופע פון באַרבאַריי (אזוי ווייט ווי מיר קענען דאָס אורטהיילען לויט נאָך די היסטאָרישע פאַקטען, וואָס מיר האָבען). מיר פאַנגען אַלזאָ דאָ אָן צו בעטראַכטען דיעזע ענטוויקלונגס־שטופע.

ביי די אינדיאַנער אין אַמעריקאַ געפינען מיר אַ ביישפּיעל פון אזאַ לעבען, אויף אזאַ שטופע פון ענטוויקלונג (קיין אַנדער ביישפּיעל האָבען מיר ניט). ביי זיי זעהען מיר די גענטיל־פערפאַסונג פאָלקאָמען אויסגעבילדעט. יעדער שטאַם (שבט) האָט מעהרערע גענטעס, דאָס רוב צוויי. מיט דער צייט, ווען דיעזע מענשען פערמעהרען זיך, צו־שפּאַלטען זיך די דאָזיגע ערשטע גענטעס אין מעהרערע אַזעלכע אונ־טער־גענטעס. זיי ווערען טאָכטער־גענטעס פון די ערשטע, פון די מוטער־גענטעס. ווען די מוטער־גענס ווערט אַזוי צוע־פּאָלטען אין איינינע טאָכטער־גענטעס, בלייבען דיעזע אַלע טאָכטער־גענטעס צו־זאַמען פעראייניגט אין דער מוטער־גענס. די מוטער־גענס בלייבט

דאן די „פראטריע", די ברודערשאפט, הייסט דאס, פון מעהרערע גענ־טעס. דער שטאם אליין צושפאלט זיך אויך אין מעהרערע שטאמען. (א שטיינער ווי אין חומש איז פארגעשטעלט, אז שבט בנימין האט זיך צושפאלטען אין צוויי שבטים, אפרים און מנשה. — איבערז.) אין יעדעם שטאם געפינען מיר 'סרוב וויעדער די אלטע גענטעס. די פערוואנדטע שטאמען ווערען אלע פערבונדען צוזאמען אין איין באנד, — אזוי, וויינינגסטענס, איז עס מיט א טייל פון זיי.

אזוי זיינען מענשען ארגאניזירט אויף דיעזער שטופע פון דער מענשליכער ענטוויקלונג — דאס איז אן איינפאכע ארגאניזאציאן, וועלכע איז פאלשטענדיג געניגענד אין די געזעלשאפטליכע צושטענדע, פון וועלכע זי איז ארויסגעקומען. דיעזע איינריכטונג איז ניט קינסט־ליך געמאכט, ניט אויסגעטראכט. זי איז אליין פון זיך, נאטירליך, ענטשטאנען. ווען מענשען געפינען זיך אויף אזא שטופע פון ענטוויק־לונג, גרופירען זיי זיך נאטירליך אט אזוי צוזאמען. דיעזע גרופירונג איז די אייגענשאפט פון אזעלכע אומשטענדען.

אלע סכסוכים, וואס קענען פארקומען צווישען די אייגענע מענ־שען וואס זיינען אזוי ארגאניזירט, קענען אויסגעגלייכט ווערען דורך דיעזע איינריכטונגען. דאס הייסט, קיין רעגיערונג מיט פאליציי און געריכטען א. ז. וו. דארפען זיי ניט, ווייל אויף דיעזע שטופע פון ענטוויקלונג זיינען נאך ניטא אזוינע סכסוכים, צו וועלכע מען זאל דאס דארפען. ווען אזעלכע שבטים האבען מחלוקות מיט אנדערע שבטים, געהען זיי אויף מלחמה און די מלחמה גיט ארוים דעם לעצטען פסק, דאס הייסט לויט וועלכער צד עס געווינט. א מלחמה קען, אויף דיע־זער מדרגה פון מענשליכער ענטוויקלונג, זיך ענדיגען מיט דעם, דאס דער שבט מענשען, וואס פערלירט, ווערט אין גאנצען אויסגע'הרג'עט. אבער קיין מאל קען איין צד ניט בלייבען לעבען אונטערגעווארפענע אונטער דעם יאך פון די געווינער; דען אויף דיעזער מדרגה איז נאך קיין פלאץ ניטא פאר הערשונג און קנעכטשאפט. דאס איז דאס גרויסארטיגע פון דיעזען צושטאנד, — פון די גענטיל־ארדנונג. אבער קומען קומט דאס פון דעם, וואס אויף דיעזער מדרגה פון מענשליכער ענטוויקלונג קען מענשליכע ארבייט קוים ארויסברייגנען, וואס יעדער

מענש בעדארף אום צו לעבען. דארום לוינט זיך נאך ניט צו האלטען מענעשן פאר שקלאפען.

צווישען די מענשען אין דעם שבט ווייסט מען דעמאלט נאך ניט פון קיין אונטערשיעד צווישען רעכטען און פליכטען. דער אינ־דיאנער פערשטעהט ניט די פראגע, צי איז עס א רעכט אדער א פליכט, אז ער זאל נעהמען אנטייל אין די אנגעלעגענהייטען פון דער געמיינ־שאפט, אדער ער זאל זיך מישען צו נעהמען בלוט־ראכע פאר א מארד אויף זיינע ברידער, אדער אין בעשטראפען די וואס זינדיגען געגען זיי. אזא פראגע, צי איז דאס אלעס א רעכט צי א פליכט, וואלט ביי איהם אויסגעזעהן אזוי אונזיניג, פונקט ווי מען זאל איהם פרעגען, צי איז עס א רעכט אדער א פליכט, אז ער זאל עסען, שלאפען, געהן אויף יאגד. אויך קען ביי דיעזען צושטאנד ניט זיין קיין פערשיעדענע קלאסען מענשען אין איין שטאם אדער גענס, קיין רייכע און ארימע, קיין הערשער און בעהערשטע. און דאס ברייננגט אונז צו בעטראכטען דעם עקאנאמישען פונדאמענט פון דיעזען צושטאנד.

מענשען זיינען אין אזא שטאם דא ווענינ. זיי זיינען זעהר שיי־טער בעזעצט. געדיכט זיינען זיי נאר דארטען וואו זייערע הייזער זיינען. ארום דעם פלאץ, וואו זיי וואוינען איז א גרויסע ווייטע לייי־דיגע שטרעקע לאנד, א פלאץ וואו זיי געהען ארויס אויף יאגד, כאפ־פען חיות. ארום דיעזען פלאץ ווידער איז א וואלד — דער שוץ־וואלד — וואס איז א צווישען־שייד צווישען דיעזען שבט און אנדערע שבטים. דער וואלד איז נייטראל, דאס הייסט ער געהערט צו קיינעם ניט.

קיין צוטיילונג פון ארבייט צווישען פערשיעדענע בעל מלאכות איז נאך נימא. אלע טהוען דיזעלבע ארבייט; חוץ נאר די פרויען און די מענער, זיי טהוען פערשיעדענע ארבייט. די צוטיילונג פון ארבייט צווישען פרויען און מענער איז א נאטירליכע. דער מאן געהט אין קריעג, געהט ארוים אויף יאגד, געהט כאפען פיש; ער ברענגט אהיים די רויהע שטאפען פאר שפייז און די ווערקצייגען וואס מען בעדארף צום צוגרייטען די שפייז צום עסען. די פרוי בעזארגט דאס הויז און די צוגרייטונג פון שפייז און קליידונג, זי קאכט, וועבט, נעהט. יעדער פון זיי ביידע איז בעל הבית אין זיין פלאץ — דער מאן אין וואלד, די פרוי אין הויז. יעדער פון זיי איז אייגענטהימער פון די ווערקצייגען,

וואס ער מאכט און געברויכט: דער מאן איז דער אייגנטהימער פון די געוועהר (פיילען־בויגען, שפּיזען) און פון די געצייג צו כאפּען חיות און פיש, די פרוי איז די אייגענטהימערין פון הויז־געצייג.

די הויז־האלטונג איז קאמוניסטיש פיר מעהרערע פאמיליען, אפט פיר א גאנצע סך פאמיליען*). וואס עס ווערט געמאכט בשותפות און בענוצט בשותפות, דאס איז דאס שותפות אייגענטהום פון אלע. דאס הויז, דער גארטען, דאס לאנגע שיפעל — איז אלעמענס אייגענטהום בשותפות.

אין דיעזען צושטאנד, אלזא, איז ווירקליך אמת, אז די אייגענטהי־מער בעארבייטען אליין זייער אייגענטהום. אדוואקאטען און עקאנאמיסטען ווילען אונז איינרעדען, אז אין די היינטיגע ציוויליזירטע געזעלשפט בעארביים זיך אויך יעדער אליין זיין אייגענטהום. דאס איז דער לעצטער פאלשער גרונד, אויף וועלכען דער קאפּיטאליזמוס בויט אויף זיין „רעכט" אויף פריוואט־אייגענטהום. דאס איז אבער אין די ציוויליזירטע וועלט א ליגען. דער אייגענטהימער בעארבייט געוועהנליך ניט אליין זיין אייגענטהום. ער לאזט עס בעארבייטען דורך גע־דונגענע מענשען, וועלכע מוזען צו איהם אנקומען, ווייל ער האט די מיטלען פון דער ארבייט אין זיין אייגענטהום. זיי אבער, די וואס ארביימען אויף דעם אייגענטהום, זיינען ניט די אייגענטהימער דערפון. אליין בעארבייט זייער אייגענטהום האבען נאר די ווילדע מענשען אין דעם צושטאנד, וועלכען מיר בעטראכטען דא.

אבער די מענשען זיינען ניט אומעדום געבליעבען שטעהן אויף דיעזע שטופע. אין אזיען האבען זיי געפונען בהמות, וועלכע האבען זיך געלאזט צאהמען (דאס הייסט צוגעוועהנען צו זיין ניט ווילד, צו לעבען מיט די מענשען אין הויז) און האדעוועןן און זיך פערמעהרען געצאהמטערהייט. אין אמעריקא האבען די אינדיאנער געהאט דעם ווילדען ביפפעל־אקס. דיעזע חיה האט נאר געקענט לעבען און זיך

*) בעזאנדערס איז עס אזוי ביי די אינדיאנער וואס וואוינען אויפ'ן נארד־וועסט ברעג פון אמעריקא, ווי בענקראפט בעשרייבט. ביי די האידאה אינדיאנער אויף דעם אינזעל וואס ווערט היינט אנגערופען קעניגין שאר־לאטטע אינזעל, קומען פאר הויזהאלטונגען מיט ביז 700 נפשות אונטער איין דאך. ביי די נוהטקא אינדיאנער האבען געלעבט גאנצע שבטים אונטער איין דאך.

פערמעהרען אין דער פריי, אין דער ווילדעניש. ווען דער מענש האט זי געוואלט עסען, האט ער געמוזט געהן אויף יאגד און כאפען זי און הרג'ענען. אין אזיען אבער האט מען געהאט דעם געצאהמטען אקס און קוה, וועלכע האבען געבוירען יעהרליך א קאלב ביי דעם מענשען אין הויז אדער אין שטאל, אדער אין פעלד. דער מענש האט אלזא געהאט דיעזע חיה אונטער'ן האנד; זי האט זיך אונטער זיין האנד פערמעהרט. און דערצו נאך האט ער געהאט מילך פון איהר. פון דעם איז ארויסגעקומען, אז א טייל פון די שבטים, געוועהנליך די מעהר ענטוויקעלטע — פון די פעלקער וואס מען רופט אריער, סעמי־טען און אפשר אויך די טוראניער, — האבען געמאכט בהמות־האָ־דעווען פאר זייער הויפט־ארבייט. פריהער איז זייער ארבייט געווען צו צאהמען די בהמות, צו געוועהנען זיי צו לעבען מיט די מענשען און ניט צו אנטלויפען. דערנאך, אז זיי זיינען שוין געצאהמט גע־ווארען און האבען גענומען האבען קינדער אונטער דעם מענשען'ס האנד, האבען די מענשען שוין ניט געדארפט טהאן מעהר, ווי זיי האָ־דעווען און פאשען. אויף אזא אופן האבען זיך אבגעשיידעט פאס־טוכער־שבטים פון די איבעריגע מאסען בארבארען. דאס איז געווען צום ערשטען מאל, אז א טייל מענשען האבען אויף זיך גענומען איין געוויסע סארט ארבייט, וואס נאר זיי טהוען און אנדערע נים. דאס איז געווען **די ערשטע גרויסע געזעלשאפטליכע טיילונג פון ארבייט.**

די פאסטוכער־שבטים האבען בעשאפען מעהר לעבענסמיטלען ווי אנדערע בארבארען, און אויך אן אנדער סארט לעבענסמיטלען. זיי האבען געהאט מילך, קעז, פוטער, פלייש א סך מעהר ווי די אנ־דערע בארבארען; דערצו אויך פעל, וואלל, ציגענע האאר. און וואס מעהר וואלל און האאר, אלץ מעהר האבען זיי געהאט געשפאנענע און געוועבטע זאכען. דערמיט איז צום ערשטען מאל מעגליך געווארען א רעגעלער אויסטויש, א פערבייטונג (חילופין), דער אנפאנג פון האנד־לען, פון קויפען און פערקויפען.

אויף פריהעריגע מדרגות (שטופען) פון דער מענשליכער ענט־וויקלונג האט אויסטויש נאר געקענט פארקומען אמאל, צופעליג. דען ווען אלע מענשען טהוען דיזעלבע ארבייט, האבען זיי דאך ניט מיט וואס צו בייטען זיך. אמאל האט זיך געטראפען, אז איינגע האבען

בעזונדערע פעהיגקייטען צו מאַכען געוועהר און ווערקצייגען בעסער ווי אַנדערע און דאָס האָט געקענט ברייגנען דערצו, אַז אויף אַ צייט זאָל די ארבייט צוטיילט ווערען, אַז די וואָס טויגען זיך בעסער צו דיעזע זאַכען זאָלען אימער טהאָן די ארבייט. מען האָט טאַקי געפונען אויף אַ סך ערטער אין הייהלען אָדער בערגלעך, אַזעלכע פּלעצער, וואָס עס איז זיכער, אַז זיי זיינען אַן איבערבלייבונג פון אַמאָליגע וואַרשטאַטען, וואו מען האָט געמאַכט שטיינערנע ווערקצייגען, אין די צייטען, ווען מען האָט ניט געוואוסט פון שמעלצען מעטאַל און ווען מען האָט שוין אָבער געקענט אויסארבייטען וועקצייגען פון שטיינער. עס איז וואהרשיינליך, אַז די קינסטלער, וואָס האָבען אין דיעזע וואַרשטאַטען געאַרבייט, האָבען געאַרבייט פאַר דער געמיינשאַפט. אַזוי ווי עס איז נאָך היינט ביי די הינדוסען אין אינדיען מיט די האַנדווערקער שטאַנדען אין זייערע גענטיל-געזעלשאַפטען: זיי ארבייטען פאַר דער געמיינשאַפט.

אויף קיין פאַל קען אויף דיעזער ענטוויקלונגס-שטופע ניט טרעפען קיין אַנדערע אויסבייטונג פון זאַכען ווי נאָר אינעווענינג אין דעם שבט גופא, און דאָס האָט זיך נאָר געקענט טרעפען אַמאָל אַן אויסנאַהמע. צווישען פערשיעדענע שבטים איז קיין אויסטויש, קיין אָנפאַנג פון האַנדעל, קיינמאָל ניט פאָרגעקומען, אויף יענער שטופע.

אָבער אַנדערש איז עס שוין געוואָרען, ווען אַ טייל שבטים האָבען זיך גענומען בעשעפטיגען מיט די איינע בעזונדערע צוגעטהיילטע ארבייט — בהמות-האָדעווען: דאָ האָבען שוין דיעזע שבטים געהאַט זאַכען איבריג, וואָס אַנדערע שבטים האָבען ניט געהאַט און זיי האָבען געהאַט די מעגליכקייט צו פערבייטען דיעזע זאַכען פאַר אַנדערע, וואָס די אַנדערע שבטים האָבען שוין געקענט האָבען איבריג. דער אויסטויש האָט שוין דאָ געקענט זיך ענטוויקלען און ווערען אַ שטענדיגע איינריכטונג.

אין אָנהויב האָבען געפיהרט דעם אויסטויש אַ גאַנצער שבט מיט אַ גאַנצען אַנדערן שבט, דורך די גענטיל-פאָרשטעהער פוןביידע זייטען. דען אין אָנפאַנג זיינען אויך די סטאַדעס בהמות ביי די פאַסטור-בער-שבטים געווען דאָס שותפות-אייגענטהום פון דער גענס. אָבער שפּעטער, ווען די סטאַדעס בהמות האָבען אָנגעהויבען צו ווערען פריוואַט-אייגענטהום פון איינצעלנע פאַמיליען-פאָטערס, האָט זיך אַלץ

מעהר און מעהר ענטוויקעלט אויסטויש דורך איינצעלנע מענשען, ביז צום סוף איז דער בייט צווישען איינצעלנע מענשען געוואָרען דער איינ־ציגער סאָרט אויסטויש אָדער האַנדעל. דער הויפּט אַרטיקעל, וועל־כען די פּאַסטוכער שבטים האָבען געהאַט צו פערהאַנדלען צו זייע־רע שכנים־שבטים איז געווען בהמות. בהמות זיינען געוואָרען די סחורה, אין וועלכע אַלע אַנדערע סחורות זיינען געשאַצט געוואָרען: דאָס איז ווערט אַזוי־פיעל־און־אַזוי־פיעל ציעגען, דאָס — אַזוי־פיעל־און אַזוי־פיעל קיה אָדער אָקסען. בהמות האָט יעדער צו יעדער צייט אָנגענומען אין אויסטויש געגען יעדע אַנדערע סחורה. קורץ, בהמות האָבען געשפּיעלט די ראָלע פון געלד, שוין אויף דיעזער שטופע פון ענטוויקלונג. אַט אַזוי שטאַרק האָט מען באַלד אין אָנפאַנג פון דעם האַנדעל, פון דעם סחורה־אויסטויש, דערפיהלט אַ בעדירפניש צו האָ־בען איין מין סחורה, וואָס זאָל שפּיעלען די ראָלע פון געלד און אַזוי געשווינד האָט זיך דאָס ענטוויקעלט.

פון פערזייען גרינצייג האָבען וואהרשיינליך די אַזיאַטישע באַר־באַרען אויף דער אונטערשטופע פון באַרבאַריי נאָך ניט געוואוסט. דאָס איז ערשט אויפגעקומען ביי זיי אויף דער מיטעל־שטופע פון באַרבאַריי. און דאָס האָט צוגעפיהרט צו פעלד־אַרבייט, צו פערזייען תבואה. אין די גאַנצע שטיק וועלט וואו די טוראַנישע פעלקער וואוי־נען (צו דיעזע פעלקער געהערען די טערקען, די טאַטאַרען, די פינען, די עסטהען, די ליפלענדער און אַ סך אַנדערע), האָט מען ניט געקענט האָדעווען קיין בהמות אָהן אַ ביסעל ערד־אַרבייט. ווייל אין דיעזע געגענדען, וואָס געפינען זיך ס'רוב אויף אַ הויכען, גלייכען שטיק וועלט, איז דער קלימאַט אַזעלכער, אַז אין ווינטער קענען די בהמות ניט פּאַשען זיך אין פעלד. מען מוז האָבען אָנגעגרייט מיט וואָס צו פּאַשען זיי דעם לאַנגען שטרענגען ווינטער. דאַרום האָט מען דאָרטען געמוזט בעאַרבייטען לאָנקעס און שניידען היי און אויך ציהען געוויסע קערנער תבואה פאַר די בהמות צו עסען. אַז ניט, האָט מען קיין בהמות ניט געקענט האָדעווען. דאָס זעלבע איז אויך געווען אין די סטעפּעס צו צפון־זייט צו פון שוואַרצען ים. און אַז מען האָט שוין געלערנט ציהען פון דער ערד קערנער פאַר די בהמות, איז שוין געווען נאָר איין שריט דערצו, אַז די מענשען זאָלען זיך אויך שפּייזען מיט די קערנער. אַזוי איז אַרויסגעקומען פעלד־אַרבייט.

די בעאקערטע פעלדער זיינען אין אנהייב געבליעבען שותפות־אייגענטהום פון די גענס; שפעטער האט די גענס צוגעטיילט שטי־קער פעלד צו די הויז־גענאסענשאפטען צו בענוצען עס, און צום סוף האט מען צוגעטיילט אזעלכע שטיקער פעלד צו איינצעלנע מענשען. דאס איז זיי אבער ניט אין גאנצען אבגעגעבען געווארען אלס פריוואט־אייגענטהום. מען האט דאס זיי בלויז צוגעטיילט צום בענוצען. זיי האבען געמעגט האבען געוויסע בעזיץ־רעכטע דארויף, אבער מעהר ניט.

פון די מלאכות, וואס זיינען שוין געווען אויף דיעזער שטופע פון ענטוויקלונג, זיינען בעזאנדערס וויכטיג צוויי. די ערשטע איז וועב־בעריי אויפ'ן וועב־שטוהל, די צווייטע איז שמעלצען מעטאל־ערדען און שמיעדען די מעטאלען. קופער און צין און די פון ביידע צוזא־מענגעזעצטע בראנז זיינען געווען די סאמע וויכטיגסטע מעטאלען. פון בראנז האט מען געקאנט מאכען ברויכבארע ווערקצייגען און וואַ־פען (געוועהר). דאך איז בראנז ניט גענוג געווען, אז מען זאל זיך שוין קענען בעגעהן אהן די אלטע ווערקצייגען פון שטיין. אז מען זאל קענען אויסקומען גאר אהן שטיין־ווערקצייגען, דאס האט נאר גע־קענט אויפטהאן אייזען. אבער צו שמעלצען אייזען האט מען דעמאלט נאך ניט געוואוסט.

גאלד און זילבער האט מען דעמאלט שוין אנגעהויבען צו גע־ברויכען פאר צירונג. זיי האבען שוין געמוזט שטעהן הויך אין ווערטה געגען קופער און בראנז.

פריהער האט יעדער מענש קוים געקענט אויסארבייטען דאס נויי־טיגסטע וואס ער האט געדארפט צו דערהאלטען זיין אייגענעם לע־בען. ווען אבער דער מענש האט זיך אויסגעלערענט ארויסברייגגען מיט זיין ארבייט אליץ מעהר און מעהר פראדוקטען, אין אלע צווייגען פון ארבייט — אין בהמות האדעוועןן, פעלד־בעארבייטען, אין הייז־ליכען האנדווערק — האט ער שוין געקענט מיט זיין ארבייט בע־שאפען מעהר ווי נייטיג צום לעבען. צו דערזעלבער צייט האט דאס געבראכט מעהר ארבייט טעגליך פאר יעדען מיטגליעד פון דער גענס, פון דער הויז־געמיינדע אדער פון דער איינצעלנער פאמיליע. (ווייל די בעדירפניסע זיינען געווארען גרעסער; ווען די ארבייט האט גע־קענט בעשאפען מעהר, האט מען זיך אויסגעלערענט בעדארפען מעהר.) דאן האט זיך אנגעהויבען צו ווינען, אז מען זאל אריינקריעגען מעהר

מענשען צו דער ארבייט. און ביי מלחמות האָט מען זיי געקענט קריגען: די געפאַנגענע אין קריעג האָט מען פון דעמאָלט אָן גע־מאכט פאר שקלאַפען.

אלזאָ זעהען מיר, אז די ערשטע גרויסע געזעלשאַפטליכע טיילונג פון ארבייט האָט געמוזט ארויסברייגנען שקלאַפעריי, אזוי לאַנג ווי אַלעס ארום און ארום איז געווען אזוי ווי עס איז געווען. ווייל די טיילונג פון ארבייט, דאָס הייסט וואָס א טייל מענשען האָבען זיך גענומען בעשעפטיגען מיט איין בעזונדערע ארבייט — ווי דאָ בהמות־האָדעווען — האָט מיטגעבראַכט אז די ארבייט האָט געקענט בעשאַ־פען אַלץ מעהר און מעהר עשירות; ווייטער האָט דאָס געפיהרט דערצו, אז עס זיינען אויפגעקומען אַלץ מעהר און מעהר סאָרטען אר־בייט. דארום האָט זיך שוין געלוינט איינצושפאַנען שקלאַפען ביי דער ארבייט. אלזאָ, פון די ערשטע גרויסע געזעלשאַפטליכע אר־ביימס־טיילונג איז ארויסגעקומען די ערשטע גרויסע שפאַלטונג פון דער געזעלשאַפט אין צוויי קלאַסען: הארען און שקלאַפען, אויס־בויטער און אויסגעבויטעטע.

די סטאַדעס בהמות זיינען פריהער געווען דאָס שותפות'ע איי־גענטהום פון דעם שטאַם אָדער פון די גענס. מיט דער צייט איז דאָס איבערגעגאַנגען אין פריוואַט־אייגענטהום פון דעם אויבערהויפט פון דער פאַמיליע. ווי אזוי און ווען דאָס איז געשעהען, וועגען דעם וויסען מיר ביז יעצט גאָר ניט. אָבער דאָס מוז הויפּטזעכליך געשעהען אויף דיעזער שטופע פון ענטוויקלונג.

און איצט, ווען עס זיינען געווען סטאַדעס בהמות אלס עשירות און די איבעריגע נייע רייכטהימער, איז אין דער פאַמיליע פאָרגעקו־מען א רעוואָלוציאָן (דאָס הייסט אַן איבערקעהרעניש, א טיעפע ענ־דערונג): אנשטאַט וואָס פריהער איז די פרוי געווען די הערשע־רין אין הויז, איז איצט געוואָרען דער מאַן דער הערשער. און אַט ווי אזוי דאָס איז געקומען: צו שאַפען וואָס מען בעדאַרף צום לעבען איז אימער געווען דעם מאַן'ס זאַך. ער האָט אויך בעשאַפען די געצייג וואָס מען האָט בעדאַרפט דערצו און זיין אייגענטהום איז דאָס געווען. ווען עס איז אויפגעקומען האָדעוואַניע פון בהמות אלס א נייע סאָרט בעשאַפונג פון לעבענסמיטלען, איז דאָס אויך געווען דעם מאַן'ס זאַך. פריהער דאָס צאַהמען די ווילדע בהמות און שפּע־

טער דאס אויפפאסען און האדעווען די נעצאהמטע איז אלץ גע־
ווען דעם מאן׳ס ארבייט. דארום האט ער זיך געפיהלט אלס דער
אייגענטהימער פון די בהמות; און אויך אלס דער אייגענטהימער
פון אלצדינג, וואס איז איינגעהאנדעלט געווארען אין אויסטויש פאר
בהמות, — אלע סחורות און שקלאפען. די גאנצע עשירות, וואס דער
מענש האט שוין דאן געקענט אבשפארען און אנזאמלען, איז געווארען
דעם מאן׳ס אייגענטהום. די פרוי האט אויך מיט־גענאסען דערפון,
אבער זי האט קיין חלק ניט געהאט אין דעם אייגענטהום. פריהער,
ווען דער מאן האט ניט געהאט מעהר צו טהאן ווי צו געהן אין מלחמות
און אויף יאגד, איז ער געווען צופריעדען צו זיין אין הויז אויף די
צווייטע שטעלע, אונטער די פרוי; כאטש אלס קריעגער און יעגער
איז ער דאך געווען א „ווילדער", א רויהער. דער פאסטוך דא־
גענען איז דאך א „מילדער", דאך האט ער זיך ארויפגעכאפט אויף
די ערשטע שטעלע אין הויז און צוריקגעשטופט די פרוי אויף דער
צווייטער שטעלע; ער האט זיך בענוצט דערביי מיט זיין רייכ־
טהום. און זי האט זיך ניט געקענט בעקלאגען, עס וואלט איהר ניט
געהאלפען, ווייל אונטער די אומשטענדען האט עס אנדערש ניט גע־
קענט זיין. פריהער איז דאך די פרוי אויך געווען די אייגענטהי־
מערין איבער איהר חלק ארבייט און דער מאן איבער זיין חלק. דאס
איז יעצט אויך אזוי געבליעבען. און דאך האט זיך אלצדינג איבער־
געקעהרט מיט׳ן קאפ אראב. פארוואס? ווייל פריהער האט איהר
חלק ארבייט, די הויז־ארבייט, און די הויז־געצייג, און אלץ וואס אין
הויז, געהאט מעהר בעטרעף, ווי דאס וואס דער מאן האט פריהער
אויפגעטהאן. איצט אבער האט שוין זיין חלק ארבייט געהאט א סך
מעהר בעטרעף.

דאס הייסט, מיט אנדערע ווערטער, אזוי: די טיילונג פון אר־
בייט צווישען מאן און פרוי אין דער פאמיליע, — דאס
וואס איהם איז צוגעטיילט געווארען די ארבייט אהיים צו ברייננגען לע־
בענסמיטלען און איהר די ארבייט צו צוגרייטען זיי אין הויז — דאס
האט רעגולירט דאס אייגענטהום צווישען זיי: זיין אייגענטהום איז
געווען אלץ וואס האט צו טהאן מיט בעזארגען לעבענסמיטלען אין
דרויסען און זי איז געווען די בעל הבית׳טע אין הויז. איז אבער גע־
קומען א נייע טיילונג פון ארבייט אויסערהאלב די

פ א מ י ל י ע, אין דער גאנצער מענשליכער געזעלשאפט, האט דאס געבראכט אן איבערקעהרעניש אין דער פאמיליע. דיזעלבע אור־זאכע, וואס האט פריהער געמאכט די פרוי פאר די הערשערין אין הויז, האט יעצט געמאכט דעם מאן פאר דעם הערשער. וואס האט זי פריהער געמאכט פאר די הערשערין אין הויז? דאס וואס איהר איז צוגעטהיילט געווארען די הויז־ארבייט. איז אבער יעצט די הויז־ארבייט פון דער פרוי געווארען גאנץ אונוויכטיג אין פערגלייך מיט די ארבייט פון דעם מאן. דער מאן האט איצט בעשאפען עשירות, די פרוי'ס הויז־ארבייט איז איצט געווען א נעבען־זאך דערצו.

דא זעהען מיר שוין, אז די בעפרייאונג פון דער פרוי, איהר גלייך־שטעלונג מיט דעם מאן, איז אן אונמעגליכקייט און בלייבט אונמעגליך, אזוי לאנג ווי די פרוי איז אויסגעשלאסען פון די געזעל־שאפטליכע פראדוקציאנס־ארבייט און זי בלייבט נאר ביי הייזלי־כע פריוואט־ארבייט. די בעפרייאונג פון דער פרוי ווערט ערשט מעגליך, ווען די פרוי וועט קענען נעהמען אן אנטהייל אין די געזעל־שאפטליכע פראדוקציאן אויף א גרויסען געזעלשאפטליכען מאסשטאב און די הויזליכע ארבייט וועט נאר ווייניג צייט ביי איהר פערנעה־מען. און דאס איז ערשט מעגליך געווארען דורך די גרויס־אינ־דוסטריע פון דער היינטיגער צייט, וועלכע ניט נאר וואס זי לאזט צו פרויען צו דער ארבייט אויף גרויסען פוס, נאר זי פערלאנגט זיי זעהר שטארק, און דערצו פערענדערט זי די הויז־ארבייט אלץ מעהר און מעהר אין עפענטליכע אינדוסטריע־ארבייט. (זייט ענגעלס האט דאס געשריעבען ביז היינט איז אין דעם געמאכט געווארען אונגעהייערע פארטשריטע. אפילו קאכען דארף היינט די פרוי אין דער היים א סך ווייניגער ווי אמאל; אין ריעזיגע פאבריקען ווערען אלץ מעהר און מעהר געריכטען געקאכט, איינגעמאכט און ארייגעטהאן אין פערלייטעטע בלעכענע קענדלעך. א סך פאמיליען לעבען היינט כמעט אין גאנצען מיט אזעלכע סארט פערטיג־געקויפטע שפייזען. די פרוי ארבייט אין א פאבריק, אדער אין א קאנטאר, אזוי גוט ווי דער מאן, און ווען זיי קומען אהיים, מאכען זיי זיך א מאהלצייט פון אזעל־כע „איינגעקענדילטע" פערטיג־געקאכטע שפייז. ווייניגסטענס, אויב ניט אלע געריכטען, איז געוויס א טייל געריכטען נוצט מען שוין היינט זעהר פיעל „געקענדילטע". דאס נעהמט אוועק פיעל פון די

פרוי'ס לעצטע הויז־ארבייט — דאס קאכען — און זי קען ניכער גענומען אנטהייל אין געזעלשאפטליכער ארבייט, אין פאבריקען, קאנ־טארען, געשעפטען. די צאהל פרויען, וואס טהוען דאס, וואקסט אויס געוואלדיג גרויס. — איבערזעצער).

ווען דער מאן איז געווארען דער פאקטישער הערשער אין הויז, איז אוועקגענומען געווארען די לעצטע שטערונג פון זיין אליין־הער־שונג. דאן איז שוין אונטערגעגאנגען דאס מוטער־רעכט, עס איז איינ־געפיהרט געווארען דאס פאטער־רעכט — און די פאארונגס־עהע, דאס פרייע פאארען זיך, איז ביסלעכווייז איבערגעגאנגען אין מאנאגאמיע, דאס הייסט אין די שטענדיגע צובינדונג פון דער פרוי נאר צו איין מאן. דערמיט איז די אליין־הערשונג פון דעם מאן בעשטעטיגט און פעראייביגט געווארען. און דערמיט איז אריינגעקומען א ריס אין די אלטע גענטיל־ארדנונג: די גענטיל־ארדנונג איז געווען אן איינהייט פון א סך מענער און פרויען; ווען אבער עס איז ענטשטאנען אן איינצעל־פאמיליע, פון איין איינציגען מאן, און זי, די איינצעל־פא־מיליע, איז געווארען א מאכט, האט זי אריינגעבראכט א ריס אין די איינהייט פון דער גענס און דאס האט געפיהרט צו מאכען א סוף פון איהר.

דער שריט אין דער ענטוויקלונג נאך דיעזען, פיהרט אונז שוין אין די אויבער־שטופע פון די בארבאריי, די צייט ווען מען ווייס שוין פון שמיעדען אייזען. אין דער צייט איז שוין דא אן אייזערנער שווערד, אבער אויך דער אקער־אייזען און דער האק. דאס איז די פעריאדע, אין וועלכע אלע קולטור־פעלקער מאכען דורך זייער הערא̈ען־צייט. (הערא̈ען־צייט איז די אנפאנגס־צייט פון א פאלק, פון וועלכער עס איז נאך ניט געבליעבען קיין געשריעבענע היסטאריע און פון וועל־כע עס ווערען דערצעהלט ביי יעדען פאלק לעגענדען. די לעגענדען פון יעדען פאלק דערצעהלען פון זיין אנפאנגס־צייט וועגען זעהר גרוי־סע העלדען — הערא̈ען — אדער הייליגע, האלב־געטער, וואס זיינען ארויסגעקומען פון די געטער אליין, און אז זיי זיינען האם געוועזן די ערשטע „אבות" פון דעם פאלק. די מעשות פון אברהם, יצחק און יעקב ביי אידען זיינען אויך הערא̈ען־לעגענדען פון די הערא̈ען־צייטען פון אידישען פאלק. — איבערזעצער). דער מענש האט זיך אויס־געלערנט בענוצען אייזען, דעם לעצטען און וויכטיגסטען פון די רויהע

שטאָפען, וועלכע האָבען געמאַכט גאַנצע איבערקעהרענישען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט; דער לעצטער — ביז די קאַרטאָפעל זיינען ערפונדען געוואָרען. דאָס אייזען האָט בעשאַפען די פעלד־ארבייט אויף גרויסע שטרעקען. מיט דעם אייזען האָט מען שוין גע־קענט אויסהאַקען גאַנץ גרויסע שטיקער וואַלד און מאַכען דערפון פעלד צו פעראַקערען. דאָס אייזען האָט דעם האַנדווערקער געגעבען ווערקצייגען אזעלכע האַרטע און שאַרפע, אז מען האָט שוין געקענט דערמיט שניידען אפילו דעם האַרטסטען שטיין און אַלע אַנדערע מע־טאַלען. דאָס אַלעס האָט זיך ענטוויקעלט ביסלעכווייז. דאָס ערשטע אייזען איז אָפט געווען נאָך ווייכער ווי בראָנז. דאַרום איז ניט מיט איין מאָל אונטערגעגאַנגען די שטיינערנע געוועהר. מען געפינט נאָך אין שריפטען און ליעדער פון גאַנץ שפעטע צייטען דערמאָהנט וועגען שטיינערנע העק, וואָס מען האָט בענוצט אין מלחמות. מען געפינט דאָס, למשל, אין דעם אַלט־דייטשען הילדערבראַנדס־ליעד, וואָס שטאַמט פון ענדע פון 9טען יאָהרהונדערט; און אפילו נאָך אין די מלחמה ביי די שטאָדט הייסטינגס, וואו ווילליאַם דער קאַנקעראָר האָט איינ־גענומען ענגלאַנד אין יאָהר 1066, האָט מען בענוצט שטיינערנע העק, ווי עס ציינט זיך פון די היסטאָרישע דאָקומענטען וועגען דיעזע מלחמה. עס האָט אַלזאָ גענומען צייט, איידער מען האָט ביסלעכווייז אויס־געלערנט צו שמידען האַרט אייזען. אָבער קוים איז מען נאָר דער־גאַנגען צו שמעלצען אייזען ווי עס איז, איז שוין דער פאָרטשריט נעגאַנגען געשווינדער און אָהן אָבהאַלט. ווען מען האָט שוין געקענט בענוצען אייזען, איז מען דערגאַנגען ווי אויסצוהאַקען שטיינער אום צו מויערען מיט זיי. אזוי האָט מען ביסלעכווייז אויסגעבויט אַ שטאָדט ארומגערינגעלט מיט שטיינערנע מויערען, טהורמען, שפיצען און מיט הייזער פון שטיין אָדער ציענעל. אזאַ שטאָדט איז געוואָרען דער הויפט־פּלאַץ פון דעם שבט (שטאַם) אָדער פון דער פעראייניגונג פון שבטים. די שטאָדט מיט די פעסטע מויערען ארום איז געווען אַ נעוואַלדיגער פאָרטשריט אין די בוי־קונסט. אָבער דאָס איז אויך געווען אַ סימן, אז די מענשען לעבען מעהר אין געפאַהר און בעדאַר־פען מעהר שוץ. פאַר וואָס? ווייל עשירות האָט זיך שוין געשווינד אָנגעקליעבען, אָבער אַלס דאָס אייגענטהום פון איינצעלנע מענשען; די וועבעריי, די מעטאַל־בעאַרבייטונג און אַנדערע מינים האַנד־ארבייט,

האבען זיך אלץ מעהר און מעהר אבגעזונדערט און ענטוויקעלט אלץ מעהר פערשיעדענהייט אין קונסט און רייכטהומס־בעשאפונג. פעלדארבייט האט יעצט שוין ארויסגעבראכט, חוץ תבואה, ארבעס, בעבלעך און אויבס, אויך אייל און וויין, וואס מען האט שוין אויסגעלערנט קוועטשען. אזוי פיעל פערשיעדענע מלאכות האט שוין ניט מעהר געקענט טהאן אלץ דערזעלבער מענש. דא איז ארויסגעקומען די צווייטע גרויסע טיילונג פון ארבייט: דאס האנדווערק האט זיך אבגעשיידט פון די פעלד־ארבייט. האנדמלאכות זיינען צוגעטיילט געווארען צו בעזונדערע מענשען, האנדווערקער, וואס האבען דאס גאנצע לעבען געארבייט נאר ביי איין מלאכה. דערביי האבען זיי זיך אויסגעלערט צו זיין אלץ מעהר געשיקט, און אלץ מעהר גוטס האט די מענשליכע ארבייט געקענט ארויסברענגען. און דורך דעם האט די מענשליכע ארבייטס־קראפט געקראגען אלץ מעהר ווערדע. די שקלאפעריי איז דארום יעצט געווארען א וויכטיגער טייל פון דעם געזעלשאפטס־סיסטעם, ווערענד אויף די פריהעריגע שטופע האט זיך געטראפען שקלאפעריי נאר אמאל אן אויסנאהמע און עס האט זיך דעמאלט ערשט ענטוויקעלט. איצט האבען די שקלאפען אויפגעהערט צו זיין איינפאכע געהילפען; איצט האט מען אנגעהויבען זיי טוצענדוויין צו טרייבען צו דער ארבייט אויף דעם פעלד און אין דער ווערקשטאט.

מיט דער שפאלטונג פון דער ארבייט אין צוויי גרויסע הויפטצווייגען, פעלד־ארבייט און האנדווערק, קומט אויף א נייעס, אז מען ארבייט שוין ניט מעהר פאר'ן אייגענעם געברויך, נאר דירעקט פאר דעם אויסטויש. ווארים אז א טייל מענשען טהוען זייער גאנצען לעבען נאר איין מין ארבייט, למשל שמידען אייזען, קען דאך דאס ניט מעהר זיין פאר'ן אייגענעם געברויך. זיי קענען דאך ניט עסען קיין אייזען. זיי מאכען זייער ארבייט פאר אנדערע און פערבייטען (טוישען אוים) זייער ארבייט פאר די פראדוקטען פון אנדערע מענשענס ארבייט. דערמיט קומט אויף דער האנדעל, ניט בלויז אין אייגענעם לאנד און צווישען די שבטים, איבער זייערע גרענעצען, נאר אויך איבער גרויסע וואסערען. דאס אלעם איז אבער דעמאלט נאך זעהר אונענטוויקעלט. די עדעלע מעטאלען, גאלד און זילבער, פאנגען אן צו זיין כמעט די איינציגע אלגעמיינע געלד־וואארע, אבער נאך ניט גע־

פרעסט אין מטבעות, נאָר לויט נאָכ'ן געוויכט. מען וועגט צו גאָלד און זילבער און דערמיט קויפט מען. (אין חומש שטעהט אויך, ביי אברהם'ן, ווען ער האָט געקויפט א קבר פון עפרונ'ען: „וישקול על ידו“, ער האָט איהם צוגעוואויגען פיער הונדערט געוויכטען זילבער און דערמיט בעצאָהלט פאַר'ן פעלד). אין מטבעות-געלד זעהט זיך שוין ניט אָן, אז געלד איז אייגענטליך א סחורה ווי אַלע סחורות; אז עס איז בלויז לייכט דאָס אויסצוטוישען אויף אַנדערע סחורות, ווייל יעדער נעהמט דאָס אָן צו יעדער צייט, אין אויסטויש אויף וואָס דאָס איז, אָבער ווייטער איז דאָס פשוט א סחורה ווי אַלע סחורות. דאָס איז אין געלד שוין פערשלייערט, ווען עס איז אויסגעפרעסט אין מטבעות. עס דאַכט זיך שוין, אז געלד איז עפּעס א ספּעציעלע כשוף-זאַך. אָבער ווען מען האָט נאָך ניט געהאַט קיין געשטעמפּעלטע מטבעות נאָר מען האָט געניצט אלס געלד גאָלד און זילבער צוגעוואויגען אויפ'ן געוויכט, איז עס געוועזן קלאָר, אז דאָס גאָלד אָדער זילבער איז דאָ א סחורה ווי אַלע סחורות.

און דאָ איז שוין אויפגעקומען אָן אונטערשיעד צווישען רייכערע און אָרימערע, חוץ דעם אונטערשיעד צווישען פרייע און שקלאַפען. מיט דער נייער צוטיילונג פון ארבייט איז אויפגעקומען א נייע שפּאַלטונג פון דער געזעלשאַפט אין קלאַסען. וואו עס איז נאָך געווען געבליעבען די אַלטע קאָמוניסטישע הויז-געמיינדע, מיט שותפות'ע אייגענטהום, איז דאָס יעצט אונטערגעגאַנגען. דער אונטערשיעד אין רייכקייט ביי די פערשיעדענע הויפּט-לייט פון פאַמיליען האָט צוריסען דעם אַלטען קאָמוניזמוס. מיט דעם איז אויך אונטערגעגאַנגען די שותפות'ע פעלד-ארבייט אויפ'ן חשבון פון דיעזער הויז-געמיינדע. דאָס אַקער-לאַנד ווערט דאַן שוין צוגעטיילט צו די אייצעלנע פאַמיליען צו בענוצען דאָס. אין אָנהייב ווערט עס זיי אָבגעגעבען נאָר אויף א צייט, דערנאָך אויף אימער. דער איבערגאַנג אין פאָלקאָמענעם פּריוואַט-אייגענטהום קומט פאָר ביסלעכווייז און צוזאַמען דערמיט געהט איבער די פּאָאָרונגס-עהע אין מאָנאָגאַמיע. די איינצעלנע פאַמיליע פאַנגט אָן צו זיין די ווירטהשאַפטליכע איינהייט אין דער געזעלשאַפט. (וואָס דאָס מיינט איז ערקלערט אויבען, זייטע 129.)

די געדיכטערע בעפעלקערונג האָט געמאַכט נויטיג מען זאָל זיך פעסטער צוזאַמענבינדען, אי אין אייגענעם שבט אי צווישען שבטים.

דער בונד פון פערוואנדעטע שבטים ווערט איבעראל א נויטווענדיג־קייט. מיט דער צייט ווערט אויך נויטווענדיג זיי זאָלען זיך אין גאַנצען צונויפשמעלצען און ווערען גאָר איין פאָלק. דערמיט ווע־רען אויך צונויפגעשמאָלצען די בעזונדערע שטיקער לאַנד פון די שבטים און עס ווערט איין לאַנד פון גאַנצען פאָלק. דער מחנות־אָנ־פיהרער פון פאָלק (דאָס איז דער וואס אין די אַלטע גריכישע שריפ־טען ווערט ער אָנגערופען „רעקס", אין די לאַטיינישע „באזילעאוס", ביי די אַלטע נאָרדישע פעלקער „טהיודאַנס") ווערט א שטענדיגער בעאַמטער, מען קען שוין אָהן איהם ניט זיין. עס קומט אויף די פאָלקס־פערזאמלונג, וואו זי איז ניט שוין פון פריהער בעשטאַנען. אזוי ענטוויקעלט זיך די גענטיל־געזעלשאפט ביסלעכווייז צו א מילי־טערישע דעמאָקראַטיע. מיליטעריש — ווייל מלחמות און ארגאניזא־ציאָן צו מלחמות זיינען יעצט געוואָרען רעגעלמעסיגע אויפגאַבען פון פאָלקס לעבען. די עשירות פון די שכנים רייצט די רויב־לוסט פון די פעלקער. אָנצוקלייבען עשירות איז שוין ביי די מענשען דע־מאָלט געוואָרען איינע פון די ערשטע צוועקען פון לעבען. זיי זיינען בארבארען: רויבען איז ביי זיי לייכטער און אפילו עהרענהאַפ־טער ווי אליין אויסארבייטען. פריהער האָט מען מלחמות נאָר גע־פיהרט צו נעהמען ראַכע פאַר עולות וואָס מען האָט געהאט פון פרעמדע, אָדער ווען עס איז א שבט צו ענג געוואָרען אין זיין לאַנד און ער האָט געוואָלט אויסברייטען זיין וואוין־פּלאַץ; יעצט אָבער פיהרט מען שוין מלחמות בלויז כדי צו רויבען. מלחמה־פיהרען ווערט א שטענדיגע בעשעפטיגונג צו קריעגען דורך דעם פערמעגען. ניט אומזיסט שטעהען שטאַרקע מויערען ארום די נייע בעפעסטיג־טע שטעדט: אין די גרובענס פון זייערע פעסטונגען ליגט דער קבר פון די גענטיל־אָרדנונג און זייערע טהורמען גרייכען שוין אריין אין דער ציוויליזאציאָן.

און אויך אין די אינערליכע אנגעלעגענהייטען ווערט אלעס אַנ־דערש. דורך די רויב־מלחמות קריעגט דער אויבערשטער אָנפיה־רער פון די קריעגס־מחנות מעהר מאכט. דאָס זעלבע איז מיט די אונטער־פיהרער זיינע. און ביסלעכווייז געהט זייער אַמט איבער בירושה. פריהער איז עס גלאַט א מנהג, אז ווען דער אָנפיהרער שטאַרבט, קלויבט מען אויס אַן אנדערען אָנפיהרער פון דעם פער־

שטאַרבענעם׳ס פאַמיליע. פון דעם קומט ביסלעכווייז אַרויס אַ מנהג, בעזאָנדערס זינט עס איז איינגעפיהרט דאָס פאָטער־רעכט, אַז דאָס אָמט פון דעם פיהרער געהט שוין איבער בירושה צו זיינע יורשים. אין אָנהייב איז דאָס נאָר ווייל דאָס אַרט קיינעם ניט; דערנאָך פאָדערט דאָס שוין די פאַמיליע פון דעם הערשער; און ענדליך ווערט דאָס אַ „רעכט", וואס די הערשער־פאַמיליע פערכאַפּט און וויל עס פון האַנד ניט אַרויסגעבען. דערמיט ווערט געלייגט דער פונדאַ־מענט צו דעם ירושה־קעניגטהום און ירושה־אַדעל.

אויף אַזאַ אופן רייסען זיך די בעאַמטע און אָנפיהרער פון די גענטיל־איינריכטונג ביסלעכווייז אַרוים פון זייער וואָרצעל וואָס זיי האָבען פריהער געהאַט אין פאָלק, אין דער פראַטריע, אין דעם שטאַם, ווען זיי פלעגען נאָר אויסגעקליעבען ווערען אַלס זייערע דיענער. די גאַנצע גענטיל־אָרדנונג ווערט דאַן איבערגעקעהרט קאַפּויר: פריהער איז זי געווען אַן אָרגאַניזאַציאָן פון שטאַמען וואס איהר צוועק איז געווען צו ברייגגען פריי זייערע אייגענע אַנגעלעגענהייטען אין אָרד־נונג; יעצט ווערט זי אַן אָרגאַניזאַציאָן צו בערויבען און אונטערדריקען די שכנים. און איהרע בעאַמטע ווערען אויף אַזאַ אופן אויס ווערק־צייגען פון דעם ווילען פון פאָלק; זיי ווערען אַ זעלבסטשטענדיגע מאַכט צו בעהערשען און אונטערדריקען דאָס אייגענע פאָלק.

דאָס אָבער וואָלט קיינמאָל ניט מעגליך געווען, ווען עס וואָלט ניט געקומען דערצו, אַז די געגטיל־ברידער האָבען זיך צושפּאָלטען אין רייכע און אָרימע, דורך די לוסט צו רייכטהום; ווען עס וואָלט ניט געקומען דערצו, ווי מאַרקס דריקט זיך אויס — אַז „דער אונ־טערשיעד אין פערמעגען צווישען די ברידער פון איין גענס האָט גע־מאַכט אַ סוף צו די איינהייט פון אינטערעסען און געבראַכט אַ געגּ־נערשאַפט צווישען די געגטיל־ברידער"; און ווען די שקלאַפעריי וואָלט זיך ניט געווען שוין אָנגעפאַנגען צו פערשפּרייטען און עס וואָלט ניט געווען ענטשטאַנען דער בעגריף, אַז זיך אַליין אויסצואַרבייטען וואָס מען דאַרף צום לעבען איז אונטער דעם כבוד פון אַן אַנשטענדיגען מענשען; אַז אַרבייט פּאַסט נאָר פאַר שקלאַפען און אַז דאָס איז שענדליכער ווי רויבען אין מלחמות.

---

**דערמיט זיינען מיר דערגאַנגען צו דער שוועל פון ציוויליזאַציאָן.**

זי הייבט זיך אָן מיט אַ נייעם פאָרטשריט אין דער טיילונג פון אַרבייט. אויף דער אונטערשטער שטופע פון באַרבאַריי האָבען די מענשען בעשאַפען לעבענסמיטלען נאָר דירעקט פאַר דעם אייגענעם בעדאַרף. אויב עס האָט זיך אַמאָל געטראָפען אַז מען האָט אויסגעטוישט זאַכען אויף זאַכען, איז דאָס נאָר פאָרגעקומען אַמאָל, מיט זאַכען, וואָס מען האָט צופעליג געהאַט איבריגע. אויף דער מיטעלסטער שטופע פון באַרבאַריי געפינען מיר ביי די פאַסטוכער־פעלקער שוין אַ פערמעגען, דאָס זיינען די בהמות, וואָס זיי האָבען רעגעלמעסיג מעהר ווי זיי בעדאַרפען פאַר׳ן אייגענעם געברויך, — אויב, נעמליך, די סטאַדע בהמות דערגרייכט נאָר אַ געוויסע גרויס; צו דערזעלבער צייט איז שוין דאָ אַ טיילונג פון אַרבייט צווישען די פאַסטוכער־פעלקער און צווישען די ווענינער ענטוויקעלטע שבטים, וואָס האָבען ניט קיין בהמות. דאָס בעשאַפט צוויי פערשיעדענע פּראָדוקציאָנס־שטופען: איינע לעבען די אַנדערע און דאָס מאַכט נויטווענדיג און מעגליך אַ רעגעלמעסיגען אויסטויש. די אויבערשטופע פון באַרבאַריי בריינגט אונז אַ ווייטערע אַרבייטס־טיילונג, דאָס איז צווישען פעלד־אַרבייט און האַנדווערק. דאָס בריינגט דערצו, אַז אַלץ אַ גרעסערער טייל פון די פּראָדוקטען פון מענשליכע אַרבייט ווערט בעשאַפען דירעקט פאַר דעם אויסטויש, פאַר דעם האַנדעל, הייסט עס. דאָס מאַכט, אַז דער אויסטויש, דער האַנדעל צווישען די איינצעלנע פּראָדוצענטען (בעשאַפער) ווערט אַ לעבענס־נויטווענדיגקייט.

דאַן קומט די ציוויליזאַציאָן. זי בעפעסטיגט די אַלע אַרבייטס־טיילונגען, וועלכע זי געפינט שוין פערטיגע, און מאַכט זיי נאָך שאַרפער, בעזונדערס דורך דעם, וואָס די שטעדט ענטוויקלען זיך און עס ווערט אַלץ שאַרפער דער אונטערשיעד צווישען שטאָדט און דאָרף (וואו אַמאָל הערשען די שטעדט איבער די דערפער, ווי אין אַלטערטהום, אַמאָל בעהערשען די פעלד־בעזיצער די שטעדט, ווי אין מיטעלאַלטער). דורך דיעזען וואַקסענדען צווישענשייד צווישען שטאָדט און דאָרף קומט אויף אַ דריטע אַרבייטסטיילונג, אַזעלכע וואָס מען געפינט נאָר אין דער ציוויליזאַציאָן; אַזעלכע וואָס שפּיעלט אַ הויפּטוויכטיגע ראָלע: עס קומט אויף, נעמליך, אַ בעזונדערער קלאַס מענשען, וואָס בעשעפטיגען זיך ניט מעהר מיט קיין פּראָדוקציאָן, מיט קיין בעשאַפען זאַכען צום מענשליכען געברויך, נאָר בלויז מיט דעם

אויסטויש פון פּראָדוקטען — עס קומען אויף — די ס ו ח ר י ם. דערמיט פאַנגט זיך אָן אַ נייער סאָרט איינטיילונג פון מענשען און קלאַסען. אָן אָנפאַנג פון קלאַסען־טיילונג איז שוין פריהער אויך געווען; עס זיינען שוין געווען פערשיעדענע אָנפאַנגען אזעלכע; אָבער ביי יעדען פריהעריגען אָנפאַנג פון קלאַסען־טיילונג איז דאָס נאָר געווען ביי דער פּראָדוקציאָן, — די ארבייטער האָבען זיך געשיידעט אין אזעלכע וואָס האָבען אָנגעפיהרט די ארבייט און אזעלכע וואָס האָבען געטהאָן די ארבייט. אָדער אין אזעלכע וואָס האָבען געטהאָן זייער ארבייט אויף אַ גרויסען פוס און אזעלכע וואָס האָבען געאַרבייט אויף אַ קלענערען מאַסשטאַב. ווען אָבער עס האָט זיך אָבגעטיילט אַ בעזונדערער קלאַס סוחרים, איז צום ערשטען מאָל אויפגעקומען אַ קלאַס מענשען אזעלכע, וואָס האָבען אליין אין דער ארבייט קיין שום אנטייל ניט גענומען און דאָך האָבען זיי אזוי געמאַכט, אַז אין אלגעמיינען האָבען זיי אָנגעפיהרט די פּראָדוקציאָן און די פּראָדוצענטען זיינען געוואָרען צו זיי עקאָנאָמיש אונטערוואָרפען. זיי זיינען געוואָרען די פערמיטלער צווישען יעדע צוויי פּראָדוצענטען און האָבען זיי ביידע בעראַבעוועט. איינגערעדט האָבען זיך די סוחרים, אַז זיי ווערען די ניצליכסטע קלאַסע פון דער בעפעלקערונג, ווייל זיי בעפרייען די פּראָדוצענטען פון די מיהע און פון די ריזיקע פון מוזען אליין פערזאָרגען דעם אויסטויש און זיי העלפען זיי צו קענען געפינען בעלנים אויף זייער ארבייט אין די וויטסטע געגענדען; אין אמת׳ן אָבער זיינען די סוחרים געוואָרען אַ קלאַס פון פּאַראַזיטען, עכטע געזעלשאַפטליכע פּיאַווקעס. אויפגעטהאָן האָבען זיי אין אמת׳ן זעהר וועניג און פאַר אַ לוין דערפאַר האָבען זיי אָבגעשעפּט די סמעטענע פון די פּראַצע פון ביידע זייטען, אי פון די היימישע פּראָדוצענטען, אי פון די פּרעמדע. און אין דער גיך האָבען זיי אָנגעקליעבען גרויסע עשירות׳ן און געוואַלדיגען געזעלשאַפטליכען איינפלוס. און דארום האָבען זיי בעקומען אַלץ מעהר און מעהר אנזעהען און האָבען אַלץ מעהר און מעהר בעהערשט די פּראָדוקציאָן, ביז זיי האָבען ענדליך אליין בעשאַפען אַן אייגענעם „פּראָדוקט“, דאָס זיינען די האַנדעלס־קריזען, וואָס זיינען געוואָרען אָפטע געסט פון צייט צו צייט און געבראַכט שווערע צרות אויפ׳ן גאַנצען געזעלשאַפטליכען לעבען.

אויף די מדרגה פון דער מענשליכער ענטוויקלונג, פון וועלכער

מיר רעדען דאָ, האָט די סוחרים־קלאסע, די נאָר וואָס אויפגעקומענע, נאָך ניט געהאט קיין שום בעגריף פון די געוואלדיגע ראָלע, וואָס זי וועט אמאָל שפּיעלען. אָבער זי ענטוויקעלט זיך אַלץ מעהר און ווערט אַלץ מעהר אזוי וויכטיג, אז מען קען זיך ניט בעגעהן אָהן איהר.

מיט דער ענטוויקלונג פון די מסחר־קלאסע קומט אויף מ ע ט א ל־ג ע ל ד, אויסגעפּרעסטע מטבעות. דאָס ווערט א נייער מיטעל פון הערשונג פון די ניט־פּראָדוצענטען איבער דעם פּראָדוצענט און זיין פּראָדוקציאָן. דאָס געלד איז געוואָרען די וואארע איבער אַלע וואא־רען, זי ענטהאַלט אַלע סחורות אין זיך פערבאָרגען; דאָס כשוף־מי־טעל, וואָס קען זיך פערוואנדלען אין אַלעם וואָס מען קען זיך נאָר ווינשען. ווער עס האָט געהאט געלד, דער האָט בעהערשט די גאנ־צע וועלט פון פּראָדוקציאָן. און ווער האָט געהאט געלד? דער קויפמאַן. אין זיין האנד איז דאָס געלד געוואָרען דער גאָט פון דער געזעלשאפט. ער האָט געמאכט, אז יעדער זאָל פיהלען, דאָס אַלע סחורות מוזען זיך ווארפען קניענדיג אין שטויב פאר׳ן געלד, און דער־מיט מוזען צום געלד דיענען אַלע וואארען־פּראָדוצענטען. ער האָט בעוויעזען, ווי אַלע אנדערע פאָרמען פון רייכטהום ווערען נאָר דער שאָטען פון דיעזען עיקר עשירות, פון געלד. קיינמאָל האָט זיך די מאכט פון געלד ניט ארויסגעצייגט אזוי רויה און מיט אזא געוואלט, ווי אין דיעזער יוגענדצייט זיינע.

נאָך דעם ווי עס איז אויפגעקומען וואארען־פערקויף פאר געלד, האָט דאָס געלד געגומען שפּיעלען נאָך א נייע ראָלע: מען האָט אָנ־געהויבען אוועקצובאָרגען געלד אויף פּראָצענט. די געזעצע פון אַלטען רוים און פון דעם אַלטען אַטהען האָבען געמאכט דעם בעל חוב אונ־טערוואָרפען צו די פּיס פון דעם מלוה אָהן שום רחמנות. אין קיין לאנד שפּעטער זיינען די געזעצע ניט געווען אזוי אונדערבארמדיג. און אין די ביידע פּארצייטיגע לענדער זיינען אָט דיעזע אונדערבארמ־דיגע געזעצע ארויסגעקומען פון זיך, אלס געוואוינהייטס רעכטע, אָהן אנדערן צוואנג ווי דעם עקאָנאָמישען, — דאָס הייסט ווייל דער באָר־גער האָט זיך ניט געקענט העלפען, ער האָט געמוזט אָנקומען צו דעם געלד־מענש.

ווען עס איז שוין געווען פּריוואט־עשירות אין סחורות, אין שקלא־פען און אין געלד, איז צוגעקומען נאָך איין סאָרט רייכטהום, — אין

דעם בעזיץ פון פעלד. פריהער האָבען איינצעלנע מענשען נאָר גע־קראָגען פון דער געגס אָדער פון דעם שטאָט א שטיקעל פעלד בלויז צום בעאַרבייטען. קיין פריוואַט־עשירות אין פעלדער האָט ניט גע־קענט זיין.

ווען אָבער עס איז שוין געווען געקומען אין דער ענטוויקלונג אזוי ווייט, ווי מיר האַלטען דאָ, האָט יעדער שוין דאָס שטיקעל פעלד, וואָס איז איהם צוגעטיילט געוואָרען, פעסט געהאַלטען אלס זיין אייגענ־טהום; דאָס פעלד־אייגענטהום האָט זיך אזוי בעפעסטיגט, אז עס איז שוין געוואָרען א ירושה פאַר קינדער און קינדס־קינדער. איצט איז זיי געוואָרען צו לאַסט דאָס, וואָס די גענטיל־געמיינשאַפט האָט נאָך געהאַט א רעכט אויף די פעלדער. דאָס איז געוואָרען אויף די איינצעלנע ווי קייטען אויף די הענד, ווייל דאָס האָט זיי ניט ערלויבט צו טהאָן מיט זייערע פעלדער ווי פאָלשטענדיגע בעלי בתים, אפילו צו פערקויפען. דארום האָבען זיי דעמאָלט שטאַרק געוואונשען, זיי זאָלען זיך אין גאַנצען בעפרייען פון דעם שטיקעל איבערבלייבעכטס פון דעם פריהעריגען שותפות־אייגענטהום. נו, פון דיעזע קייטען אויף זייערע הענט האָבען זיי זיך טאַקי בעפרייט, אָבער צוזאַמען מיט דעם זיינען די מעהרסטע פון זיי באַלד „בעפרייט" געוואָרען פון זייער פעלד־אייגענטהום אויך. ווארום מען דאַרף ניט פערגעסען, אז וואו מענשען זיינען גאָר אין גאַנצען פאַר זיך פרייע בעלי בתים איבער זייערע פעלדער, האָבען זיי טאַקי די מעגליכקייט די פעלדער אָהן בעשרענקונג צו ב ע ז י צ ע ן, אָבער דאַן האָבען זיי אויך וויעדער די מעגליכקייט די פעלדער גאָר אין גאַנצען צו פ ע ר ל י ע ר ע ן. אזוי לאַנג ווי עס עקזיסטירט נאָך כאָטש אַן איבערבלייבונג פון שותפות־אייגענטהום, איז טאַקי דער איינצעלנער ניט אין גאַנ־צען פריי זיין פעלד צו בעזיצען, דערפאַר אָבער איז ער וויעדער פער־זיכערט, אז ער קען עס ניט גאָר אין גאַנצען פערליערען. אזוי גוט ווי איינער קען ניט האָבען קיין פעלד אין זיין פאָלשטענדיגען אייגענ־טהום און ער קען עס ניט פערקויפען, ווייל עס בעלאַנגט צו אלע, אזוי קען עס דאָך אַנאַנדערער אויך ניט בעזיצען פאָלשטענדיג און ניט אָב־קויפען. דאָס הייסט, אלזאָ, אז יעדער מענש בלייבט אימער א שותף מיט אלע זיינע מיטברידער אין די פעלדער און ער איז אימער זיכער מיט א חלק פעלד פאַר זיך צו בעאַרבייטען. ווען אָבער ער פיהרט

אויס, וואס ער מיינט, אז עס איז א מציאה געכאפט, אז זיין שטיקעל פעלד ווערט „פריי" פון די דעה, וואס קהל האט איבער דעם און ער רייסט איבער די קייטען פון קאנטראל פון דער געמיינשאפט, דאן צורייסט ער דערמיט אויך דעם באנד וואס האט איהם ביז אהער צוגעבונדען צו דעם פעלד און וואס האט ניט געקענט אבגעריסען ווער־רען פון איהם. וואס דערפון קומט ארויס, האט מען איהם באלד גע־מאכט פערשטעהן דורך דעם געלד, וואס איז אויפגעקומען צוזאמען מיט דעם פריוואט־אייגענטהום: די שטיקער פעלד האבען איצט שוין געקענט ווערען וואארע, מען האט זיי שוין געקענט פערקויפען און געבען פאר א משכון. אזוי געשווינד ווי ערד איז געווארען פריוואט־אייגענטהום, איז באלד אויך (אין אטהען) ערפונדען געווארען היפא־טעק (מארטגייגדזש, געבען גרונד־אייגענטהום פאר א משכון). דעם פעלד־בעזיצער האט זיך געדוכט, אז איהם איז געווארען בעסער, ער איז געווארען דער גאנצער אייגענטהימער איבער זיין פעלד; אבער נאך זיין גאנצען רעכט אויף אייגענטהום האט זיך נאכגעשלעפט די חלאת פון היפאטהעק, וואס האט אונטערגעגראבען זיין אייגענטהום. עס איז פונקט א שטייגער ווי נאך די מאנאגאמיע, נאך די פרומע איינפיהרונג, אז א פרוי מוז בלייבען שטרענג דאס ווייב נאר פון איין מאן, שלעפט זיך נאך די חלאת פון העטעריזמוס און פראסטיטוציאן (ווי מיר האבען שוין אויבען גערעדט). אט אזוי איז אויך דא: איהר האט געוואלט דאס פולע, פרייע רעכט אויף גרונד־אייגענטהום, מיט דעם רעכט דאס צו פערקויפען אדער צו פער'משכנ'ען אדער צו פער־שענקען? — אט האט איהר עס! דוקא דערפון קומט ארויס, אז איהר פערלירט אלעס!

אויף אזא אופן איז עס געקומען דערצו, אז מיט דער פערשפריי־טונג פון האנדעל, מיט דער ענטוויקלונג פון געלד, וואוכער, גרונד־אייגענטהום און היפאטהעק האט זיך שנעל גענומען צוזאמענציהען (קאנצענטרירען) די גאנצע עשירות אין די הענט פון א קלאס פון ווענינ מענשען. און לעבען דעם איז אלץ גרעסער געווארען די מאסע פון די ארימע און די ארימקייט פון דער מאסע.

די נייע אריסטאקראטיע פון רייכטהום איז א טייל געוועזען פון אנהויב אן דיזעלבע וואס דער אלטער אדעל פון געבורט: די אדעליגע זיינען דאס געווארען די רייכע, וואס אלץ איז אריינגעקומען אין זייע־

רע הענט אריין. א טייל אָבער זיינען די אריסטאָקראַטען פון עשירות געוואָרען אַנדערע, און דיעזע האָבען דעם אדעל ענדליך פעררוקט אָן א זייט. (אזוי איז עס געווען אין אַטהען, אין רוים, ביי די דייטשען).

און חוץ דעם וואָס די פרייע בירגער זיינען אויף אזא אופן צו־שיידעט געוואָרען אין קלאַסען פון רייכע און אָרימע, האָבען זיך אויך אונגעהייער פערמעהרט די שקלאַפען. (וויפיעל שקלאַפען עס זיינען געווען אין אַטהען, האָבען מיר שוין אויבען דערמאָהנט. אין קאָרינטה איז אין די בליהונגסצייט פון דער שטאָדט געווען 460,000 שקלאַפען, אין עגינא 40,000; איןביידע צעהן מאָל אזוי פיעל ווי פרייע בירגער). די געצוואונגענע ארבייט פון די שקלאַפען איז געווען דער פונדאמענט פון אַלע געזעלשאַפטליכע פיהרונגען און איינריכטונגען.

וואָס־זשע איז געוואָרען פון די גענטיל־פיהרונגען נאָך דער דאָזיגער געזעלשאַפטליכער איבערקעהרעניש? די דאָזיגע פיהרונגען האָבען ניט מעהר געקענט עקזיסטירען. עס זיינען ארויסגעוואקסען נייע עלעמענטען. די גענטיל־איינריכטונגען האָבען די נייסען ניט געבראכט. עס איז געקומען פון זיך. און געגען די דאָזיגע נייע עלעמענטען זיינען די גענטיל־פיהרונגען געוואָרען אָהנמעכטיג.

די גענטיל־איינריכטונג מיט איהרע אויסגעקליעבענע אָנפיהרער פון דער גענס זיינען געווען בעגרינדעט אויף דעם, דאָס די מיטגליעדער פון א גענס, אָדער וועניגסטענס פון א שטאַם, זיינען געזעסען צוזאמען אין איין פלאַץ און נאָר זיי אליין האָבען דאָרטען געוואוינט. די צוזאמען־וואוינענדע מענשען פון א לאנד זיינען געווען משפחות. דאָן האָט יעדע משפחה געהאַט איהרע פאָרשטעהער, וואָס האָבען אָנגעפיהרט אַלע קהל'שע זאכען. אָבער נאָך די בעשריעבענע איבערקעהרענישען האָט דאָס שוין לאַנג ניט מעהר עקזיסטירט: מענשען האָבען שוין ניט מעהר געוואוינט צוזאמען בלויז נאָך משפחות. די גענטעס און די שטאַמען זיינען אומעדום דורכגעמישט געוואָרען. אומעדום האָבען געוואוינט שקלאַפען און פרעמדע צווישען די בירגער. מענשען האָבען שוין ווייטער אויפגעהערט צו בלייבען זיצען אייביג אויף איין אָרט. גאָר פריהער זיינען זיי געווען ארומוואַנדערער. ערשט געגען ענדע פון די מיטעל־שטופע פון בארבאריי האָבען זיי זיך צו־געוואוינט צו זיצען שטענדיג אויף איין אָרט. איצט, ווען די ציוויליזאציאָן איז געקומען, האָט מען ווידער אויפגעהערט צו בלייבען

איביג אויף איין ארט. א טייל מענשען האט דער האנדעל ארומגע־טריעבען, א טייל האבען גענומען וואנדערען ווען זיי האבען געענ־דערט זייער בעשעפטיגונג. א טייל — ווען זיי האבען פערקויפט זייע־רע פעלדער אדער געקויפט אנדערע. הכלל, די קרובים פון איין גענס זיינען דורכגעטאשט געווארען. זיי האבען ניט מעהר געקענט צוזא־מען קומען צו בעזארגען זייערע אייגענע געמיינשאפטליכע אנגעלעגענ־הייטען. אלץ וואס די משפחה האט נאך געקענט בעזארגען צוזאמען איז געווען אונוויכטיגע זאכען, ווי רעליגיעזע צערעמאניעס. די געמיינ־שאפטליכע אינטערעסען, וואס די גענטעס האבען פריהער געהאט, האָ־בען זעהר גוט געקענט בעזארגט ווערען דורך די גענטיל־אייניגקייט. אבער יעצט זיינען צוגעקומען נייע בעדירפניסע און נייע אינטערעסען. זיי זיינען געקומען פון די טיעפע ענדערונגען אין די פערהעלטניסע פון ארבייט און פון פערדיענען זיך און עקזיסטענץ און דורך די נייע פארמען, ווי די מענשען האבען זיך יעצט איינגעשטעלט אין געזעל־שאפט. דיעזע נייע בעדירפניסע און אינטערעסען זיינען ניט נאר געווען פרעמד צו די אלטע גענטיל־ארדנונג, נאר זיי האבען יענע ארד־נונג אויף יעדען ארט צושטערט. אנשטאט די אמאליגע משפחה, האט גאר יעצט געשפיעלט א ראלע א גילדע פון אלע מענשען פון איין מלאכה, וועלכעס איז ארויסגעקומען דורך די טיילונג פון ארבייט. ווייטער האט גענומען שפיעלען א ראלע א גאנצע שטאדט און איהרע אינטערעסען געגען די דערפער. אמאל האט דער פארשטעהער פון דער משפחה בעזארגט די אינטערעסען פון דער משפחה. יעצט האָ־בען שוין גאר געהאט שותפות'ע אינטערעסען ניט אלע מענשען פון איין משפחה, נאר אלע מענשען פון איין מלאכה. אדער אלע איינ־וואהנער פון איין שטאדט. אין איין מלאכה און אין איין שטאדט האבען געקענט זיין מענשען פון ווער ווייסט וויפיעל פערשיעדענע משפחות און שטאמען. און מענשען פון איין משפחה האבען געקענט זיין צוטיילט איבער ווער ווייסט וויפיעל פערשיעדענע מלאכות און שטעדט. גילדען און שטעדט האבען אלזא געמוזט זעהען צו האבען זייערע פארשטעהער, זייערע רעגיערער אויסערהאלב דער גענטיל־איינ־ריכטונג און חוץ איהר. און דערמיט זיינען ממילא די נייע פאר־שטעהער געווארען א מאכט נעגען די אלטע משפח־פארשטעהער, מיט וועלכע זיי וואלטען געווען ווי צוויי קעץ אין איין זאק. און ווייעדער

האָט זיך דיעזער געגען־שטריט פון אינטערעסען בעוויעזען אין יעדער גענטיל־קערפּערשאַפט גופא, וואו זי איז נאָך יאָ געבליעבען עקזיס־טירען. דעם העכסטען גראַד האָט דיעזער געגען־שטריט דערגרייכט ווען אין איין געגס, אין איין שטאַם זיינען געוואָרען אַ טייל רייכע, אַ טייל אָרימע, אַ טייל וואוכערניקעס, אַ טייל באַרגערס.

דערצו איז צוגעקומען אַ מאַסע פון נייע מענשען פון פרעמדע פעלקער. עס האָט זיך מאַנכע מאָל געטראָפען, אַז זיי זיינען געוואָ־רען אַ מאַכט אין לאַנד. אַזוי איז עס געווען אין רוים. אריינגעהמען זיי אין די משפחות און שטאַמען און ביסלעכווייז זאָלען זיי אין זיי פערשלונגען ווערען, האָט מען ניט געקענט, ווייל זיי, די פרעמדע, זיינען געווען צו אַ סך דערצו. פאַר די מאַסען, וואָס האָבען ניט צו־געהערט צו די משפחות און געגטעס און שטאַמען, זיינען זיי, דיעזע געגטס־איינריכטונגען, געווען ווי געשלאָסענע מיוחס'דיגע קערפּערשאַפ־טען, וועלכע לאָזען קיין פרעמדע ניט אריין. אנשטאַט וואָס די גענ־טיל־איינריכטונגען זיינען פריהער געווען די אָנפאַנגליכע דעמאָקראַ־טיע, זיינען זיי איצט גאָר פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פיינדליכע אַריסטאָקראַטיע.

און צום סוף איז דאָ אַ הויפּט פונקט, פאַר וואָס אונטער די נייע אומשטענדען האָבען די גענטיל־איינריכטונגען ניט מעהר געקענט עקזיסטירען. דער פונקט איז דער: די גענטיל־אָרדנונג האָט ניט געהאַט קיין פּאָליציי און קיין זשאַנדאַרען, קיין מאַכט מיט וואָס צו צווינגען די איינצעלנע מענשען צו אונטערטהעניגקייט און צו פאָלגען, חוץ נאָר די מאַכט פון עפענטליכע מיינונג, דאָס הייסט, דאָס וואָס דער עולם אַרום האַלט דעם, וואָס געהט אַראָב פון וועג. די גענטיל־אָרדנונג האָט ניט געדאַרפט קיין אַנדערע צוואַנגס־מאַכט; ווייל זי איז אַרויסגעוואַקסען פון אַזאַ געזעלשאַפט, וואו עס זיינען אינערליך ניט געווען קיין רייכע און אָרימע, קיין הויכע און ניעדעריגע, קיין הערשער און בעהערשטע. צו אַזעלכע צושטענדע איז די גענטיל־אָרד־נונג געווען צוגעפּאַסט. איצט אָבער איז שוין געווען גאָר אַן אַנדער וועלט: עס איז אויפגעקומען אַ געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך שוין געמוזט צושפּאַלטען אין פרייע און שקלאַפען, אין רייכע רויבער און אָרימע בערויבטע; דורך אַלע לעבענסבעדינגונגען צוזאַמען, דורך די נייע איינפיהרונגען ווי אויסצואַרבייטען לעבענסמיטלען האָט עס גע־

מוזט קומען דערצו. און דיעזע געגנערשאפטען האבען שוין ניט מעהר געקענט אויסגעגליייכט ווערען. פערקעהרט, זייער נאטור איז געוועזען צו ווערען אלץ שארפער. אזא סארט געזעלשאפט וואלט געמוזט האבען שטענדיגע אפענע מחלוקות צווישען די דאזיגע קלאסען, דארום האט זי געמוזט געשטעלט ווערען אונטער דער הערשונג פון א מאכט, וואס שטעהט כלומר'שט איבער אלע פערשיעדענע קלאסען, א מאכט, וואס דערלאזט זיי ניט אפען ארומקריגען זיך, און צווינגט זיי אויסצו־קעמפפען זייער קלאסען־קאמפף העכסטענס אויף עקאנאמישען גע־ביעט אויף געזעצליכען אופן, ווי דאס ווערט אנגערופען. די גענטיל־ארדנונג האט אויסגעלעבט. זי האט געפלאצט דורך די טיילונג פון אר־בייט און דורך די שפאלטונג אין קלאסען, וואס איז דערפון ארויס־געקומען. איהר פלאץ האט פערנומען ד ע ר ש ט א א ט.

---

אין דריי הויפט־פארמען זעהען מיר אין דער וועלט־געשיכטע דעם שטאאט זיך אויפהייבען אויף די חורבות פון די גענטיל־ארד־נונג. מיר האבען אויבען די דרי פארמען בעטראכט אין זייערע איינ־צעלהייטען. זיי זיינען: דער שטאאט אין אטהען (גריכענלאנד), רוים און ביי די גערמאנען. אין אטהען זעהען מיר די ריינסטע פאר־מע פון שטאאט, די קלאסישע: דירעקט קומט דא ארויס דער שטאאט פון די קלאסען־געגנערשאפט, וואס האט זיך ענטוויקעלט אין דער גענטיל־געזעלשאפט, און ער פערנעהמט די גאנצע הערשונג. אין רוים ווערט די גענטיל־געזעלשאפט מיט דער צייט אן אויסנאהמע פון גאנצען פאלק; די פעראייניגטע משפחות ווערען א בעזונדערער יחוס־שטאנד. חוץ זיי ענטוויקעלט זיך א גרויסע מאסע ארימעם פאלק, די „פלעבס", וועלכע האבען ניט קיין שום רעכטע, אבער מוזען טראגען אלע פליכטען. עס קומט א צייט, ווען די דאזיגע פלעבס בעזיעגען די מיוחסים, דאן צורייסען זיי די אלטע משפחה־ארדנונגען און אויף זייערע חורבות שטעלען זיי אויף דעם שטאאט, וועלכער נעהמט דערנאך אריין אין זיך ביידע, אי די גענטיל־מיוחסים אי די פלעבס. און וויעדער ביי די דייטשען, וועלכע בעזיעגען דאס אלטע רוימער־רייך, קומט דער שטאאט ארויס דירעקט פון דעם, וואס זיי נעהמען איין גרויסע פרעמדע לענדער און זיי מוזען האבען א מאכט־איינריכטונג זיי צו בעהערשען. די גענטיל־ארדנונג טויג ניט

דערצו. ביי די דייטשען אָבער איז נאָך הונדערטער יאָהרען לאַנג געבליעבען אַן איבערבלייבונג פון די גענטיל־אָרדנונג, אויך נאָכדעם ווי עס איז שוין געווען אַ שטאַאַט. זי איז געבליבען אין פער־ענדערטער פאָרמע, אַלס אַ פעראייניגונג פון אַלע די, וואָס וואוינען אין איין געגענד, מיט אייגענע פאָרשטעהער, פריי אויסגעוועהלטע, מיט געוויסע געמיינשאַפטליכע איינריכטונגען. דאָס איז געווען די „מאַרק־איינריכטונג". (מיר האָבען שוין אויבען גערעדט דערפון.) שפּעטער איז די אַלטע גענטיל־איינריכטונג נאָך אַמאָל יונג גע־וואָרען, אין אַן אָבגעשוואַכטער פאָרמע, אין די שפּעטערע משפחה־פעראייניגונגען פון דעם אַדעל און פון אַזוי רייכע משפחות. אין אַ טייל ערטער, למשל אין די דיטמאַרשע געגענד, האָבען שפּעטער נאָך אפילו פּראָסטע פויערען־פאַמיליען געהאַט אַזעלכע משפחה־פעראיי־ניגונגען. פאַר וואָס איז ביי די דייטשען מעגליך געווען, אַז פון די גענטיל־איינריכטונגען זאָלען זיך אָבשטעלען איבערבלייבונגען? ווייל בשעת זיי האָבען איינגענומען די אַלטע רוימישע מלוכה האָבען זיי נאָך ניט געהאַט קיין פאָרטגעשריטענע אַרבייטס־טיילונג און די עקאָנאָמישע ענטוויקלונגס־שטופע פון די עראָבערער און עראָבערטע איז געווען כמעט דיזעלבע; זיי האָבען אַלזאָ ניט געהאַט צווישען זיך נאָך דער עראָבערונג קיין ערנסטליכען קאַמפּף, וואָס זאָל די אַלטע גענטיל־איינריכטונגען אין גאַנצען פערניכטען.

---

מיר זעהען אַלזאָ, אַז דער שטאַאַט איז אויף קיין פאַל ניט פון אויסענוועניג אַרויפגעצוואונגען געוואָרען אַלס אַ מאַכט אויף דער גע־זעלשאַפט. אויך איז ער וויעדער ניט, ווי העגעל זאָגט, „די ווירקליכ־קייט פון יושר", „דאָס בילד פון שכל און גערעכטיגקייט". דער שטאַאַט איז אַרויסגעוואַקסען נאַטירליך פון דער מענשליכער געזעל־שאַפט ווען זי האָט דערגרייכט אַ געוויסע שטופע פון ענטוויקלונג. וואו עס איז אויפגעקומען אַ שטאַאַט, האָט דאָס בעוויעזען, אַז די געזעלשאַפט האָט זיך פערוויקעלט אין געגנערשאַפטען, פון וועלכע זי האָט ניט מעהר געקענט אַרויסקריכען. עס זיינען ענטשטאַנען קלאַסען מיט געגנען־שטרייטיגע עקאָנאָמישע אינטערעסען. זיי וואָלטען זיך כסדר אַרומגעריסען און זייערע מחלוקות וואָלט צו קיין טאָלק ניט גע־פיהרט און עס וואָלט אונמעגליך געווען אַז די געזעלשאַפט זאָל עקזיס־

טירען. דארום איז נויטיג געוואָרען א מאכט, וואָס זאָל שטעהן בלומרשט איבער די געזעלשאַפט, א מאכט וואָס זאָל איינשטילען די מחלוקות און זאָל זיי האַלטען אין „אָרדנונג". אָט די דאָזיגע מאכט וואָס איז אַרויסגעקומען פון דער געזעלשאַפט אָבער האָט זיך געשטעלט איבער איהר און איז מיט דער צייט געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר אָבגעזונדערט פון דער געזעלשאַפט — אָט דיעזע מאכט איז דאָס דער שטאַאַט.

דער אונטערשיעד צווישען דעם שטאַאַט און די אַלטע גענטיל־אָרגאַניזאַציאָן איז ערשטענס דאָס, וואָס דער שטאַאַט טיילט איין זיינע בירגער ניט לויט נאָך זייער קרובים'שאַפט, נאָר לויט נאָך דעם וואוין־פּלאַץ. די אַלטע גענטיל־פעראייניגונגען, ענטשטאַנען און צוזאַמען־געהאַלטען דורך בלוט־פערוואַנדשאַפט, זיינען געוואָרען, ווי מיר האָבען געזעהען, ניט גענוגענד. א סך דורך דעם, ווייל אַזעל־כע פעראייניגונגען זיינען נאָר מעגליך געווען ווען די מענשען פון איין משפחה האָבען געוואוינט צוזאַמען אויף איין פּלאַץ און דאָס האָט שוין לאַנג אויפגעהערט. דער פּלאַץ איז געבליבען, אָבער די מענשען זיינען דורכגעטאַשט געוואָרען. דארום איז דער פּלאַץ געוואָרען דער עיקר און ווער נאָר עס האָט געוואוינט אויף דעם פּלאַץ, אַלץ איינס צי פון איין משפחה אָדער שטאַם מיט די איבריגע צי ניט, איז געוואָ־רען א צוגעהעריגער בירגער צו דעם פּלאַץ און האָט דאָרטען געהאַט זיינע רעכטע און פליכטען אַלס בירגער. אַזוי איז עס געוואָרען אין אַלע שטאַאַטען — די שטאַאַטס־בירגער זיינען אָרגאַניזירט לויט נאָך דעם אָרט, וואו זיי וואוינען. אונז קומט עס דארום פאָר ווי נאַטירליך; אָבער מיר האָבען געזעהען, וואָסערע שווערע און לאַנג־דויערענדע קעמפּפע עס האָבען געמוזט פּאַרקומען, ביז דיעזע איינריכטונג האָט איין אָטהען און רוים פערנומען דעם פּלאַץ פון די אַלטע אָרגאַניזאַציאָן לויט נאָך געשלעכטער, לויט נאָך קרובים'שאַפט.

דער צווייטער אונטערשיעד צווישען די גענטיל־אָרדנונג און דעם שטאַאַט איז, וואָס ביי דעם שטאַאַט איז דאָ אַן עפענטליכע געוואַלט, אַן אָבגעזונדערטע פון פאָלק; זי איז ניט מעהר דירעקט די בעפעלקע־רונג אַליין, וואָס אָרגאַניזירט זיך אַלס בעוואפענטע מאכט. דיעזע אָבגעזונדערטע עפענטליכע געוואַלט איז נויטיג, ווייל א זעלבסט־טהע־טיגע בעוואפענטע אָרגאַניזאַציאָן פון דער בעפעלקערונג אַליין איז

געוואָרען אונמעגליך זייט די מענשען זיינען געוואָרען צושפּאָלטען אין קלאַסען. די שקלאַפען זיינען דאָך אויך אַ טייל פון דער בעפעלקע־רונג. די 90,000 בירגער פון אַטהען זיינען געגען זייערע 365,000 שקלאַפען נאָר געווען אַ קלאַסע מיט בעזונדערע רעכטע. דאָס פאָלקס־מיליטער פון די אַטהענישע דעמאָקראַטיע איז געווען אַן אַריסטאָקראַ־טישע עפענטליכע געוואַלט געגען די שקלאַפען און האָבען זיי געהאַל־טען אין צוים. אָבער אויך אום צו האַלטען אין צוים די בירגער איז געוואָרען נויטיג אַ זשאַנדאַרמעריע, ווי אויבען דערצעהלט.

דיעזע עפענטליכע געוואַלט עקזיסטירט אין יעדען שטאַאט. זי בעשטעהט ניט בלויז פון בעוואָפענטע מענשען, נאָר אויך פון זאַכען, נעמליך געפענגניסע און אַלערליי צוואַנגס־איינריכטונגען, וואָס זיינען ניט געווען אין דער גענטיל־געזעלשאַפט. די רעגיערונגס־געוואַלט קען אַמאָל זיין זעהר קליין, כמעט ווי גאָר־ניט; אַזוי קען זי זיין אין גע־זעלשאַפטען וואו עס איז נאָך ניט ענטוויקעלט די געגנערשאַפט פון די קלאַסען. אויך אין פערוואָרפענע ווינקעלעך פון לאַנד. אין אַמע־ריקא איז אין מאַנכע ערטער טייל מאָל גאָר ניטאָ קיין רעגיערונגס־מאַכט. אָבער וואָס מעהר עס פערשאַרפען זיך די געגנערשאַפטען פון די קלאַסען, אַלץ שטאַרקער ווערט די רעגיערונגס־געוואַלט. אויך ווערט זי שטאַרקער, וואָס גרעסער עס ווערען די מלוכות, וועלכע גרענעצען זיך איינע מיט די אַנדערע און וואָס מעהר עס פערמעהרען זיך די מענשען אין זיי. מען דאַרף נאָר אַ קוק טהאָן אויף אייראָפּאַ היינט, וואו די רעגיערונגס־געוואַלט איז ארויפגעשרויפט געוואָרען אַזוי גע־וואַלדיג הויך, אַז זי סטראַשעט צו פערשלינגען די גאַנצע געזעלשאַפט און אַפילו דעם שטאַאַט אַליין אויך. דאָס האָט געבראַכט דער ביטע־רער קאַמפּף צווישען די קלאַסען און די קאָנקורענץ צווישען די לענדער און זייער לענדער־כאַפּעריי.

אום אויפצוהאַלטען דיעזע רעגיערונגס־געוואַלט מוז מען אויף דעם נעהמען געלד ביי די שטאַאַטס־בירגער — מוז מען נעהמען ש ט י י ע ר ע ן (פּאָדאַטקעס, מכס, טעקסעס). אין דער גענטיל־געזעלשאַפט זיינען שטייערען געווען פאָלשטענדיג אונבעקאַנט. היינט איז דאָס אַ שרעקליכע לאַסט אויף אַלע פעלקער. ווען די ציוויליזאַ־ציאָן וואַקסט אוים ווייטער, זיינען שוין די שטייערען אויך ניט מעהר גענוג; דער שטאַאַט ציהט דאַן וועקסלען אויף די צוקונפט; ער

מאכט הלוואות, ש ט א א ט ס־ש ו ל ד ע ן. אויף דאס איז א שווערע לאסט אויף די היינטיגע מדינות.

איצט שטעהען די בעאמטע פון דעם שטאאט אלס ארגאנען פון דער געזעלשאפט א י ב ע ר דער געזעלשאפט. זיי זיינען דאס מיט דעם כוח פון די רעגיערונגס־געוואלט און מיט דעם רעכט צו נעהמען שטייערען. די אכטונג, וואס די גענטיל מיטגליעדער פלע־גען אבגעבען פרייוויליג צו זייערע בעאמטע, דיזע אכטונג וואלט ניט מעהר געווען גענוג פאר די רעגיערונגס־בעאמטע פון דעם שטאאט, אפילו ווען זיי וואלטען דאס געקענט האבען. אזוי ווי זייער מאכט איז א פרעמדע צו דער געזעלשאפט, מוז מען זיי פערשאפען רעס־פעקט דורך אויסנאהמס־געזעצע, דורך וועלכע זיי געניסען א בעזונ־דערע הייליגקייט און מען טאר זיי ניט אנריהרען. דער לומפיגסטער פאליציי־דיענער פון דעם ציוויליזירטען שטאאט האט מעהר „אויטא־ריטעט" (צו בעפעהלען) ווי אלע בעאמטע פון דער געגטיל־געזעל־שאפט צוזאמען. אבער דער מעכטיגסטער קייסער און דער גרעסטער שטאאטסמאן אדער מיליטער־אנפיהרער פון דער ציוויליזאציאן קען מקנא זיין דעם קלענסטען געגטיל־פארשטעהער פאר די אונגעצוואונ־גענע און אונבעשטריטענע אכטונג, וואס מען האט צו איהם. דאס איז דערפאר, ווייל דער געגטיל־פארשטעהער איז אן איינענער מענש, ער שטעהט אין דער געזעלשאפט גופא; דער שטאאטס־בעאמטער אבער מוז פארשטעלען עפעס, וואס איז אויסער דער געזעלשאפט און איבער איהר.

אזוי ווי דער שטאאט איז אויפגעקומען דורך די נויטווענדיג־קייט צו האלטען אין צוים די געגנערשאפט פון די פערשיעדענע קלא־סען; און אזוי ווי ער איז אבער אויך ענטשטאנען אין דעם קאמפף גופא פון דיזע קלאסען; דארום איז דער שטאאט אין רעגעל די מאכט פון די מעכטיגסטע קלאסע, פון די קלאסע, וואס האט עקא־נאמיש די אויבערמאכט. דורך דעם שטאאט ווערט דיזע קלאסע אויך פאליטיש די הערשענדע. דורך איהם קריעגט זי נייע מיטלען צו האלטען די אונטערדריקטע קלאסע אין אונטערוואָרפענהייט און זי אויסצוזויגען. אין די פארצייטיגע מלוכות איז דער שטאאט גע־ווען דער עיקר דער שטאאט פון די שקלאפען־בעזיצער. זיין הויפט־צוועק איז געווען צו האלטען די שקלאפען אין אונטערטהעניגקייט.

ווידער אין דער פאַנטשיזנע־צייט איז דער שטאַאט געווען דער אָר־
גאַן פון די פּריצים און זיין הויפּט־צוועק איז געווען צו האַלטען אין
אונטערטהעניגקייט די לייב־אייגענע און פאַנטשיזנע פּויערען. און
דער היינטיגער שטאַאט מיט זיינע פּאַרלאַמענטען און אויסגעקליעבע־
נע רעפּרעזענטאַנטען איז דאָס ווערקצייג, דורך וועלכען דאָס קאַפּי־
טאַל זויגט אוים דאָס בלוט און שוויים פון די לוין־אַרבייטער.

אָבער אַמאָל, אין אַן אויסנאַהמע, טרעפט זיך, אַז די קעמפּפענדע
קלאַסען זיינען כמעטביידע גלייך אין קראַפט און דאַן קומט די
שטאַאטס־געוואַלט און מישט זיך אריין אַלס כלומר'שט דער שלום־
מאַכער. אין דיעזען מאָמענט שפּיעלט דער שטאַאט א ראָלע ווי א
בעזונדערע מאַכט, אונאַבהייננגיג פון ביידע קלאַסען. אַזוי איז עס
געווען מיט דעם אַליין־הערשענדען קעניגטהום אין דעם זיבצעהנטען
און אַכטצעהנטען יאַהרהונדערט. דעמאָלט איז פאָרגעקומען א שטענ־
דיגער שטרייט צווישען די פּריצים און די שטאָדטישע בירגער און
די זעלבסטהערשענדע קעניגסמאַכט איז געווען ווי א דריטע; זי
האָט געמאַכט, אַז זייערע ביידע וואָגשאָלען זאָלען בלייבען גלייך אין
געוויכט און באַלאַנסירען אַמאָל די ארויף און יענע אראָב, און אַמאָל
פערקעהרט. אַזוי איז עס אויך געווען מיט די קייסערליכע הערשונג
פון נאַפּאָלעאָן אין פראַנקרייך, דעם ערשטען און בעזאָנדערס דעם
צווייטען (דעם „דריטען“): דאָ איז פאָרגעקומען א שטענדיגער קאַמפּף
צווישען דער בורזשואַזיע (די געלד־בירגער) און דעם פּראָלעטאַריאַט
(די וואָס מוזען אַרבייטען פאַר יענעם), און דער קייסער האָט זיך
געשטעלט מיט זיין מאַכט צווישען ביידע און פלעגט אויסשפּיעלען
אַמאָל די בורזשואַזיע געגען דאָס פּראָלעטאַריאַט, אַמאָל דאָס פּראָ־
לעטאַריאַט געגען די בורזשואַזיע. דאָס הייסט, אַמאָל האָט ער גע־
האַלטען מיט די כדי צו קענען בעהערשען יענע, אַמאָל אומגעקעהרט.
דאָס נייעסטע אין דיעזער קונץ איז דאָס נייע דייטשע רייך פון בים־
מאַרק'ס נאַציאָן: דאָ ווערען קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער באַלאַנ־
סירט איינע געגען די אַנדערע און ביידע ווערען אויסגעריסען פאַר
די טובה פון די אַראָבגעזונקענע פּרייסישע קרויט־יונקער (די אַדע־
ליגע פּריצים). דאָ האָבען ביידע גלייך א פּנים ווי חווק, אי די הער־
שער אי די בעהערשטע. (די פינפטע אויפלאַגע פון דיעזען בוך איז

ארויס אין יאהר 1892. ביז היינט זיינען די פערהעלטניסע אין דייטשלאנד שוין א סך אנדערש געווארען. — א י ב ע ר ז.)

אין דאס רוב געשיכטליכע שטאאטען איז אויסערדעם געווען איינגעפיהרט, אז די בירגער האבען געהאט רעכטע לויט זייער פער־מעגען, — וואס רייכער א בירגער אלץ גרעסער זיינע רעכטע. מיט דעם איז דירעקט אויסגעדריקט געווארען, אז דער שטאאט איז אן ארגאניזאציאן פון די רייכע און זיין צוועק איז צו בעשיצען זיי גע־גען די ארימע. אזוי איז עס שוין געווען אין די אטהענישע און רוי־מישע פערמעגענס־קלאסען. אזוי איז עס אויך געווען אין דעם מיטעל־אלטערליכער פעאדאל־שטאאט, וואו יעדער פריץ האט געהאט מאכט אין דער פאליטיק לויט נאכדעם, ווי גרויס זיינע גיטער זיינען גע־ווען. און אזוי איז עס אויך אין די היינטיגע שטאאטען, מיט זיי־ערע אויסגעקליעבענע רעפרעזענטאנטען אין פארלאמענט, אין די לענ־דער, וואו עס איז איינגעפיהרט א וואהל־צענזוס — דאס הייסט אז א רעכט צו שטימען האבען נאר די, וואס צאהלען געוויסע שטייערען. דאך דארף מען ניט מיינען, אז נאר אזעלכע איינפיהרונגען, וואו די פאליטישע מאכט אנערקענט דעם אונטערשיעד פון פערמע־גען, זיינען דער עיקר, וואס מאכען דעם שטאאט פאר אן ארגאן פון די רייכע. פערקעהרט, אזעלכע איינריכטונגען בעצייכנען א ניעדע־ריגע שטופע פון די שטאאטליכע ענטוויקלונג. די העכסטע פאר־מע פון שטאאט איז די דעמאקראטישע רעפובליק, און אין איהר איז אפיציעל קיין שום אונטערשיעד ניט צווישען רייכע און ארימע. און דאך איז זי אויך דער ארגאן פון די רייכע. אין איהר האט דער רייכטהום זיין איינפלוס ניט־דירעקט, אבער דערפאר איז זיין איינ־פלוס נאך זיכערער. פון איין זייט האבען די רייכע דא זייער איינ־פלוס דורך כאבאר, דורך די קאררופציאן פון די רעגיערונגס־בעאמ־טע. דער שארפסטער ביישפיעל דערפון איז אמעריקא. פון דער אנדערער זייט האבען די רייכע איינפלוס אויף דער רעגיערונג דורך דער ברודערשאפט פון רעגיערונג און בערזע (אין אמעריקא רופט מען די בערזע „וואלל סטריט"). צווישען רעגיערונג און בערזע ווערט אלץ מעהר איינהייט, ערשטענס, ווייל די שטאאטס־שולדען ווערען אלץ גרעסער און דאס איז א געשעפט וואס די רעגיערונג האט מיט דער בערזע. צווייטענס, קומען אלץ מעהר און מעהר אונטערנעהמונגען

פון פּראָדוקציאָן אריין אין די הענט פון אַקציען־געזעלשאַפטען (אין אַמעריקא הייסט דאָס סטאָק־קאָרפּאָריישאָנס). פריהער פלעגען נאָר אייזענבאַהנען זיין אין די הענט פון אַקציען־געזעלשאַפטען, היינט קומען אַלע אונטערנעהמונגען אריין אין זייערע הענט, און די אַק־ציען־געזעלשאַפטען האָבען אויך זייער צענטער אין דער בערזע, און דורך דעם ווערען די קאַפּיטאַליסטען אַלץ שטאַרקער איינס מיט דער רעגיערונג. א שטאַרקער ביישפּיעל דערפון איז, אויסער אַמעריקא, אויך די נייעסטע פראַנצויזישע רעפּובליק. און אויך די בכבוד'יגע שווייץ האָט געטהאָן איהר חלק אין דער פערבינדונג פון בערזע און רעגיערונג. אזוי געהט עס אין די דעמאָקראַטישע רעפּובליק. און אין אונזערע היינטיגע געזעלשאַפטליכע פערהעלטניסע ווערט די דע־מאָקראַטישע רעפּובליק אַלץ מעהר און מעהר אַן אונפערמיידליכע נויטווענדיגקייט און זי איז די שטאַאַטס־פאָרמע, וואָס נאָר אין איהר אַליין וועט קענען אויסגעקעמפּפט ווערען דער לעצטער ענט־שיידונגס־קאַמפּף צווישען פּראָלעטאַריאַט און בורזשואזיע. אָבער אַז רעגיערונג און בערזע זאָלען זיין איין ברודער־בונד מוז ניט דוקא די רעגיערונג זיין אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק. דאָס קען מען זעהען אין ענגלאַנד, און אויך אין דעם נייעם דייטשען רייך, וואו מען קען ניט בעשטימט זאָגען וועמען דאָס אַלגעמיינע שטימרעכט האָט אויפ־געהויבען העכער, ביסמאַרק'ן אָדער בלייכרעדער'ן. (ביסמאַרק, דער מעכטיגסטער פאָרשטעהער פון רעגיערונג; בלייכרעדער, דער גרעס־טער באַנקיר און בערזען־מאַן. זיי זיינען ביידע איינס.)

און ענדליך הערשט די בעזיצענדע קלאַסע דירעקט דורך דעם אַלגעמיינעם שטימרעכט. דען אַזוי לאַנג די אונטערדריקטע קלאַסע, אַלזאָ אין דיעזען פאַל דאָס פּראָלעטאַריאַט, איז נאָך ניט ענטוויקעלט גענוג זיך זעלבסט צו בעפרייען, אַזוי לאַנג וועט זי, די אונטערדריקטע קלאַסע, אין איהר מעהרהייט, בעטראַכטען די היינטיגע אָרדנונג פאַר די איינציג־מעגליכע און זי וועט פּאָליטיש זיין אַ נאָכשלעפּעניש נאָך די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסע; זי וועט זיין איהר אייסערסטער לינ־קער פליגעל.

אָבער וואָס מעהר די אונטערדריקטע קלאַסע ווערט ענטוויקעלט און דערנעהנטערט זיך צו איהר זעלבסט־בעפרייאונג, אַלץ מעהר ביל־דעט זי זיך אין אַ פּאַרטיי, וועהלט איהרע אייגענע פערטרעטער, ניט

די פערטרעטער פון די קאפיטאליסטען. דאס אלגעמיינע שטימרעכט איז אויף אזא אופן דער אינסטרומענט צו מעסטען ווי ווייט די אר־בייטער קלאסע איז שוין צייטיג אין איהר ענטוויקלונג צו איהר זעלבסט־בעפרייאונג. מעהר קען דאס אלגעמיינע שטימרעכט ניט זיין און וועט עס קיינמאל ניט זיין אין דעם היינטיגען שטאאט. אבער דאס איז אויך גענוג. ווען די צייט וועט קומען, אז דאס טהערמא־מעטער פונ׳ם אלגעמיינעם שטימרעכט וועט אנצייגען דעם קאך־גראד ביי די ארבייטער, וועלען זיי, אזוי גוט ווי די קאפיטאליסטען, וויסען וואו זיי האלטען אין דער וועלט.

אלזא, איז דער שטאאט ניט פון אייביג אן. עס זיינען געווען געזעלשאפטען, וואס זיינען אויסגעקומען אהן איהם, וואס האבען ניט אנגעהויבען צו וויסען פון א שטאאט און פון א שטאאטס־געוואלט. ווען די עקאנאמישע ענטוויקלונג האט דערגרייכט א געוויסע שטופע, וואו עס האט געמוזט קומען צו א צושפאלטונג פון דער געזעלשאפט אין קלאסען, איז דורך דיעזע צושפאלטונג דער שטאאט געווארען א נויטווענדיגקייט. און היינט געהט די עקאנאמישע ענטוויקלונג מיט שנעלע שריט אלץ נעהענטער צו אזא שטופע אין דער ענטוויקלונג פון דער פראדוקציאן, וואו עס וועט ניט מעהר זיין נויטווענדיג אז אזעל־כע קלאסען זאלען עקזיסטירען; און ניט נאר וואס עס וועט ניט מעהר זיין נויטווענדיג, נאר נאך מעהר — ווען עס וועלען נאך בלייבען אזעלכע קלאסען, וועט דאס זיין א זיכערע שטערונג צו דער פראדוקציאן. (ווי מיר זעהען שוין היינט, אז עס קומען קריזיסען און די ארבייט שטעלט זיך אב און די בעשאפונג פון נויטווענדיגע זאכען פאר דער מענשהייט ווערט אבגעהאלטען, — אלץ דערפאר, ווייל די מענשהייט איז צוטיילט אין קלאסען, ווייל די פאבריקען גע־הערען צו איין קלאס מענשען, און זיי לאזען ניט ארבייטען ווען די מענשהייט בעדארף די ארבייט, נאר ווען זיי אליין לוינט זיך, ווען זיי קענען דערביי מאכען פראפיטען. ווען ניט, מוז זיך אבשטעלען די פראדוקציאן, די ארבייט פון דער מענשהייט. אבער די מענשהייט קען סוף כל סוף ניט אריבערטראגען קיין שטערונג צו איהר פרא־דוקציאן.) דארום וועט די צושיידונג פון מענשען אין קלאסען אונ־טערגעהן, פונקט אזוי אונפערמיידליך, ווי זי איז פריהער אויפגעקומען. און ווען די קלאסען וועלען אוועקפאלען, וועט אונפערמיידליך מיט

זיי צוזאמען אוועקפאלען דער שטאאט.*) די געזעלשאפט, וועלכע וועט אויפ'ס ניי ארגאניזירען די פראדוקציאן, אויף דעם פונדאמענט פון פרייע און גלייכע פעראייניגונגען פון די פראדוצענטען, וועט אוועקווארפען די גאנצע שטאאטס־מאשין אהין, וואו איהר פלאץ וועט דעמאלט זיין: אין מוזעאום פון אלטע זאכען, צוזאמען מיט דעם פארצייטיגען שפין־רעדעל און די בראנזענע האק.

---

אלזא, זעהען מיר פון דעם, אז די ציוויליזאציאן איז די ענט־וויקלונגס־שטופע פון דער געזעלשאפט, ווען עס קומען צו א פולע ענטוויקלונג די צוטיילונג פון ארבייט, און דער אויסטויש, וואס קומט דערפון ארויס, און די ווארען־פראדוקציאן, וואס נעהמט ארוםביידע — ווען דאס אלעס קומט צו פולער ענטוויקלונג און דאס קעהרט אי־בער די גאנצע פריהעריגע געזעלשאפט, רופען מיר דעם נייעם צו־שטאנד, וואס קומט דאן, ציוויליזאציאן.

אין אלע פריהעריגע שטופען פון דער געזעלשאפט איז די פראָ־דוקציאן געווען, אין גרונד גענומען, א בשותפות'דיגע. און אויך די קאנזומציאן (דער פערברויך פון די אויסגעארבייטע זאכען) איז פאר־

---

*) מיר ציהען נאך אמאהל די אויפמערקזאמקייט פון דעם לעזער אויף דעם פאקט, אז ווען ענגעלס זאגט דא, אז דער שטאאט וועט אוועקפאלען, מיינט ער נאר דאס וואס ע ר רופט שטאאט און וואס ער ערקלערט אלס דער אמת'ער היסטארישער שטאאט. אבער עס וועט בלייבען „די געזעל־שאפט, וועלכע וועט ארגאניזירען די פראדוקציאן אויף דעם פונדאמענט פון פרייע און גלייכע פעראייניגונג פון די פראדוקציאן". אין דיעזער אר־גאניזירטער געזעלשאפט וועלען אויסגעקליעבען ווערען בעאמטע, דורך אל־געמיינעם שטימרעכט און עס וועלען געמאכט ווערען געזעצע דורך מא־יאריטעטס אבשטימונג. ענגעלס זאגט דא אויבען, אז „אין דעם ה י י נ־ט י ג ע ן שטאאט" וועט דאס אלגעמיינע שטימרעכט ניט זיין מעהר ווי אן אינסטרומענט צו מעסטען ווי ווייט די ארבייטער קלאסע איז שוין צוו־טיג. אבער אין דער צוקינפטיגער געזעלשאפט, הייסט דאס, וועט דאס אל־געמיינע שטימרעכט זיין דאס מיטעל פון ארגאניזאציאן פון א „פרייע און גלייכע פעראייניגונג פון די פראדוצענטען". די אנארכיסטען (און אויך אנדערע) רופען אזא ארגאניזאציאן פון דער געזעלשאפט, מיט שטימרעכט און רעפרעזענטאציאן, אויך „א שטאאט". אזא „שטאאט" אבער וועט, נאך ענגעלס'עס ערקלערונג, יא זיין אין דער סאציאליסטישער צוקונפט. נאר ער זאגט, אז דאס הייסט ניט שטאאט, נאר געזעלשאפט. — **איבערזעצער.**

געקומען אונטער דירעקטער פערטהיילונג פון די פּראָדוקטען אין גרעס־סערע אָדער קלענערע קאָמוניסטישע געמיינשאַפטען. דיזע אַר־בייטס־שותפות איז צוגעגאַנגען אויף זעהר קליינעם פוס; אָבער קליין ווי די ארבייטס־אונטערנעהמונגען זיינען געווען, זיינען די ארבייטער דערביי געווען אַליין די בעלי־בתים איבער זייער ארבייט און איבער די פּרוכטען פון זייער ארבייט. זיי האָבען געוואוסט, וואס פון זייער ארבייט ווערט: זיי האָבען עס פערנוצט. עס איז פון זייערע הענט ניט אנטרונען געוואָרען. און אזוי לאַנג די פּראָדוקציאָן געהט צו אויף אזא אופן, קען זי ניט אריבערוואַקסען דעם מענשען איבער דעם קאָפּ אריבער. אין דער ציוויליזאציאָן איז דאָס רעגעלמעסיג און אונפערמיידליך דער פאַל: די סחורה־בעשאַפונג און דער האַנדעל מיט די סחורות וואַקסען אריבער דעם מענשען איבער דעם קאָפּ. דאָס הייסט, די מענשען קענען ניט מעהר מאַכען מיט די סחורות וואָס זיי ווילען, נאָר די סחורות, דער האַנדעל, די געשעפטען האָבען זיך זייער אייגענע נאַטור, זייערע אייגענשאַפטען, וואָס עס מוז מיט זיי פּאַסירען, — ווען די געשעפטען זאָלען געהן גוט און ווען ניט, ווען עס זאָל זיין ארבייט און ווען ניט. און דאָס שלעפּט ארום די מענ־שען ביי די קעפּ און זיי קענען זיך ניט העלפען. עס קומט אויס, עפּעס אזוי ווי די סחורות און די געשעפטען וואָלטען געווען עפּעס שדים, עפּעס פערבאָרגענע כוחות, פרעמדע צו דעם מענשען, וואָס מאַכען מיט דעם מענשען וואָס זיי ווילען. דאָס איז נאָר אין דער ציוויליזאַ־ציאָן אזוי. פריהער זיינען די ארבייט און די פּראָדוקטען געווען אין דעם מענשענ׳ס רשות, ניט דער מענש אין זייער רשות. אָבער אין יע־נעם סאָרט ארבייט, ווי עס האָט זיך געפיהרט איידער עס איז געקומען ציוויליזאציאָן, האָט זיך פּאַמעלעכעל אריינגערוקט די טיילונג פון ארבייט — דאָס הייסט, א טייל מענשען האָבען גענומען ארבייטען אימער ביי איין זאַך און א טייל אימער ביי אַן אַנדערע זאַך. דאָס האָט אונטערגעגראָבען די שותפות־ארבייט און דאָס שותפות־אייגענ־טהום פון די פּראָדוקטען. וואו מענשען ארבייטען ביי אַן ארבייט אַליין, פאַר זיך, בלייבט נאַטירליך די פרוכט פון זייער ארבייט זייער אייגענעם פאַר זיך. ביסלעכווייז איז עס געוואָרען דער רעגעל, אז זאַ־כען זיינען געווען דאָס פּריוואַט־אייגענטהום פון איינצעלנע. דערפון האָט געמוזט ארויסקומען אויסטויש צווישען די איינצעלנע — ווי

מיר האָבען עס שוין אויבען בעטראַכט. ביסלעכוויז איז אויף אַזאַ אופן געוואָרען די הויפּט־פּראָדוקציאָן אַ פּראָדוקציאָן פון סחורות, צום האַנדעל, ניט פון זאַכען פאַר אייגענעם געברויך.

מיט דער סחורה־פּראָדוקציאָן, מיט דער ארבייט, הייסט עס, ניט מעהר פאַר אייגענעם געברויך, נאָר פאַר דעם אויסטויש, פאַר דעם האַנדעל, מוזען די פּראָדוקטען נויטווענדיג בייטען די הענד; דאָס הייסט, די ארבייט בלייבט שוין ניט אין די האַנד פון דעם אַרבייטער, וואס האָט זי געמאַכט. ער גיט אַוועק זיין פּראָדוקט אין אויסטויש אויף אַנדערע פּראָדוקטען (אָדער פאַר געלד, כדי פאַר דעם געלד צו קויפען אַנדערע פּראָדוקטען, וואס עס איז דאָס־זעלבע); ער ווייסט אַלזאָ ניט מעהר, וואס פון זיין ארבייט ווערט. נאָך מעהר פערוויקעלט ווערט דער אויסטויש, ווען עס קומט אויף געלד און מיט דעם געלד קומט אויף דער קויפמאַן אַלס פערמיטלער צווישען די פּראָדוקציאָן. דאָ ווערט נאָך מעהר אונבעוואוסט פאַר דעם אַרבייטער וואס עס איז דאָס ענדליכע שיקזאַל פון זיין פּראָדוקט. סוחרים זיינען דאָ אַ סך און קיינער פון זיי ווייסט ניט, וואָס דער אַנדערער טהוט. די סחורות געהען דאָ שוין ניט מעהר בלויז פון האַנד צו האַנד, נאָר זיי געהען אויך פון מאַרק צו מאַרק. עס געהט ווי עס געהט זיך, ניט ווי די פּראָדוצענטען פיהרען דאָס. די פּראָדוצענטען האָבען פערלוירען די קאָנטראָל, די הערשונג איבער די גאַנצע פּראָדוקציאָן פון זייער לעבענס־קרייז. די קויפליים האָבען אויך די קאָנטראָל ניט איבערגענומען. פּראָדוקטען און פּראָדוקציאָן ווערען אונטערוואָרפען אונטער דעם צופאַל.

אָבער צופאַל איז נאָר איין זייט פון דער זאַך. די אַנדערע זייט איז נויטווענדיגקייט. דאָס הייסט, עס געהט אַזוי ווי עס מוז געהן, ווי נאַטירליכע אורזאַכען מאַכען נויטווענדיג עס זאָל געהן. אין דער נאַטור דאַכט זיך אויך אַז דער צופאַל הערשט, אַז עס פּאַסירט אַלעס צופעליג, ווי עס מאַכט זיך גראָד. אָבער היינט ווייסט מען שוין, אַז דאָס דאַכט זיך נאָר אַזוי. אין אמת'ן פּאַסירט קיין זאַך ניט אין דער נאַטור צופעליג, נאָר ווי עס מ ו ז פּאַסירען, לויט נאַטור־געזעץ. דאָס איז שוין היינט לאַנג בעוויעזען אין יעדער זאַך. און דאָס זעלבע וואָס עס איז אין דער נאַטור, איז אויך אין דער געזעלשאַפט. וואָס מעהר מען זעהט אַ רייהע געזעלשאַפטליכע פּאַסירונ־

גען ארויסקומען פון דעם קאנטראל פון דעם מענשליכען **ווילען, וועל**־**רענדיג** צו מעכטיג פאר דעם מענשליכען קאנטראל, **אריבערוואק**־**סענדיג** די מענשען איבער דעם קאפ אריבער, און עס דאכט **זיך**, אז דיעזע פאסירונגען קומען פאר ווי עס מאכט זיך גראד, **ווי דער** צופאל ברייננט דארטען — אלץ מעהר פאסירט דאס לויט **ווי עס** **מוז** פאסירען, לויט אייגענטהימליכע געזעלשאפטליכע **געזעצע**, וואס שלאגען זיך דא דורך. אזעלכע געזעצע בעהערשען **אויך די** צופעליגקייטען פון די ווארען־פראדוקציאן און פון דעם **אויסטויש**. פאר דעם איינצעלנעם פראדוצענטען און אויסטוישענדען זיינען **דיעזע** געזעצע פרעמדע מעכטע. אין אנפאנג פערשטעהט זיי קיינער **ניט**. ערשט מיט מיה מוז מען דיעזע געזעצע (די געזעלשאפטליכע **נא**־**טור**־געזעצע, דאס הייסט די כללים פון דער פאליטישער עקאנאמיע) אויספארשען און דערגרונטעווען. און ניט אלע מאל בלייבען **דיע**־**זע** עקאנאמישע געזעצע דיזעלבינע. זיי פערענדערען זיך מיט די פערשיעדענע ענטוויקלונגס־שטופען פון די ווארען־פראדוקציאן. נאר נעהמענדיג דעם סך הכל פון דער זאך, בעהערשען דיעזע געזעצע די גאנצע פעריאדע פון דער ציוויליזאציאן. און נאך היינט איז דער מענש אונטערווארפען אונטער זיינע פראדוקטען; נאך היינט ווערט די גאנצע פראדוקציאן פון דער געזעלשאפט בסך הכל גערע־געלט ניט נאך אן איבערלייגטען פלאן פון די מענשען בשותפות, נאר דורך בלינדע געזעצע (כללים), וואס שלאגען זיך דורך מיט דער געוואלט פון שטורם־ווינטען און פערפלייצונגען, און זייער סוף איז, דאס זיי ברייננען די געוויטערען פון די קריזיסען (שלעכטע געשעפ־טען), וועלכע קומען רעגעלמעסיג אין געוויסע צייטען.

מיר האבען אויבען געזעהען, ווי עס קומט א צייט, ווען דער מענש קען אויסארבייטען מעהר ווי ער בעדארף פאר זיך צום לע־בען. מיר האבען געזעהען, אז דאס קומט נאך איידער די ענטוויק־לונג איז דערגאנגען צו א גאנץ הויכע מדרגה. מיר האבען געזעהען, אז דאס קומט ארום דיזעלביגע צייט, ווען די ארבייט ווערט צו־טהיילט, דאס הייסט, ווען פערשיעדענע מענשען נעהמען טהאן פער־שיעדענע מינים ארבייט, און ווען עס קומט אויף אויסטויש. אז מען האלט שוין אזוי ווייט, אז מען האנדעלט שוין מיט סחורות און דער מענש קען שויז בעשאפען אריבער זיינע בעדירפנישען, דויערט

עס שוין מעהר ניט לאַנג, ביז מען דערגעהט דעם גרויסען „אמת“, אז דער מענש קען אויך זיין א סחורה; אז די מענשליכע קראַפט קען אויך אויסגעטוישט ווערען און פערנוצט ווערען — אז מען קען, הייסט עס, מאכען פון דעם מענשען א שקלאַף. קוים האָבען די מענשען אָנגעפאַנגען אויסצוטוישען סחורות, זיינען זיי באלד אליין אויך אויסגעטוישט געוואָרען. ווען דער מענש איז געוואָרען א הענד־לער, איז ער באלד געוואָרען אליין פערהאַנדעלט, צי די מענשען האָבען דאָס געוואָלט צי ניט.

אין דער ציוויליזאַציאָן האָט זיך די שקלאַפעריי פול ענטוויקעלט. מיט דער שקלאַפעריי איז אויפגעקומען די ערשטע שפּאַלטונג פון דער געזעלשאַפט אין צוויי קלאַסען, אין א קלאַס אויסבויטער און אין א קלאַס אויסגעבויטעטע. דיעזע שפּאַלטונג איז געבליעבען בעשטעהן אין די גאַנצע צייט פון ציוויליזאַציאָן. די שקלאַפעריי איז די ערשטע פאָרמע פון אויסבויטונג. דאָס איז די ספּעציעלע אויסבויטונגס־פאָר־מע פון די אַנטיקע וועלט. (די אַנטיקע — דאָס הייסט גאַנץ אַלטע, פאַרצייטיגע — וועלט רופט מען די וועלט פון די פאַרצייטיגע גריכען, רוימער און ז. וו. די וועלט, וואָס מאַהלט זיך אין די פאַרצייטיגע גריכישע און רוימישע שריפטען). נאָך די שקלאַפעריי קומט די לייב־אייגענשאַפט, פאַנטשיזנע אין מיטעל־אַלטער (אזוי רופט מען די צייט פון אַרום יאָהר 446 ביז אַרום יאָהר 1496 פון די קריסטליכע צייט־רעכנונג. די צייט נאָכדעם רופט מען „די נייע צייט“) און די לוין־ארבייט אין דער נייער צייט. דאָס זיינען די דריי גרויסע פאָרמען פון קנעכטשאַפט, יעדע די ספּעציעלע אייגענשאַפט פון איינע פון די דריי גרויסע צייט־טיילען פון דער ציוויליזאַציאָן: שקלאַפעריי אין דער אַנטיקער וועלט, פאַנטשיזנע אין מיטעלאַלטער, לוין־ארבייט אין דער נייער צייט. די שקלאַפעריי שלעפּט זיך תמיד נאָך נאָך די אַנ־דערע צוויי פאָרמען פון אויסבויטונג אויך, פריהער גאַנץ אָפענע שקלאַפעריי און אין די נייעסטע צייט א פערמאַסקירטע.

מיר האָבען געזאָגט, אז די ציוויליזאַציאָן הייבט זיך אָן דעמאָלט, ווען מען פאַנגט אָן צו פּראָדוצירען סחורות צום פערטוישען אָדער פערקויפען. דיעזע שטופע, די וואַרען־פּראָדוקציאָן, קומט אויף מיט פאָלגענדע עקאָנאָמישע איינפיהרונגען: 1) מיט דעם אויפקומען פון מעטאַל־געלד, און דערמיט דאָס געלד־קאַפּיטאַל, צינז און וואָכער;

2) מיט דעם אויפקומען פון קויפלייטע אלס פערמיטלענדע קלאסע צווישען די פראָדוצענטען; 3) מיט דעם אויפקומען פון פריוואט־אייגענטהום און פון היפּאָטהעקען (פעלד אלס משכון) און 4) מיט דעם אויפקומען פון שקלאפען־ארבייט אלס די הויפט־פאָרמע פון אר־בייט.

די פאָרמע פון פאמיליען־לעבען וואָס פאסט זיך אם בעסטען צו דער ציוויליזאציאָן איז די מאָנאָגאמיע, די הערשונג פון דעם מאן אי־בער דער פרוי און די איינצעל־פאמיליע אלס ווירטשאפטליכע איינ־הייט פון דער געזעלשאפט (וואָס מען מיינט מיט דעם, איז ערקלערט אויבען, זייטע 129).

דער סך־הכל פון דער ציוויליזירטער געזעלשאפט איז דער שטאאט. ער איז אימער דער שטאאט פון די הערשענדע קלאסע. ער איז דאס אין אלע צייטען, ווען נאָר עס עקזיסטירען אזעלכע צו־שטענדע וואָס קענען גילטען פאר א מוסטער. און אין אלע פאלען איז דער שטאאט אין עיקר א מאשין צו האלטען מיט איהר די אונטער־דריקטע אין די האלאבליעס.

ווייטער צייכענט זיך אוים די ציוויליזאציאָן מיט דעם, וואָס דער אונטערשיעד צווישען שטאָדט און דאָרף ווערט אין איהר שארף; דאס ווערט דער סאמע פונדאמענט פון די גאנצע געזעלשאפטליכע ארבייטס־טיילונג: די פעלד־ארבייטער שפייזען אלעמען מיט ברויט און שפייז, און די שטאָדטישע מענשען ארבייטען ביי אינדוסטריען. אויך איז א הויפט־צייכען פון די ציוויליזאציאָן דאס, וואָס אין איהר קומט אויף די איינפיהרונג, אז א מענש בלייבט דער אייגענטהימער איבער זיין אייגענטהום אויף נאָך זיין טויט אויך — מיט דעם וואָס ער קאָן לאָזען א צוואה, וואָס מיט זיין אייגענטהום זאָל זיין נאָך זיין טויט און עס מוז אזוי בלייבען. דאס איז די שארפסטע געגנערשאפט געגען די אלטע געגנטיל־איינפיהרונגען. אין אטהען איז ניט געוועזען קיין צוואה־רעכט אזש ביז סאלאָנ׳ס צייט. איז רוים איז דאס שוין פריהער איינגעפיהרט געוואָרען. ווען, ווייסען מיר ניט*). ביי די דייטשען האבען דאס רעכט צו לאָזען א צואה ווענען אייגענטהום איינ־

*) דאָ איז אין אָריגינאל א בעמערקונג, וואס קריטיקירט געוויסע בע־הויפטונגען פון לאסאל. דאס איז נאָר פאר הויך־געלערנטע.

געפיהרט די גלחים, כדי אז דער פרומער דייטש זאָל קענען אָבשרייבען זיין פערמעגען צו די קירכע און קיין זאך זאָל איהם אין דעם ניט שטערען.

מיט דיעזע גרונד־איינריכטונגען האָט די ציוויליזאציאָן בעשאַפען זאַכען אזעלכע, וואָס האָבען געמאַכט די אַלטע גענטיל־געזעל־שאַפט אונמעגליך צו עקזיסטירען. אָבער ארויסגעבראכט די אַלע זאַכען האָט די ציוויליזאציאָן דורך דעם וואָס זי האָט אויפגערודערט די שמוציגסטע נייגונגען און ליידענשאַפטען פון דעם מענשען און האָט ענטוויקעלט דיעזע שלעכטע אייגענשאַפטען אזוי שטארק, אז זיי האָבען פערשטיקט אַלע זיינע אַנדערע אייגענשאַפטען. די געמיינע תאוה צו פערכאַפען וואָס מעהר פערמעגען איז געווען די טרייבענדע נשמה פון דער ציוויליזאציאָן, פון איהר ערשטען טאָג ביז היינט. רייכקייט און ווידער רייכקייט און אָבער רייכקייט — ניט רייכקייט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, נאָר אין פערמעגען פון דעם איינצעל־נעם לומפּינען אינדיווידואום — דאָס איז געווען איהר איינציגער ציעל, וואָס האָט אַלעם ענטשיידעט. אמת, דערביי איז א שטייגענדע ענט־וויקלונג פון וויסענשאַפט און פערשיעדענע מאָל די העכסטע בליהונג פון קונסט אריינגעפאַלען דער ציוויליזאציאָן אין דער שויס אריין; אָבער דאָס איז נאָר געשעהען דארום, ווייל אָהן וויסענשאַפט און קונסט וואָלט ניט מעגליך געווען עס זאָלען בעשאַפען ווערען אזעלכע עשירות'ן, ווי אין אונזער היינטיגער צייט.

אזוי ווי דער פונדאמענט פון דער ציוויליזאציאָן איז די אויס־בויטונג פון איין קלאַס מענשען דורך אן אנדערן קלאַס מענשען, קומט דערפון ארויס, אז די גאַנצע ענטוויקלונג פון דער ציוויליזאציאָן געהט פאָר אין א ווידערשפּרוך; דאָס הייסט, אז אלץ וואָס ברענגט א טייל מענשען גוטעס, ברייגט אן אנדערן טייל מענשען שלעכטעס. יעדער פאָרטשריט פון דער פּראָדוקציאָן איז גלייכצייטיג א ריקשריט אין דער לאגע פון די אונטערדריקטע קלאַסען, דאָס הייסט פון די גרויסע מעהרהייט מענשען. יעדע טובה פאר יענע איז נויטווענדיגער־ווייזע א רעה פאר די. יעדע נייע בעפרייאונג פאר איין קלאַסע איז א נייע אונטערדריקונג פאר אן אנדערע קלאַסע. דעם שטאַרקסטען בעווייז דאפיר גיט די איינפיהרונג פון מאַשינען. וואָס זיי ברענגען פאר די ארבייטער מאַסען ווייסט היינט די גאַנצע וועלט.

און ווען ביי די בארבארען איז כמעט נאך ניט געווען קיין אונ־טערשיעד צווישען רעכטען און פליכטען, ווי מיר האבען שוין אויבען גערעדט, איז אבער ביי דער ציוויליזאציאן דער אונטערשיעד אזוי גרויס, אז אפילו דער פערשטאפּטעסטער קאפּ קען דאס בעגרייפען, דען זי גיט איין קלאס כמעט אלע רעכטע און דער אנדערער כמעט אלע פליכטען.

דאס אבער דארף אזוי ניט זיין. וואס עס איז גוט פאר הערשענדע קלאסען, דארף זיין גוט פאר די גאנצע געזעלשאפט. ביי די הערשענדע קלאסען קומט אויס, אז זיי זיינען דאס די גאנצע געזעלשאפט. אבער דעם עולם קען איינפאלען צו זיין אונצופריעדען דערמיט. דארום זעהען מיר, אז וואס ווייטער די ציוויליזאציאן מאכט פארטשריט, אלץ מעהר מוז זי מאכען אן אנשטעל פון מענשען־פריינד־ליכקייט, כדי צו בעדעקען מיט א מאנטעל פון ליעבע די צרות און עולות, וואס קומען ארויס פון איהר מיט נויטווענדיגקייט; כדי זיי צו בעשעהניגען אדער צו פערלייקענען. קורץ, זי מוז איינפיהרען א מין מאדע־פריינדליכקייט, א מין פאלשע מאסקע פון העפליכקייט, אזעלכע, ווי דאס איז נאך קיינמאל ניט געווען אין פריהעריגע געזעל־שאפטס־פארמען, אויך אין דער ציוויליזאציאן ניט, ווען זי האט זיך נאך געפונען אויף איהרע ערשטע שטופען. דעם העכסטען גראד דער־גרייכט די דאזיגע פאלשקייט, ווען זי טענה'ט, אז די אונטערדריקטע קלאסען ווערען אויסגעבויטעט פאר זייער אייגענע טובה וועגען און ווייטער גאר ניט, און אז אויב די אויסגעבויטעטע בעגרייפען דאס ניט און ווערען נאך גאר ווידערשפעניסטיג, איז דאס פון זיי די שענד־ליכסטע אונד[illegible]נקבארקייט געגען זייערע אויסבויטער, זייערע בעלי טובות.

און איצט, צום שלום, וועל איך איבערגעבען מארגאנ'ס אורטייל איבער די ציוויליזאציאן:

„זייט די מענשהייט איז אריינגעטראטען אין דער ציוויליזאציאן, איז די עשירות אזוי אונגעהייער געוואקסען און די פארמען פון רייכ־קייט זיינען געווארען אזוי פערשיעדען־ארטיג, און בענוצט ווערט עשירות אויף אזוי אונגעהייער פיעל זאכען און אבגעהיט ווערט דער רייכטהום אזוי קונציג לויט ווי עס טויג און עס לוינט זיך פאר די רייכע — אז דיזע רייכטהום איז געווארען א **געוואלדיגע**

מ א כ ט ג ע ג ע ן ד ע ם פ אָ ל ק, א מ א כ ט, וו אָ ס ד אָ ס פ אָ ל ק ק ע ן א י ה ר נ י ט ב י י ק ו מ ע ן. דער מענשליכער גייסט שטעהט ערשטוינט און געדריקט געגען די עשירות, וואָס ער אליין האָט בעשאַפען און ווייסט זיך ניט קיין עצה צו געבען, ווי צו בעשיצען זיך געגען איהר. אָבער דאָך וועט קומען די צייט, ווען דער מענשליכער פערשטאַנד וועט שטאַרקער ווערען און וועט בעהערשען דעם רייכטהום; און ער, דער מענשליכער פערשטאַנד, וועט פעסטשטעלען אין וואָס פיר א שייכות זאָל זיין דער שטאַאַט צום אייגענטהום, וועלכען ער בעשיצט, ווי אויך די גרענעצען, ווי וויים עס דארף געהן די רעכטע פון דעם אייגענטהימער. די טובה פון גאַנצען כלל מענשען איז אבסאָלוט וויכטיגער, ווי די אינטערעסען פון דעם איינצעלנעם מענשען.ביידע מוזען געשטעלט ווערען אין א שייכות פון רעכט און האַרמאָניע איינע צו אַנדערע. דאָס בלויזע יאָגען זיך נאָך רייכקייט איז ניט די ענדליכע אויפגאַבע פון דער מענשהייט, — סיידען ווען דער פאָרטשריט זאָל אין דער צוקונפט ניט מעהר גילטען, אַזוי ווי ער האָט געגאָלטען אין דער פערגאַנגענהייט. די צייט, וואָס איז פערגאַנגען זינט עס האָט זיך אָנגעהויבען די ציוויליזאַציאָן, איז נאָר זעהר א קליינער טייל פון דער צייט, וואָס עס זיינען דאָ מענשען אויף דער וועלט. און נאָר זעהר א קליינער טייל פון דער צייט, וואָס די מענשהייט האָט נאָך צו עקזיסטירען. אויב דער איינציגער ענד־ציעל פון דער געזעלשאַפט וועט ווייטער נאָר בלייבען אָנצוקלייבען רייכטהום, דאַן איז זי אין סכנה צו צופאַלען; דען אַזאַ גאַנג מוז איהר פיהרען צו פערניכטונג. און די נייע העכערע שטופע פון דער געזעלשאַפט, וואָס וועט איצט קומען, — פאַר וועלכע ערפאַהרונג, פערנונפט און וויסענשאַפט האַלטען שוין אין איין ארבייטען — דיעזע נייע שטופע פון דער געזעלשאַפט וועט איינגעפיהרט ווערען מיט דעמאָקראַטיע אין דער פערוואַלטונג, ברידערליכקייט אין דער געזעלשאַפט, גלייכהייט פון אַלע רעכטע און גוטע ערציהונג פאַר אַלע. די נייע געזעלשאַפט וועט אויפ'ם ניי אויפלעבען — אָבער אין א העכערע פאָרמע — די פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט פון די אַלטע גענטעס".

## די נייסטע וויסענשאפט וועגען ענטוויקלונג פון דער פאמיליע.

(צוגאבע פון דעם איבערזעצער.)

זייט ענגעלם האט צום לעצטען מאל ארויסגעגעבען דיעזעס בוך, זיינען אוועק איבער 25 יאהר. אין דער צייט האבען פארשער ווייטער געזוכט און געאקערט אין דער נייער וויסענשאפט און לויט נייע פאקטען, וואס זיי האבען אויסגעפונען, קומט אויס, ווי עס שיינט, אז א טייל פון מארגאן'ס און ענגעלס'עס געדאנקען איז ניט ריכטיג. די שפעטערע פארשער האבען אויך אויסגעפונען, אז די ענטוויקלונג פון דער פאמיליע איז צוגעגאנגען אביסעל אנדערש, ווי ענגעלס שטעלט דאס פאר אין דיעזען בוך.

איינער פון די גרעסטע קענער אין דיעזער פארשונג איז, ווי געזאגט, היינריך קונאוו. אין דיעזער צוגאבע וועלען מיר ערקלערען בקיצור וואס ער זאגט וועגען דעם אין זיין ביכעל „צור געשיכטע דער עהע אונד פאמיליע“, (נאוועמבער, 1912).

די ערשטע זאך איז ניט ריכטיג דאס, וואס מארגאן וויל זיך דרינגען פון די האוואאי־אינדיאנער ווערטער, — פון דעם וואס ביי זיי הייסט „פאטער“, „מוטער“, „שוועסטער“, „ברודער“.

לאמיר נאך אמאל בעטראכטען וואס מען מיינט מיט דעם:

די אינדיאנער אויף די האוואאי־אינזלען, האבען מיר געזעהען, רופען „פאטער“ ניט נאר דעם אמת'ן פאטער, נאר אויך אלע ברידער פון זייער פאטער. אזוי זיינען אויך אלע שוועסטערן פון זייער מוטער זייערע „מוטערם“. און אלע קינדער פון אלע זייערע פעטערם און מוהמעס, דאס הייסט זייערע געשוועסטערקינדער, רופען זיי ברידער און שוועסטער. אפילו גליעד־געשוועסטערקינדער אויך. האט מארגאן אנגענומען, אז דאס בעווייזט, אז אמאל האט זיך ביי דיעזע מענשען געפיהרט אזא לעבען, אז אלע די טאטעס, וועלכע זיינען געווען ברידער צווישען זיך, זיינען געווען צוזאמען די מענער פון אלע מאמעס, די שוועסטערן צווישען זיך. אלזא, זיינען זיי געווען אלע צוזאמען די „טאטעס“ פון אלע זייערע קינדער. דאס

רופט מארגאן „גרופען־עהע". און ער נעהמט אן, אז זעהר פאר־צייטענס, אויף גאר די ערשטע שטופע פון דער ענטוויקלונג פון פא־מיליען־לעבען, איז ביי אלע מענשען געווען אזא סארט גרופען־עהע.

דאס, זאגט קונאוו, האט זיך ארויסגעצייגט ניט ריכטיג.

קונאוו פרעגט אויף דעם אזא קשיא: מילא, אז די קינדער רו־פען אלע ברידער פון זייער אייגענעם טאטען „פאטער", זאגט מאר־גאן אז דאס איז דערפאר, ווייל ביי זיי ווייסט מען ניט ווער דער ריכטיגער פאטער איז, ווייל די מוטערס זיינען צוזאמען די ווייבער פון אלע מענער, וועלכע זיינען ברידער צווישען זיך. אבער ווער די ריכטיגע מוטער איז ווייסט מען דאך זיכער, אפילו ביי די וויל־דעסטע פון די ווילדע; היינט פאר וואס רופען זיי עפעס אלע שוועס־טערן פון דער מוטער אויך „מוטער"? מארגאן דענקט, אז ווייל מען ווייסט ניט ווער דער ריכטיגער פאטער איז און מען רופט אלע ברי־דער פון דעם פאטער „טאטעס", דארום טהוט מען שוין דאסזעלבע מיט די מוטערס אויך און מען רופט אלע שוועסטערן פון דער מוטער מאמעס. עס זעהט הפנים אוים, זאגט קונאוו וויציג, אז מען איז ביי די ווילדע זעהר צערטליך צו די פאטערס, מען וויל זיי ניט בעליידיגען דערמיט, אז מען זאל אויסדריקען, דאס אויף דער מאמע'ס צד איז יא אן אונטערשיעד צווישען די אייגענע מאמע און די אנדערע מו־טערס פון דער פאמיליע, ווערענד אויפ'ן טאטענ'ס צד זיינען אלע מענער פון דער פאמיליע גלייך די טאטעס. אזא צערטליכקייט, זאגט קונאוו, וואלט ביי די ווילדע געווען א מערקווירדיגקייט.

אויך, זאגט ער, איז עס אונמעגליך זיך פארצושטעלען, אז זיי מיינען ווירקליך צו רופען אלע עלטערע מענער טאטעס, אין א ו נ־ז ע ר זין פון דעם ווארט, דאס הייסט, אז זיי זאלען מיינען דערמיט די, פון ו ו ע מ ע ן מען קומט ארוים. דען ביי פיעלע ווילדע רופט מען הונדערטע מענער מיט דעמזעלבען ווארט וואס מארגאן פער־טייטשט „טאטע". קען דען זיין, אז זיי נעהמען אן, דאס איין פרוי האט איהר קינד געהאט פון אזוי פיעל הונדערטער מענער?

אבער די גאנצע מעשה איז א טעות! יענע מענשען מיינען מיט די ווערטער גאר ניט דאסזעלבע, וואס מיר מיינען מיט די ווערטער פאטער, מוטער, שוועסטער, ברידער. קונאוו ערקלערט זעהר ריכטיג, אז מענשען האבען אפט אזא טעות, ווען זיי פארשען אין פרעמדע

שפּראַכען: ווען א וואָרט אין דער פרעמדער שפּראַך בעדייטעט נאָר ט י י ל ו ו י י ז דאָסזעלבע, וואס א געוויסער וואָרט אין דער איי־גענער שפּראַך, רעדט מען זיך איין, אז עס בעדייטעט א י ן ג א נ־צ ע ן דאָסזעלבע.

איך וועל געבען אויף דעם א ביישפּיעל פון פערשיעדענע דיא־לעקטען אין אידיש.

ביי אידען אין א טייל געגענדען אין רוסלאַנד און פּוילען הייסט א „פריינד" אייגענטליך א קרוב, א בלוטס־פערוואַנדטער, מיט ווע־מען מען איז פון איין משפּחה. עס איז אמת, אויך אין דיעזע גע־גענדען רופט מען אמאָל א פרעמדען, א ניט־קרוב, אויך „מיין פריינד". אָבער דאָס איז פּונקט ווי מען רופט אמאָל א פרעמדען זאָגאר „ברו־דער", „ברודערלעבען". אזוי דריקט מען זיך אָבער נאָר אויס, ווען מען רעדט אָדער מען שרייבט צו דעם מענשען אליין. מען וועט אָבער ניט זאָגען צו א דריטען וועגען עמיצען, „דער איז מיין ברו־דער", סיידען ווען יענער איז ווירקליך א לייבליכער ברודער. אזוי אויך וועט מען אין דיעזע געגענדען ניט זאָגען צו א דריטען אויף א פרעמדען, „דער איז מיין פריינד", סיידען ווען ער איז א קרוב, פון איין משפּחה.

אין אנדערע געגענדען אָבער איז ביי אידען יעדער בעקאַנטער, יעדער חבר א פריינד. דאָרט ווען מען זאָגט „דער איז מיין פריינד", מיינט מען ניט דוקא „מיין קרוב", נאָר א בעקאַנטער, א חבר, א בעפריינדעטער מענש. אז מען וויל אויסדריקען דורכאוים א פער־וואַנדטער, זאָגט מען ניט „א פריינד", נאָר „א קרוב". אזוי איז צום ביישפּיעל, אין ווארשא. אין קיעוו, צום ביישפּיעל, הייסט „א פריינד" א קרוב פון איין משפּחה.

טאָ איז אזוי: ווען א קיעווער קומט צום ערשטען מאָל אין וואר־שא, און ער געפינט אויס, אז דאָרטען רופט מען יעדען בעקאַנטען „א פריינד", קען ער מיינען, אז די ווארשעווער זיינען אלע קרובים איינע מיט די אנדערע, אָדער אז ווייניגסטענס רעדען זיי זיך איין, אז זיי זיינען אלע פון איין משפּחה. אין אמת'ן וועט דער קיעווער דאָ האָבען א גרויסען טעות. זיין טעות וועט שטאַמען פון דעם, וואָס ער ווייסט ניט, אז דאָס וואָרט „פריינד" ביי דעם ווארשעווער בע־דייטעט ניט אין גאַנצען דאָס זעלבע, וואָס דאָס וואָרט „פריינד" ביי

די קיעווער: ביי די קיעווער בעדייטעט עס נאָר א קרוב, פון איין משפחה, ביי די װאַרשעווער בעדייטעט עס דאָס טאַקי א ו י ך, אָבער נים דאָס א ל י י ן. ביי די װאַרשעווער בעדייטעט „פריינד" י ע ־ ד ע ר וואָס איז מיר בעליבט און בעפריינדעט, צי ער איז בלוטס־פערוואַנדעט, צי ניט.

אזוי איז דאָס אויך דאָ: מאָרגאַן האָט געפונען, אז דאָס וואָס מיר רופען עלטערן, רופען יענע אינדיאַנער „מאַקוא"; וואָס מיר רו־פען פאָטער, רופען זיי „מאַקוא־קאַנע" (קאַנע הייסט מענליכער); וואָס מיר רופען מוטער, רופען זיי „מאַקוא־וואַהינאַ" (וואַהינאַ הייסט ווייבליך). האָט מאָרגאַן אָנגענומען, אז אין גרונד בעדייטען דיע־זע ווערטער דאָס איינענע וואָס די איבערזעצונגען דערפון ביי אונז: ביי אונז זיינען „עלטערן" די, פון וועמען מען איז אליין ארויסגע־קומען, און „פאָטער" איז דער, פון וועמען די מוטער האָט אונז גע־האַט, און „מוטער" איז די, וואָס האָט אונז אליין געבוירען — איז דאָסזעלבע, האָט ער געמיינט, די בעדייטונג פון די ווערטער „מאַקוא" און „מאַקוא־קאַנע" און „מאַקוא־וואַהינאַ" ביי זיי. אזוי ווי אָבער זיי רופען „מאַקוא" אלע פעטערס מיט מוהמעס אויך, האָט מאָרגאַן געמיינט, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל אַמאָל האָבען אלע פעטערס פון דעם טאַטען'ס צד ווירקליך געקענט זיין די, פון וועמען מען איז אליין ארויסגעקומען, ווייל ביי זיי האָט זיך אַמאָל געפיהרט אזא פאַמיליען־לעבען, דאָס אלע ברידער זיינען געוועז צוזאַמען די מענער פון אלע שוועסטערן.

אין אמת'ן אָבער בעדייטעט גאָר דאָס וואָרט „מאַקוא" ביי יע־נע מענשען ניט גענוי דאָסזעלבע וואָס ביי אונז דאָס וואָרט עלטערן. דאָס בעדייטעט ביי זיי עלטערן א ו י ך, אָבער נ י ט ב ל ו י ז עלטערן. ביי זיי הייסט דאָס ד י ע ל ט ע ר ע מ ע נ ש ע ן. זיי דענקען זיך דערביי גאָר ניט דוקא, אז מען איז אליין פערזענליך, פון די „מאַקוא" ארויסגעקומען. ביי זיי האָט די שפראַך ניט קיין בע־זונדערע ווערטער פאַר לייבליכען פאָטער, לייבליכע מוטער, לייב־ליכען ברודער אָדער שוועסטער. זייער שפראַך מאַכט נאָר אן אונ־טערשיעד צווישען די גאַנץ־אַלטע (באָבע־זיידעס), די אלטע (טאַטע־מאַמעס) און די יונגע. „מאַקוא" הייסט ביי זיי די אלטע. „מאַקוא־קאַנע" — א מאַן פון די אלטע. מאַקוא־וואַהינאַ — א פרוי פון די

אַלטע. און דעם אייגענעם פאָטער און די אייגענע מוטער רופט מען אויך אַזוי. דאָס איז אַלעס.

אַ שטאַרקען בעוויז דערצו ברייננט קונאָוו פון די שפּראַך פון די ווילדע מענשען פון ראָטומאַ. ביי זיי רופט מען אַלע זיידעס פון שבט „מאַפּוגאַ“, — צי אַן אייגענעם זיידען צי ניט. לויט מאָרגאַן'ס סברה, וואָלט מען דאָ אויך געדאַרפט אָננעהמען, אז דאָס בעווייזט, אַז ביי דיזע מענשען האַלט מען אַלע זיידעס פאַר א י י ג ע נ ע זיידעס, וואָס מען איז אַליין פון זיי ארויסגעקומען. נו, איז אָבער דער פאַקט, אַז אַלע זיידעס רופען וויעדער זייערע אייניקלעך אויך „מאַפּוגאַ“. קען דען דאָס צייגען, אַז די זיידעס רעכענען זיך פאַר ארויסגעקומען פון זייערע אייניקלעך? אַלזאָ, זעהט מען דאָך, אַז עס איז פאַלש צו שליסען פון אַ וואָרט אין אַ פרעמדער שפּראַך אָננעהמענדיג, אַז דאָס בעדייטעט גענוי דאָס זעלבע, וואָס אַזאַ וואָרט ביי אונז. אין אַנדערע שפּראַכען האָבען די בעדייטונגען פון די ווערטער גאַנץ אַנדערע גרענעצען ווי ביי אונז. ביי אונז הייסט אַ זיידע נאָר דער, פון וועמען מיין פאָטער אָדער מוטער איז אַרויסגעקומען. ביי יענע ווילדע אָבער הייסט „מאַפּוגאַ“ טאַקי דאָס אויך, אָבער ניט בלויז דאָס. „מאַפּוגאַ“ הייסט ביי זיי אין אַלגעמיין — אַ ק ר ו ב פ ו ן ד ר י ט ע ן ד ו ר, סיי ארויפצו (אַ זיידע), סיי אַראָפּצו (אַן אייניקעל). אַלזאָ, הייסט „מאַפּוגאַ“ אַ ריכטיגער זיידע א ו י ך; אָבער ניט ב ל ו י ז דאָס. „מאַפּוגאַ“ הייסט אויך אַן עלטער־פעטער און אויך וויעדער אַן אייניקעל און אַ גליעד־פּלימעניק.

אזוי איז עס אויך מיט די ווערטער, וואָס בעדייטען ביי די האַוואַיער „פאָטער“, „מוטער“, „שוועסטער“, „ברודער“: זיי בעדייטען א ו י ך דאָס, וואָס דיזע ווערטער בעדייטען ביי אונז, דאָס הייסט ל י י ב ל י כ ע עלטערן און שוועסטער און ברידער, אָבער נ י ט ב ל ו י ז דאָס אַליין. יענע ווערטער בעדייטען נאָר ביי זיי — א ל ע מענשען פון דעם דור פון מאַמעס מיט טאַטעס און א ל ע מענשען פון דעם קינדער־דור.

* * *

אָבער דאָס הייסט ניט, אַז מאָרגאַן האָט מיט זיינע פאָרשונגען גאָר ניט אויפגעטהאָן. מאָרגאַן האָט געמאַכט — זאָגט קונאָוו —

פאר דער וויסענשאפט א גרויסע ענטדעקונג, וואס בלייבט אייביג ניט אבצושאצען. זיין ענטדעקונג בעשטעהט ניט אין דעם, וואס ער האט אויסגעפונען, אז ביי די ווילדע מענשען געפינען זיך משונה'דיגע איינריכטונגען אין פאמיליען־לעבען און זאנדערבארע בעצייכנונגען פון קרובים־שאפט. דאס האט מען שוין געוואוסט לאנג פאר מארגאנ'ען. זיין ענטדעקונג בעשטעהט אבער אין דעם, וואס ער איז געפאלען אויף דעם געדאנק, אז דיעזע פאמיליען־איינריכטונגען זיינען ניט קיין משוגענע ווילדע איינפעלע פון די אינדיאנער, ווי מען האט פריהער געמיינט, נאר אז זיי, די דאזיגע משונה'דיגע פאמיליען־איינריכטונגען, מוזען זיין איבערבלייבונגען פון אמאליגע שטופען פון דער ענטוויקלונג פון דער פאמיליע און אז אזעלכע שטופען האבען אלע פעלקער אמאל דורכגעמאכט. „דאס איז פאר אלעם מארגאנ'ס גרויסער אויפטהו. און דיעזער אויפטהו בלייבט וויכטיג, אפילו ווען א טייל פון זיינע השערות זאלען זיך פון וויטערע פארשונגען ארויס־ווייזען אלס ניט ריכטיג. אפילו די טעות'ן פון א גרויסען קאפ העל־פען אויך אפט צום פארטשריט פון אמת“, זאגט קונאוו.

אין יאהר 1912 איז ארויס א בוך „די פאמיליע“, מיט אן איינ־לייטונג דערצו: „פארמען דער עהע“, — פון דר. פ. מיללער־ליער. דיעזען בוך ריהמט קונאוו זעהר. ער ערקלערט, אז אין דיעזען בוך איז צוזאמענגעשטעלט ריכטיג די ענטוויקלונג פון פאמיליע לויט די נייעסטע פארשונגען.

מיר וועלען איצינד דא איבערגעבען בקיצור ווי אזוי דיעזע נייע פארשונג שטעלט פאר, אז די פאמיליע האט זיך ענטוויקעלט:

גאר פון אנפאנג האבען מענשען ארומגעוואנדערט אין „סטא־דעס“, אין וואנדערענדע גרופען. מייסטענס זיינען זיי בעשטאנען פון 50—60 אין א גרופע, אמאל אויך ביז 100.

דער מענש איז פון דער נאטור סאציאל, דאס הייסט, ער קען ניט לעבען אליין, ער מוז לעבען צוזאמען מיט נאך מענשען. אויך איז ער פון דער נאטור פאליגאמיש, דאס הייסט, ער האט ניט קיין בעדירפנים אז איין מאן זאל בלייבען צוזאמען מיט איין ווייב.

אין גאר די ערשטע מענשען־סטאדע, אין די וואנדערנדע גרופע, — „הארדע“ ווערט דאס אנגערופען — איז אין אנפאנג געווען גאר א פרייער געשלעכטס־פערקעהר — וואס מען רופט „פראמיסקואיטעט“.

דאָס הייסט, עס איז ניט געווען קיין שום מאָראַל־געבאָט וועגן דעם צוזאַמען־לעבען פון מענער מיט פרויען, אפילו נאָהענטע קרובים. היינט געפינט מען שוין אין ערגעץ ניט אזא סאָרט לעבען, אפילו ניט ביי די ווילדע מענשען וואָס שטעהען נאָך אויף די ניעדעריגסטע שטו־פע. אָבער פערשיעדענע פאַקטען און סמנים ציינען, אז גאָר אין אָנפאַנג האָט זיך אזוי געפיהרט. און אפילו אזא צושטאַנד, — זאָגט מיללער־ליער (און קונאָוו שטימט צו דערצו) — אפילו אזא צושטאַנד האָט אויך געמוזט דורכמאַכען אן ענטוויקלונג. אזא צושטאַנד האָט מסתמא אָנגעהאַלטען ביי מענשען הונדערט טויזענדער יאָהרען, און אזוי לאַנג האָט דער צושטאַנד ניט געקענט בלייבען גאָר אָהן שום ענדערונג; אויך קען ניט זיין, אז מיט איינמאָל זאָלען די מענשען האָבען געמאַכט אַ שפּרונג פון אזא צושטאַנד צו די איינריכטונגען פון פאַמיליען־לעבען, אויף וועלכע מען געפינט נאָך היינט אַ טייל נאַטור־פעלקער, די וועלכע שטעהען אויף די ניעדעריגסטע שטופע פון אַלע עקזיסטירענדע ווילדע, וועלכע מיר וועלען ווייטער שילדערן. אויך גאָר אין די ערשטע צייטען פון דער מענשליכער ענטוויקלונג האָבען די מענשען ביסלעכווייז פערבעסערט זייערע ווערקצייגען און געוועהר; זעהר לאַנגזאַם, אָבער דאָך פערבעסערט. און דערמיט, מיט דיעזע פערבעסערונג פון די ווערקצייגען, האָט זיך אויך פּאַמעלאַך, ביסלעכווייז, געמוזט ענדערן דאָס צוזאַמענלעבען. מיללער־ליער רע־בענט (זיכער קען מען ניט וויסען), אז אין יענעם גאָר ערשטען צו־שטאַנד פון דער מענשהייט געפינען זיך דריי שטופען.

1) גאָר־גאָר פון אָנהויב לעבט מען ווי די חיות אין האָרדעס (סטאַדעס), אָהן שום אָרגאַניזאַציאָן.

2) מיט דער צייט ווערט די האָרדע איינגעטיילט אין טיילען, לויט נאָך די יאָהרען: די אַלטע לייט ווערען אַ בעזונדערע אבטיילונג, ווי אבטיילונג פון די „באָבע־זיידעס“; די מיטעל־יעהריגע מענשען ווערען אַ בעזונדערער טייל — די „טאַטע־מאַמעס“ — און די קינדער אַ בעזונדערער. און די מענער פון איין אבטיילונג פּאָרען זיך נאָר מיט די פרויען פון זייער אבטיילונג, ניט פון אן אַנדערער.

3) ביי ווייטערע ענטוויקלונג קומט עס דערצו, אז „מען קלייבט זיך צו“; דאָס הייסט, געוויסע מענער מיט געוויסע פרויען קלייבען

זיך אָב צו לעבען צוזאַמען — ניט אויף אייביג דוקא, עס קען זיין בלויז אויף אַ שטיקעל צייט.

ווי אַזוי קומען פאָר דיעזע ענדערונגען? די ערשטע זאַך, קומט געטירליך אַ צייט, ווען די ענטוויקלונג שיידעט אָב די אַלטע פון די יונגע און די יונגע פון די קינדער. ווען עס ענטוויקעלט זיך די נע־וועהר — ווארף־שטיינער, שפיעזען, פיילען־בויגען — צום קריעג מיט אַנדערע האָרדען און צו דער יאגד אויף חיות, — דאַן קומט אַמאָל אַ צייט, ווען צו דיעזע ארבייט טויגען זיך אַם בעסטען די דערוואַקסענע יונגע און די שטאַרקע. פאַר געבען עצות, וויעדער, און פאַר ווייזען אַ וועג ווי מען זאָל זיך פיהרען, לויט אַלטע הייליגע מנהגים, טויגען זיך אַם בעסטען די אַלטע לייט. גאָר די יונגע אָבער, די קינדער, טויגען נאָך צו גאָר ניט. לויט נאָך דיעזע נאַטירליכע איי־גענשאַפטען קומט דאָס מסתמא פאָר אָט די ערשטע איינטיילונג צווי־שען מענשען: 1) די קינדער, 2) די יונגע דערוואַקסענע, 3) די אַלטע. און די מענער און פרויען פערקעהרען נאָך צוזאַמען אין זייער איינענער אבטיילונג.

מיט דער וויטערער ענטוויקלונג קומט ארויס אַ געוויסע אר־בייטס־טיילונג צווישען מענער און פרויען: דער דערוואַקסענער פרוי פאַלט צו קודם די השגחה אויף די קינדער, זיי צו זויגען, טראָגען, היטען. וויטער ווערט אַ געוואוינהייט, אַז ווען זיי וואַנדערן, שלע־פען די פרויען אויף זיך די ביסעל בעבעבעס וואָס זיי פערמאָגען דאַר־טען. אויך ווערט אַ געוואוינהייט, אַז די פרויען קלייבען קרייטיכער, וואַרצלען און אַלערליי געוויקסען און בראָטען זיי; די מענער וויעדער געהען אויף יאַגד, שינדען אָב די געכאַפּטע בהמות און חיות און גריי־טען צו דאָס פלייש צום עסען. פון די דאָזיגע טיילונג פון ארבייט צווישען מענער און פרויען קומט ארויס, מיט דער צייט, אַז מענער קלייבען זיך צו פרויען און פרויען מענער און זיי לעבען אַ צייט צו־זאַמען. ניט ווענען ליעבע בעדאַרפען זיי דעמאָלט דאָס צוזאַמען־לע־בען: ביי דיעזע ניעדעריגע שטופע קוקט מען נאָך ניט ווער מיט וועמען עס האָט געשלעכטס־פערקעהר. נאָר מען פּאָרט זיך אויף אַ לייגגערען צוזאַמען־לעבען צוליעב דעם, אַז זיי זאָלען זיך ארויס־העלפען איינע די אַנדערע, אַז ער זאָל טהאָן פון איהרעטוועגען די מענערשע ארבייטען און זי פון זיינעטוועגען די ווייבערשע.

* * *

אלזא, דער ערשטער גרויסער פארטשריט אין דער ענטוויקלונג פון דער פאמיליע בעשטעהט אין דעם — זאגט מיללער־ליער — דאס עס ווערט א מנהג, אז מענער און פרויען פאארען זיך נאר אין זייער אייגענער אבטהיילונג פון די דריי אבטהיילונגען לויט אלטקייט. דאס הייסט עס ווערט פערבאטען פאר די מענער פון איין אבטיילונג פון די דריי צו האבען געשלעכטס־פערקעהר מיט די פרויען פון אן אנדער אבטיילונג.

דאס איז דער ערשטער שריט אויף דעם וועג פון פערבאט פון געשלעכטס־פערקעהר צווישען קרובים. אויף דיעזע ערשטע שטופע געפינען זיך אלע פעלקער, וואס לעבען נאך פון יאגד און וויסען נאך ניט פון פעלד־ארבייט און פון האדעוועןן בהמות. אזא פערבאט גע־פינט מען ביי די ווילדע אין אויסטראליען, ביי די בושמענער, ביי די קליינע מענשען אין צענטראל־אזיען, ביי די וועדא מענשען אין צײ־לאן און פיעלע אנדערע.

דער אמת איז, אז ביי אלע דיעזע מענשען, אפילו ביי די ניעדער־רינסטע, געפינט מען שוין היינט אויך נאך וייטערע פערבאטען פון געשלעכטס־פערקעהר צווישען קרובים, — חוץ דעם פערבאט צווישען מענשען פון פערשיעדענע אלטערס־שטופען. א טהייל פון זיי זיינען שוין דערגאנגען נאך וייטער, זיי זיינען שוין איינגעטיילט אין טאָ־טעמס; יעדער מענש געהערט צו א געוויסען טאטעם, א משפחה, וואס רופט זיך מיט א געוויסען נאמען פון א חיה אדער געוויקס; און ביי זיי איז שוין איבערהויפט פערבאטען חתונה צו האבען פון דעם אייגענעם טאטעם, ניט בלויז פון דעם אייגענעם אלטערס־קלאס. וואו עס איז שוין דא דיעזע איינטיילונג פון מענשען, לויט טאטעמס, און דיעזער פערבאט, דארט זעהט זיך שוין ניט אן די איינטיילונג אין די דריי קלאסען לויט די אלטקייט און דער פערבאט פון געשלעכטס־פערקעהר צווישען די אלטערס־קלאסען. אבער אז אמאל איז ביי זיי אלע בעשטאנען דיעזע איינטיילונג און דיעזער פערבאט, קען מען היינט ארויסזעהן ביי א טייל ווילדע פעלקער, וואס האבען נאך קיין טאטעמס ניט, כאטש זיי האבען שוין מאנכע אנדערע פערבאטען פון געשלעכטס־פערקעהר.

אט ווי עס פיהרט זיך, צום ביישפיעל, ביי די קורנאי־מענשען,

— די נעגערס אין אויסטראַליען: יעדע האָרדע (סטאַדע) איז ביי זיי איינגעטיילט אין דריי קלאַסען, לויט די יאָהרען, לויט ווי אַלט א מענש איז.

1) צו די ערשטע קלאַסע געהערען די ניט־דערוואַקסענע. די מענער געהערען צו דיעזע קלאַסע ביז עס הייבט זיי אָן צו וואַקסען א באָרד. די מיידלאַך ביז א יאָהר אָדער צוויי נאָך דעם ווי זיי קריגען די „מאָנאַטליכע“.

2) צו די צווייטע קלאַסע געהערען די דערוואַקסענע. זיי בלייבען אין דיעזע קלאַסע ביז זייערע קינדער קומען שוין אַריין אין דיעזער אבטיילונג, אָדער ביז זיי קריגען געוויסע סמנים פון אַלטקייט (מענער לערך צו 40 אָדער 45 יאָהר, פרויען ביז ארום 35). דאַן געהען זיי איבער אין

3) דריטע קלאַסע, צו וועלכע עס געהערען אַלע עלטערע מענשען.

דער איבערגאַנג פון א יונגערע אבטיילונג אין אַן עלטערע קומט פאָר מיט געוויסע צערעמאָניעס און אויספּרופונגען. ביי א טייל ווילדע פעלקער אין אויסטראַליען געדויערט דער איבערגאַנג עטליכע יאָהר און די צערעמאָניעס זיינען אָפט פערבונדען מיט שמערצען. בעזאָנדערס מוזען דורכמאַכען שווערע און שמערצליכע צערעמאָניעס די יונגע מענשען, וואָס ווילען איבערגעהן אין די קלאַסע פון די דערוואַקסענע. ביי א סך ווילדע פעלקער מוזען זיי זיך דערביי לאָזען מל זיין; ביי א טייל מאַכט מען דערביי נאָך א פיעל גרעסערען שניט; ביי א טייל שניידט מען איין געוויסע פיגורען אין די הויט; ביי אַנדערע האַקט מען אוים געוויסע צייהן; ביי אַנדערע לעכערט מען די מיטעלסטע הויט אין דער נאָז און מען הענגט אָן א נאָז־רינג. ווער עס איז בעקאַנט מיט די מנהגים פון אַזא שבט, דער דערקענט שוין לויט דיעזע צייכענס אויף יעדען מענשען, צו וועלכען אַלטערס־קלאַס ער געהערט.

אויך די פרויען האָבען עהנליכע צערעמאָניעס דורכצומאַכען ביים איבערגאַנג פון איין אַלטערס־קלאַס צום אַנדערען.

און ביי זיי איז שטרענג פערבאָטען דער געשלעכטס־פערקעהר צווישען מענער און פרויען פון פערשיעדענע אַלטערס־קלאַסען. די פון דער ערשטער קלאַס, די קינדער, זיינען נאָך איבערהויפּט ניט

דערוואקסען צו קיין געשלעכטס-פערקעהר. פון זיי רעדט מען ניט. אבער מיט די אנדערע צוויי קלאסען איז אזוי: א מאן פון דער מי-טעלער קלאס קען נאר האבען געשלעכטס-פערקעהר מיט א פרוי פון דער מיטעלער קלאס; א מאן פון דער קלאס פון עלטערע מענשען קען נאר הייראטהען מיט א פרוי פון דער אייגענע קלאס.

פון וואנען איז עס געקומען צו אזא פערבאט ביי אזוי פיעל פערשיעדענע פעלקער, וואס האבען קיין שום פערבינדונג מיט אנאנדער ניט געהאט? דאס איז ניט מעגליך היינט צו דערגעהן. עס קען זיין, אז דאס איז געקומען פון דעם, וואס מען האט געזעהען, אז ווען מאן און ווייב זיינען שטארק פערשיעדען אין אלטקייט, האבען זיי ס'רוב קיין קינדער ניט. אדער אפשר איז עס געקומען פון דעם, וואס די יונגע מענער האבען אליין געוואלט האבען די יונגע פרויען און הא-בען דארום די עלטערע מענער ניט צוגעלאזט צו זיי און דערפון איז עס געווארען מיט דער צייט אזא מנהג. סיי ווי סיי, געווען איז אזא מנהג געוויס ביי אלע ווילדע פעלקער אין אלע טיילען וועלט. דען ביי זיי אלע געפינט זיך די איינטיילונג אין דריי אלטערס-קלאסען.

אלע פון די קינדער-אבטיילונג רופען אלע מיטגליעדער פון די מיטעל-קלאסע „טאטע מאמע" און אלע מיטגליעדער פון די עלטסטע קלאסע — „באבע זיידע". און פערקעהרט וויעדער: אלע מיטגליע-דער פון די עלטסטע אבטיילונג רופען די פון דער מיטעלסטער זייערע „קינדער" און די פון די יונגסטע קלאס רופען זיי זייערע „אייניקלעך". און די מיטגליעדער פון איין אבטיילונג רופען זיך אלע איינע די אנ-דערע שוועסטער און ברידער. ס'הייסט מיר איבערזעצען דאס מיט אונזערע ווערטער „טאטע", „מאמע", „קינדער", „שוועסטער", „ברי-דער".; אין אמת'ן הייסען דיעזע ווערטער ביי זיי ניט דוקא לייבליכע טאמע, מאמע און שוועסטער און ברידער, נאר אין אלגעמיינען מענ-שען פון דעם העכערען סארט און אלטערס-קלאס ווי מען איז אליין און מענשען פון דעם ניעדעריגערען סארט און מענשען פון דעם איי-גענעם סארט. ביי יענע מענשען דריקען די דאזיגע ווערטער אויס ניט די בעציהונגען פון בלוט-פערוואנדשאפט, נאר די געזעלשאפט-ליכע בעציהונגען, די אלטער-קלאסען.

דאך איז ריכטיג וואס מארגאן בעהויפטעט, אז איידער עס קומט אויף די פאמיליע, איז איינגעפיהרט א גרופען-עהע. נאר מען דארף

אונטער דעם וואָרט „גרופּען־עהע“ ניט פערשטעהן א שותפות־היי־ראטה פון א גאַנצע גרופּע מענער מיט א גאַנצע גרופּע ווייבער. „גרופּען־עהע“ איז געווען אין דעם זין, אז עס זיינען ניט געווען קיין בעזאָנדערע פאַמיליען פון איין מאַן מיט איין ווייב אויף אייביג. עס איז מעגליך, אז אפילו שוין אויף די ניעדריגסטע שטופע האָבען זיך אָפּט פעראייניגט א מאַן מיט א ווייב און זיך געהאַלטען צוזאַמען מאָנאַטען און אפשר אויך יאָהרען. אָבער דערפון איז נאָך ניט גע־וואָרען שטענדיגע בעזאָנדערע אָרגאַניזאַציאָנען. ווען אזעלכע איינ־צעל־פאַמיליען וואָלטען געווען שטענדיגע בעזאָנדערע אָרגאַניזאַציאָ־נען, וואָלט ניט געקענט שפּיעלען אזא הויפּטראָלע די איינטיילונג אין דריי אַלטערס־קלאַסען. דער פאַקט איז, אז ביי אזעלכע סאָרט מענ־שען איז ניטאָ קיין בעזונדער וואָרט פאַר אייגענעם מאַן און אייגענע ווייב. אַלע מענער און ווייבער פון איין אַלטער קלאַס אין דער האָרדע רופען זיך מיט א וואָרט וואָס בעדייטעט אייגענטליך „מענש פון מיין אייגענעם אַלטערס קלאַס“. דיעזע איינטיילונג אין אַלטערס־קלאַסען שפּיעלט דאַן די וויכטיגסטע ראָלע. דאָס הייסט ניט אז אַלע מאַנס־פּארשוינען פון איין אַלטערס קלאַס „זיינען“ בשותפות די מענער פון אַלע ווייבער פון דעם זעלבען אַלטערס־קלאַס, נאָר דאָס הייסט, אז יעדער מאַן  ק ע ן  ז י י ן  דער מאַן פון יעדע ווייב פון זיין אַלטערס קלאַס. פון אַן אַנדערן אַלטערס קלאַס טאָר ער קיין ווייב ניט נעהמען (היינט קען אן אַלטער מאַן, וואָס האָט געלד, חתונה האָ־בען מיט א יונגע מיידעל. דאָס איז „ציוויליזירט“. ביי די ווילדע איז אזא פּאָאָרען־זיך שטרענג פערבאָטען).

* * *

א שריט ווייטער אין דער ענטוויקלונג נאָכדעם איז די איינ־פיהרונג פון „עקסאָגאַמיע“; דאָס הייסט, אז מענער טאָרען ניט האָ־בען קיין געשלעכטס־פערקעהר מיט ווייבער פון זייער אייגענעם שטאַם. אָדער האָרדע, נאָר דוקא מיט פרעמדע, פון א פרעמדע האָרדע. כאַ־פּען ווייבער פון א פרעמדען שטאַם איז איינגעפיהרט ביי זעהר פיעל פעלקער. און איבערבלייבונגען פון דיעזען מנהג געפינען זיך ביי נאָך פיעל מעהר פעלקער, אויף אַלע עקען פון דער וועלט.

פערבאָטען איז דער געשלעכטס־פערקעהר צווישען שטאַם פרעמ־דע קיינמאָל ניט געווען. ביי מלחמות האָט מען פון אייביג אָן גע־

כאפט מיידלעך פון דעם שונא'ס לאגער און דער וואס האט איינע געכאפט, האט זי געהאלטען פאר „זיינע“, ווי לאנג ער האט געוואלט. צו האבען אזא „פרעמדע“ פאר „א ווייב“ איז געווען בעקוועמער, ווי „אן אייגענע“. ווייל אן אייגענע האט געקענט ברוגז ווערען און שליסען א פערבינדונג מיט אן אנדערן מאן פון דער אייגענער הארדע און אלטערס־קלאס. די פרעמדע אבער איז געווען געבונדען צו דעם, וואס האט זי געפאנגען. דאס האט מסתמא געהאלפען פיהרען דערצו, אז מען זאל אין גאנצען שוין ניט האבען קיין געשלעכטס פערקעהר צווישען „אייגענע“, דאס הייסט פון אייגענעם שטאם אדער הארדע. שווער צו קריעגען מיט וועמען צו פערקעהרען צווישען אייגענע איז דאך שוין געווען דורך דעם, וואס עס איז געווען פערבאטען א פערקעהר צווישען פערשיעדענע אלטערס־קלאסען.

לאמיר אננעהמען, זאגט קונאוו, אז אין א הארדע געפינען זיך 60 נפשות. דאס וועט הייסען, אז אין די העכסטע אלטערס־קלאסע, ביי די „באבע־זיידעס“, זיינען דא 15 נפשות, אין די מיטעלע 20 און ביי די אינגסטע 25. אלזא, געפינען זיך אין דער מיטעלער קלאסע ניט מעהר ווי ארום 10 פרויען. ווען א בחור פון די אינגסטע קלאסע ווערט אריינגענומען אין די מיטעלע קלאסע, געפינט ער אלע ווייבער פערנומען. דען מיט דער צייט האט מען זיך צוגעוואוינט צו פארען זיך אויף א שטיקעל צייט. מיט א מיידעל פון זיין פריהעריגע אינגערע קלאסע טאר ער קיין געשעפטען ניט האבען. (און די ווילדע מענשען היטען זייערע מנהגים זעהר שטרענג.) איז דעם יונגען מאן נאר געבליעבען ארויסצוגעהן פאנגען א מיידעל פון א פרעמדער הארדע. אז ניט, האט ער זיך געמוזט איינבעטען ביי זיינעם א קלאס־„ברודער“ ער זאל איהם ערלויבען צו זיין, אויף א צייט, א „מיט־מאן“ צו זיין ווייב. אזעלכע „מיט־מענער“ געפינט מען כמעט ביי אלע שטאמען פון די ווילדע אין אויסטראליען.

א ווייב מוז יעדער דערוואקסענער ביי זיי האבען. ניט ווייל ער האט חשק צו א ווייב, נאר ווייל זייער ארט לעבען איז אזוי, אז א מאנספערשוין קען אהן א ווייב ניט אויסקומען. יענע ווילדע אין אויסטראליען האלטען אין איין ארומוואנדערן. ביים וואנדערן טראגען די ווייבער די ביסעל בעבעכעס וואס זיי האבען דארטען. א מאנספערשוין ביי זיי וואלט זיך בעגראבען פאר חרפה, ווען ער וואלט גע־

טהאָן די אַרבייט פון ווייבער. און ער וואָלט דאָס גאָר ניט געקענט. ער האָט עפּעס אַנדערש צו טהאָן.

דען וואַנדערנדיג, יאָגען זיך די יונגע מענער נאָך חיות, צו כאַפּען זיי, אַז זיי זאָלען האָבען וואָס צו עסען. די ווייבער, די קינדער און די אַלטע, וואָס קענען שוין ניט מעהר געהן אויף יאַגד, וואַנדערן פאַמעלעך און רייסען קרייטיכער, וואָרצלען, יאַגדעס און קלייבען אויף ווערימלעך, זשוקלעך א. ז. וו. צום עסען. די יונגע מענער לויפען דאַן אַרום אין די וועלדער, אָפט ווייט פאָראויס פון די מחנה, און יאָגען זיך נאָך חיות. דערנאָך קומען זיי זיך אַלע צוריק צוזאַמען אויף אַן אָרט, וואו זיי רוהען. קיין פייל־און־בויגען האָבען די אויסטראַליער נאָך ניט. זיי כאַפּען חיות מיט געשיקטקייט; זיי קריכען זיי נאָך און שטעלען זיך אַרום זייערע נאָרעס און בעהעלטענישען. ביי אַזא אַרבייט מוזען זיי האָבען פרייע, לײדיגע הענד. זיי טאָרען ניט זיין בעלאַדעוועט מיט זייערע זאַכען. דאַרום מוז יעדער פון זיי האָבען אַ „זי“, וואָס זאָל איהם נאָכטראָגען זיינע פּעקלעך.

כאַפּען אַ ווייב פון אַ פרעמדע האָרדע האָט דאַרום געהייסען כאַפּען אַ שקלאַפין, אָדער בעסער, אַ רעכטע האַנד פאַר זיך. דאָס איז מסתמא געוועז איינע פון די אורזאַכען, וואָס האָבען געפיהרט צו „עקסאָגאַמיע“, דאָס הייסט צו דעם מנהג, אַז אַ ווייב מוז מען נעהמען דוקא נאָר פון אַ פרעמדען שטאַם.

קונאָוו זאָגט אָבער, אַז ער מוז ערקלערען, דאָס די גאַנצע אורזאַכע פון „עקסאָגאַמיע“ ווייסט מען נאָך ניט. „עס איז אַ סך בעסער אָפען מודה צו זיין, אַז מען ווייסט ניט, איידער אויסצוטראַכטען בויך־סברות, אָפט אָהן גרינדליכע קענטניס פון דעם לעבען פון די נאַטור־פעלקער“.

אַ טייל פאָרשער ערקלערען, אַז די עקסאָגאַמיע איז געקומען פון דעם, וואָס מען פלעגט טויטען ניי־געבוירענע מיידלעך. דאַרום זייענען אין אייגענעם שטאַם ניט געוועזען גענוג ווייבער, האָט מען געמוזט פאַנגען ווייבער פון פרעמדע שטאַמען. עס איז אמת, אַז ביי די ווילדע טויטעט מען אָפט קינדער. בעזאָנדערס ווען אַ פרוי האָט אַ קליין קינד און עס ווערט געבוירען נאָך אַ קינד. עס איז אונמעגליך, אַז אַ פרוי זאָל נאָך שלעפּען אויף זיך צוויי קינדער צוזאַמען מיט איהרע בעבעכעס. אָבער ניט דוקא מיידלעך טויטען זיי. זיי טויטען אינג־

לעך אויך, כאָטש אָפּט האָבען ביי זיי אײנגלעך א גרעסערע ווערדע. עס טרעפט אפילו, אז אין אַ האָרדע זיינען גאָר דאָ מעהר פרויען ווי מענער. דאָס קומט דערפון, וואס ביי די שלעגערייען צווישען די האָרדען ווערען געטויטעט נאָר מענער. די אײנגלעך כאָפּט מען און מען עסט זיי אויף. די מיידלעך און ווייבער בלייבען גיבער לעבען.

עס זיינען דאָ, אמת, אזעלכע ווילדע מענשען, ביי וועלכע עס גע־פינען זיך וויינינער פרויען ווי מענער. אָבער ביי אזעלכע רויבט מען דוקא ניט קיין פרויען פון פרעמדע שטאַמען, נאָר עס איז ביי זיי איינגעפיהרט „פּאָליאַנדריע“, דאָס הייסט מעהרערע מענער בע־נוגען זיך אַלע מיט איין ווייב.

אַן אַנדערע מיינונג איז, אז פון נאַטור האָבען מענשען ניט ליעב צו פערקעהרען געשלעכטליך מיט אַזעלכע, מיט וועלכע זיי זיי־נען צוזאַמען אויפגעוואַקסען פון קינדוויַיז אויף, און אז דאָס איז די אורזאַכע, פאר וואס ביי אזוי פיעל ווילדע פעלקער איז ענטשטאַנען עקסאָגאַמיע.

אָבער דער פאַקט איז דאָך, ווי עס איז אָהן צווייפעל בעוויעזען, אַז ניט פון אייביג אָן איז געווען איינגעפיהרט עקסאָגאַמיע. מסתמא הונדערט־טויזענדער יאהרען איז ביי אַלע מענשען געווען איינגע־פיהרט „ענדאָגאַמיע“ (מען האָט גענומען ווייבער פון איינענעם שטאַם). היינט ווי אזוי איז עפּעס פּלוצלונג געבוירען געוואָרען אין מענשען אַן אינסטינקט, אז זיי זאָלען ניט ליעב האָבען צו פערקעה־רען געשלעכטליך מיט „אייגענע“? וואס איז געווען די אורזאַכע פון דער ע נ ד ע ר ו נ ג אין דעם אינסטינקט?

ווידער אַן אַנדער מיינונג האָבען דאַרוויניסטישע געהנאָלאָגען. זיי דענקען, אז די ווילדע מענשען האָבען אויסגעפונען, אז ווען טאַטע־מאַמע זיינען פון איין שטאַם, זיינען די קינדער שוואַכע און זיי שטאַרבען גיכער. דארום האָבען זיי זיך איינגעפיהרט צו נעהמען וויי־בער פון אַ פרעמדען שטאַם און ניט פון אייגענעם. דאָס איז אָבער אויך קיין ערקלערונג ניט. אמת, פון געמישטע חתונות קומען ארויס שטאַרקערע און פעהיגערע קינדער. אָבער דאָס ערקלערט וויַיטער ניט, ווי אזוי איז דאָס געקומען, אז איינמאָל האָבען די ווילדע דאָס אויסגעפונען, ווען פיעלע טויזענדער יאהרען פריהער האָבען זיי ניט

געקוקט אויף דעם און האָבען דוקא זיך געפּאָרט נאָר אין אייגענעם שבט?

אמת, עס איז אַ פאַקט, אַז ווילדע גלויבען, אַז עקסאָגאַמיע איז ביי זיי אַ געבאָט פון זייערע אבות, אָדער פון זייערע געטער; אַז לויט דעם געבאָט איז זינדיג פאַר מענער און ווייבער פון איין שטאַם צו האָבען געשלעכטס־פערקעהר צוזאַמען און אַז אויב מען טהוט דאָס, ווערט מען געשטראָפט, אַז קינדער ווערען געבוירען שוואַך און שטאַרבען יונגערהייט. אָבער ניט דער דאָזיגער גלויבען האָט דאָס געמאַכט זייער עקסאָגאַמיע, נאָר פערקעהרט, דאָס קומט ערשט ארויס פון דעם מנהג פון עקסאָגאַמיע: ווען אַ סאָרט ווילדע האָבען זיך אַ לאַנגע צייט געפיהרט עקסאָגאַמיש, — ווען זיי האָבען נאָר זיך געפּאָרט מיט פרעמדע, ניט פון אייגענעם שטאַם, — און עס איז געוואָרען ביי זיי אַ שטאַרקער מנהג, און עס איז געוועזען פערגעסען, פון וואַנען דאָס האָט זיך גענומען, האָבען זיי זיך ערקלערט, אַז אַזוי איז אַ הייליגער געבאָט פון זייערע אבות אָדער געטער און אַז ווען מען זינדיגט געגען דעם, שטאַרבען די קינדער. עס איז אַלע מאָל אַזוי, ביי אַלע מענשען: מנהגים קומען ארויס ניט פון געוויסע געדאַנקען און גלויבונגען, נאָר פון נאַטירליכע און געזעלשאַפטליכע אומשטענדען; און ערשט ווען מנהגים בעשטעהען שוין אַ צייט, טראַכט מען צו אויף זיי טעמים פון גלויבען.

פון וואָס, אַלזאָ, איז ארויסגעקומען עקסאָגאַמיע? פון וואַנען האָט עס זיך גענומען, וואָס ביי אַזוי פיעל פערשיעדענע ווילדע מענשען, אין אַלע עקען וועלט, איז געוואָרען אַ מנהג, אַז מען טאָר זיך ניט פּאָרען אין אייגענעם שבט, נאָר דוקא פון פרעמדע שבטים? דאָס קען דערוויילּ מיט זיכערהייט ניט ערקלערט ווערען. אָבער וואָס מען קען יאָ וויסען זיכער איז, וואָס פון דיעזען מנהג איז ארויסגעקומען. דאָס ווייסט מען היינט פון פאַקטען, וואָס מען האָט אויסגעפאָרשט, פון דעם לעבען פון פערשיעדענע ווילדע. און אָט וואָס דיעזע פאַקטען צייגען:

אַזוי ווי עס ווערט איינגעפיהרט, אַז מען טאָר ניט נעהמען קיין ווייב פון אייגענעם שטאַם, קומט דערפון ארויס, אַז ווייבער כאַפּט מען און מען רויבט און מען גנב'עט זיי פון פרעמדע שבטים. שפּעטער, ווען שבטים שליסען פריעדען און זיי בערויבען זיך ניט מעהר

איינע די אנדערע, בייטען זיי זיך מיט די מיידלעך: איינער פון איין שבט גיט אוועק א „שוועסטער" פאר א ווייב צו איינעם פון אן אנדער שבט, דערפאר גיט איהם יענער זיינע א „שוועסטער" פאר א ווייב.

איז די מיידעל פון איין צד ווייניגער „ווערטה" ווי די מיידעל פון אנדערען צד, לויט ווי עס קומט ביי זיי אויס, מוז דער, וואס האט די „ביליגערע" שוועסטער, „צוצאהלען" מיט עטליכע פעלכלעך פון חיות, מיט עטליכע ווערקצייגען פון שטיין, עטליכע שפיזען און אזוי ווייטער. מיט דער צייט, ווען מען ווערט „רייכער", קומט דערפון ארויס א מנהג, אז מען קויפט אין גאנצען א ווייב ביי א פרעמדען שטאם: מען בעצאהלט פאר איהר מיט א קוה, איינינע קעלבלעך, אדער מיט וואס עס איז. (אויך פאר אבארבייטען ביי איהר שטאם, ווי יעקב האט געארבייט 7 יאהר ביי לבן'ען פאר זיין טאכטער.)

אט ווי מיללער־ליער ערקלערט דיזע ענטוויקלונג זעהר ריכטיג:

דער ערשטער שריט, צו וועלכען עס פיהרט די עקסאגאמיע, איז פרויען־רויב. אבער דאס קען ניט עקזיסטירען אייביג. ניט אלע מאל קען מען רויבען א מיידעל פון א פרעמדען שטאם. אפט איז עס א סכנה, מען קען זיך א פינסטער יאהר אויסריכטען דערביי פון איהרע ברידער. און אז עס געראטה, בלייבט אויך א שנאה צווישען די צוויי שטאמען און עס ווערט צווישען זיי אן אייביגע בלוטיגע מחלוקות. אויסערדעם, קען יענער שטאם אבצאהלען און ווידער קר־מען גנב'ענען די מיידלעך פון ד ע ם שטאם. דעריבער איז נא־טירליך, אז עס זאל צווישען שכנים־שטאמען מיט דער צייט קומען צו פריעדליכע אבמאכונגען, אז זיי זאלען זיך בייטען מיט זייערע מיידלעך.

וואהרשיינליך האבען זיי שוין וועגען אנדערע אייגענטהום פריהער געהאט אבגעמאכט אזוי. מיט אייגענטהום איז מסתמא אויך צוגעגאנגען אזא פארטשריט: פריהער, ווען איין שבט האט גע־האט עפעס, וואס דער אנדערער האט ניט געקענט אליין מאכען אדער קריעגען — למשל פייערשטיין — פלעגען זיי עס אוועק'גנב'ענען. מיט דער צייט, ווען מען איז שוין מיד געווארען צו מוזען כסדר מורא האבען פאר די ראכע פון דעם בערויבטען שטאם, האט מען געבאטען דעם שכן־שטאם אנדערע זאכען, וואס די ווידער האבען געהאט און

יענע ניט, אלס אַבצאָהלונג פאַר דעם רויב. דערפון איז מען מיט דער צייט געקומען צו דעם געדאנק, אז איידער רויבען און זיך כסדר דאַרפען ארומרייסען, איז גלייכער באלד פון אָנהייב בייטען זיך — געבען יענע וואָס מען האָט אליין איבריג און וואס יענע קענען ניט מאכען און קריעגען דערפאר, אין אויסטויש, וואָס יענע קענען מאכען און וואס זיי האָבען איבריג. אזוי איז ענטשטאַנען מיט דער צייט אויסטויש, בייט־האנדעל, אין זאכען. און דאָס זעלבע האָט מען שפּע־טער געטהאָן מיט מיידלעך.

דיעזער אויסטויש פון מיידלעך צווישען שטאַם און שטאַם האָט געפיהרט צו א גרויסען געזעלשאַפטליכען פאָרטשריט: דורך דעם, נעמליך, האָבען זיך מיט דער צייט אָבגעזונדערטע שטאַמען, אָדער האָרדען צונויפגעבונדען אין גרעסערע פעראייניגונגען, וואָס ווערען מיט דער צייט גאַנצע פעלקער.

דען די איינציגע עלטסטע פערבינדונג צווישען מענשען אין גע־זעלשאַפט איז די צובינדונג פון בלוט, די בלוט־פערוואנדטשאַפט. די האָרדע, דער שבט, איז בעשטאַנען פון בלוט־פערוואַנדטע. אָבער ווען צוויי שבטים האָבען א צייט לאַנג זיך משדך געווען, בייטענדיג זיך מיט זייערע מיידלעך, זיינען זיי דאָך מיט דער צייט געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר „מחותנים“ און בלוט־פערוואַנדטע קרובים; האָט דאָס געפיהרט צו א פעראייניגונג פון בעזונדערע האָרדען אין גרעסערע געזעלשאַפטען. די האָרדען, וואָס זיינען געווען „מחותנים“ איינע מיט די אנדערע, האָבען זיך שוין אויך פעראייניגט צו זיין איינס, יד אחת, אין מלחמות מיט אנדערע שטאַמען. דערפון איז מיט דער צייט אַרויסגעקומען, אז עס האָבען זיך אַלץ מעהר ענטוויקעלט אַזעלכע גרויסע געזעלשאַפטען, אַזעלכע פעראייניגונגען פון האָרדען אָדער שטאַמען. ווייל איינצעלנע האָרדען, וואו עס זיינען נאָך געווען אַזעלכע, זיינען געווען א סך שוואַכער ווי די פעראייניגטע און זיי זיינען דארום גיכער פערטיליגט געוואָרען אין די מלחמות.

אזוי שטעלט פאַר מיללער־ליער די ערשטע געזעלשאַפטליכע ענטוויקלונג. און קונאָוו, וועלכער איז גוט בעקאַנט מיט דעם לעבען פון די ווילדע אין אויסטראַליען, זאָגט דערצו, אז ביי דיעזע מענשען קען מען נאָך היינט צוזעהען, ווי דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען ענט־וויקעלט זיך אזוי. מען געפינט ביי זיי נאָך אַזעלכע האָרדען, וועלכע

לעבען אין פיינדשאפט און קריעגעריי איינע מיט די אנדערע און רויר־בען און כאפען ווייבער איינע ביי די אנדערע. דאן געפינט מען ביי זיי אנדערע שבטים, וואס לעבען שוין פריעדליכער מיט אנאנדער. זיי האבען אפילו אויך נאך געגוג מחלוקות איינע מיט די אנדערע, אבער זיי פערגלייכען זיך שוין עפטער בשלום. דאן געפינט מען שוין נאך מעהר פריעדליכע שבטים, וועלכע פערבעטען שוין איינע די אנ־דערע צו די פארעדעס, וואס זיי מאכען מיט די איינגלעך, ווען זיי ווע־רען דערוואקסען און „מען פיהרט זיי איין" צווישען די „גרויסע". אויך קומען זיי זיך שוין צוזאמען צו זייערע „טענץ", וואס זיי האבען ס'רוב נאך די גרויסע רעגען־צייט. אנדערע האָרדען ווידער זיינען דא, וואס זיינען שוין נאך מעהר פעראייניגט און געהן שוין ארויס בשותפות אויף יאגד. און נאך ווייטער טרעפט מען שוין שבטים, וואס קומען זיך צוזאמען אויף „סעודות", ווען געוויסע פרוכטען דאר־טיגע ווערען צייטיג. דערביי שליסען זיי פערבינדונגען צו געהן צו־זאמען אין מלחמה מיט אנדערע שבטים. דיעזע פעראייניגטע שטא־מען זיינען זיך אלץ מעהר „מתחתן" מיט אנאנדער, ביז דערפון ענט־וויקעלט זיך א גרויסער פערבאנד פון דריי, פיער, פינף האָרדען.

און ווען עס געהט אזוי אוועק א לאנגע צייט, אפשר הונדערטער יאהרען, און אזעלכע פעראייניגטע שכנים־האָרדען זיינען זיך אלץ מתחתן, די מענער פון איינע מיט די ווייבער פון די אנדערע, ווערט שוין ביי זיי איינגערעדט, אז זיי זיינען שוין צו נאהענטע קרובים, שוין אזוי גוט ווי איין האָרדע, און עס איז שוין אויך א „זינד", אז די מענער מיט די ווייבער פון די דאזיגע פעראייניגונג פון האָרדען זאלען זיך געשלעכטליך פעראייניגען. זיי דריקען זיך אויס, אז זיי זיינען פון „צו גלייכען פלייש", דעריבער טארען זיי ניט זיין קיין מאן און ווייב. אזוי ענטוויקעלט זיך מיט דער צייט דער מנהג, אז אויך אין אזא גאנצען פערבאנד פון מעהרערע האָרדען טארען די מענער מיט די ווייבער ניט האבען קיין געשלעכטליכען פערקעהר. דורך דעם ווערט ביי זיי א געדאנק, אז די אלע פעראייניגטע שטאמען זיינען „איין פלייש" און קומען ארויס פון איין „ערשטען טאטען", פון איין „גייסט", אדער גאט. אזא פערבינדונג פון איינינגע האָרדען ווערט דערנאך איין „טאטעם". דאס איז עס די פעראייניגונג, וואס מארגאן האט א נאמען געגעבען „געגס", לויט ווי אן עהנליכע פער־

איינגונג פון שטאַמען האָט זיך גערופען אין רוים פּאַרציימענס.

אַזאַ פעראיין פון שטאַמען האָט געמוזט אָננעהמען אַ נאָמען, כּדי אַז די מענער און ווייבער פון אַזאַ שטאַמען־פעראיין זאָלען זיך דערקענען אַלס „שוועסטער און ברידער" און זאָלען ניט זינדיגען צו־זאַמען — וואָס עס איז ביי זיי זעהר שטרענג. זייענדיג ס'רוב יעגער, וואָס האָבען צו טהאָן מיט חיות, פלעגען זיי זייער שטאַמען־פערבאַנד געבען דעם נאָמען פון אַ געוויסע חיה; אָדער אויך פון אַ געוויקס. (עהנליך דערצו זיינען אונזערע פאַמיליען־נעמען נאָך חיות און געוויק־סען: הירשענזאָהן, בערענפעלד, רויזענשטאָק, עפּעלבוים, מאַנדעל־שטאַם א. ז. וו.) אַזאַ פערבאַנד פון שבטים, וואָס האָבען צוזאַמען זיך גערופען מיט דעם נאָמען פון איין חיה אָדער פלאַנצונג, רופט מען „טאָטעם־פערבאַנד"; אַזאַ חיה אָדער געוויקס רופט מען „טאָטעם".

קונאָוו ערקלערט אויף זעהר אַן אינטערעסאַנטען אופן ווי אַזוי דאָס האָט זיך ענטוויקעלט, נאָך זיין מיינונג. ער ציינט, אַז אין אָנ־פאַנג האָבען איינצעלנע מענשען גאָר קיין נעמען ניט. מען רופט יע־דען מיט אַ „צו־נאָמען" (צונעמעניש), לויט זיינע אַן אייגענשאַפט. למשל: „דער דיקער", „דער שוואַרצער", „דער קורצפיסיגער", „דער שפּרינגער", „דער שנעל־לויפער". אַזעלכע צו־נעמען האָט מען זיי נאַטירליך ערשט געגעבען ווען זיי זיינען שוין געווען דערוואַקסען און עס האָבען זיך אַרויסגעוויזען אַזעלכע אייגענשאַפטען ביי זיי. שפּע־טער ווערט איינגעפיהרט צו געבען קינדער אויך אַ נאָמען, ס'רוב אָבער ערשט נאָך דעם ווי זיי הערען אויף צו זייגען. אַזוי איז עס נאָך היינט ביי אַ טייל ווילדע אין אויסטראַליען: זייגענדיגע קינדער האָבען נאָך ניט קיין נעמען.

אָבער אַ מענש בלייבט ביי זיי ניט דעם גאַנצען לעבען ביי זיין קינדערשען נאָמען. ביי די צערעמאָניע פון איינגעפיהרט ווערען צווי־שען די דערוואַקסענע, קריעגט ער אַ נייעם נאָמען. נאָך שפּעטער, ווען ער געהט אַריבער צווישען די אַלטע, קריעגט ער אָפט ווידער אַ נייעם נאָמען. ביי אַ טייל ווילדע אין אויסטראַליען קריעגט דער מאַן נאָך אַ נייעם נאָמען ווען ער ווערט אַ טאַטע. אָפט איז עס נאָך דעם נאָ־מען פון קינד: ווען דאָס קינד רופט מען, למשל, וואָלענער קאָפּ, רופט מען דעם פאָטער „דעם וואָלענעם קאָפּ'ס טאַטע".

און עס איז מערקווירדיג, אַז מיט אַזאַ נאָמען פון דעם איינ־

צעלנעם מענשען רופט מען ניט יענעם ווען מען רעדט צו איהם, נאָר בלויז ווען אַנדערע רעדען וועגען איהם, און דוקא ווען ער איז ניטאָ דערביי. צו דערמאָנען איינעם ביי זיין אייגענעם נאָמען, ווען ער איז דאָ דערביי איז אַ גרויסע בעליידיגונג. ווען מען וויל רעדען וועגען אַ דריטען, וואָס ער איז דערביי, רופט מען איהם לויט נאָך דעם אַלטערס קלאַס, צו וועלכען ער געהערט. מען זאָגט, למשל, „אונזער יונגער ברודער", אָדער „אונזער עלטערער ברודער", אָדער „אונזער פאָטער", און מען צייגט אָן אויף איהם.

חוץ דעם אייגענעם נאָמען פון דעם איינצעלנעם מענשען, האָט ווידער די גאַנצע האָרדע אויך אַן אייגענעם נאָמען. די האָרדע רופט מען אויך לויט נאָך אַן אייגענשאַפט איהרע, למשל „די קליין־נעזיגע", „די שווארץ־אויגיגע"; אָדער „די שטאַמעלדיגע" (ווען אין זייער אויס־שפּראַך הערט זיך פּאַר פרעמדע ווי אַ מין שטאַמלען); אָדער „די בארגלייט", „די טהאַל־מענשען", „די שווימער", א. ז. וו.

און ווען מען רעדט פון אַ מענשען (וואָס איז ניטאָ דערביי) דער־מאָנט מען אי זיין אייגענעם נאָמען, אי זיין האָרדען נאָמען. למשל, „פעט־בויך פון די בארג לייט"; „קורצפוס פון די קליינגעזיגע"; „פלאַקסקאָפּ פון די שטאַמעלדיגע".

מיט דער צייט אָבער ווערען די אַלטע נעמען אויך ניט גענוג. דען ווי מיר האָבען געזעהען, ענטוויקעלט זיך אַלץ מעהר און מעהר דער מנהג, אַז מענער און פרויען פון איין האָרדע טאָרען ניט חתונה האָבען צוזאַמען. דערנאָך פערברייט זיך דערזעלבער פערבאָט אויף צוויי שכנות־האָרדען; דערנאָך אויף מעהרערע. די אַלע האָרדען צו־זאַמען, וועלכע בעטראַכטען זיך שוין אַלס איין משפחה, וואָס אין זיי גופא טאָרען זיך די מענער מיט די פרויען ניט „נעהמען", מוזען שוין האָבען איין נאָמען פאַר זיי אַלע. ווי געזאָגט, רופען מיר אַזאַ פער־בינדונג פון האָרדען „אַ טאָטעם". אַזא טאָטעם מוז האָבען אַ טאָטעם־נאָמען און יעדער מאַן אָדער פרוי פון דעם טאָטעם מוז טראָגען, חוץ דעם אייגענעם נאָמען און דעם נאָמען פון די אייגענע האָרדע, אויך זייער טאָטעם־נאָמען. ווייל אַז ניט, וואָלטען זיי ניט אַלע מאָל גע־וואוסט פון וועלכען טאָטעם אַ פרוי איז און זיי וואָלטען ניט געקענט אָבהיטען דעם שטרענגען פערבאָט, אַז מענער און פרויען פון דעם איי־גענעם טאָטעם זאָלען זיך ניט „נעהמען". דען אַ פרוי קען ביי דיעזע

מענשען איבערגעהן פון איין הארדע צו די אנדערע, ווייל ביי זיי טרעפט אז א פרוי אנטלויפט פון איהר מאן און פון איהר הארדע אין א פרעמדע הארדע אריין; און נאך עפטער טרעפט, אז מען גנב'עט און מען רויבט און מען כאפט ווייבער פון פיינדליכע הארדען. טיילמאל אויך נאך פון בעפריינדעטע. ווען אזא פרוי געהט איבער פון איין הארדע אין די אנדערע, פערליערט זי איהר פריהעריגען הארדען־נאמען. מאנכע מאל גיט מען איהר אליין אויך אן אנדערען אייגענעם נאמען, אין די אייגענע די נייע הארדע. נאכמעהר, אפילו ווען מען בלייבט אין די אייגענע הארדע ענדערט מען אויך אמאל דעם נאמען ביי דיעזע מענשען, ווי שוין אויבען געזאגט: ווען מען געהט אריבער אין א העכערע אלטערסקלאס קריגט מען א נייעם נאמען. אויך ווען איינער אין די הארדע שטארבט, ענדערט מען אין דער גאנצער הארדע אלע נעמען וואס זיינען גלייך צו דעם נאמען פון דעם טויטען. דארום וואלט ניט מעגליך געוועזן אבצוהיטען דעם פערבאט ניט צו האבען קיין געשלעכטס־פערקעהר מיט א פרוי פון דעם אייגענעם טאטעם. דען דורך די ענדערונגען פון דער פרוי'ס נאמען, ווען זי קומט אריין אין א נייע הארדע, וואלט מיט דער צייט פארגעסען געווארען פון וועלכען טאטעם זי קומט ארויס און א מאן פון איהר אייגענעם טאטעם וואלט געקענט אמאל קומען זי כאפען, קויפען, גנב'ענען אדער איינטוישען ביי דער ווייטער הארדע, צו וועלכע זי איז פערווארפען געווארען. ביי איהר אייגענעם הארדען־נאמען רופט מען זי דאן שוין ניט. דער הארדען־נאמען דריקט אוים א ווירקליכע אייגענשאפט פון די מענשען פון דער הארדע און פון זייערע אומשטענדען. למשל, ווען מען רופט א הארדע „די בערגלייט", הייסט דאס די מענשען וואס וואוינען אין די בערג. א פרוי וואס וואוינט שוין ניט מעהר מיט זיי צוזאמען אין די בערג, וועט מען ניט רופען „בערגלייטיכע". און אזוי אויך מיט אנדערע הארדען־נעמען.

אלזא, וואלט ניט מעגליך געוועזן אויסצוהיטען זיך, אז מענער און פרויען פון איין טאטעם זאלען זיך ניט אמאל פארען, — וואס עס איז — ווי געזאגט — ביי די דאזיגע מענשען זעהר א גרויסע זינד.

דערפון איז דאס געקומען, וואס עס איז ביי זיי איינגעפיהרט געווארען, אז יעדער מענש, מאן און פרוי, טראגט אייביג זיין אדער איהר טאטעם נאמען, פון וועלכען טאטעם זיי קומען ארויס.

א טאָטעם־נאָמען איז דאָס רוב — ווי געזאָגט — דער נאָמען פון א חיה, וואָס געפינט זיך אין דעם געגענד וואו די מענשען פון דעם טאָטעם וואוינען. עס טרעפען זיך אויך אנדערע טאָטעם־נעמען, ווי: „רעגען־פריינד", „זאַנגענגלאַנץ", „ווייס־געפאַרבטע" און אזוי ווייטער. און יעדער מענש, סיי מאַן סיי פרוי, בלייבט אייביג טראָגען אויף זיך דעם טאָטעם נאָמען אונפערענדערט, חוץ דעם אייגענעם נאָמען און דעם האָרדען־נאָמען, וועלכע ווערען צייטענווייז געענדערט.

עס געהען אוועק הונדערטער יאָהרען. עס ווערט פערגעסען, פון וואַנען צו די מענשען האָט זיך גענומען דער טאָטעם־נאָמען „בערען" און צו יענע „האָזען". מאָהלט זיך די פאַנטאַזיע אויס אַלערליי מעשה'לעך וועגען דעם. ס'רוב שטעלען זיי זיך פאָר, אז אלע מענשען, וואָס טראָגען דעם טאָטעם־נאָמען „האָז" קומען ארויס פון א האָז. זייער ערשטער פאָטער איז געוועזן אין די געשטאַלט פון א האָז. דאַן ווערט ביי זיי א האָז קודש קדשים, א מין גאָט. אויך גלויבען זיי אָפט, אז די נשמות פון זייערע עלטערן ווערען מגולגל אין די האָז. דאַרום איז ביי זיי א גרויסע זינד א האָז צו טויטען.

מיר נעהמען דאָס א האָז פאַר ביישפּיעל. אויב זייער טאָטעם־נאָמען איז „ציעג", איז דאָס זעלבע מיט דער ציעג.

דאָס זיינען אַלץ פאַקטען. אזוי פיהרט זיך ווירקליך כמעט ביי אלע ווילדע מענשען אין אלע עקען וועלט. און עהנליך איז עס אויך צוגעגאַנגען ביי די ערשטע „אבות אבותינו" פון א סך היינטיגע ציוויליזירטע פעלקער, ווי מען געפינט שפּורען דערפון אין זעהר אַלטע שריפטען.

אלזאָ, א טאָטעם איז אין אָנפאַנג ניט מעהר ווי א שותפות'ער נ אָ מ ע ן פון אייניגע האָרדען. זיי זיינען ניט צוזאַמען קיין פעראייניגטע געזעלשאַפט. זיי האָבען ניט מעהר בשותפות ווי דעם טאָטעם־נאָמען און זייער פערבאָט, דאָס זיי טאָרען זיך ניט פאָרען צווישען זיך. ווען א מאַן ווערט ערגעץ פערוואַלגערט, מעג זיין ווער ווייסט ווי ווייט, צו א ווילד־פרעמדען סאָרט מענשען און ער כאַפּט אָדער קויפט ביי זיי א פרוי, און ער געפינט אויס, אז זי טראָגט דעם אייגענעם טאָטעם־נאָמען וואָס ער, טאָר ער זי שוין ניט אָנריהרען. פון אויספאָרשען אויב זי שטאַמט ווירקליך פון איין טאָטעם מיט איהם איז קיין רייד ניט.

* * *

אזא „טאָטעם" פון די ווילדע רופט מאָרגאַן אָן „אַ גענס". דאָס הייסט, אַז ער נעהמט אָן, אַז דאָס איז אַזאַ משפחה־פערבאַנד ווי די גענס איז געווען פאַרצייטענס ביי די רוימער. און, ווי מיר האָבען געזעהען, דענקט מאָרגאַן, אַז די סאָרט הויזגעזינט פון די ווילדע אין האוואאי, די הויזגעזינט וואָס זיי רופען „פּונאַלוא", איז גאָר די סאַמע ערשטע פּאָרמע פון דיזע טאָטעמס, אָדער גענטעס. דאָס שטימט ניט מיט די פאַקטען, וואָס מיר האָבען דאָ בעשריעבען. דיזע פאַקטען צייגען, אַז די טאָטעמס קומען נ י ט אַרויס פון גרופּען מענ־שען וואָס האָבען פריהער געלעבט צוזאַמען אין איין הויזגעזינט. אַ פּונאַלוא־גרופּע בעשטעהט געוועהנליך פון פיער ביז צעהן פּאָר פעלקער וואָס וואוינען צוזאַמען. מען געפינט אַזעלכע צוזאַמען־וואוי־נענדע גרופּען נאָך ביי אַזעלכע ווילדע, ביי וועלכע עס איז חוץ דעם שוין דאָ טאָטעמס אויך. אַלזאָ, קומען די טאָטעמס ניט אַרויס פון די פּונאַלוא־גרופּען. אין דיזען פּונקט, אַלזאָ, זיינען מאָרגאַן'ס און ענגעלס'עס געדאַנקען ניט ריכטיג. אַ טאָטעם איז ניט אַ גרויס־אויסגעוואַקסענע (דורך פערמעהרונג) און צושיידעטע פּונאַלוא־גרו־פּע, נאָר פערקעהרט, אַ טאָטעם איז אַ פעראיינינגונג פון בעזונדערע האָרדען. דאָס שטעלט פּאָר די ענטוויקלונג פון דער פאַמיליע אַנדערש ווי מאָרגאַן און ענגעלס שטעלען פּאָר.

* * *

ווען עס קומט אַזוי ווייט אין דער ענטוויקלונג, אַז מענער מוזען נעהמען ווייבער נאָר דוקא פון פרעמדע טאָטעמס, מוזען די ווייבער אָבער זיין דורכאויס פון דיזעלבע אַלטערס קלאַס ווי די מענער. ווען אַ מאַן וויל זיך צוזאַמענקומען מיט אַ פרוי, מוז ער פריהער אויסגע־פינען ביידע זאַכען: ערשטענס, אויב זי איז פון אַן אַנדערען טאָטעם ווי ער — אויב זי טראָגט, הייסט עס, אַן אַנדערען טאָטעם־נאָמען; און צווייטענס, אויב זי איז פון דערזעלבער אַלטערס־קלאַס ווי ער. ווען ניט, טאָר ער זי ניט אָנריהרען. ניט אַלע מאָל איז אַזוי געווען און עס בלייבט אויך ניט אַזוי אייביג. ווילדע פון אַ גאַנץ ניעדעריגע שטופע ווייסען איבערהויפּט ניט ווי אַלט זיי זיינען. און ביי וויטערע ענטוויקלונג, הערט אויף דיזער מנהג ביי אַ טייל פון זיי. אָבער ביי

זעהר א סך מענשען־סאָרטען איז אמאָל אזוי געווען. דאָס ציינען פיעלע פאַקטען.

* * *

וואָס הייסט אן אַלטערס־קלאַס? ווי אזוי געהט א מענש איבער פון איין אַלטערס קלאַס אין די אַנדערע? און ווען געהט ער איבער? אָט איז א ביישפּיעל דערויף, ווי עס פיהרט זיך ביי די מאַראי־מענשען אין קילימאַנדשאַראָ:

איין מאָל אין פיער יאָהר ווערט געמאַכט א גרויסע צערעמאָניע, ביי וועלכע די אינגלעך, וואָס זיינען שוין פעהיג אריינגענומען צו ווערען צווישען די מענער, ווערען אריינגענומען, דורך דעם וואָס מען איז זיי מל. ווען דערלעבט א אינגעל דאָס רעכט אריינגענומען צו ווערען צווישען די מענער? דאָס ווענדעט זיך ווי גרויס ער איז גע־וואַקסען און ווי שטאַרק ער איז. א שטאַרקער און גרויסגעוויקסיגער ווערט שוין גע'מל'ט צו 13 אָדער 14 יאָהר; א שוואַכער און קליי־נער ערשט צו 17 אדער 18 יאָהר. דער וואָס דערלעבט צוויי אזעלכע צייטען פון בעשניידונג־צערעמאָניעס, קומט אריין אין א נייעם אַל־טערס־קלאַס. ווער עס האָט דערלעבט אכט אזעלכע צייטען, דער געהט שוין איבער צו די „אַלטע", צו די „זיידעס". אכט אזעלכע צייטען בעטרעפען 30 יאָהר. אזוי ווי די מילה קומט פאָר צו 13 ביז 18 יאָהר, ווערט א מענש פעררעכענט פאר איינעם פון די „זיידעס" צו 43 ביז 48 יאָהר.

* * *

אויך די מיינונג, אז אין אָנפאַנג איז געווען „מוטער־רעכט", דאָס הייסט, אז קינדער האָבען זיך גערעכענט נאָך די מוטער און ניט נאָכ'ן פאָטער, און אז דאָס האָט בעדייטעט דאָס די פרוי האָט גע־האַט מעהר רעכט און האָט געשפּיעלט א העכערע ראָלע ווי דער מאַן אין יעדער בעציהונג — אויך דיעזע מיינונג ערקלערען די נייערע פאָרשער פאַר ניט־ריכטיג. קונאָוו איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אויפמערקזאַם געמאַכט אויף די בעווייזע, אז דאָס איז א טעות; און מיללער־ליער האָט אויך דיזעלבע מיינונג.

ווי מיר האָבען געזעהען אין ענגעלס'עס ווערק, האָט מען נאָך פריהער געמיינט, אז זייט מענשען עקזיסטירען איז ביי זיי געווען איינגעפיהרט א פאַמיליען־לעבען מיט „פּאַטריאַרכאַט", דאָס הייסט

מיט פאַטער־הערשונג. אָבער ווען די פאָרשער האָבען אויסגעפונען, אַז ביי מענשען פון אַ ניעדעריגע שטופע לעבען מענער און פרויען אַזוי, אַז מען ווייסט ניט ווער דער פאַטער איז, האָט מען געמיינט, אַז עס איז דאָך די נאַטירליכסטע זאַך פון דער וועלט, אַז ביי אַזעלכע מענשען זאָלען די קינדער זיך רעכענען נאָך די מוטער, ווייל ווער די מוטער איז, ווייסט מען דאָך זיכער. דער פאַטער קען דאָך ערשט גילטען אַלס פאַטער ווען עס פיהרט זיך שוין אַ שטרענגער פאַמיליען־לעבען, וואו איין מאַן איז דער פאַמיליען־פאַטער און ער בעהערשט שטרענג זיין ווייב אָדער זיינע ווייבער. אָבער די מוטער איז דאָך אימער מוטער. און אַזוי ווי ביי אַ סך ווילדע מענשען פיהרט זיך נאָך היינט, אַז קינדער רעכענען זיך נאָך די מוטער, האָט מען געמיינט אַז עס איז נאַטירליך, דאָס פריהער איז ביי אַלע מענשען אַזוי גע־ווען, אַלזאָ האָט זיך דאָס לעבען אָנגעפאַנגען מיט „מוטער־רעכט". און מען האָט אָנגענומען, אַז דאָס האָט בעדייטעט מעהר רעכט פון דער פרוי אין יעדער בעציהונג. יעצט אָבער בעווייזען די נייע פאָרשער, אַז דאָס איז ניט ריכטיג.

אויף אַ ניעדעריגע שטופע פון ענטוויקלונג — זאָגען זיי — איז איבערהויפט ניטאָ וועגען וואָס עס זאָל זיין אַ פראַגע צי האָט די מוטער מעהר „רעכט" צי דער פאַטער. ווען עס פיהרט זיך שוין „עקסאָ־גאַמיע" — אַז אַ ווייב נעהמט מען נאָר דוקא פון אַ פ ר ע מ ד ע האָרדע און פון אַ פרעמדען טאָטעם — דאַן הייבט זיך אָן אַ פראַגע, צו וועמעס טאָטעם געהערען די קינדער, צום טאַטענס אָדער צו דער מאַמעס? אָבער פון אָנפאַנג איז דאָס אויך קיין פראַגע ניט. דען במעט איבעראַל פיהרט זיך דאַן אין אָנפאַנג, אַז די ווייב געהט אי־בער אין די האָרדע פון איהר מאַן, אַלזאָ, געהערען די קינדער צו די האָרדע, אין וועלכע זיי ווערען געבוירען און ממילא אויך צו דעם טאָטעם פון דיזע האָרדע, — די פון זייער פ אָ ט ע ר, אַזוי איז אין אָנפאַנג. קיין מוטער־רעכט איז דאָס נעווים ניט. אָבער פאַטער־רעכט קען מען דאָס אויך ניט רופען, דען דאָס קינד "געהערט" דאָ ניט צום פאַטער, נאָר צו די האָרדע, אין וועלכע ער ווערט געבוירען. ערשט שפּעטער, דורך ווייטערער ענטוויקלונג, ווערט ביי פיעלע ווילדע שבטים איינגעפיהרט (צי ביי אַלע, קען מען ניט וויסען), אַז די קינ־דער טראָגען דעם טאָטעם־נאָמען פון די מ ו ט ע ר. — פאַר וואָס?

דאס וועלען מיר באלד זעהען. — אבער קיין „מוטער־רעכט" קען מען דאס אויך ניט רופען, זאגט קונאוו, דען דאס גיט דער מוטער ניט קיין שום בעזאנדערע „רעכט" און קיין כבוד. עס ווערט בלויז בעטראכט אלס נויטווענדיג, אז ביי יעדען מענשען זאל מען אייבּיג וויסען, פון וועלכען טאטעם ער שטאמט פון דער מוטערס צד. דארום רופט מען איהם מיט דעם טאטעם־נאמען פון זיין מוטער.

דאס ווערט איינגעפיהרט דארום, כדי אז געשוועסטערקינדער פון דער מוטער'ס צד זאלען זיך דערקענען אלס געשוועסטערקינדער און זאלען וויסען, אז זיי טארען ניט הייראטהען צוזאמען, וואס עס איז ביי דיעזע מענשען שטרענג פערבאטען. געשוועסטערקינדער פון דעם פאטער'ס צד קענען זיך דאך סיי ווי סיי אלס געשוועסטערקינדער, ווייל זיי געהערען דאך אלע צו דעם פאטער'ס הארדע. די מוטערס אבער מוזען דאך זיין (ביי עקסאגאמע פיהרונגען) פון פרעמדע הארדען, און וואו זייערע אייגענע טאטעם־נעמען ווערען פערגעסען, וויסען דאך זייערע קינדער שוין גאר ניט ווער עס זיינען זייערע קרובים פון דער מוטער'ס צד. דארום, זאגט קונאוו, רופט מען, ביי אזעלכע מענשען, די קינדער מיט דעם טאטעם־נאמען פון די מוטערס.

אבער דאס צייגט ניט, ווי געזאגט, אויף קיינע פאר־רעכטע פון דער פרוי. פערקעהרט, זאגט קונאוו, וואס מעהר עקסאגאמיע עס ווערט איינגעפיהרט, אלץ מעהר מוז דער מאן זיך זוכען א ווייב פון ווייטע און פרעמדע הארדען און אלץ מעהר מוז ער זיך א ווייב קויפען, און אלץ מעהר ווערט זי זיין אייגענטהום.

* * *

צו א העכערע מדרגה אין דער געזעלשאפט קומט די פרוי ערשט, ווען עס קומט אויף פעלדארבייט. די ערשטע וואס נעהמט זיך צו דיעזע ארבייט איז די פרוי. דערמיט הייבט זי אן צו שפּיעלען א וויכטיגע ראלע. און דאן ערשט ענטשטעהט דאס ווירקליך דאס מ ו ט ע ר ־ ר ע כ ט.

נאך ווען די מענשען לעבען דערהויפּט פון כאפּען חיות און עסען זיי, ווערט די ארבייט צוטיילט צווישען מאן און פרוי אזוי, אז דער מאן בעזארגט פלייש און די פרוי געוויקסען. ער געהט ארוים כאפּען חיות און זי קלייבט ווארצלען און קרייטיכער. ווען עס קומט אויף פעלד־ארבייט, בלייבט אין אנפאנג די פרוי אויך ביי איהר

ארבייט, צו בעזאָרגען געוויקסען, נאָר אנשטאָט רייסען און קלייבען קרייטיכער, נעהמט זי זיך איצט צום אקערען און זייען. אזוי ווי אָבער ביי די יאגד, דעם מאן׳ס ארבייט, כאפט ער אמאָל יאָ, אמאָל ניט, וועהרענד פון דער פעלד ארבייט קומט אימער עפּעס ארויס, דארום ווערט יעצט די פרוי די „עקרת הבית", די הויפּט־פּערזאָר־גערקע.

דערצו קומט יעצט נאָך אַ זאַך: ביי די פעלד־ארבייט ווערט די פרוי צוגעבונדען צום פּלאץ. דער מאן אָבער, ביי זיין יאגד־ארבייט, טרייבט זיך ארום אין די וויסטע וועלדער. און ווען ער וויל הייראַ־טהען, מוז ער יעצט זיך בעזעצען אין איהר הויז, ניט זי אין זיין הויז. דאן קומט אויף דער מנהג, אז ווען אַ מאן וויל אַ מיידעל, מוז ער פאר איהר דיענען, אזוי ווי יעקב פאר רחל׳ען. ביי די הארדע האָט דאן אַ מיידעל מעהר ווערדע ווי אַ בחור, ווייל מען האָט פון איהר מעהר. דארום, ווען אַ בחור וויל ארויסנעהמען אַ מיידעל פון אַ הארדע פאר זיך פאר אַ ווייב, מוז ער זי קויפען און פאר איהר טייער בעצאָהלען. מיט וואָס צו בעצאָהלען האָט מען נאָך ניט, אויף דיעזער שטופע פון ענטוויקלונג. נו, מוז דער בחור ביי דער מיידעל׳ס הארדע דיענען פאר איהר. און זי קען איהם האלטען ביי זיך אלס דיענער אזוי לאנג ווי עס לאָזט זיך.

וואָס מעהר די מענער בעשעפטיגען זיך מיט כאפּען חיות אָדער פיהרען קריעג, אלץ מעהר ווערען די פרויען די גאנצע טהוערינס פון הויז־ארבייט און די הויפּט־פיהרערינס פון הויז. דאן ווערען די באַ־בעס די הערשערינס איבער די טאָטעם־הייזער און זייערע זיהן און אייניקלעך און פּלימעניקעס זיינען ביי זיי אין די הייזער. ווען איינער פון זיי נעהמט אַ ווייב, בלייבט ער וואוינען אין דעם הויז פון זיין מוטער און שוועסטערן און זיין ווייב בלייבט אין איהר טאָטעם־הויז און דער מאן קומט צו איהר בלויז אויף בעזוך, ׳סרוב ביינאכט.

איבער זיינע קינדער האָט דער פאָטער דאן גאָר ניט צו בעפעה־לען, ווייל זיי געהערען ניט צו זיין טאָטעם און ניט צום הויז פון זיין פאמיליע, נאָר צו זיין ווייב׳ס. עס איז דעם פאָטער אפילו ניט ער־לויבט צו לערנען זיינע זיהן שיסען חיות און מענשען. דאָס בעַ־זאָרגען די מוטער׳ס עלטערע ברידער. אויך קענען די קינדער ניט ירשה׳נען פון פאָטער גאָר ניט. זיינע ביסלעך זאכען פאלען צו בירושה

צו די קינדער פון זיינע שוועסטערן. ווען ער וויל אז זיין געוועהר זאל זיין זוהן פון איהם ירשה'נען, מוז ער איהם דאס שיינקען ביי זיין לעבען.

אזוי פיהרט עס זיך ביי די נאטור־מענשען פון פערשיעדענע וועלט־געגענדען, וועלכע שטעהען אויף אזא מדרגה פון ענטוויקלונג.

ווי ווייט עס קען געהן ביי זיי די הערשונג פון די פרויען, קען מען זעהען פון דעם ביישפיעל פון די ווייאנדאטען־אינדיאנער. ביי זיי זיינען די הויפט־הערשער איבער די טאטעמס פיער אלטע פרויען וואס ווערען אויסגעקליעבען פון די בעל־הבית'טעס איבער די הויז־געמיינשאפטען. דיעזע פיער פרויען קלייבען אויס דעם אנגעזעהענ־סטען מאן אלס „סייטשעם" (הויפטמאן אין פריעדענסצייט) און די פיער פרויען פיהרען די גאנצע הערשונג איבער דעם טאטעם, צו־זאמען מיט דעם סייטשעם. די ווייאנדאטען האבען עלף אזעלכע טאטעם־פערבאנדען, וועלכע זיינען צוזאמען געבונדען אין איין שבט. דער גאנצער שבט האט א שטאם־הויפטמאן, אן „אבער־סייטשעם". איהם קלייבען אויס די עלף אונטער־סייטשעמס פון צווישען זיך, צו־זאמענרעדענדיג זיך וועגען דעם מיט די פרויען־פארשטעהערינס. די אויבערהערשונג איבער דעם גאנצען שטאם פיהרט די פערזאמלונג פון די אלע פרויען־פארשטעהערינס און מענער סייטשעמס, אלזא זיינען עס 44 פרויען און 11 מענער. די פרויען זיינען אלזא אימער א גרוי־סע מאיאריטעט אין דעם העכסטען ראטה. די עלף מענער זיינען אייגענטליך נאר די אויספיהרער פון דעם ווילען פון די 44 פרויען.

אזוי ווייט אבער איז די פרויען־הערשונג ניט געגאנגען איבעראל, נאר בלויז אין ערטער וואו די מענער האבען זיך אין גאנצען אי־בערגעגעבען צו יאגד און קריעג.

ביי אזא צושטאנד איז א פאמיליען־לעבען אזוי גוט ווי גאר ניט דא. דער מאן ווערט נאר געדולדעט אלס דיענער און ביישלע־פער פון דער פרוי. ווען ער געפעלט ניט מעהר דער פרוי אדער איהרע קרובים, מאכען זיי איהם זיך אבצוטראגען פון זייער הויז און ער האט ניט קיין רעכט אפילו זיינע קינדער מיטצונעהמען. ווערט ער אי־בערדריסיג פון זיין ווייב, הערט ער אויף צו קומען צו איהר.

* * *

**אן ענדערונג אין דעם פערהעלטנים קומט**, ווען די פעלד־אר־

בייט ווערט אַלץ מעהר און מעהר דעם מאַן׳ס ארבייט, און דערנאָך ווערט ער נאָך דער פּאַסטוך, דער שיף־פּאָהרער, דער סוחר. דאַן ווערט דער מאַן דער הויפּט־שפּייזער און דערמיט פּאַלט אַוועק דאָס מוטער־רעכט.

דאַן בעזיצט שוין דער מאַן פּערמעגען. ווען ער וויל אַ ווייב, נעהמט ער שוין ניט אָבדיענען פאַר איהר אין איהר מוטער־הויז, נאָר ער קויפט זי אָב ביי איהר טאַטעם און זי מוז גאָר געהן צו איהם און איהם דיענען. אין אָנפאַנג טהוען דאָס נאָר די רייכע און די מעכטיגע. די אָרימע בלייבען נאָך ביי דעם אַלטען מנהג, צו געהן אָבדיענען פאַר אַ ווייב. אָבער ביסלעכווייז ווערט ביי אַלעמען דער מנהג אַזוי ווי ביי די רייכע און מעכטיגע. די פרוי געהט ווידער איבער אין דעם טאַטעם פון דעם מאַן. די מאַכט פון די מוטער־הערשונג ווערט גע־בראָכען. אַזוי ווי די פרוי ווערט געקויפט, ווערט זי דאָס אייגענטהום פון דעם מאַן. פון איהר פריהערדיגען אייגענס, דאָס פעלד, ווערט זי פערשטויסען און אַריינגעטריבען אין הויז. און אויף די טהיר פון דעם הויז ווערט איצט אויפגעשריבען „והוא ימשול בה" — ער זאָל געוועלטיגען איבער איהר.

אַזוי געהט דאָס מוטער־רעכט איבער אין פאָטער־רעכט. די פרוי פערליערט אַלע רעכטע און דער מאַן קריעגט זיי. זי געהט צו־ריק צו איהר אַלטער אונטערטהעניגקייט און אַזוי ווערט איהר שיק־זאַל בעזיגעלט אויף טויזענדער יאָהרען.

דאָ פאַנגט זיך אָן צו ענטוויקלען די „פּאַטריארכאַט"־פאַמיליע, דאָס הייסט די פאַמיליע אין וועלכער דער פאָטער — אָדער ריכ־טיגער, דער זיידע — איז דער אויבער־הארר — אַזוי ווי דאָס ווערט געשילדערט אין דעם לעבען פון די אידישע אבות אין חומש און ביי די רוימער פּאַרצייטענס און נאָך היינט ביי די כינעזער. אַזאַ פאַ־מיליע בעשטעהט פון קינדער און אייניקלעך און אויך אור־אייניקלעך, מיט שנורען און איידעמס, און קנעכט און דיענסטען, און איבער אַלע הערשט דער פאַמיליען־פאָטער, אָדער דער זיידע, ווי אַ קייסער.

אַזאַ פאַמיליע אַרבייט אויס פאַר׳ן אייגענעם געברויך אַלץ וואָס זי בעדאַרף.

וואָס מעהר דיעזע סאָרט פאַמיליע נעהמט שפּיעלען די הויפּט־ראָלע, און דער פאָטער רעגיערט איבער איהר אין יעדער בעציהונג,

אליץ מעהר פאלען אוועק די אויפגאבען פון די אמאליגע טאטעם־גע־מיינשאפטען און זיי גופא צופאלען ביסלעכווייז.

עס קומט אויף די צושיידונג פון קלאסען, רייכע און ארימע, הארדען און קנעכט. אזוי פערשווינדעט ביסלעכווייז די אלטע אר־גאניזאציאן פון מענשען, וועלכע איז בעשטאנען פון משפחה־געמיינ־שאפטען, פון בלוטס־פערוואנדטע. אויף דעם ארט קומט אויף א געמיינשאפט פון שכנים, וואס וואוינען צוזאמען אין איין ארט, אליץ איינס צי קרובים צי פרעמדע; א געמיינשאפט וואס איז בעגרינדעט אויף דעם אונטערשיעד פון קלאסען; א געמיינשאפט וועלכע ווערט אנגערופען דער שטאאט.

* * *

דאס איז, זעהר בקיצור, א טייל פון דעם, וואס די נייעסטע פאר־שער האבען אויסגעפונען, ווי די ענטוויקלונג איז צוגעגאנגען. ווי מען זעהט, איז דאס אביסעל אנדערש ווי ענגעלס האט דאס געמאהלען, נאך מארגאנ׳ען. אבער דאך א סך דאסזעלבע.

די וויסענשאפט גיט אונז ניט קיין „אני מאמין׳ס“, וואס מען מוז זיי גלויבען. ספעציעל אזא יונגע וויסענשאפט, ווי דיעזער סארט פארשונגען, קען אונז בלויז געבען פארזיכטיגע השערות, און ווייטער זוכען און אקערען און פארשען און זיך ניט אבשטעלען א מינוט צו ענדערען פריהעריגע מיינונגען, אויב די פארשונג בעווייזט, אז אנ־דערע מיינונגען זיינען מעהר וואהרשיינליך.

וואס אזעלכע עהרליכע און גאון׳ישע פארשער האבען איינמאל אויסגעפארשט, דאס פערליערט שוין קיינמאל ניט זיין ווערדע אין גאנצען, אפילו ווען ווייטערע פארשונגען ברייגגען ארויס אנדערע געדאנקען.



פעהלער־פערבעסערונג: — איבעראל, וואו עס שטעהט „פראטהריע“, דארף זיין פ ר א ט ר י ע, אהן א ה׳.